# לייענט אין דעם ערשטן נומער פאַרן 1966:

שײַע שקאַראָווסקיס ראָמאַן „אָדעס" — וועגן דער באָלשעוויסטישער אונטערערד אין די יאָרן פון בירגערקריג.

■

**לידער־ציקלען** פון די אַרגענטינער דיכטער יאָסל גאָלדבערג, עסטער רימער, ראָכל מינצעס און פון די סאָוועטישע דיכטער מאָטל גרוביאַן, אַוראָם גאָנטאַר און וולאַדימיר דאַנקאָ.

■

**דערציילונגען** פון שירע גאָרשמאַן און ר. גאָלדענבערג.

■

הערשל פּאָליאַנקערס פאַרצייכענונג וועגן פּוילן — „אין וועג".

■

**צום 50־טן יאָרצײַט פון שאָלעם־אַליכעמען:** כ. נאַדעלס פּובליקאַציע פון שאָלעם־אַליכעמס בריוו צו גאָטלאָבערן, ראַ־וויטשן, טשערטקאָוון אאַ.

■

אַן אַרטיקל פון הערש רעמעניק וועגן נאָטע לוריע.

■

וועלכע ווערק פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער זײַנען דערשינען אין די יאָרן 1954—1964.

■

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פסםר

פינפטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

12

דעקאַבער

1965

# אינהאלט

זייט

## טריבונע פון לעבן



## ליטעראַטור און קונסט

מאַטל גרוביאַן

# אַף דער סיבירער ערד

צייכענונגען פון ג. פּאַנדאָפּולאָ



באַ מײַן הילצערן וויגעלע, וואָס איז געשטאַנען אַף דער פײַכטער לײמענער ערד אָדער געהאַנגען אַף אַ האַנטעך אונטער דער סטעליע אין אַ האַלב־פינצטער ענג געדונגען אַלקערל, האָט מײַן מאַמע מיר געזונגען שאָלעם־אַלייכעמס וויגליד: „שלאָף, מײַן קינד, מײַן קאַדיש אײנער"... געזונגען מער פאַר זיך, ווי פאַר מיר. ווײַל זינגענדיק האָט זי געקענט זיך גוט אויסוויינען, אַז ס'זאָל איר אַ ביסל אַראָפּ דער שטיין פון האַרצן.

איר צווייטע באַליבטע ליד איז געווען נאָמבערגס באַוווּסטע וויגליד וועגן אַ ייִדישן אַרבעטער, וואָס גראָבט גריבער אין סיביר און בענקט נאָך זײַן אָפּגעריבט אייפעלע. די ווערטער פון אָט דער ליד האָב איך שוין לאַנג פאַרגעסן, נאָר דעם ניגן איז שווער פון דער נעשאָמע אַרויסרײַסן.

ווי פאַר אַלע אַנדערע פעלקער פון צאַרישן רוסלאַנד, איז סיביר אויך פאַרן ייִדן (דערהויפּט, פאַרן אַרבעטנדיקן) געווען דער סינאָנים פון דעם גענעם אַף דער וועלט, וווּהין דער קייסער פאַרשיקט די „ווידערשפעניקע" פאַר פרײַ דענקען, פאַר לייענען קראַמאָלנע ביכער, פאַר דרוקן פלוגבלעטלעך אין אונטערערדישע טיפּאָגראַפיעס, פאַר גיין אין וואַלד אַף „סכאָדקעס" אין טאָג פון ערשטן מײַ און נאָך פאַר ענלעכע „כאַטאָים".

אַליין דאָס וואָרט „סיביר" איז געווען אַ פאַרפרוירנס, אַזאַ, פון וועלכן עס פלעגט אין האַלדז נעמען שטעכן. דער ערשטער אָס פונעם וואָרט „סיביר", דער סאַמעך, איז געווען, ווי אַן אָנגעגליטע ראָד, וואָס האָט אײַך אין דימיען אָוועקגעקײַקלט אין אומענדלעכע פּראָסטיקע וועלדער מיט אייביקן אײַז־גליווער, מיט האַרבע ווינטן און הורבעס שניי, אַף וועלכע עס זײַנען געפאַלן די שאָטנס פון טויזנטער אין קייטן געשמידטע קאַטאָרזשניקעס.

און אָט שטיי איך, אַ ייִדישער פּאָעט, אין סאַמע האַרץ פון סיביר, אין דער שטאָט נאָוואָסיבירסק, לעבן אַנטאָקאָלסקיס סקולפּטור „יערמאַק". קוק אַרײַן אין די טיפע אויגן פונעם „באַהערשער פון סיביר", באַטראַכט זײַן שטאָלענעם העלם און זײַנע וואָגיקע הויכע שטיוול. אין יערמאַקס אויגן זע איך טוקן זיך סיבירער אָזערעס און הונדערטער צום לעבן אופגעוועקטע טײַכן, פעלדער און וועלדער, אײַנגעהילט אין דער בלויקײַט פון סיבירער הימל.

א סאך וואסערן זײַנען פון יערמאקס צײַטן אָפּגעלאָפן, די סיבירער ערד איז געהײליקט מיטן בלוט פון טויזנטער קעמפער, וואָס האָבן זייערע צאַפּלדיקע הערצער אָפּגעגעבן פאר אָט די יונגע מוטערס, וואָס פירן אין די וויגעלעך שמייכלענדיקע קינדער איבער דעם שײנעם ראַכוועסדיקן רויטן פּראָספּעקט.

אין צענטער פון דער שטאָט נאָוואָסיבירסק רײַסט פון דער ערד זיך א מעכטיקע שטיינערנע האַנט מיט א פײַער־פאַקל, וואָס ברײט מײַן פּאָנעם. דאָ ליגן 104 העלדן־פּאַרטיזאַנער, וועמען קאָלטשאַק האָט פארפּײַניקט. די פרישע קווייטן, וואָס מענטשן ברענגען אהער יעדן טאָג, זײַנען ענלעך צו די הײסע צאַפּלדיקע הערצער פון די אומגעבראַכטע קאָמוניסטן.

עס פליט דורך א זילבערנער אָדלער איבער די דעכער פון דער שטאָט, טוט פּלוצעם א שוועב אין דער הייך און צעשרײַבט זיך אין הימל, אז ער און א סאך אזעלכע, ווי ער, זײַנען פאַראַנטוואָרטלעך פארן אייביקן שאָלעם אף דער ערד.

וואָס רוישט זי אזוי, די שטאָט, וואָס רוידעפט זי אזוי די שטילקײַט? — אָן עמעסער סאַמבאַטיען. וועסט דען אָפּשטעלן דעם שטראָם פון די מאַשינעס אין הימל און אף דער ערד, דעם גאַנג פון די שיפן, וואָס אַקערן די שוימיקע כוואַליעס פון דעם האַסטיק־שטראָמיקן טײַך.

קיין איין מינוט אין מעסלעס רוט ניט די שטאָט מיט אירע זאַוואָדן און פאַבריקן, מיט אירע גרינע גאַסן און געסעלעך, מיט איר רויטן פּראָספּעקט, וואָס איז גרעסער פון די פּאַריזשער יעליסייער פעלדער.

און יוגנט, יוגנט אף די רוישיקע גאַסן, אף די ראַכוועסדיקע ברעגן פון טײַך.

ביסט מיד, מײַן פרײַנט, פון אזא פארבן־מישמאַש, פון די מענטשן־מענגעס, וואָס שטראָמען צו די קאַפּעען, מאַגאַזינען, קינאָ־טעאַטערס און רעסטאָראַנען פון שטאָט?.. קער אָפּ אין א זײַט, זעץ זיך אוועק אין א באַליבּיקן פּאַרק אונטער א בוים.

כאָטש ס'איז טיף סיביר און דער קלימאַט איז דאָ א האַרבער און דער ווינטער ציט זיך דאָ לאַנגע פינף כאַדאָשים, וואַקסן דאָ, אף דער סיבירער ערד, דער אוסוריִער באַרן־בוים און ווײַנטרויבן, די טשעריאָמוכע מאַאַקע און דער פערדן־קאַשטאַן, דער טײַוול־בוים און די אַראַליע, וואָס האָט אַלע אייגנשאַפטן פון זשען־שען, נוס־ביימער און קוסטעס אירגאַ.

קוקסט א פארגאַפטער אף דעם רעגנבויגן פון קווייטן אין דער מיט שטאָט, אין אַקאַדעם־שטעטל און אין באָטאַנישן גאָרטן: הויכע גלאַדיאָלוסן און בונטע פלאָקסן, פעלד־בלומען און די קיניגן — די רויז.

עס קומט מיר גאָר אויס, אז איך בין ניט אין סיביר. איך בין אין א הייסער דאַרעם־שטאָט מיט אַלע אירע פּישטשעוואָקעס. מײַנע אַלע פאָרשטעלונגען, אז סיביר איז אַן אײַזקעלטער, קלינגען איצט אַנעקדאָטיש. ניט אומזיסט האָט מיר איינער א ייִד נאָך אין מאָסקווער אַעראָפּאָרט דאָמאָדיעדאָוואָ געזאָגט, אז ער פאָרט צו די קינדער קיין סיביר זיך א ביסל אָנוואַרעמען, און האָט מיר באַוויזן א בילעט אפן „איל־18“.

פאָרן הייסט בא אים פליִען. ער האָט ליב פליִען.

— וואָס דאַרף איך דעם לײַדיקגייער, — אזוי רופט ער דעם שנעל־צוג, — אז פאַר פיר מיט א האַלבער שאָ בין איך בא די קינדער. איר באַווײַזט אפילע ניט צושפּיליען דעם רימען פון דעם ווייכן שטול, ארויסציִען דאָס טישעלע אף אָפּעסן וועטשערע און שוין, פּאַרטיק. מער ניט די אויערן ווערן א ביסל פארלייגט. איז וואָס? טרינקט מען אויס אין בופעט פון אַעראָפּאָרט א גלאָז טיי מיט לימענע און מע איז צוריק א מענטש.

מיר פליִען.

וואָלקנס. א סאך וואָלקנס, אמאָל באַלויכטענע מיט א ביסל לעוואָנע־שײַן, גאַנצע און צעבראָכענע. ווי אף לעצאָנעס, טוען זיך א בוי אויס פון זיי הויכע, גאָרנדיקע פּאַלאַצן מיט ברייטע אײַז־טויערן, מיט לייבן און לעמפּערטן באַם ארײַנגאַנג. און אין איין קעהערעף־אײן צעשיטן זיי זיך. איצט זעען זיי שוין אויס ווי א שטאָט, נאָך דעם ווי מע האָט דעם פאַשיסט ארויסגעמעשאַלייעכט.

— האָט אף מיר קיין פאַריבל ניט, — ענטפערט מיר דער ייִד אף מײַנע פּאָעטישע אַסאָציִאַציעס, — זיי ליגן מיר ניט אין זינען, די וואָלקנס. אויב אײַך וועט אמאָל אויסקומען זײַן אין נאָוואָסיבירסקער אקאדעם־שטעטל, וועל איך אײַך ווײַזן עמעסע פּאַלאַצן, אין וועלכע מײַנע צוויי באָנימלעך וווינען. איינער הייסט סאַקאָ, באָרעך וואַסערמאַנס, א וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער בא בודקערן אין לאַבאָראַטאָריע, דער צווייטער ביניאָמין, אויך באָרעך וואַסערמאַנס, נאָך א סטודענט אין אוניווערסיטעט, אפן פערטן קורס פון פיזיש־מאַטעמאַטישן פאַקולטעט. און וואַלענטינע אַוואַדע און אוואַדע באָרעך וואַסערמאַנס — א ראַדיאָ־טעכניקער. אָט זײַנען

זייערע פאָטאָגראַפיעס. און דאָס בין איך און מייער ברוקאַש, דער פּאַרוואַלטער פון דער וויטעב־סקער שטאָט־ביבליאָטעק.

מיט דעם יידן האָב איך זיך אין עטלעכע טעג אַרום צופעליק געטראָפן אין וואַלד פון נאָוואָסיבירסקער אַקאַדעם־שטעטל. ער איז מיטאַמאָל, ווי פון דער ערד, אויסגעוואַקסן הינטער מײַנע פּלייצעס אַ ציכטיקער, אַן איבערגעטאָענענער אין ווײַסע זומער־קליידער, אין גרינגע שטעקשיך אָף די פיס.

— זשעמטשוזשינאַ[1] זוכט איר? ביטע זייער, קומט, איך וועל אײַך ווײַזן. דאָס דאַרף מען גיין צו מאָרסקאַיאַ, צום יאַם, הייסט עס. מירן פריער דורכגיין מיט אײַך פאַרבײַ דעם אינסטיטוט פון הידראָדינאַמיק, אַ טראָט ווײַטער דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אינסטיטוט, דער כימיש־מעטאַלורגישער, זיי זײַנען דאָ, באַרעך־האַשעם, צענדליקער. עס קאָן זיך דער קאָפּ פאַרדרייען.

דער וויטעבסקער שנײַדער באָרעך וואַסערמאַן כאַפּט איבער אַ רעגע דעם אָטעם און זעצט פאָר מיט דער האַנאָע פון אַ מענטשן, וואָס ווייסט מער פון זײַן מיטשפּרעכער.

— איך פלי אַהער אַלע יאָר און בין שוין, קאָן מען זאָגן, דאָ אַ טוישעווו. איך ווייס ניט ערגער פון דעם אַקאַדעמיקער לאַווורענטיעוו, וואָס אין אָט דער באַלעבאַטישקייט ווערט אַרײַנגעלייגט... אָט איז וואַלד און ווידעראַמאָל וואַלד, נאָר שוין אַ גלײַכער, ווי אַ ווירע, און אָט איז די אײליטש־גאַס, צוויי גאַסטראָנאָמען, אַ קינדערגאָרטן, זעקס גאָרקיכן, אַ פּעשענעבעלער רעסטאָראַן, אַ נײַער קינאָ־טעאַטער און דערנאָך — „זשעמטשוזשינאַ“.

באָרעך וואַסערמאַן שטעלט זיך ווידער אָפּ אויף אַ רעגע.

— ס'איז ניט קיין סאָד, ווען איר דאַרפט אין „זשעמטשוזשינאַ“?.. טאָמער אַן אַקאַדעמיקער, קאָן איך אָנרופן אַ צענדליק פאַמיליעס. ניט נאָר איך, די גאַנצע וועלט קאָן זיי.

— מע דאַרף ניט.

— אַז מע דאַרף ניט, דאַרף מען ניט.



מיט גוואַלד האָט מיך מײַן נײַער באַקאַנטער אַרײַנגעשלעפּט צו זיך, דאָס הייסט צו זײַן עלטערן זון סאַקאָ. דער ייִנגערער וווינט אין דער צוזאַמענוווינונג פון אוניווערסיטעט. ער האָט מיר באַוויזן דעם זונס דיפּלאָם־אַרבעט, מיך געפּויעט מיט קאַלטן אַנאַנאַסן־זאַפט פון כאַלאָדילניק, אַ ביסל אָנגערעדט אויף דער שנור זײַנער אַליאָנען.

— זי איז, איר זאָלט מיר מוחל זײַן, ניט קיין באַלעבאָסטע. איך מיט מײַן כאַראַקטער וואָלט מיט איר אַ פּאָר געטאָן ערגעץ קיין פּיאַטיגאָרסק צי קיין כאַבאַראָווסק און וואָלט אויף אַ ווײַלע אַרויסגעטאַנצט נעמען אַ טשײַניק וואַסער... און פאַרפאַלן די בעהיימע צוזאַמען מיטן שטריק. און ער שטאַרבט נאָך אירע טריט. מע האָט שוין אַ קינד און מע האָט נאָר אין זינען טעאַטער, טענץ, וועטשערינקעס, קינאָ, טעניס און נאָך דער רוען ווייסט וואָס...

— נו, און איר, רעב באָרעך, כאַפּט זיך ניט אַמאָל אַרײַן אַ קוק טאָן אַ פילם? דאָ קומט

---

[1] זשעמטשוזשינאַ (רוס.) — פּערל, אַ ראַיאָן אין נאָוואָסיבירסקער אַקאַדעם־שטעטל.

דאָך איצט פאָר א קינאָ־פעסטיוואַל: פּוילישע, יוגאָסלאַווישע, איטאַליענישע, אַמעריקאַנישע פילמען.

— מיר זאָלן מיט אײַך האָבן אַזױפיל גוטע יאָר, ווי פיל אַמעריקאַנישע פילמען איך האָב ניט געזען און בין קראַנק דערפון ניט געוואָרן, האַלעוואַי אַף וויַיטער.

קלאָר, אַז מייַן טאָג איז פאַרפאַלן. מייַן באַגעגעניש אַף „זשעמטשוזשינא“ מיט איינעם א פּראָפעסאָר פון פיזיש־מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן בין איך געצוווּנגען אָפּלייגן.

מייַן „אַרבעטס־טאָג“ פאַרענדיק איך מיט באָדן זיך אין אָבסקער יאַם, דאָרט, ווו עס באָדן זיך אַזױפיל וועלט־באַרימטע אַקאַדעמיקער און פּראָפעסאָרן. איך לייג קלאָפּטער אַף די גרינג־לעכע, נאָר לויטערע יאַם־כוואַליעס. מיט וואָס איז דער סיבירער יאַם ערגער פון דעם שוואַרצן? ער איז ניט געזאַלצן? ניט קיין מעניע. די סיביריאַקעס זאָגן, אַז ווען יעדער מענטש, וואָס קומט אַהער זיך באָדן, זאָל ברענגען מיט זיך אין דער זשמעניע זאַלץ אַפן שפּיץ מעסער, וועט דער סיבירער יאַם געזאַלצן.

כ'לעבן, טאַקע ניט ערגער פון דעם שוואַרצן יאַם.

נאָוואָסיבירסק ליגט צעוואָרפן אַף ביידע זייַטן פון דעם טייַך אָב. די צווי ברעגן פאַרייניקט א בריק, וואָס עס האָט פּראָיעקטירט דער באַרימטער רוסישער שרייַבער און אייַזנבאַן־אינזשע־ניער גאַרין־מיכייַלאָווסקי.

אָט די צוויבער־בריק, וואָס הענגט איבערן טייַך, איז געווען דער אָנהייב פון דער שוין איצט קימאַט פאַרשוווּנדענער שטאָט נאָוואָניקאָלאַיעווסק.

ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע זייַנען אַף די ברעגן פון אָב געווען צעוואָרפן הילצערנע הייַזקעס, אָנגעפּעלצטע מיט דוירעסדיקן גליוועך און טרויער פון דעם פּראָווינציעלן קאַטאָרזש־נעם סיביר.

איצט איז נאָוואָסיבירסק א מעכטיקער אינדוסטריעלער און קולטור־צענטער מיט איבער א מיליאָן באַפעלקערונג.

ווּהין און פונוואַנען טראָגט דער טייַך אָב זייַנע העל־בלויע וואַסערן?

ער שטראָמט פון דאָרעם אַף צאָפן. הייבט זיך אָן בא דער שטאָט בייסק, ווו עס מישן זיך צונויף די טייַכן קאַטון און ביִע. קאַטון שטראָמט פון דעם אייַזבאַרג בעלוכאַ און ביִע — פון דער גאָלדענער באַרגיקער אַלטייַער טעלעצער אָזערע. אָב שנייַדט דורך מיט זייַנע וואַסערן די אומ־ענדלעכע סיבירער טייגע. פון ביידע זייַטן אָב און זייַנע בייַטייַכן וווינען די כאַנטן און בישכיינעס מיט זיי די נענצעס. זיי פּאַשען קאָלווירטישע סטאַדעס הירשן אין דער טונדרע, וואָס ציט זיך ביזן אייַז־אָקעאַן.

וועגן ביידע באַרגיקע אַלטייַער טייַכן קאַטון און ביִע, וואָס קומען זיך צונויף אין טייַך אָב, דערציילט מען אין סיביר א פּאָעטישע לעגענדע. דאָס זייַנען אַמאָל, קלוימערשט, געווען צווי פאַרליבטע, וועמען די עלטערן האָבן געשטערט זיך נעמען. קאַטונס טאַטע האָט געוואָלט א קאַלע פון רייַכן גראַד און האָט ניט דערלאָזט, אַז זייַן בעניאָכיד זאָל זיך פאַרקנאַסן מיט דער שיינער, נאָר זייער אָרעמער ביִע. ביִעס פאָטער איז דער שידעך אויך ניט געווען אינגאַנצן צום האַרצן. ער האָט זיך ניט געוואָלט אייַנקויפן אין ייִכעס צו די גווירים, די גרויסהאַלטער. קורץ גערעדט, די עלטערן האָבן פאַרפינצטערט דאָס לעבן פון דעם פאַרליבטן פּאָרל.

וואָס זשע טוען קאַטון און ביִע?

זיי האָבן זיך אַראָפּגעוואָרפן פון א באַרג און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טייַכן. איצט פליסן זיי ביידע צום טייַך אָב, ווו זיי פאַרייניקן זיך אַף אייביק.

סיביר איז גרויס מיט אירע מענטשן און מיט אירע לעגענדעס, וואָס פאַרשיקערן, ווי שטאַר־קער ווישניק. דער טייַך אָב פליסט, און זייַנע כוואַליעס, אין וועלכע עס זייַנען אויסגעמישט די וואַסערן פון קאַטון און ביִע, דערציילן מייַסעס וועגן די פאַסטעכער פון באַרגיקן אַלטייַ, וועגן געלערנטע אין נאָוואָסיבירסקער אַקאַדעמ־שטעטל.

באַם סאַמע אַרייַנגאַנג אין דעם אָבסקער יאַם האָט דער סיבירער קאָמיוג אויסגעבויט פּראַכטיקע שליוזן. הייבט דער טייַך זיך אויף צווישן די הויכע שטיין־געפאַסטערטע ווענט און לאָזט דורך פּאַסאַזשיר־ און פראַכט־שיפן, וואָס נעמען, דאַכט זיך, אַראָפּ די היט פאַר דעם אופטו פון דער סיבירער יוגנט.

באַנאַכט שטעקט אַרייַן די נאָוואָסיבירסקער העס[1] א גרויסן פייַער־גאָפּל אין אָב און וויל אַרויסציִען א פּערספּעקטיוו וואָלקנדל, וואָס פּליושקעט זיך אין דער טיף פון די דורכזיכטיקע וואַסערן.

---

[1] הידראָעלעקטראָסטאַנציע.

פײַערן, פײַערן אַף בײדע זײַטן אָב. זײ גיסן זיך צונויף אין אײן גרויסער, ליכטיקער נעץ, פון װעלכער עס איז שװער אַפּצורײַסן די אויגן.

װוּ־ניט־װוּ טוט אַ קלונג אַ גלעקעלע. דאָס האָט אַ פיש זיך געכאַפּט אַף דער װענטקע. אַט װאַרפט ער זיך שױן אַף דער זאַמדיקער ברײט פון ברעג, שפּריצט מיטן װײדל דער לעװאָנע אין פּאָנעם.

פון צאַפּן שװימט אַ באַרזשע מיט הײ. װי שװימט זי דאָס אין אַזאַ פײַער און כאַפּט זיך ניט אָן?..

צענדליקער שכונעס, מאָטאָר־שיפלעך און הויכע, פילגאָרנדיקע דאַמפּערס רופן זיך איבער מיט זײערע סיגנאַלן, און דער טײַך אַלײן רײַסט זיך פון די ברעגן, װי אַ געפּענטעטער שימשון־הגיבור.

װען די שטאָט נאָװאָסיבירסק כאַפּט זיך אויף אינדערפרי, איז, אײדער זי רײַבט זיך נאָך אויס די אויגן, האָרעװעט שױן אָב מיטן זיבעטן שװײס. פּירט בױ־מאַטעריאַלן און שפּײַז־פּראָדוקטן, גאַנצע גאַסטראָנאָמען, צו דער אומענדלעכער טונדרע, צו די סיבירער גאָלד־גרובן.

נאָװאָסיבירסק איז גרויס.

אין דער צײַט פון דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע זײַנען קײן נאָװאָסיבירסק פון די בײַ־פראָנט־שטעט אַהער עװאַקוירט געװאָרן צענדליקער װיכטיקע זאַװאָדן, טױזנטער מישפּאָכעס, װאָס זײַנען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

די שטאָט האָט אַלץ געטאָן, קעדײ די עװאַקוירטע באַפעלקערונג זאָל האָבן אַלץ, װאָס מענטשן דאַרפן האָבן צום לעבן. דעריבער איז קײן כידעש ניט, װאָס אַ סאַך פון די, װעלכע זײַנען געקומען אַהער אין די פײַערדיקע מילכאָמע־יאָרן, זײַנען שױן פאַרבליבן טױשװים פון נאָװאָסיבירסק. צװישן אַט די נײַע אײַנװױנער פון סיביר זײַנען פאַראַן אַ סאַך ײדן.

מיט װעמען פון זײ איר זאָלט זיך ניט טרעפן, אָנגעהױבן פון אַן אַקאַדעמיקער ביז אַ בוכאַלטער פון אַ זאַװאָד, שטראַלט אַף אײַך די הײמישקײַט פון מענטשן, דאַכט זיך, גאָר, גאָר אַלטגעזעסענע.

אַף אַ קאַטער, װאָס קורסירט צװישן נאָװאָסיבירסק און אָבסקער יאַם, האָב איך צופעליק זיך באַקאַנט מיט אַ ײדישן אַרבעטער פון אײנעם פון די גרעסטע נאָװאָסיבירסקער אינדוסטריעלע גיגאַנטן. מיר האָבן זיך צערעדט. איך האָב זיך דערװוּסט, אַז מײַן באַקאַנטער הײסט כאַים קאָפּ־טשיק און אַז אַלײן איז ער אַ סטאַראָבינער. אפן זאַװאָד, װעלכן ער רעכנט פאַר זײַן הײם (און אַזױ איז עס טאַקע), אַרבעט כאַים אַלס הױפּט־מײַסטער פון אַ צעך. װעגן סטאַראָבין דערמאָנט ער זיך זעלטן. ער קאָן נאָר װען־ניט־װען דערצײלן אַ מײַסע װעגן דעם סטאַראָבינער שנײַדער יױעלקע, װאָס פלעגט אַרומגײן מיט אַ נײ־מאַשין אַף די פּלײצעס איבער די װײַסרוסישע דערפער, נײען סערמענגעס פאַר די פּויערים. אַט דער שנײַדער יױעלקע פלעגט שיקן צו זײַנעם אַ פעטער קײן אַמעריקע בריװ, ניט שרײַבנדיק דעם אַדרעס. ער האָט געהאַלטן, אַז דער פּאָטשטאַליאָן איז ניט קראַנק אַלײן צו װיסן.

שטאָלצירן שטאָלצירט ער אָבער ניט מיטן שנײַדער יױעלקע, נאָר מיט דעם באַװוּסטן סאָליגאָרסקער קאַלי־קאָמבינאַט, װאָס געפינט זיך אין סטאַראָבין.

כאַים האָט ליב סיביר אויך דערפאַר, װײַל אין סיביר זײַנען דאָ פיש.

פון שאַבײסנאַכטס ביז זונטיק װערט ער נעלעם פון שטוב. אפן לינקן ברעג פון אָב צע־שטעלט ער זײַנע װענטקעס מיט די גלעקעלעך און געװיכטלעך. אַף אַ בערגל מאַכט ער זיך אַ מין סוקע פון דרײַ דרענגלעך, צוגעדעקט מיט זײַן ספּעצאָװקע. די פינגער זײַנען בא כאַימען צעשטאָכן פון די האַטשיקלעך, װעלכע ער טוט אַזױ קונציק אָן, אַז װען איר זײַט מיט צען קעפּ, קענט איר עס ניט נאָכטאָן.

דער פּאַרדראָס פון אָפּזיצן באַם טײַך אַ האַלבע נאַכט און אַרויסציִען אַ פּיצל פישל אָדער אַ ביסל קויטיקן איל איז באַם פישער טאַקע זײער גרויס. אָבער װען עס טוט אַ גײ אַ „קאָסיאַק“, סטײַען שױן קײן קײלים אַף ברענגען די פיש אַהײם.

— אָט האָסטו דיר, מײַן װײַב, פיש אַף זונטיק.

אין סטאַראָבין, װען מע פלעגט מיטן װאָלאָק אַרױסכאַפּן אַ פיש פון סלוטש, פלעגט מען זאָגן „פיש אַף שאַבעס“. אין סיביר, װוּ דער זײגער איז אַלצײַנס אַף גאַנצע פיר שאָ פאָרויס, כאַפּט מען שױן בעמײלע פיש אַף זונטיק.

דאָס אַלץ איז זומער. אָבער װינטער, װען דער פראָסט פאַרכאַפּט די שטאָט אַף אַ כאַדאָשים פינף, װילט זיך קײן נאָז אין דרויסן ניט אַרױסשטעקן, דער װינט פײַפט, בושעװעט, רײַסט שטיקער. טוסט אַ נעם אָן דאָס הענטל פון טראָלײבוס אָן אַ הענטשקע, װערט די האַנט צוגע־

וואקסן, וועסט שוין ניט אראָפּפליִען, מע מעג דיך מיט שטריק ציִען. פּאָרט מען וויניקער, גייט מען בעסער צופוס, וווהין מע דאַרף. מע הוכקעט אין די הענט, מע רוקט די הענט אין די הענטש־קעס. ס'איז פּאַרט סיביר... און די נאָז, ס'איז ניטאָ קיין ערגערס, טאָמער טוט זי אײַך אַ פריר אָפּ. אַ מיצווע אַף אײַך, נייט אײַך עפּעס אויף אַף דער נאָז אַ מאַלבעשל.

עמעסע סיביריאַקעס לײַדן דערפון ניט, פאַרקערט. כוץ דער נאָז שטעלט מען נאָך ארויס די אויערן. מע פּראַנטעוועט, מע גייט אינגאַנצן אָן אַ היטל. דער קאַלנער פון העמדל צעשפּי־לעט!.. איר שטעלט אײַך פאָר, אין אַ פּופציק־גראַדוסדיקן פראָסט שפּאַנען איבער נאָוואָסיבירסק אין איין סוויטער, אָן אַ היטל.

קען איך אײַך זאָגן, אַז עס זײַנען פאַראַן באַלאַנים.

דאָס איז וואסילי באראנאָוו, דער געוועזענער אין גאַנץ ווײַסרוסלאַנד באַוווסטער אָנפירער פון פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן. ניט איין ייִדישע מישפּאָכע האָט ער געראַטעוועט פון אומקום. דער צווייטער צו אים איז באָריס איליטש לעווין. אַ ביכאָווער ייִד, אַרבעט אַלס פּאַרטרעטער פונעם שעף אין אַ „ספּעצקאָנטאָר".

וועגן באָריס איליטשן ווייסן מיר נאָך, אַז אַמאָל איז ער געפאָרן מיט אַן עקספּעדיציע אַפן ווײַטן צאָפן און איז קוים מיטן לעבן ארויס.

„זאַריאַ", אַזוי האָט געהייסן די שיף, איז אַרײַן אין אײַז, פאַרקאָוועט געוואָרן און כאָטש שרײַ כײַוועקײַעם. די פּראָדוקטן האָבן זיך אויסגעלאָזט, די מענטשן זײַנען קראַנק געוואָרן, דער קאַפּיטאַן — פאַרווונדעט.

— נאָר אַלע זײַנען מיר געגאַנגען אַפן שטריקעלע, מיר האָבן די שיף ארויסגעצויגן.

אין דער צײַט פון דער מילכאָמע איז באָריס איליטש געווען דירעקטאָר פון אַ גרויסן סי־בירער סאָווירט. ער איז אַרומגעפאָרן, ווי מאָשיעך, אַף אַ ווײַס פערדל, געצויגן אונטער דער נאָז עפּעס אַ ניגנדל און געהאַט אין זײַן דעמאָלטיקן לעקסיקאָן אַ פינף־צען שטאַרקע, הייליקע רוסישע ווערטער:

— זעמליאַקי, דליאַ פּאָבעדי נאַד גיטלעראָם נאַדאָ ראַבאָטאַט[1].

און האָבן מיר זיך שוין צערעדט וועגן ייִדן אין היינטצײַטיקן סאָוועטישן סיביר, איז כאָטש עס ווילט זיך ניט, מוזן מיר ארײַנשלעפּן אַ ייִדן אַ נודניק אויך.

ווען מע זאָל באַ אײַך פרעגן: וואָס ווילט איר בעסער, זיך אוועקזעצן מיט אַ פּאָר שפּאָגל־נײַע הויזן, ערשט פון שנײַדער, אַף אַ בענקל, אויסגעשמירט מיט סמאָלע, צי צו אײַך זאָל זיך אין וועג צוקלעפּן, ווי סמאָלע, אַ ייִד מיט אַ צונג פונדאַנען ביז קיין מיצראַיִם, — וואָלט איר שוין זיכער אויסגעקליבן דאָס ערשטע. און באַ מיר איז געווען פאַרקערט.

איך בין געשטאַנען באַם ארײַנגאַנג אין נאָוואָסיבירסקער האָטעל מיט מײַנעם אַ באַקאַנטן טשערנאָוויצער יונגנמאַן, אַ צײַטונגס־פאַרקויפער. מיר האָבן גערעדט וועגן געמיינזאַמע באַ־קאַנטע, וועגן דעם אויסזען פון דער שטאָט. און פּלוצעם, ווי אַ רעגן אַפן קאָפּ, אַ געפּאַקט ייִדל מיט אַ פּאָר רויטע בעקעלעך, מיט קלייניניקע קאַליע אויגן, מיט אַ גאַליק שמייכעלע אין די מאָדנע אָפּגעהאַקטע וואָנצעס.

— איר האָט געלייענט נעכטיקן „וועטשערני נאָוואָסיבירסק"?[2] אָט טאָן איז אָפּגעפלויגן קיין ניגעריע אַ ביסל צעשאַרן די קוילן, אַף וועלכע מע ברענט די נעגערס. ס'איז ניט מײַן אייסעק, נאָר איך בין ניט מאַסקים...

— מיט וואָס זײַט איר ניט מאַסקים, מיט או טאַנען צי מיט די קאָלאָניזאַטערס?

— ס'איז ניט וויכטיק.

אין עטלעכע מינוט ארום האָט שוין דער ייִד מיך געהאַלטן אונטערן אָרעם, געהאַלטן פעסט און מיך ארײַנגעפּלאָנטערט אין אַ גאַנצער נעץ געשיכטעס און מײַסעס, וועלכע געפעלן אים ניט און מיט וועלכע ער איז, געוויינלעך, ניט מאַסקים.

מיר האָט זיך גלײַך פון אָנהייב געוואָלט אָפּשטעלן דעם ווערטער־שטראָם פון דעם כאָווער „כ'בין ניט מאַסקים". אָבער ס'האָט זיך מיר ניט אײַנגעגעבן. דערווײַל האָב איך זיך דערוווּסט אַ מײַסע וועגן צוויי ייִדישע דאָקטוירים פון נאָוואָסיבירסקער שפּיטאָל נומ. 29.

איינער הייסט סאָקאָלין איזראיל סאָלאָמאָנאָוויטש (אַ כירורג), אַליין אַ מינסקער. אַ מענטש מיט אַ גוטן שעם אין שטאָט. איז אויך דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין שפּיטאָל.

---

[1] לאַנדסלײַט, פאַרן זיג איבער היטלערן דאַרף מען אַרבעטן.

[2] די אָוונטיקע נאָוואָסיבירסקער צײַטונג.

דער צווייטער, אויך א דאָקטער, אָבער שוין דער הייפּעך פון דעם ערשטן: הייסן הייסט ער מאַקסים פּעטראָוויטש זילבערשטערן (אַזוי וויל ער הייסן).

— באַ אונדז אין שפּיטאָל, — זאָגט ער, — זײַנען קיין אײַנהאָרע פאַראַן יידן, וויפל קערלעך אין א מילגרוים, טאָ זאָל כאָטש זײַן איין מאַקסים פּעטראָוויטש.

מאַקסים פּעטראָוויטש האָט א מאָדנע שוואַכקײַט צו פערד. ניט כאָלילע האַלטן פערד צי פאָרן אַף פערד. גאָט באַהיט! שפּילן, שפּילן האָט אונדזער דאָקטער ליב אַף די היפּאָדראָם־פערדלעך.

אָבליגאַציעס, בילעטן, קאָרטן, רולעטקעס, כאַנוקע־דריידלעך, אַדלער־רעשט, אום־צי־גראַד. דאָס אַלץ איז באַ אים, זאָגט ער, בלאָטע. דעריקער — די פערד־שפּיל. דער פּראָטעז אַפן לינקן פוס שטערט אים ניט אָפּשטיין שאָענלאַנג באַ די בילעט־קאַסעס, אַרײַנדרייען זיך אין פאַרשיידענע רעדלעך פון מעווינע־זאַגער, וואָס וועלן אײַך אַלעמאָל פּרווון אײַנריידן, אַז זיי וויסן פּינקטלעך, וואָסער אָגער וועט קומען דער ערשטער.

באַ יידן זײַנען אַמאָל געווען באַלעגאָלעס, ליוועראַנטן, וואַסערפירער, מויכער־ספאָרימניקעס, וואָס האָבן ליב געהאַט א סוס. אָבער א דאָקטער, דערצו א גלאַווווראַטש[1] זאָל אַזוי זיך אַרײַנלאָזן אין פערד, זעט מען דאָס ערשטע מאָל. דערגייט מען טאַקע די יאָרן אונדזער דאָקטער. אין אָרדינאַטערסקע, אין די פּאַלאַטעס און אין גאַס. און ווען מע שפּאַרט אים גוט צו צו דער וואַנט, דעם פאַרברענטן פערדל־שפּילער, זאָגט ער, אַז ס'איז זײַן „זאַבאַווע", ספּאָרט.

א שיינע „זאַבאַווע", מע קאָן בלײַבן אין איין העמד.

— מיט וואָס זשע זײַט איר, רעב ייד, ניט מאַסקים?..

— איך בין ניט מאַסקים...

מײַן נײַער באַקאַנטער איז גלײַך איבערגעשפּרונגען צו א צווייטער טעמע, שוין א „וויסנשאַפטלעכע", דערקלערנדיק מיר אָן שום אָפּעליאַציעס, אַז מענטשן שטאַמען פון דעלפינען.

— זיי, די דעלפינען, זײַנען זייער קלוגע קעפּ. און דאָס, וואָס זיי לעבן אין וואַסער און מאַלפּעס לעבן אין וואַלד אַף די ביימער, איז קיין סימען ניט. איך בין אַשטייגער אינגאַנצן ניט מאַסקים מיט די הײַנטיקע טעאָריעס וועגן דער אַנטשטייונג פון לעבן, פּונקט ווי איך בין ניט מאַסקים מיט אַלע אַנדערע „וויטאַליסטישע" טעאָריעס, זאָל זײַן אַפילע מאַטעריאַליסטישע, איך בין ניט מאַסקים.

דער לאַץ פון מײַן רעקל איז שוין געווען באַם יידן אין די הענט. ער האָט גערעדט פאַר פײַער און פאַר וואַסער. וועגן קיבערנעטיק און וועגן לעוויטאַנען, דעם דיקטאָר פון דער מאָסקווער ראַדיאָ. מע זאָגט, אַז ער איז אַריבערגעפאָרן קיין וולאַדיוואָסטאָק און אין דער מאָסקווער ראַדיאָ לייענט איצט א צווייטער לעוויטאַן...

— מיט וואָס זשע זײַט איר ניט מאַסקים?

— איך בין ניט מאַסקים...

— איך אײַל זיך, רעב „כ'בין ניט מאַסקים", און וויל אײַך זאָגן א גוטן טאָג!

קוים זיך אַרויסגעריסן פון זײַנע הענט, האָב איך זיך אַרײַנגעזעצט אין א טאַקסי און געהייסן דעם שאָפער מיך פירן צום אַקאַדעם־שטעטל.

איך בין אַרויס פון דער מאַשין און זיך געלאָזט גיין צופוס איבער גוט אַספאַלטירטע שאָסייוועגן, איבער פרישע ציכטיקע גאַסן און איבערן גרינעם שמעקנדיקן וואַלד.

ווען דער וואַלד האָט זיך געענדיקט, האָט מײַן אייביק דאָרשטיק אויג געכאַפּט די ערשטע כוואַליע פונעם אָבסקער יאַם, דערנאָך א שטיק פאַרקישעפטן העל־בלויען הימל, גאָלדיקע פליאַזשן מיט פאַרביקע טענטן אַף זיי, זעגלשיפלעך און מיידלעך אַף וואַסער־ליזשעס אין שוים פון צערייצטע יאַם־כוואַליעס.

די שלאַנקע, בייגעוודיקע, פון זון פאַרברוינטע גימנאַסטן האָבן זיך געטראָגן איבער דער אומענדלעכער וואַסערפלאַך, ווי יאַם־רײַטער, וואָס האָבן אָפּגעלאָזט די לייצעס פון די פערד און פליען העפקערדיק צו די ווײַטע קרישטאָל־ריינע הימלען.

ערשט ניט לאַנג האָט מען דאָ גערייניקט דעם „פּאָלשן שטיין" פון באָדן, אַראָפּגעטראָגן הונדערטער דערפער און יישוווים, געפלאַסטערט ברעגן, אויסגעבעט דאָס געלעגער פאַר אָט דעם שיינעם „אַקאַדעמישן" יאַם.

איך קוק אַף דעם אַלעמען, און מײַן האַרץ פרייט זיך. איך דערמאָן אָבער גלײַך, אַז איך בין געקומען אהער הײַנט ניט בלויז אַף א ראַנדעוווּ מיטן אָבסקער יאַם. עס האָט מיך אײַנגעלאַדן אין אַקאַדעם־שטעטל איינער א געלערנטער, א פיזיקער, וועלכער איז אַמאָל געווען באַקאַנט מיט אַלבערט איינשטיינען.

---

[1] הויפּט־דאָקטער.

ווי נאָר איך וועל אריבערטרעטן די שוועל פון דעם פּראָפעסאָרס הויז, גיב איך אָפּ שאָלעם און בעט מיר דערציילן וועגן זײַנע נײַסטע ארבעטן און דעריקער וועגן זײַן פּערזענלעכער באַקאַנטשאַפט מיט דעם געניאַלן וועלט־בארימטן פיזיקער.

מיט אַט די געדאנקען בין איך אָנגעקומען צו דער גאס זשעמטשושינא, וווּ דער אקאַדעמיקער לעבט. עס האָט נאָענט געדוישט א שטילער וואַלד. בארג־אראָפּ איז געווען אויסגעטראָטן א סטעזשקע צום יאַם.

און פּלוצעם, אין אַט דער אָף אַלע צווײַגן הענגענדיקער שטילקײַט, באַווײַזט זיך א מענטש, א באַוועגלעכער, א הויכער, מיט טיפע זייער שיינע אויגן. זײַן קאָפּ איז באַזילבערט.

— צו מיר? — האָט ער גוטמוטיק א שמייכל געטאָן.

— צו אײַך, אויב איר דערווידערט ניט און וועט מיר שענקען א פופצן־צוואַנציק מינוט פון אײַער צײַט־ביודזשעט... מע קאָן, — האָב איך צוגעגעבן, — פירן אונדזער געשפּרעך אפילע אַט־דאָ, אין וואַלד.

— פאַרוואָס אין וואַלד?

ער האָט א קלונג געטאָן מיט א היפּש בינטל שליסלען.

אין עטלעכע מינוט ארום איז שוין דער פּראָפעסאָר יורי באַריסאָוויטש רומער געזעסן אָפן דיל בא זײַנע ביכער־שאַפעס און געזוכט פאַר מיר עפּעס אן „אנטיקל". א מענטש, וואָס האָט הינטער זײַנע פּלייצעס בא דרײַסיק יאָר וויסנשאַפטלעכע ארבעט, אזא מענטש האָט וואָס צו באַווײַזן. נאָר געזוכט האָט דער געלערנטער פאַר מיר עפּעס מער פאַרשטענדלעכס. דעהײַנע, א פּאָפּולער בוך וועגן אַלבערט איינשטיינס רעליאַטיוויטעט־טעאָריע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן צו־זאַמען מיט דעם אקאַדעמיקער לאַנדאו.

— אַט האָט איר אײַך מײַן מאַטאָנע פאַר אײַער קומען צו מיר אין אזא ווײַטעניש... — פּראָפעסאָר רומער האָט מיר אונטערגעשריבן דאָס בוך, וואָס איז דערשינען אין מאָסקווע אין א מאַסן־טיראַזש, און איינצײַטיק מיר באַווויזן דעם זעלבן בוך אָף איווריט. דאָס בוך איז דערשינען אין איינעם פון די יִיסראָעל־פאַרלאַגן. פּראָפעסאָר רומער באַהערשט פרײַ איווריט, איז ער מיר צוהילף געקומען באַם לייענען דעם ארײַנפיר צו זײַן בוך.

— אונדזער מאַמע־לאָשן קען איך פיל בעסער.

איך האָב זיך עס איבערצײַגט, ווען איך האָב איבערגעלייענט דעם פּראָפעסאָר רומער איינע פון מײַנע יִדישע לידער.

אונדזער געשפּרעך האָט זיך פאַרצויגן מער, ווי אָף פופצן־צוואַנציק מינוט. ס'איז מיר שווער אָנטאָן זיך אליין דאָס גאָלדענע שלעסעלע פון שווײַגן. פון איין זײַט, האָב איך שטאַרק געוואָלט הערן, וואָס עס וועט מיר דערציילן דער געלערנטער, פון דער צווייטער זײַט, האָבן פון מיר א שפאַר געטאָן פראַגן.

וועגן זיך און זײַנע וויסנשאַפטלעכע ארבעטן האָט דער פּראָפעסאָר קימאַט גאָרנישט ניט דערציילט. דערפאַר אָבער האָט ער באַגײַסטערט גערעדט וועגן א יונגן פיזיקער, זײַנעם א דער־צויגלינג, וואָלערי לעאָנידאָוויטש פּאָקראָווסקי, וואָס איז אַלט אינגאַנצן 34 יאָר און האָט שוין א סאַך ערנסטע ארבעטן.

יורי באַריסאָוויטש האָט דערציילט וועגן זײַן ערשטער באַגעגעניש מיט אַלבערט איינשטיי־נען אָף דער האַבערלענד־שטראַסע אין בערלין, וועגן זײַן ארבעטס־צימער מיט דער נידעריקער סטעליע. דער גאָון אַלבערט איינשטיין האָט אנדערש ארבעטן ניט געקאָנט, אויב ער האָט מיט דער האַנט ניט אָנגעטאַפּט די סטעליע. דער געדאַנק איז געווען ווײַט אין די פאַרהוילענע פון מענטשנס אויגן אומענדלעכע רוימען, נאָר זײַן האַנט האָט געמוזט אָנטאַפּן די סטעליע...

מיר האָבן גערעדט וועגן דעם גרויסן דענקערס שטעלונג צו פאַשיזם און מילכאָמע.

אַלבערט איינשטיין האָט זיך אַמאָל א כאַכמע געטאָן, אז ער וואָלט געקענט זײַן „א רעבע אין סיביר". געוויס יאָ. דאָ, אין סיביר, האָט דער געניאַלער פיזיקער א סאַך טאַלמידים.

ס'פאַלט צו די נאַכט. איינ־געהילטע אין אָוונטיקע שאָטנס, זיצן מיר איינער קעגן אנדערן אין ווייכע פאַטעלן. דער פּראָ־פעסאָר איז געוויס מיד און לייגט פאָר מיר א צווייטע, מער ברייטע באַגעגעניש. מיר איז שוין אויך צײַט אַנטאָן דאָס גאָלדענע שלעסעלע פון שווײַגן.



ניקאָלײַ באַבאַשין

# קאַרגע הונדערט

איטקינד? דאָס איז איינער פון די מערקווירדיקסטע קינסטלער, וועלכע איך קען.

ס. ט. קאָניאָנקאָוו, יול 1965.



יך גיי איבער די צעגליטע גאסן פון אן אלמא־אטאער פאָרשטאָט. די זון סארפעט. און איך דריי זיך דאָ ארום שוין א גאנצע שאָ און זוך דאָס הויז, ווו עס וווינט דער קינסטלער. דאָ איז אזא לאבירינט פון געסלעך, אז אפילע די היגע טוישווים קענען זיך ניט פאנאנדערקלײַבן.

...ווי זאָל איך אָנהייבן מײַן געשפרעך מיט אים? וואָס זאָל איך אים פרעגן? איך וועל דאָך ריידן מיט א מענטשן, וואָס איז אלט קארגע הונ־דערט יאָר. איך האָב איבערגעלייענט אלץ, וואָס עס איז אָנגעשריבן וועגן אים, אגעוו אָנגעשריבן איז קנאפּ וואָס. איך האָב געשמועסט מיט צענד־ליקער מענטשן, וואָס קענען אים... און דאָך, פון וואָס זשע וועל איך אָנהייבן?

שוין פארלאָרן די האָפענונג צו געפינען די גאס, פרעג איך בא א פארבײַגייענדיקער פרוי, צי האָט זי ניט געהערט וועגן דעם קינסטלער — ער איז אלט קימאט הונדערט יאָר, לאנגע גראָ־ווע האָר הענגען אראָפּ ביז די אקסלען (אזא פאָטאָגראפיע זײַנע האָב איך געזען).

— דעם זיידן זוכט איר? — דערפרייט זיך די פרוי. — ליילע, אנו, באגלייט דעם כאווער צום זיידן.

א שווארצכיינעוודיק מיידעלע אן אויגורקע נעמט מיך אָן בא דער האנט, און, ארײַנקוקנדיק מיר אין די אויגן, זאָגט זי:

— באדארפט גלײַך זאָגן, ווען איר זוכט. דאָ קענען אים אלע.

ער פאָרעט זיך בא א קלאָץ אין הויף. דער־הערט עמעצנס טריט, קוקט ער זיך אום און דערזעט מיך. ער גייט צו נעענטער און קוקט אף מיר אופמערקזאם. די יאָרן האָבן איבערגעלאָזן אף זײַן פּאָנעם קארבן און טיפע קנייטשן, באזיל־בערט דעם קאָפּ, נאָר ניט אויסגעלאָשן דעם יונגן גלאנץ פון די אויגן. און נאָך דערזע איך די הענט, הענט פון א סקולפּטאָר מיט פילבארע שטארקע פינגער.

פלוצעם גיסט זיך אויס אף זײַן פּאָנעם א ליכטיקער שמייכל. די אָפּגעפרעמדטקײַט און גע־בונדנקײַט פארשווינדט.

סמאָרגאָן גייט כאָדאָראָם.

— איר האָט געהערט? איטשעלע איטקינד האָט זיך אינגאנצן געריכט פון די געדאנקען! קלעפּט פון ליים געצן...

— וואָס דען? א מענטש האָט געהאט סמי־כעס אף ראבאָנעס, זאָגט ער זיך אָפּ פון האק־און־פּאק, ווארפט אוועק א רײַכע קאלע און פאָרט אוועק אין מינסק. און וואָס, מיינט איר, טוט ער דאָרט? ווערט ראָטשילדס א שוטעף? נעכטיקע טעג. א באלמעלאָכע ווערט ער, א פּראָסטער אײַנבינדער.

עמעצער פרוווט ניט דרייסט אַרײַנשטעלן א וואָרט:

— וואָס מאכט איר אים שוין גאָר אָפּ מיט דער האנט... ער האָט דאָרט אויסגעטראכט עפּעס א מאשינעריע, האָט מען איר א נאָמען געגעבן „איטקינדס פּרעס“, און דער באלעבאָס האָט אים באצאָלט זעקס הונדערט רובל. זעקס הונדערט רובל!

— אלעמײַ זאָל איך זאָגן, זעקס הונדערט רובל איז טאקע געלט. אָבער א ראָוו זאָל ווערן א באלמעלאָכע!.. א וויסטע, א פינצטערע כארפּע!

— יִדן, שטילער, אָט גייט א קאָמפּאָנענטש, דער שרײַבער פּערעץ הירשביין. לאָמיר אָקאָרשט פרעגן בא אים, וואָס ער טראכט וועגן דעם פּוישע ייִסראָעל.

דער שרײַבער האָט זיי שווײַגנדיק אויסגעהערט און האָט אוועקגעשפּאנט צו איטקינדס הויז. אין א שאָ ארום, ווען פּערעץ הירשביין איז ארויסגעגאנגען, איז ער געווען נאָך מער, ווי געוויינלעך, פארטראכט. ער האָט דאָס בינטל ייִדן אפילע ניט באמערקט, נאָר ווען ער האָט אופּגעהויבן די אויגן און דערזען זייערע נײַגעריקע בליקן, האָט א ביטערער שמייכל אויסגעקרימט זײַנע ליפּן.

— עט, — האָט ער נאָר א מאך געטאָן מיט דער האנט און איז אוועק ווײַטער. ער האָט פּאָשעט ניט געקאָנט קומען צו זיך פון איבעראשונג. דאָס, וואָס ער האָט דערזען, האָט אים דער־שיטערט. אָף דער פּאָדלאָגע, אָף די שטולן, אומעטום זײַנען געשטאנען אויסגעקלעפּטע פון ליים קעפּ פון מענטשן מיט ווייטעקלעך פארקרימטע און טרויעריקע פּענעמער.

ווען ער האָט געפרעגט באם באָכער, — איטשע איטקינד האָט ער געהייסן, — ווי איז דאָס אים גאָר אײַנגעפאלן נעמען זיך פאר סקולפּטור, האָט יענער נאָך א רעגע שווײַגן געענטפערט:

— געטראכט וועגן דעם האָב איך שוין פון לאנג. דערנאָך האָב איך איבערגעלייענט א בוך וועגן אנטאָקאָלסקין. וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, נעכט בין איך ניט געשלאָפן... און אָט...

אינגיכן האָט פּערעץ הירשביין אָפּגעדרוקט אן ארטיקל וועגן דעם טאלאנטפולן סמאָרגאָ־נער באָכער, וועגן דער פינצטערניש, וואָס רינגלט אים ארום, וועגן דעם, אז א פארשטויסענער און א באשפּיגענער שאפט ער עכטע קונסט־ווערק.

...איבער די סמאָרגאָנער וואַרשטאטן איז ארומגעגאנגען א מענטש — א געשיקטער פון די באלמעלאָכעס. ער האָט באוויזן די צײַטונג מיט הירשביינס ארטיקל, און אין דער פּאטשיילע איז געוואָרן אלץ מער אָפּגעריבענע מאטבייעס, צעקנייטשטע פּאפּירלעך. די סמאָרגאָנער ארבעטער האָבן א גראָשן צו א גראָשן געקליבן געלט, זייער כאווער זאָל זיך קאָנען פאָרן לערנען.

אין ווילנע האָט זיך איטקינד קימאט צוויי יאָר געלערנט אין א קונסט־שול. פון דאָרט האָט ער זיך אוועקגעלאָזט קיין מאָסקווע. מע דארף זיך לערנען, לערנען, לערנען. אין מאָסקווע האָבן אים באקאנטע אוועקגעפירט צום בארימטן פּראָפעסאָר ס. וו. וואָלנוכין. דער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט, אז ווערטער וועגן טאלאנט האָבן בא אים קיין ווערט ניט. זאָל איטקינד באווײַזן וואָס ער קען — זאָל ער מאכן א פיגור פון א פרוי.

אין צוויי כאָדאָשים ארום איז די סקולפּטור געווען פארטיק. דער פּראָפעסאָר איז נישטוי־מעם געוואָרן. אים איז די ארבעט זייער שטארק געפעלן און ער האָט זי באוויזן מאקסים גאָרקין. אזוי איז אין איטקינדס לעבן ארײַן דער דאָזיקער הויכער, עטוואָס סוטולעוואטער מענטש. אינ־גיכן האָבן זיי זיך באפרײַנדעט.

— הער נאָר, — האָט איינמאָל געזאָגט גאָרקי, — דאכט זיך, אז איך ווייס שוין וועגן דיר אלץ. און אָט, וויאזוי האָסטו אָנגעהויבן, פון וואָס? דאָס ווייס איך ניט.

איטקינד האָט זיך פארטראכט, עטלעכע מינוט האָט ער געפּויקט מיט די פינגער איבערן טיש. ווען ער האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, האָט גאָרקי א שמייכל געטאָן:

— איך פיל שוין, איסאַק, דו ווילסט מיר ווײַטער אויסברײַען א מײַסע.

— ניין, — האָט געענטפערט איטקינד, — ניט פּאָשעט א מײַסע, נאָר א מײַסע פון לעבן, פון שטעטלשן לעבן, — האָט ער אין א רעגע ארום צוגעגעבן.

דאָס שטעטל האָט געראַשט: בא די טרעגער האָט זיך באוויזן א מין שימשן־האגיבער. א געוויינלעכער טרעגער האָט קוים מיט צאָרעס אופגעהויבן איין זאק מעל, כאצקל, — אזוי האָט געהייסן דער גוואר, — האָט גענומען צוויי. א הילצערנע קלאָץ האָבן אופגעהויבן צען מענטשן. כאצקל פלעגט זי ארופוואלגערן אָף דער ברייטער פּלייצע און וועקשלעפּן אליין.

געווען איז ער זייער א גוטער, אָבער ניט קיין איבערגעשפּיצטער. ווען צו אים פלעגן צו־לויפן ווײַסעכעווערעניקעס און שרײַען: „כאצקל, נא דיר צוויי קאָפּיקעס! מאך א סוס“, פלעגט ער זיך שטעלן אָף אלע פיר. עפּעס א פארמורזעטער קונדעס פלעגט זיך ארופכאפּן צו אים אָף דער פּלייצע, און כאצקל פלעגט זיך לאָזן טשוואליאָם איבער דער גאס.

פארבײַגייער פלעגן זיך אָפּשטעלן, ווײַזן אָף אים מיט די פינגער, אָפּשפּעטן פון אים. כאצקל האָט זיך אָף זיי ניט אומגעקוקט. און כעוורע ייִנגלעך זײַנען אים נאָכגעגאנגען פוסטריט.

פארדינט האָט ער גוט. ווו אַן אַנדער טרעגער פלעגט באַקומען דריי קאָפּיקעס, פלעגט ער באַקומען זעקס.

אַזוי וואָלט ער מיסטאָמע אָפּגעלעבט אַ לעבן, ביז די שווערע אַרבעט וואָלט איינגעבראָכן אַפילו זיין געזונט.

מאַכט זיך אַ מייסע.

אין שטעטל איז געווען אַ גוויר, פּיניע האָט ער געהייסן. ער האָט געהאַנדלט מיט אייזן, מיט שלעסער, מיט עמערס און טשוועקעס, האָט געהאַט זיין אייגנס אַ צווייסטאָקיקן מויער. אַזעלכע הייזער האָט מען אין סמאַרגאָן געקאָנט אויסציילן אויף די פינגער.

אַלץ האָט דער ייִד געהאַט: געלט, קאָוועד, אַ שטאָט אין מיזרעך. איין צאָרע — די טאָכטער. אַ נאַדן האָט ער געגעבן ברייַנדלען קעיאַד האַמעלעך. און קיין באַלאַנים זי צו נעמען זייַנען ניט געווען. אַפילו די לייַדאַקעס, די יעשיווע־באָכערים, וואָס וואָלטן פאַר געלט כאַסענע געהאַט אַפילו פאַר אַ מאַכשייפע, האָבן וועגן ברייַנדלען הערן ניט געוואָלט. פּיניע האָט זיך אָפּגעגעסן אַ לעבעדיקער. און אַז עס איז שוין געוואָרן גאָר ביטער, איז ער אַוועק צו שלוימען, אַ ייִד אַ קאָפּצן, כאָטש איינגעטונקט אין יִיכעס. שלוימע אַליין איז געווען שטומפּיק אויף דער איווערע, דעריבער איז ער געוואָרן אַ באַלמעלאָכע — באַ לעדער געאַרבעט. נאָר אַ כאָכעם איז שלוימע געווען איינער אין דער וועלט. אַז ער פלעגט געבן אַן אייצע, איז דאָס געווען אַזוינס־ווי־אַזעלכס.

האַקיצער, פּיניע איז אַוועק צו שלוימען. יענער איז געזעסן באַ זיין מעלאָכע און זיך געפּאָרעט מיט אַ שטיקל שוורע.

אין שטוב האָט פון די פעלן, וואָס זייַנען געווען אָנגעוואַלגערט אין ווינקל, געאָוועדט מיט נאַסע האָר און מיט הינטישע האַשטאָנע.



פּיניע, אַז ער איז אַרופגעטראָטן אויף דער שוועל, האָט אים פאַרשלאָגן דעם אָטעם, אַזאַ איפּעש איז דאָ געווען. נאָר קיין ברייַרע האָט ער ניט געהאַט, איז ער אַרייַן אין צימער. שלוימע האָט אים שווייַגנדיק צוגערוקט אַ טאַבורעטל. ס׳הייסט, זייַט מויכל, רעב פּיניע, זעצט זיך צו. פּיניע האָט זיך אַנידערגעזעצט און זיך צעקרעכצעט, אַלץ געוואַרט, שלוימע זאָל אים עפּעס פרעגן. נאָר יענער האָט געשוויגן, אָנגענומען אַ מויל מיט וואַסער און געקנאָטן מיט די אָדערדיקע הענט דעם שטיק לעדער.

איז מען געזעסן שווייַגנדיק.

— ביטער, האַ, פּיניע? — האָט ניט אויסגעהאַלטן שלוימע.

פּיניע האָט פון אומגעריכטקייַט אַזש אַ ציטער געטאָן. עטלעכע רעגעס האָט מען זיך אָנגעקוקט שווייַגנדיק. באַ שלוימען אין די אויגן האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ מאַמזעריש פייַערל.

— וואָס כידעשט איר זיך אַזוי, רעב פּיניע? איך בין ניט קיין נאָווי און ניט קיין נאַר. וואָס איז אָבער דער מער, — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיטן גראָבן פינגער, — וואָס אַ ייִד אַ גוויר איז געקומען צו שלוימען? עס שטינקט דאָ, האָט מיר קיין פאַריבל ניט, און אַ בלאָטע איז ביזן האַלדז. אויב באַ אַזאַ מענטש, ווי איר, רעב פּיניע, ברענט ניט, וועט ער לאָזן רופן שלוימען צו זיך.

און אויב איר זײַט מאטריִעך געווען אײַער קאָוועד און זײַט געקומען אַליין, הייסט עס, אַז עס ברענט.

און ווידער איז געוואָרן שטיל בא שלוימען אין כיידערל, פיניע האָט געשוויגן, געוואַרט, וואָס נאָך וועט שלוימע זאָגן. נאָר יענער האָט געקנאָטן די פעל מיט די ביינערדיקע פינגער און געשוויגן.

פיניע האָט זיך גענומען שאָקלען, ווי איבער א הייליקן סייפער.

— אוי, ווי איז מיר, אוי, ווי איז מיר. די צאָרעס האָב איך געבראַכט אהער. אַלץ האָב איך, עס פעלט מיר נאָר פויגל־מילך. איז אזא אומגליק אף מײַן קאָפּ — ברײַנדל. אַלעמײַ זאָל איך זאָגן, זי איז טאקע מיִעס און קליין. כ'ווייס. נאָר ס'איז דאָך מײַן קינד, מײַן אויג אין קאָפּ. און כ'וויל נאָך דערלעבן אן אייניקל אויך, — ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט דער ברוסט אינעם טיש און א שלעפּ געטאָן די פעל בא שלוימען פון די הענט. — א מענטש לעבט דאָך ניט אייביק, הא, שלוימע? וועמען וועל איך אַלץ איבערלאָזן? דו ווייסט, וואָס פאר א נאדן איך גיב. און קיין באַלאַנים זײַנען ניטאָ. אפילע דער שלימאזל מענדל, דער בוכהאַלטער בא מיר פון קאָנטאָר, קענסט אים, ער וווינט איצט בא איטקינדן, האָט זיך אויסגעלאַכט, ווען איך האָב אים געגעבן אָנצוהערן. הײַנט קאָנסטו שוין פארשטיין, ווי ס'איז מיר ביטער אפן הארצן. איך עס ניט און שלאָף ניט. דער רעבע ווייסט נאָר איין אייצע: בעט באם ריבוינעשעלוילעם, ער זאָל דיר העלפן... בעט איך, נאָר דער ריבוינעשעלוילעם קאָן מיר, ווײַזט אויס, ניט העלפן.

— און שלוימע קאָן, — האָט אים איבערגעשלאָגן שלוימע, און דאָס מאמזערישע שמייכעלע האָט שוין געשפּילט ניט נאָר אין זײַנע אויגן, נאָר האָט שוין אויסגעבויגן אויך די ווינקלען פון זײַן מויל.

פיניען האָט אזש גענומען וואָרגן. ער האָט זיך פּאָרזיכטיק צוגערוקט צו שלוימען און מיטן גאנצן קערפּער, מיט יעדער אייוועך געבעטן זיך ראַכמים: „נו, זאָג שוין“.

— כאצקל, — האָט הויך א שניט געטאָן שלוימע.

פיניע איז א רעגע געזעסן אָפּהענטיק.

— כ־א־צ־ק־ל? — האָט ער אויסגעשטאמלט אָס בא אָס. — מאכסט כויזעק? איך בין שוין אזוי אויך א געשטראָפטער.

— כאצקל, — האָט איבערגעכאזערט שלוימע.

— ער איז דאָך ניט בא די געדאנקען. די שטעטלשע יינגלעך פאָרן אף אים רײַטנדיק.

— ניין, ער איז ניט קיין מעשוגענער. ער איז א פּראָסטער כײַוועקײַעם.

אין א וואָך ארום האָט איבערן שטעטל געשפּאַנט א פּאָר פּאָלק: כאצקל, גרויס ווי אויג־מעלעך־האבאָשן, אײַנגעשפּאַנט אין א ווײַסן אָנגעקראַכמאַלעטן העמד מיט א שטײַף קעלנערל, און ברײַנדל, וואָס האָט אים געגרייכט ניט מער, ווי ביז די קני.

יינגלעך — ווײַסעכעוורעניקעס זײַנען נאָכגעלאָפן דאָס פּאָרל און געשריִען:

— כאצקל, נא דיר א קאָפּיקע און מאך א סוס!

דער מעגושעמדיקער, גרויסער כאצקל האָט געווישט דעם שווייס פון שטערן און הילפלאָז געשמייכלט. בא ברײַנדלען אין די אויגן זײַנען געשטאנען טרערן...

איטשע איטקינד האָט ווײַטער דערציילט:

— איך האָב זיי לאנג נאָכגעקוקט און כ'ווייס אליין ניט, וואָס האָט זיך מיר מער געוואָלט — לאַכן אָדער וויינען. אין אָוונט בין איך געזעסן באם קאנעצל, געטראַכט, געמויעכט, געקנאָטן די ליים. צו־זיך בין איך געקומען ערשט דעמלט, ווען איך האָב דערזען שטיין אפן טיש ברײַנדלען און כאצקלען. דו ווייסט, מאקסים, איך האָב זיך דערשראָקן, אופגעשפּרונגען, גענומען שרײַען, אומגעוואָרפן דעם קאנעץ. מיסטאמע, פון דעמלט אָן איז אוועק דער קלאַנג: איטשע איז אראָפּ פון זינען. און מײַן ערשטע עמעסע ארבעט, אָט איז זי. — איטקינד האָט אָנגעוויזן אין ווינקל, וווּ ס'איז געשטאנען א קאָפּ פון א זאָקן.

גאָרקי איז צוגעגאנגען צו דער סקולפּטור, לאנג געקוקט אף איר און דערנאָך געפרעגט:

— שלוימע?

— ער! — האָט זיך דערפרייט איטקינד. — אויסגעגאנגען, נעבעך, פון הונגער. דאָס ווײַב איז געשטאָרבן. דעם זון האָט מען אופגעהאנגען. א סאָציִאַליסט געווען. און ער האָט שוין ארבעטן ניט געקאָנט, געגאנגען איבער די הײַזער. א גאָלדענער מענטש געווען, א כאָכעם.

לאנג האָט מען געשוויגן. גאָרקי איז נאָכאמאָל צוגעגאנגען צו דער סקולפּטור, א שווערן זיפץ געטאָן:

— וויפל טײַערע, זעלטענע מענטשן עס הארגעט אוועק אונדזער פארשאָלטן לעבן...

איטקינד האָט זיך אָפּט אָפּגעזאָגט פון הילף, ביז גאָרקי איז איינמאָל אין קאס געוואָרן:

— הער, איסאַק, וואַרף אַוועק די שטיק. מיר האָט מען געהאָלפן, פיאָדאָרן[1] האָט מען אויך געהאָלפן.

און אין הילף האָט זיך איטקינד גענייטיקט. אַ סטודענט איז ער טאַקע געוואָרן. נאָר קיין „וויד נאַ זשיטעלסטוואָ"[2] ניט געהאַט. נאָך זעקס אַזייגער אין אָוונט האָט יעדער פּאָליציאַנט געקאָנט אים אַרעסטירן און אַרויסשיקן מיטן עטאַפּ. איטקינד האָט אַרומגעוואָגלט, ווו געטאָגט, דאָרט ניט גענעכטיקט.

גאָרקי האָט וועגן אים ניט פאַרגעסן. ער האָט צונויפגענומען אַ גרופּע כאַשעווע מענטשן, צווישן זיי זײַנען געווען שרײַבער, אַרטיסטן, אַדוואָקאַטן, און איז אַוועק צום מאָסקווער גובערנאַטאָר. ער האָט דערציילט, ווי טאַלענטירט דער סקולפּטאָר איז, ווי נייטיק עס איז, ער זאָל האָבן אַ מעגלעכקײַט רויִק לערנען. דער גובערנאַטאָר האָט הערן ניט געוואָלט.

ווען עס איז אויסגעבראָכן דער ערשטער וועלט־קריג, האָט מען דעם קינסטלער מאָביליזירט. באַטאָג האָט ער געאַרבעט אַלס שלאָסער, באַנאַכט געקלעפּט. זײַנע ווערק זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן אויף די אויסשטעלונגען פון דעם פאַרבאַנד פון רוסישע קינסטלער. די קריטיק האָט געשריבן וועגן אים אַ סאַך און גוט. מעווינים האָבן געקויפט זײַנע סקולפּטורן. נאָך איינער אַן אויסשטעלונג האָט מען אים אין 1917 אָנגענומען אַלס מיטגליד אין פאַרבאַנד פון די רוסישע קינסטלער. דאָס איז געווען אַ גרויסער קאָוועד. אין דער פאַרוואַלטונג פון פאַרבאַנד זײַנען געווען אַזעלכע גרויסע מײַסטערס, ווי רעפּין און סעראָוו.

די רעוואָליוציע האָט איטקינד באַגעגנט מיט פרייד. ער האָט געשאַפן סקולפּטור־פּאָרטרעטן פון מאַרקס, ענגעלס, לענין, לאַסאַל.

אין 1918 האָבן גאָרקי און מוראַמצעוו אָרגאַניזירט זײַנע אַן אויסשטעלונג, ווו עס זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן צוויי און פערציק סקולפּטורן — דער סאַכאַקל פון אַ סאַך יאָרן אַרבעט.

די אויסשטעלונג האָט באַזוכט דער ברודער פונעם דעמאָלטיקן אַמעריקאַנער פּרעזידענט טעאָדאָר רוזוועלט. ער איז געווען ניספּאָעל פון דעם, וואָס ער האָט געזען, האָט געקויפט איין אַרבעט. דעם קינסטלער האָט ער פאָרגעלייגט:

— פאָרט אַוועק קיין אַמעריקע. איר זײַט אַן אויסערגעוויינלעך טאַלענטירטער מענטש. בא אונדז וועט איר ווערן אַ מיליאָנער...

— ניין, איך קאָן ניט.

— אַ סאַך קינסטלער זײַנען דאָך שוין אַוועקגעפאָרן צו אונדז. אין רוסלאַנד איז איצט הונגער, כורבן...

— זעט איר, — האָט געענטפערט איטקינד, — יענע קינסטלער זײַנען עפשער באַם צאַריזם אויך געווען מענטשן. און איך בין דעמאָלט געווען אַ מענטש בלויז ביז זעקס אַזייגער אין אָוונט. איז ווי קען איך איצט, ווען רוסלאַנד איז געוואָרן אַ פרײַ לאַנד, אַוועקפאָרן? ניין, טויזנט מאָל ניין.

איינמאָל האָט איטקינד דערהערט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין דער טיר פון זײַן אַטעליע. עס איז אַרײַן אַ הויכער מענטש. ניט אַרומקוקנדיק זיך אויפן באַלעבאָס, האָט ער אַרומגעשפּאַנט איבער דער אַטעליע, אויפמערקזאַם באַטראַכטנדיק די סקולפּטורן. דערנאָך האָט ער דערלאַנגט די האַנט דעם איבעראַשטן קינסטלער.

— נו, לאָמיר זײַן באַקאַנט. אַ סאַך געהערט וועגן אײַך. מאַיאַקאָווסקי. — ער האָט נאָכאַמאָל באַטראַכט די אַטעליע און מיט אַן אומגעריכטער ווארעמקײַט אין דער שטים פאָרגעלייגט: — ווייסט איר גאָר וואָס, קומט צו גיין הײַנט אויפן אָוונט פון די פוטוריסטן, יעסענין וועט אויך קומען. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז באַקאַנט מיט אײַך.

דער זאַל איז געווען פול, ווי אַן אויג. אויפן גאַס האָבן זיך אַרומגעדרייט שלימעזאַלניקעס, וועמען עס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו קריגן בילעטן. איטקינד האָט אַ שטיקל צײַט זיך געטוישעט לעבן דער קאַסע. נעכטיקע טעג. פּלוצעם האָט ער דערפילט אַ שווערע האַנט אויפן אַקסל:

— איר זײַט, פונדעסטוועגן, געקומען? — אַ קלאַפּ מיטן הענטל פון שטעקן איבערן פענצטערל פון דער קאַסע. — ביטע, אַ קאָנטראַמאַרקע פאַר מײַן פרײַנט.

— וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש, ניטאָ קיין קאָנטראַמאַרקעס.

— נו, וועט ער דורכגיין מיט מיר. לאָמיר גיין, איטאָטשקע. — ער האָט אָנגענומען דעם סקולפּטאָר אונטער דער האַנט און זיך דורכגעשטופּט דורכן עולם צו דער בינע.

אין אַ סאַך יאָרן אַרום וועט איטקינד זיך דערמאָנען: „דער ערשטער אײַנדרוק — אַ מעשוגאָיִם־הויז. מענטשן שרײַען, קריכן אויף די טישן. יעדן אָראַטאָר באַגעגנט מען מיט דונערנדיקע

[1] פיאָדאָר שאַליאַפּין — אַ באַרימטער רוסישער זינגער.

[2] אין צאַרישן רוסלאַנד האָבן די ייִדן געמעגט לעבן נאָר אין טכום־האַמוישעוו. צו לעבן אין אַ שטאָט אויסער די גרענעצן פון טכום האָט מען געדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש.

אפּלאָדיסמענטן. אף דער סצענע — די פוטוריסטישע פּניי — דאַוויד בורלאַק, וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי, וואַסילי קאַמענסקי.

איבער דער סצענע שפּאַצירט אַרום מײַנער אַ גוטער באַקאַנטער — דער סקולפּטאָר ליוּשיץ, באַ זיך אין דער היים איז דאָס זייער אַ באַשיידענער, ליבער מענטש, אַ טאַטע פון צוויי קינדער, און איצט איז ער אָנגעטאָן אין אַ געשטרײַפטן אויבער־העמד פון עפּעס אַ מיסמעשונע־קאָליר, לייענט פאַר אַזעלכע לידער און זאָגט אַרויס אַזעלכע סענטענצן, אַז דאַמעס ציטערן אויף און יונגע מיידלעך וואַרפן זיך צום אַרויסגאַנג. צו מיר האָט זיך דורכגעשטופּט יעסענין, ער בליאַסקעט גנייוויש מיט די אויגן און ווינקט אפן אָראַטאָר, ווי איינער רעדט: „געהערט אַזוינס?" פּלוצעם הער איך מאַיאַקאָווסקיס שטים:

— צווישן אונדז געפינט זיך דער סקולפּטאָר איטקינד. אינטערעסאַנט, וואָס ער טראַכט וועגן פוטוריזם.

עטלעכע הענט כאַפּן מיך אונטער און שטופּן אַרויס אף דער בינע. און מאַיאַקאָווסקי באַרויִקט דעם עולם:

— ער רעדט שלעכט רוסיש. זאָל זײַן שטיל.

— איך וועל דערציילן אַ געשיכטע פונעם טאַלמוד.

דער זאַל קײַכט פון געלעכטער. און ווידער מאַיאַקאָווסקיס שטים:

— פוטוריזם און טאַלמוד. דאָס קאָן זײַן אינטערעסאַנט.

— איינמאָל איז אַ גרײַז־גראָוער כאַכעם געגאַנגען מיט אַ קינד איבער אַ מאַרק אין אַ גרויסער שטאָט. דאָס איז געווען מיט אַ סאַך יאָרהונדערטער צוריק. איינער פון די הענדלער האָט געשריִען, געפּילדערט:

— פאַרשטונקען פלייש. דאָס סאַמע פאַרשטונקענע פלייש. צען גראָשן.

אַרום אים איז געשטאַנען אַ געדיכטער עולם.

און דערנעבן האָט אַ שטילע איבערגעשראָקענע שטים זיך געבעטן:

— פריש פלייש — צוויי גראָשן.

אָבער קיינער האָט זיך אַפילו ניט אומגעקוקט.

דעמלט האָט דאָס קינד געפרעגט:

— וואָס איז דער סייכל פון נעמען פאַרשטונקען פלייש צו צען גראָשן, אַז מע קאָן נעמען פריש צו צוויי?

דער כאַכעם האָט אַ שמייכל געטאָן:

— פאַרשטייסט, זון מײַנער, איצט איז אַ מאָדע אף פאַרשטונקען פלייש...

און איר אַלע דאָ שרײַט דאָך אויך: דערלאַנגט אונדז פאַרשטונקען פלייש, דערלאַנגט...

זיי האָבן מיר אַפּלאָדירט פונקט אַזוי שטורמיש, ווי אַלע איבעריקע רעדנער.

אפן טיש איז אַרופגעקראָכן יעסענין.

— איך ווייס ניט, צי איז אַזוינס פאַראַן אין טאַלמוד. נאָר אויב איר, איסאַק, האָט עס אויס־געטראַכט, איז דאָס אויך אַ שיינע מײַסע"...

זיי פלעגן אָפט קומען צום קינסטלער אין אַטעליע, מאַיאַקאָווסקי און יעסענין. עס האָט זיי געצויגן די אויסטערלישקײַט, אומגעוויינלעכקײַט פון דעם סקולפּטאָרס אַרבעטן. יעסענין פלעגט געוויינלעך זיך זעצן אין אַ ווינקל און פלעגט לאַנג קוקן אף אַ וועלכער־ניט־איז סקולפּטור. האַיאָר ווערט פערציק יאָר זינט עס איז געשטאָרבן דער גרויסער דיכטער. דערמאָנענדיק זיך אין זײַנע באַגעגענישן מיט אים, דערציילט איטקינד:

— אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער איז אַ פּאָעט. און ער איז געווען אַ כאַכעם. עס האָט מיך אַלעמאָל געכידעשט, ווי קומט צום דאָזיקן יינגל אַזאַ פּאָעטישע קראַפט.

אין 1927 באַזעצט זיך איטקינד אין לענינגראַד. דאָס זײַנען געווען שווערע יאָרן פאַרן קינסטלער.

אַמאָל פלעגט אים אַרומכאַפּן אַ מאָרעשכוירע. דאָס איז געווען דעמלט, ווען עס פלעגט זיך אויסלאָזן ליים און גיפּס.

קלאָגן זיך אף דעם, אַז מענטשן האָבן אים פאַרגעסן, האָט ער ניט געקאָנט. פון אינדערפרי ביז באַנאַכט פלעגן זיך באַ אים אין אַטעליע טומלען מענטשן. ווען כאָטש איינער פון זיי וואָלט געבראַכט אַ שײַט האָלץ, וואָלט געווען פון וואָס אויסצושניצן נאָך אַ מאַסקע. און מענטשן האָבן געקירעט וועגן זײַנע אַרבעטן, געוואָלט דערווײַזן, אַז ער איז אַ גאוניאַלער קינסטלער. ער האָט טרויעריק געשמייכלט. צו וואָס דאַרף ער דאָס שילדל פון אַ גאוני. אָט אַ שיסל גיפּס, דאָס איז גאָר אַן אַנדער זאַך.

אף ברויט האָט ער באַ קיינעם ניט געבעטן, כאָטש עסן האָט זיך אַן אַנדערש מאָל געוואָלט

ניט ווייניקער, ווי ארבעטן. און דאָך, צו א האַלב הונגעריק לעבן האָט ער זיך געקאָנט צוגעוווי־נען, נאָר זיצן אָן ארבעט — דאָס ניט.

וועגן האַלץ האָט איטקינד בלויז געטרוימט. אין די נעכט פלעגן זיך אים כאַלעמען קנאָכיקע, זאפטיקע קלעצלעך, פון וועלכע ער האָט געשניצט פענעמער און פיגורן. נאָר קויפן האַלץ האָט ער ניט געקאָנט, עס האָט געקאָסט טײַער, קאַטאַסטראָפאַל טײַער.

גוטע פרײַנט האָבן געקראָגן פאר אים מאַטעריאַל, ווו זיי האָבן נאָר געקענט. אַנומלטן האָט ליבעדינסקי¹, שווער אָטעמענדיק, געבראַכט צו שלעפּן א האַלבן זאַק גיפּס. שווייס איז גערונען איבער זײַן גרויס פּאָנעם. ער האָט מיט קלוימערשטן קאַס געטײַנעט:

— הערסט, איסאַק, וואָס כ'וועל דיר זאָגן, פונדעסטוועגן בין איך א סאָלידער מענטש און איך לויף ארום איבער דער שטאָט, ווי א מעשוגענער. איך ווייס אַליין ניט, וויאַזוי האָב איך דערבײ־וועט דעם דאָזיקן אויצער. דאַרף איך נאָך שלעפּן אַזא מאַסע אַפן פינפטן שטאָק. קוק ניט מיט אַזעלכע הונגעריקע אויגן אַפן זאַק. זאָג מיר בעסער, אַף ווי לאַנג וועט דאָס דיר קלעקן?

— צוויי קעפּ, דאָס הייסט דרײַ מעסלעס.

ליבעדינסקי לאָזט זיך אָנמאַכט אראָפּ אַף א שטול און פּרוּווט אײַנריידן איטקינדן:

— איסאַק, דו מוזט זיך אָפּרוען.

— אָפּרוען הייסט עסן צו זאַט, און איך קאָן זיך אַזא לוקסוס ניט דערלויבן, — איטקינד האָט שוין אויסגעשאָטן דעם גיפּס אין א מולטער און צעדריבלט אים.

ליבעדינסקי זיצט, די אויגן — פאַרהויבן צו דער סטעליע, פּונקט ווי ער וואָלט דאָרט זוכן ווערטער, וואָס זאָלן א ביסל אָפּווענדן איטקינדן פון דער ארבעט.

— דו ווייסט, אַז דו גייסט איבערן גאַס, קוקן דיר פרויען נאָך?

— איך פאַרשטיי, ניט דערפאַר, ווײַל איך בין אַזא שיינער, נאָר דערפאַר, ווײַל איך בין אַזא אָפּגעריסענער. אין יעדן פרויען־הארץ איז פאַראַן ראַכמאָנעס און צערטלעכקײַט. זיי קוקן אַף מיר צערטלעך, מיט ראַכמאָנעס און זאָרג. און איך קום אהער און קלעפּ זייערע וווּנדער־שיינע פּענע־מער. — איטקינד האָט שוין פאַרקנאָטן דעם גיפּס. אַף א רעגע הייבט ער אויף דעם קאָפּ און פרעגט: — ס'איז אָן עמעס, אַז מײַן דירע איז ענלעך אַף א סעמאָפאָר?

— וואָס? וואָס?

— מיט עטלעכע טעג צוריק איז דאָ געווען א קאָרעספּאָנדענט, האָט ער געזאָגט — אײַער דירע איז ענלעך אַף א סעמאָפאָר...

— יאָ, דײַן גרוב איז ענלעך אַף וואָס דו ווילסט, נאָר ניט אַף קיין דירע. דער דאָזיקער כעוורעמאַן האָט שוין אָנגעשריבן אַן ארטיקל וועגן דעם, א קלוג ארטיקל...

— עט, ווען מע ברענגט מיר אָנשטאָט ארטיקלען האַלץ...

— האַלץ און ליים וואַלגערן זיך ניט אין די גאַסן. — ליבעדינסקי טוט א שמייכל. — ווייסט, איך האָב זיך שוין אַזוי אָנגעשטעקט מיט דײַנע אינטערעסן, אַז איך קוק מיט סינע אַף די מענטשן, וואָס שטופּן קלעצער אין אויוון ארײַן. איך וואָלט זיי געהארגעט.

— הארגענען דאַרף מען ניט, נאָר צונעמען מעג מען.

ליבעדינסקי לאַכט. וואָס טוט מען מיט אַזא מעשוגענעם?

אין אָט דער צײַט האָט זיך איטקינד באַקאַנט מיטן אַלטן באָלשעוויק קאָנגעלאַרי. ווען יענער האָט זיך דערוווּסט, אַז דער קינסטלער האָט ניט ווו צו ארבעטן, האָט ער אים פאַרגעלייגט א צימער אין דער געבײַדע פון דער מיליטערישער מעדיצינישער אַקאַדעמיע. קאָנגעלאַרי איז געווען קאָמיסאַר אין דער אַקאַדעמיע.

איינמאָל האָט קאָנגעלאַרי געבראַכט צום קינסטלער א דאַרן, ניט קיין הויכן מענטשן, מיט א שפּיצעכיק בערדל. איטקינד האָט אים גלײַך דערקענט, דאָס איז געווען דער שוין דעמלט וועלט־באַוווּסטער פיזיאָלאָג פּאַוולאָוו. קאָנגעלאַרי האָט געוואָלט, אַז דער סקולפּטאָר זאָל שאַפן פּאַוולאָווס א ביוסט. דאָס איז געווען א שווער שטיקל ארבעט. פּאַוולאָוו איז אָפּגעזעסן רויִק סאַכאַקל דרײַ שאָ און דאָס אויך מיסטאָמע דערפאַר, ווײַל איטקינד האָט אים דערציילט, ווי ער האָט געלערנט אין יעשיווע געמאָרע און שטילערהייט ארײַנגעקוקט אין זויהאַר. דער סעאַנס האָט זיך געענדיקט גאַנץ אומגעריכט. פּאַוולאָוו איז אופגעשטאַנען און געזאָגט:

— ווער דאַרף האָבן מײַן ביוסט? די מענטשהײַט וועט האָבן א סאַך מער נוצן, אויב איך וועל זיך פאַרנעמען מיט וויסנשאַפט און ניט מיט פּלוידערײַ. און וועגן קאַבאַליסטיק האָט איר אַלץ אויסגעטראַכט. ווײַזט מיר די ביכער, אַפן וואָרט גלייב איך ניט.

ער איז געקומען צו איטקינדן אין עטלעכע טעג ארום קלאָר צו מאַכן, ווער פון זיי איז גע־רעכט. דער סקולפּטאָר האָט געבראַכט א סאַך אַלטע ספאָרים, זיי האָבן זיך געגראָבן אין זיי,

---

¹ א באַוווּסטער רוסישער סאָוועטישער שרײַבער.

זיך געשפּאַרט ביז הייזעריק ווערן. און אומבאַמערקט פֿאַרן אַקאַדעמיקער, האָט איטקינד געאַר־בעט איבערן ביוסט.

איינמאָל איז אין אַטעליע צוזאַמען מיט פּאַוולאָוון געקומען אַ ברייטפּלייציקער, געזעצטער מענטש מיט אַ פֿריינטלעך שמייכלענדיק פּנים און גוטע, וווּנדערלעך־גוטע גרויסע אויגן — דאָס איז געווען סערגיי מיראָנאָוויטש קיראָוו, דער אָנפֿירער פֿון די לענינגראַדער באָלשעוויקעס. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט אַלץ: ווי לעבט דער קינסטלער, וואָס פֿעלט אים, ער זאָל קאָנען רויִק אַרבעטן, צי פֿאַרקויפֿן זיך זיינע סקולפּטורן. באַזונדערס לאַנג איז סערגיי מיראָנאָוויטש געשטאַנען לעבן דער סקולפּטור „וווּהין" — עס שטייט אַן אַלטער ייִד מיט אַראָפּגעלאָזטע און פּוסטע אויגן. ס'איז נאָך אַ פּאָגראָם, און ער איז אינגאַנצן דערשלאָגן, דערקוועטשט פֿון דעם אומרעכט, וואָס ס'איז קעגן אים באַגאַנגען געוואָרן.

— יאָ, — האָט געזאָגט קיראָוו, — אַ שרעק, נאָר מע דאַרף אַזוינס ווייַזן. זאָל קיינער ניט פֿאַרגעסן, וואָס עס איז געווען. ווי איר קענט עס אויסדריקן ווייטעק און צאַר, ניט אומזיסט זאָגט מען דאָך, אַז אייַערע מאַסקעס כאָלעמען זיך וואַכנווייַז, אַז נאָך אייַערע סקולפּטורן איז שווער זיך צו באַרויִקן.

נאָך קיראָווס באַזוך — ער איז געווען בא איטקינדן נאָך עטלעכע מאָל — איז געשאַפֿן געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, אין וועלכער עס זייַנען אַרייַנגעגאַנגען די קינסטלער בראָדסקי און פּעטראָוו־וואָדקין; עטלעכע אַרבעטן איטקינדס האָט געקויפֿט דער רוסישער מוזיי.

...אין דעם קליינעם צימערל, וואָס האָט געהייסן „איטקינדס אַטעליע", איז קיינמאָל ניט געווען פּוסט. עס פֿלעגן קומען מאָלער, שרייַבער, סקולפּטאָרן. אָן אָפּטער גאַסט איז געווען אַלעקסיי טאָלסטאָי. ער האָט ליב געהאַט איטקינדס פֿרייִלעכע שאַרפֿזיניקע דערציילונגען וועגן ראַבאָנים, צאַדיקים, כסידים אוקעדוימע. מיט זיי איז דאָך איטקינד אַמאָל געווען אויסגעבונדן. אַלעקסיי טאָלסטאָי האָט געציצעט אייניקע פֿון זיי פֿאַרשרייַבן. די שרייַבערן ב. יאַפּע האָט זיי איבערזעצט, און אין מיַי־נומער פֿונעם זשורנאַל „זוועזדאַ"[1] איז אין 1934 געווען געדרוקט איטקינדס דער־ציילונג „די פֿליי און דער צאַדיק". דאָס פֿאָרוואָרט האָט אָנגעשריבן אַלעקסיי טאָלסטאָי.

עס פֿלעגן קומען אויך אַנדערע געסט, אין געקעסטלטע מאָדערנע רעקלעך און גלאַנציקע סקריפּענדיקע שיך. דאָס זייַנען געווען אויסלענדישע מעווינים אַף קונסט־ווערק. ווי היישעריקן האָבן זיי זיך אַרומגעטראָגן איבער לענינגראַד, געזוכט צו קויפֿן אוניקאַלע קונסט־ווערק.

אַמעריקאַנער געשעפֿטס־לייַט האָבן געפּרווּט קויפֿן עטלעכע אַרבעטן בא איטקינדן, אָנגע־באָטן גרויס געלט און זייַנען געווען איבעראַשט, ווען דער קינסטלער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. זייַנע פֿרייַנט האָט ער דערקלערט אַזוי:

— אַן אַמעריקאַנער, אַז ער וועט קויפֿן אַ קונסט־ווערק, וועט ער עס פֿאַרשפּאַרן בא זיך אין דער היים און ווייַזן נאָר באַקאַנטע. און איך וויל, אַז מייַנע ווערק זאָל זען דאָס פֿאָלק.

זומער 1934 איז אין לענינגראַדער געגנטלעכן קונסט־הויז געווען אָרגאַניזירט אַן אויסשטעל־לונג, דעמלט האָט עס געהייסן — אוטאָבאַריכט, פֿון איסאַק יאַקאָוולעוויטש איטקינד. די אויסשטעלונג האָט געמאַכט אַ גרויסן רושעם, באַזונדערס וואָרעם האָט מען גערעדט וועגן צווי זייַנע אַרבעטן: „די שפּאַנישע אינקוויזיציע" און „דער ברווינער פּאַקעל".

אָבער גאָר אַ שטאַרקן דערפֿאָלג האָט געהאַט איטקינד אַף דער אויסשטעלונג אין ערמיטאַזש, געווידמעט דעם הונדערטסטן יאָרטאָג פֿון פּושקינס טויט. צווישן די עטלעכע הונדערט עקספּאָ־נירטע אַרבעטן האָט איטקינדס סקולפּטור „דער שטאַרבנדיקער פּושקין" פֿאַרנומען דאָס ערשטע אָרט. ניט וואַרטנדיק, ביז דער קינסטלער וועט די סקולפּטור אויסשניצן פֿון האָלץ (זי איז געווען געמאַכט פֿון וואַקס), האָט זי געקויפֿט דער מוזיי אַף פּושקינס נאָמען. לעבן איר איז שטענדיק געשטאַנען אַן אוילעם מענטשן. דאַכט זיך, וואָס איז דאָ פֿאַראַן אַזוינס. פּאַשעט פּושקינס קאָפּ אַפֿן קישן. די אויגן פֿון דעם גויסעסדיקן פּאָעט זייַנען האַלב פֿאַרמאַכט, פֿון ווייטעק זייַנען צוגעשוואָלן די ליפּן. אַפֿילע אַף דער רעפּראָדוקציע פֿון דער סקולפּטור קאָן מען קוקן שאָענווייַז.

אייניקע האָבן געמיינט, אַז דערמיט איז אויסגעשעפּט די פּושקין־טעמע אין איטקינדס שאַפֿן. נאָר דער קינסטלער איז אוועק ווייַטער.

אין אויגוסט 1965 איז דעם אויטאָר פֿון אָט דער דאָקומענטאַלער דערציילונג געלונגען צו געפֿינען אין לענינגראַדער ליטעראַרישן מוזיי (פּושקינס הויז) אַן אומבאַוווּסטן גאָרעליעף. אַפֿילע איטקינד אַליין האָט קיינמאָל וועגן אים ניט דערציילט. קיינער פֿון די מיטאַרבעטער פֿון מוזיי ווייסט ניט, וויאַזוי די סקולפּטור קומט אַהער.

צוזאַמען מיט דער מיטאַרבעטערן פֿון מוזיי גרודינינע האָב איך זיך אופגעהויבן איבער שטיילע טרעפּ. דער אייַנדרוק, אַז דו געפֿינסט זיך אין אַ מיטלאַלטערלעכן ריטער־שלאָס, לאָזט

[1] „דער שטערן".

דיך די גאַנצע צײַט ניט אָפּ. וואָס איז דער כידעש, די געבײַדע האָט מען אופגעשטעלט נאָך פּאַר פּיאָטער דעם ערשטנס צײַטן. ענדלעך האָבן מיר זיך דערקליבן צו א קליין צימערל. אין ווינקל — א גאָרעליעף. ווען אפן גאָרעליעף וואָלט אפילע ניט געווען איטקינדס אונטערשריפט, אלציינס קאָן מען גלײַך דערקענען — דאָס איז איטקינד.

אין דאלס דערינערונגען וועגן פּושקינען ווערט געזאָגט, אז דער שטאַרבנדיקער פּאָעט האָט זיך קוים אונטערגעהויבן פון בעט און געזאָגט:

— איך וויל זיך זעגענען מיט די ביכער. ביכער מײַנע, איך גיי אוועק.

דער דאָזיקער מאָמענט איז געוויזן אפן גאָרעליעף. פּושקין האָט זיך אונטערגעהויבן, אים האלט אונטער דאל, דעם פּאָעטס לינקע האַנט ציט זיך צו די ביכער־פּאָליצעס, די רעכטע — ליגט מאכטלאָז אף דער קאָלדרע. און, דאכט זיך, אז דו הערסט דעם דיכטערס שטים:

— ביכער מײַנע, איך גיי אוועק!

הינטער דאלן שטייט וויאזעמסקי, די לינקע האַנט — צוגעדריקט צום האַרצן, אין דער רעכטער — א צעקנייטשט טיכעלע.

רעכטס לעבן בעט, באַם צופוסנס, שטייט מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ זשוקאָווסקי.

די גאַנצע קאָמפּאָזיציע אָטעמט מיט טיפן טראַגיזם.

...דער אומגליק איז, ווי קימאַט יעדער אומגליק, געקומען אומגעריכט. דער קינסטלער איז אָן א פּאַרוואָס, אָן א פּאַרווען ארויסגעשיקט געוואָרן אין ווײַטן קאַזאַכסטאַן, אין אקטיובינסק. פון טיפוס איז געשטאָרבן זײַן פרוי, די באַוווסטע לענינגראַדער שרײַבערן מאַריִע כײַפעץ, וואָס איז אים נאָכגעפאָרן. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער קריג.

די מילכאָמע־יאָרן זײַנען פאַרן גאַנצן לאַנד געווען א צײַט פון שווערע ניסיוינעס. וואָס קאָן טאָן דער אלטער זיבן־און־זעכציקיאָריקער קינסטלער, מיט וואָס קאָן ער העלפן דעם לאַנד? איטקינד גיט זיך מיט לײַב־און־לעבן אָפּ דער אַרבעט, ער שאַפט נײַע וווּנדערבאַרע סקולפּטורן: אין 1943 — דעם ביוסט פון אַמאַנגעלדי, אין 1944 — פון אבײַ, פּאָל ראָבסאָן, פונעם העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד באָקרייעוו, פון דזשאַמבולן.

יאָרן גייען. עס דאכט זיך, אז די עלטער האָט קיין שליטע ניט איבערן אלטן סקולפּטאָר. עמעס, פון צײַט צו צײַט לאָזט זיך פילן די זיקנע. א שווער קראַנקער בלײַבט ער ליגן צו בעט. עפּשער שוין אונטערגעבן זיך? ניין! אויב ער קאָן ניט האלטן אין האַנט דאָס מעסער, וועט ער קלעפּן עסקיזן פון פּלאַסטילין. א שווערע אַרבעט. נאָר ער גיט זיך איר אָפּ מיט אקשאָנעס.

און עס באַווײַזן זיך, איינער נאָכן אנדערן, סקולפּטור־פּאָרטרעטן: א קאָלווירטניצע, אן אלטער אַרבעטער, סטודענטן, שילער.

צו זײַן אכציקיאָריקן יובילײ שטעלט ער ארויס איינע פון זײַנע בעסטע אַרבעטן — „דער פילאָסאָף“. רויִק איז דאָס פּאָנעם פונעם אלטן קאַזאַך, די כוואַליעדיקע באָרד פאַרדעקט די ברוסט. דער קינסטלער האָט דאָ זייער געלונגען ארויסגענוצט די פאַקטור פון האָלץ.

אף דער יובילײ־אויסשטעלונג „40 יאָר קאַזאַכסטאַן“ האָט דער סקולפּטאָר ארויסגעשטעלט א סאַך נײַע אַרבעטן: „פּאַדייעווס ביוסט“, „דאָס געזאַנג“, „פּאַגאַניני“ און אנד.

„פּאַגאַניני“ האָט איבעראַשט מיט איר אייגנאַרטיקײַט. דאכט זיך, אז ערשט נאָרוואָס האָט דער גרויסער פידלער געענדיקט שפּילן. ער איז נאָך אינגאַנצן אונטערן אײַנפלוס פון דער מוזיק. די ברעמען זײַנען טראַגיש פאַרבראָכן. דער בליק — געווענדט אין דער ווײַט, די פינגער — צעווייפגעדרייט. די קאָמפּאָזיציע איז קאָמפּליצירט, ווי פּאַגאַניניס מוזיק.

און אָט איז די סקולפּטור „דער מענטש און דער פויגל“. פול מיט אינערלעכער רו איז דאָס פּאָנעם פון דער פרוי, און אף א צווײַג איבער איר קאָפּ — א פויגל — דער סימבאָל פון גליק.

בא איטקינדן אין צימערל שטייט זײַן לעצטע אַרבעט „סיקייראָס“.

סיקייראָס — דער מעקסיקאַנישער קינסטלער, דער קאָמוניסט, וואָס האָט לאַנגע יאָרן געשמאַכט אין טפּיסע, ברעכט אוף די גראַטעס און רײַסט זיך ארויס אף דער פרײַ.

אזוי, באַזיגנדיק די יאָרן, די זיקנע, די קראַנקײַטן, אלע מעניִעס, שאַפט דער אלטער קינסטלער אלץ נײַע וווּנדערלעכע ווערק.



...ער פירט מיך ארום איבערן הויף, וואָס איז פאַרוואַלגערט מיט טויטע שטיקער האָלץ, וועלכע וועלן אין א צײַט ארום באַקומען א נײַעם טיקן. דער אלטער מײַסטער וועט זיך צורירן צו זיי מיט זײַנע צויבער־פינגער, און עס וועלן געבוירן ווערן וווּנדערלעכע קונסט־ווערק.

ייִדיש — ב. קאָטיק.

אלעקסאנדער גוביניצקי

# סטעפּעס בלִיִען





ס'איז געווען יענער שיינער פרימאָרגן, ווען די זון שמייכלט פארשלאָפן, און וואלד איז נאָך טונקל, דער פארנאכטיקער שאָטן, וואָס האָט נעכטן די ביימער ארומגעוויקלט, ליגט אין טיפן דרעמל.

איך פאָר קיין מיטל־אזיע. צי ווילן יאָ די וואגאָנעס לויפן צום „הונגעריקן סטעפּ“[1], צי ניט, נאָר צוויי לאָקאָמאָטיוון שלעפּן זיי, ווי דער רוען דעם מעלאָמעד.

דער הימל, ווײַזט זיך אויס, האָט קוים זיך באפרײַט פון די שווערע ווינטער־כמארעס און איז בלוי־גרין, ווי די וואסערן פונעם אראלער יאם.

מײַן שאָכן, וואָס זיצט אנטקעגן מיר אין קופּע, שאָמע־בענציָען הירשביין, באטראכט דעם הוילעך מײַנעם, זאָגט מיט א שמייכל:

— אָנגעטאָן, יונגערמאן, זע איך, זײַט איר ווינטערדיק, ניט אנדערש, איר מיינט, אז אין טאשקענט דרייט איצט א זאווערוכע.

הירשביין שטעלט אוועק אפן וואגאָן־טישל א שטײַגעלע מיט צוויי פּאָטשטאָווע טײַבעלעך. די מעציִע האָט ער געפּאקט אין מאָסקווע. ער צע־דרויבלט אן איי, נאָר די „זי“ נעמט גאָרניט אין מויל ארײַן.

איך נעם דערווײַל ארויס מײַן קלאָפּערגע־צײַג — פּאַפּיר און א פעדער, כאפּט מײַן צוויי־טער וואגאָן־שאָכן, דער אוזבעק בערדי מוראטאָוו א בייזן קוק אף מיר, לייגט אוועק אפן טישל דאָס סייפערל, וואָס ער האָט געהאלטן אין דער האנט.

ער האָט, ווײַזט אויס, געזוכט אין דעם „סייפערל“ א רעפּוע־שליימע פארן טײַבעלע:

— אף טשוקאָטקע האָב איך אליין מײַן קינד דעם פּופּיק איבערגעשניטן, — זאָגט בערדי מוראטאָוו, דער אגראָנאָם פון כאלקאבאדער לאנדווירטשאפטלעכן קאָמבינאַט.

— אויב א מענטש טראָגט א פידל, — שמייכלט הירשביין, — בין איך אים מעקאנע, דאָס הייסט, אז ער קאָן שפּילן.

איך פארשטיי, אז דער טאשקענטער טוישעוו שאָמע־בענציָען גיט אָנצוהערעניש אף מײַן „קלאָפּערגעצײַג“.

— מענדעלייעוו, דער גרויסער כימיקער, איז פאר זײַן לעבן טאקע ניט דערגאנגען, וויפל גאָלד פארמאָגט די ערד, ווילט איר, שרײַבער, דערגיין...

הירשביין טיילט אויך ארײַן דעם אגראָנאָם בערדי מוראטאָוון:

— איר פלאָנטערט, מײַן פרײַנט, מיט די רעצעפּטן, ווי מײַן באָבע מיט אירע אייניקלעך: „מוישקע, מיין איך, שלוימקע, אוי, ניין, ביילקע, זאָג דער מאמען, זי זאָל וויקלען לאָקשן, בראָקן די פאָדעם...“

---

[1] Голодная степь — א מידבער אין צענטראלן טייל פון דער קאזאכישער סאָוועטן־רעפּובליק.

מיר פאָרן אין פינפטן וואַגאָן, הערט זיך דאָס דומפּע טראַכקען פון בײדע לאָקאָמאָטיוון, פּונקט ווי מאַמעס וואָלטן געוואַשן גרעט ערגעץ ווײַט בא דער קלאָדקע...

א שטיק כמאַרע שווימט אַנטקעגן דער זון און וויל זי, ווי א וועלפּיכע, מאַמעש אײַנשלינגען.

אין דער שכײנישער קופּע ווערט פרײלעך. דאָס איז אַרײַן א כאַפּטע יונגוואַרג. שפּילט די גיטאַרע אַף אַלע זיבן סטרונעס.

— נײן, מײַן פרײַנט, שאָלעם־אַלײכעם איז גערעכט: פאָרן זאָלט איר נאָר אין דריטן קלאַס!

שאַמע־בענציִען הירשבײן בעט אויס זײַן געלעגער, באַטראַכט דאָס קישעלע, וואָס ער דאַרף לײגן צוקאָפּנס:

— עס קומט אויס, יונגערמאַן, ווי מײַן שוויגער האָט מיר אַמאָל געזאָגט נאָך דער כאַסענע: „מײַן טאָכטער האָב איך דיר אָפּגעגעבן אַף קאַטאָרגע, ווילסטו נאָך א קישן?..“

אָנגערירט דאָס וואָרט „קאַטאָרגע“, דערמאָנט זיך הירשבײן אין זײַן פאָטער.

ער מאָסטעט זיך אײַן אַף זײַן סידעלע, הײבט אָן דערצײלן:

דער טאַטע זײַנער איז געגאַנגען צופוס אַהין, אין די פאַרוואָרפענע סטעפּעס, אין יענע מע־קוימעס, וווּהין מיר פאָרן.

אין קראַסנאָוואָדסק האָט מען די קאַטאָרזשניקעס אָנגעשמירט די פיס מיט דיאָד[1] — די בלאָטערס זאָלן ניט יאַטערן, — און שפּאַנט ווײַטער.

אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, אין קעשענע די מעזוזע — קוש וויפל דו ווילסט...

ווי זינגט זיך דאָס לידל:

נאַקעט, באָרוועס, אָן א העמד,
און דערצו נאָך אין דער פרעמד...

א פאַרמוטשעט פערדל איז געווען דער טאַטע זײַנער. הירשבײנס זײדע און אורזײדע האָבן אַמאָל געצויגן די כעיונע פון אָפּגעבערענטע מילן — שרײַפּעלע צו שרײַפּעלע געקליבן, מיט די צען פינגער אַראָפּגענומען דעם זשאַווער פון דער פּאַסקודנער וועלט, געשליפן די שטײנער, מעל געמאָלט פאַר אַנדערע, פאַר זיך — די קלײַען...

די לעוואָנע, זעט מען דורכן וואַגאָן־פענצטער, לײגט זיך שוין אַף די צווײַגן, קעדײ כאַפּן א דרעמל, נאָר הירשבײנס טײַבעלעך קנאַקן מיט די פּיסקלעך, ווילן עסן.

הירשבײנס זײדע האָט אַמאָל דעם אײניקל געפלאָכטן שטײַגעלעך פאַר די זינגעוודיקע, פרײלעכע קאַנאַרײקעלעך.

יאָ, שאַמעס צאָרעס האָבן זיך טאַקע אָנגעהויבן דעמלט, ווען ער האָט אין כײדער אַרײַנגע־טראָגן דערוואַרעמען א פאַרפרוירן פײגעלע.

דער רעבע כאַפּט זיך אויף פון זײַן פרומען דרעמל, דערזעט אַפן קאַסטן א פײגעלע, ווערט ער מאָלע־רעציכע:

— הולטײַ, מיט וואָס פאַרנעמסטו זיך, שאַמע?!

הירשבײן איז אויסגעפאָרן די גאַנצע וועלט, פון אוקראַיִנע ביז בוכאַרע, נאָר קומט ער צום דניעפּער — אָט דאָרט איז ער טאַקע ערשט געווען צוגאַסט, — ווילט זיך אים אָנוואַרעמען דאָס אײַז, דער ווינטער זאָל צעלאָזן און גרינען זאָלן די קאַשטאַנעס.

אָך האָט ער ליב, הירשבײן, אָט די צעוואַקסענע, געדיכטע בײמער אַף דער אוקראַיִנע. ווײַנשל מיט פלוימען־בײמער זײַנען אויסגעמישט. שטיל גײט זיך דאָ דער וואַרעמער רעגן. גאָט מײַנער, צי זײַנען פאַראַן נאָך געשמאַקערע מײַכאָלים!

— איך וועל שוין קײן אײן צאָן אין מויל ניט פאַרמאָגן, נאָר דער ווילן צו פילן די ווּעסנע וועט בא מיר פאַרבלײַבן! — דעקט ער זיך איבער מיט דער קאָלדרע, הירשבײן, און ווערט גע־שמאַק אַנשלאָפן.

מיר דוכט זיך, אַז דער דאָזיקער פאַרשוין, דער הירשבײן, וואָס שלאָפט מיט אַזאַ זיסן שלאָף, איז פאַר מיר ניט קײן שלעכטער פּעטשאַטעק, א פײַנער „העכט“, ער זאָל נאָר ניט וועלן אַנט־לויפן צוזאַמען מיטן האַטשיק...

■

שאַמע־בענציִען הירשבײן איז ניט פון די פאַרשוינען, וואָס ווײסן ניט, אַף וועלכע בײמער עס וואַקסן ניס... א סימען האָט איר, אַז ער האָט זיך שוין אויפגעכאַפּט פון שלאָף און העלפט אַראָפּגײן פון אויבן דעם אוזבעק, ווען יענער כאַפּט אַרויס א פלאַש ווײַן „געלענדזשיק“ און פאַר־בעט אַלעמען צום טיש. אײנגיכן וועט זײַן אָרענבורג, וועט מען עפּעס קויפן צום פאַרבײַסן, הירשבײן מוז א קוק טאָן צו זײַנע טײַבעלעך, געבן זײ עפּעס אין מויל אַרײַן.

---

[1] דזעגעכץ.

— איר מוטשעט מיך, בערדי מוראטאָוו, ווי דעם יויזל, — רײַבט ער די אויגן, שאָמע־בענציִען, און ווארפט ארײַן א גלעזל.

אין אָרענבורג טאנצן מיר ארויס אפן פעראָן, די זון גייט שוין ארויס פונעם גאניידן, באקט לעקעך, הייבן מיר אוף די אויגן צו גאָט: וואָס הערט זיך דאָרט בא דיר, ריבוינע־שעל־אוילעם?..

העל־בלויע כמארעלעך — אָן רעגן, אָן זאפט, אויסגעברענט דער הימל פון די מידבער־ווינטן, און דער צוג גייט און גייט...

— אין יאנגי־יול, — זאָגט בערדי מוראטאָוו, — בליט שוין דער אוריוק, רויזן, טולפאנען.

— יאָ, — פארציט זיך הירשביין מיט פארגעניגן, לאָזט ארויס קנוילן רויך, — אז קארטאָפליעס זאָלן דאָ געראָטן, דארף מען זיי זעכצן מאָל באגיסן.

— פארן בוכארער עמיר, — צעלאכט זיך בערדי מוראטאָוו, — איז עס געווען אן ארבעט, פיר און פערציק ווײַבער האָט ער געהאט...

גייט אוועק א שמועס — א געשיכטע אף א געשיכטע:

...אמאָל האָט מען דאָ אין סטעפ קיין בײַטש ניט געהאלטן. געווען א מינהעג — די ערד, כאָלילע, ניט גראבלען... זומער און ווינטער פאשען זיך סטאדעס. געקוילעט א באראן, און מע לעבט!

ווי עס ווײַזט זיך ארויס, איז דער „אוזבעק“ בערדי מוראטאָוו, דער אגראָנאָם פונעם כאלקאבאדער קאָמבינאט, גאָר א קאזאך...

דער זיידע זײַנער, מוראט מוראטאָוו, האָט אין דער פאָלע פון דער קאפאָטע געבראכט א ביסל ערד פונעם סטעפ. געפונען אן אויצער, האָט מען פארשפאָרט פאָרן אין טאשקענט פרעגן, צי וועט וואקסן אף אָט דער ערד בוימוואָל, צי ניט... אָט הייבן זיך אָן די קישלאקן, די סאָווירטן. לויפט א טראקטאָר, פאשעט זיך א קעמל. אויסגעפוצטע אישאקעס פירן ארום זייערע באלעבאטים איבערן סטעפ.

העכער הונדערט יאָר האָט מיטל־אזיע געקרעכצט אונטער א פרעמדן יאָך. געלעבט האָבן די שוואָטים אין קיביטקעס. ווינטער זיך אָנגעפעלצט אין כײַישע פעלן, וואסער איז שטענדיק געווען מיט גאָלד גלײַך.

— יאָ, מײַן פרײַנט, — זאָגט בערדי מוראטאָוו, — אזוי האָט מען דאָ, אין די הונגעריקע סטעפעס, געלעבט. ווען דער אראלער יאם זאָל זײַן ניט אזוי געזאלצן, ווען מע זאָל דאָס וואסער קענען נעמען אין מויל ארײַן, וואָלט דאָס פעלד עפשער ניט געווען אזוי פארשמאכט...

— עמעס, עמעס, — זאָגט הירשביין, — אזא יאָר אף געצל דעם פעמפיק, וואָס פאר א לעבן מײַן טאטע האָט דאָ געהאט פאר דער רעוואָליוציע.



טעלעגראף־דראָטן ציִען זיך, געדיכט־אָנגעצויגענע, ווי אין דאָנבאס — פון רעכטס און פון לינקס.

א גוטער פרימאָרגן אפן שווארצכיינעוודיקן קינד. א קליין אוזבעקעלע לויפט שוין ארום מיטן פײַפל איבערן וואגאָן: שטייט אוף, באלד איז טאשקענט! — עס בלישטשען גליקלעך זײַנע טיף־שווארצע אייגעלעך, וועקט ער די פאסאזשירן, ווי דער פאסטעך זײַנע שאָף.

דער קאָנדוקטאָר נעמט צו די געלעגערס, צעטיילט די בילעטן, הייסט עס, אז אינגיכן קומט מען אפן אָרט.

— טאשקענט!

הירשביין איז שוין אויסגעפוצט. „איר וועט האנאָע האָבן פון דער שטאָט“, זאָגט ער צו מיר און קוקט ביגנייווע אפן זייגער, עס ציט אים, שאָמע־בענציִען, צו זײַנע אייניקלעך.

— אין טאשקענט מאכט מען נאָדלען, בײַוול, שווערע עקסקאוואטאָרס...

אפן טעקסטיל־קאָמבינאט, ווו הירשביין האָט פיל יאָרן אָפגעהאָרעוועט, ארבעט אצינד, טאקע אף זײַנע ווארשטאטן, זײַן אייניקל — מינע.

בערדי מוראטאָוו, דער אגראָנאָם, פארבעט מיך צו זיך אין כאלקאבאדער קאָמבינאט. דערווײַל, קוקנדיק אין וואגאָן־פענצטער, באווײַזט ער מיר, אז דאָ, אין אָט די מעקוימעס, איז אמאָל געווען עק שטאָט. די אזויגערופענע קלעווער־פעלדער, נאָך זיי פלעגן זיך ציִען דער טשערעט, די בלאָטעס און אפן אָרט פונעם איצטיקן גאגארין־פראָספעקט איז געשטאנען דער ספאסאָ־פרעאָבראזשענסקער סאָבאָר.

— טאשקענט! — פרייט זיך הירשביין. — קוקט אָן א וואָקזאל, אין לאָנדאָן האָט איר אזעלכן?

דאָ, אין טאשקענט, פרעגלט מען אף שריט און טריט שאשליקן. וואָס מער רויך, אלץ מער באטאמט איז דער שאשליק.

שאַמע־בענציִען הירשביין טרײַבט פון זיך די נעשאַמע, אײַלט צו מינען, זײַן אייניקל, אָנ־דערש וואָלט ער מיר נאָך הײַנט באַוויזן דעם טשילאַנזאַרער וווינונגס־מאַסיוו, וועלכן מע רופט דאָ „טאַשקענטער טשעריאָמושקי".[1]

פרילינג אין אוזבעקיסטאַן — די גאַנצע וועלט קושט זיך: פייגעלעך מיט פייגעלעך, זשוקלעך מיט זשוקלעך, טײַבעלעך מיט טײַבעלעך...

ביימער שטייען שוין אויסגעפוצט אין צוויט, דער ווינט קושט מיך אין די ליפּן, פאַרבעט מיך אין סטעפּ אַרײַן צו מײַן באַקאַנטן אַגראָנאָם בערדי מוראַטאָוו.

■

דרײַ טויזנט העקטאַר ערד פאַרמאָגט כאַלקאַבאַדער קאָמבינאַט. טויזנט העקטאַר סעדער. פערשקעס — פּערציק סאָרטן. באַרן — זעכצן סאָרטן... ווײַנשל — סאַמאַרקאַנדער, וולאַדימירער, פּאָדבעלסקער... וועגן דעם דערציילט מיר דער היגער אַגראָנאָם נאַגירנער.

— געגוג, סעמיאָן באַריסאָוויטש! — בעט איך דעם הויכוווּקסיקן ייִדישן באַכער, — דער קאָפּ דרייט זיך מיר. וועלכן אינסטיטוט האָט איר פאַרענדיקט?

— ניט איינעם, — לאַכט ער זיך פאַנאַנדער, — נאָר צוויי.

דרײַסיק בולדאָזערס גלײַכן אויס דעם רוקן פון דעם פאַרלעגערטן סטעפּ. אויב איך וויל, — זאָגט נאַגירנער, — קאָן מען צופאָרן אַפן ערשטן באַצירק, דאָרטן קאָכט איצט.

פאַרכאַד אַלימדזשאַנאָוו, דער הידראָטעכניק, פירט אונדז צו דער מאַשין. מיט אונדז פאָרט אויך סעמיאָן באַריסאָוויטש. אין וועג דערציילט ער מיר, אַז דער עלטערער ברודער זײַנער פירט אַהער גאַז אַזש פון בוכאַרע.

בערדי מוראַטאָוו נעמט מיך צו פון סעמיאָן באַריסאָוויטשן, באַווײַזט מיר דאָס פעלד, פונוואַנען זײַן זיידע מוראַט מוראַטאָוו האָט געבראַכט אין די פאָלעס דאָס פעטע ביסל ערד. דעמלט האָט דער אַגראָנאָם זיך געהאַלטן אָן אייצע מיט פאַרכאַדן און מיט סעמיאָן באַריסאָוויטשן, און מע האָט באַשטימט, אַז דאָ, אַרום כאַלקאַבאַד, ליגט פאַריאָסעמט אָן אויצער — פעטע ערד, דאָ קאָן וואַקסן ווײַס גאָלד — בוימוואָל. גערטענער קאָן מען דאָ פאַרפלאַנצן.

נאָר איידער עפּעס־וואָס האָט בערדי מוראַטאָוו געבראַכט אַהער אין קאָמבינאַט די בעסטע פּאָראָדע „אַספּריס" — בעהיימעס מיט ווײַסע פלעקן, איצט בריקעוועט שוין אַרום די שטאַלן אַ האַלבער טויזנט טעלעצעס — יאָרשים פון יענע גרעאַטענע קי.

ווען פאַרכאַד אַלימדזשאַנאָוו הייבט אָן באַווײַזן זײַן באַלעבאַטישקייט, ציטערן אים אַזש די ליפּן, אַזוי אופגערעגט איז ער פון נאַכעס.

■

באַטאָג און באַנאַכט, ווי אַפן פראָנט די טאַנקען, הודען שווערע בולדאָזערס. זיי שיטן אָן דאַמבעס אַרום די אַריקן.

פאַרכאַד אַלימדזשאַנאָוו שלאָפט ניט די נעכט. ער דערציילט, אַז דאָס באַארבעט מען די לעצטע דרײַ הונדערט העקטאַר, צו וועלכע דאָס וואַסער פונעם „זיבעטן אַריק" וועט אײַנגיכן אָנהייבן רינען. מעכטיקע פּאָמפּעס וועלן טרײַבן דאָס וואַסער אַהער, אין הונגעריקן סטעפּ.

פאַרכאַד אַלימדזשאַנאָוו שמייכלט:

— איך קאָן אײַך זאָגן, וואָס איר שרײַבט... — ער קוקט אַרײַן אין מײַן העפט און נעמט צונויפפליִיגן אָס צו אָס. סטאַרטשע איך אויס אַף אים, דעם אוזבעק, אַ פּאָר אויגן, ווי אַ ווילדער צאַפּ אַפן ספּוטניק. פאַרכאַד לייענט:

— צוויי קאַנאַלן... צאַפּן־טאַשקענט...

— וואַרט, וואַרט, אַלימדזשאַנאָוו, — שטעל איך אים אָפּ, — פונוואַנען קומט עס צו אײַך?

סעמיאָן באַריסאָוויטש לאַכט זיך פאַנאַנדער: דאָס ווײַב האָט אים אויסגעלערנט...

בולדאָזערס פּויקן מיר אין קאָפּ, קרעכצן, וואַרפן איבער הורבעס ערד, גלײַכן אויס בערג, פאַרוואַלגערן גריבער. לעמעכן ווערן פאַרסטראַנעט — גיב זיך אונטער, טויזנטיאָריקער, פאַרלעגערטער סטעפּ!

אין טאָל, גאָר ניט ווײַט, וואַקסן שוין ביימער. דער אוריוק בליט.

— ס'איז שוין שטענדיק אַזוי, — זאָגט סעמיאָן באַריסאָוויטש, — לעבט נאָר אוף דער אוריוק, מוז בעמען אַ פרעסטל אָדער אויספאַלן אַ שניי. דאָ, אין טאַשקענט, האָב איך איבערגעלעבט ערדציטערנישן, פאַרטריקענישן, היץ און קעלט. ניט אַזוי גרינג גיט זי זיך אונטער, די צעלינאַ.

[1] טשעריאָמושקי — אַ נײַער ראַיאָן אין מאָסקווע.

מיט א מין איינגעשפארטקייט זעצט ער זיך, סעמיאָן באָריסאָוויטש, באַם רודער פון דעם גרויזאַמען בולדאָזער. די לעמעכן קערן איבער א פלאַסט ערד, ער באַווייזט דעם טראַקטאָריסט, ווי צו פירן די ליניע:

— דער „נול", ניקאָלײַ פּאַוולאָוויטש, דאַרף זײַן, ווי א סטרונקע, ווײַל דאָ גייט דורך די דאַמבע, דאַרף מען זי פעסטער ארומלייגן מיט בעטאָן. אין פינף טעג ארום לאָזן מיר דאָס וואַסער...

סעמיאָן נאַגירנער טאַנצט אראָפּ פון די שווערע רופּן, באַווײַזט דעם בריגאַדיר, וווהין איבערצופירן צוויי טראַקטאָרס:

— פּופּצן העקטאַר פּוסטעוועץ, ס'איז א געלעכטער?

מיר פאָרן צוריק אפן באַצירק, סעמיאָן באָריסאָוויטש קוקט מיר אין די אויגן, דערנאָך וואַרפט ער א בליק צו די בלישנדיקע ווײַנשלבײַמער:

— ווי זאָגט ער דאַרטן, דאַוויד בערגעלסאָן, אין „נאָך אַלעמען": „דער רעגן גייט, און די בוריקעס, זיי וואַקסן, וואַקסן..."



אין טאַשקענט שטיי איך אײַן אף שאָטא־רוסטאַוועלי־גאַס. פונעם גאַנעקל זעט מען דעם עפּיצענטער פון דעם קוראַמינסקער ווולקאַן. א מין שיינקייט! עס שײַנט דער הימל, ווי די זון וואָלט זיך צעשמאָלצן.

טאַשקענט, ווען מע באַגיסט זײַנע גאַסן, ווען דער ווינט קעמט צו זײַנע בלישנדיקע ביימער, שמעקט אזוי, ווי א פּאַרפומען־סאַלאָן.

דאָ פרעגט קיינער ניט באַם גאַסט: „איר זײַט געקומען מיט דער פור צי מיט דער באַן?", וואָס געוויינלעך באַטײַט עס, אז דער גאַסט דאַרף שוין אַליין פאַרשטיין: מע וויל וואָס גיכער פּאָטער ווערן פון אים.

אין טאַשקענט האָט מיר קיינער אזעלכע קאַשעס ניט געשטעלט.

אַלאַ גריגאָריעוונאַ בראָוווער האָט מיך באַגעגנט אפן טעקסטיל־קאָמבינאַט, ווי אן אַלטן באַקאַנטן. דערהערט, אז איך קום פון יאַנגי־יול, זאָגט זי:

— דער פּאָדעם ציט זיך אזש אהער פון די הונגעריקע סטעפּעס. — און זי פאַרבעט מיך צו זיך אין קאַבינעט.

אַלאַ גריגאָריעוונאַ איז די באַלעבאָסטע פונעם גרויסן צעך וועבערטעכנעס, וואָס ציִען ניט געכאַפּט דעם פּאָדעם, וויקלען אים ארום הילצערנע שפּולן.

אַלאַ גריגאָריעוונאַ באַווײַזט מיר די סכוירעס, וואָס דער טעקסטיל־קאָמבינאַט ארבעט אויס: לײַוונט, טיול, טריקאָטאַזש.

אין קאַבינעט גייט ארײַן א קליינוווקסיק שלאַנק מיידל, שעמעוודיק, ווי א באַסיעכידע, זאָגט זי:

— אַלאַ גריגאָריעוונאַ, איר האָט מיך גערופן?

— מינע! — זאָגט שטרענג אַלאַ גריגאָריעוונאַ. — האָסט נעכטן ניט געשמירט דײַן מאַשין, מער זאָל אזעלכעס ניט געשען, ביסט הירשביינס אן איינ יקל.

— אַלאַ גריגאָריעוונאַ...

— מער זאָל זיך עס ניט איבערכאַזערן.

מינע זאָגט מער ניט קיין וואָרט. דרייט זיך אויס, ווי א פאַרזינדיקטער סאָלדאַט, גייט ארויס.

אפן טאַוול, איבער מײַן קאָפּ, הענגט דער גראַפיק פונעם פּראָפילאַקטישן ציקל, וואָס מוז אומבאַדינגט אויסגעפילט ווערן. א מאַשין בלײַבט א מאַשין, זי פּאָדערט אירס.

מיר גייען ארײַן אין צעך. פּילצאָליקע וואָליקעס קעמען די וואָל. מינע שטייט באַ אירע פיר מאַשינעס, כאַפּט ארויס א פולן שפּול, און אפן אָרט פונעם אָנגעוויקלטן שטעלט זי פלינק ארײַן א ליידיקן. די וועבערטעכנע גייט זיך טאָג־אײַן, טאָג־אויס איר וואָכעדיקן גאַנג.

מיטאמאָל וואַקסט אויס דער אַלטער וועבער שאַמע־בענציִען הירשביין. דאָס איז ער געקומען אונטערלערנען זײַן אייניקל, מינען.

— אין דער צווייטער מאַשין, זיידע, רײַסט זיך דער פּאָדעם...

הירשביין הערט זיך אײַן אין דער מאַשין. ער טוט אָן דעם כאַלאַט, נעמט א פּאָדעם אין די אויסגעהאָרעוועטע פינגער, פּרוווט די שטאַרקייט, שטעלט ווידער ארײַן אין דער נעסט דאָס שפּינדל! — א קלעזמער, אויב די סטרונע רײַסט זיך באַ אים, איז ער קיין קלעזמער ניט.

אָפּגעטאָן זײַן שטיקל ארבעט, ווישט ער אָפּ מיט א שמאַטע די הענט, גלעט מינען איבערן קאָפּ:

— די האָר, קינד מײַנס, סטאַרטשען בא דיר, ווי לעבעדיקע... דעם קאָפּ דאַרף מען גאַנצפרי צוקעמען, די מאַשין שמירן, וועלן זיך דרייען די ווערעטענעס, וועט שטאַרקער זײַן דער פאָדעם. — ער נעמט, הירשביין, א ביסעלע בוימוואָל אין זשמעניע, — וויפל האַרעוואַניע האָט מען אַרײַנגעלייגט אין כלאָפּאָק, איידער מע האָט אים אַרויסגענומען פונעם קעסטעלע: איינס איז פּאַרטיק, דאָס צווייטע איז נאָך א „קוסאַק", ניט אינגאַנצן פּאַרטיק, מע קלײַבט אים איבער, דעם כלאָפּאָק, ווי עמעס גאָלד.

שאָמע־בענציען האָט ניט איין מאָל צעשטאָכן זײַנע פינגער באַם אַראָפּנעמען די שטעכיקע ווײַס־קלאָרע קווייטעלעך. אף אָנקלײַבן הונדערט קילאָגראַם דאַרף מען זײַן א גרויסער בעריע. אָט זעסטו, מיט דער מאַשין „כע־ווע־עס" איז עפּעס אַנדערש: זיבן־אַכט טאָן נעמט מען אַראָפּ פאַרן טאָג, אָבער מיט די צען פינגער...

א מין רײַנקײַט אפן טעקסטיל־קאָמבינאַט, כאָטש זעץ זיך אפן דיל, מע דאַרף גאָרניט אונטערשפּרייטן.

רויזן בליען, אַניוטקעס שמייכלען, דער איריס גרינט, אַרום בלויט דער בעז. הייבסט אוף די אויגן: מאַמע טײַערע! טאָפּאָלן־קאַראַגאַטשן, אַקאַציע־ביימער, קאַשטאַנעס — ווער האָט זיי דאָ פאַרזעצט?

— מיר, מיט די אייגענע הענט.

אַרויסגעגאַנגען פונעם טויער, זאָגט צו מיר הירשביין:

— טאַשקענטער זון באַקט שוין מאַצעס...

פרילינג. א מעכײַע־נעפאָשעס אין גאַס, פאָרן מיר א קוק טאָן אף דער נײַער שטאָט — טשילאָנזאַר.



■

שאָמע־בענציענען שטייט פאַר די אויגן דער עלטערער זון זײַנער אין סאַטינענע הויזן, לאַנגע הענט, קורצע אַרבל...

סטודענטן לאָזן זיך אַרײַן אין לערנען, גייען זיי אָפּט אַרום מיט אויסגעריבענע קני. אַצינד אָבער פּראָיעקטירט הירשביינס בכאָר דעם מיקראָ־ראַיאָן — טשילאָנזאַר.

אין אָט דעם נײַעם מאַסיוו וועט איר ניט זען קיין קרומע גאַנעקלעך, קיין הײַזער, ווי די מויזן־נאָרעס.

— יעדע ליד, מײַן פרײַנט, — זאָגט הירשביין, — האָט זיך זײַן ניגון: אין טשילאָנזאַר זײַנען די גאַסן, ווי דער מאָסקווער לענין־פּראָספּעקט, נאָר איר זעט, עפּעס פאַרמאָגן זיי אייגנס: די דעכער מיט טשערעפּ געדעקט, גרויסע פענצטער. און פענצטער בא א הויז זײַנען, ווי שיינע אויגן בא א מענטשן. דער שליאַך, אויסגעבעט מיט רויטן שטיין, איז אָפּן פאַר גוטע מענטשן — סאַליאַם אַלייקום דיר, טשילאָנזאַר!

באַ די פֿייגעלעך פֿון טאַשקענט איז היינט אַ גרויסער יאָמטעוו, געקומען פֿון אַלע עקן וועלט קרוווים, דערציילן נייַס אַף זייער פֿייגל־לאָשן, מע קושט זיך, ווי טאַטע־מאַמע, אין די פּיסקלעך...

באַנאַכט, ווען די גאַנצע וועלט שלאָפֿט, לערנט מען יונגע פֿייגעלעך זינגען, פֿליען פֿון איין צווייַגל אַפֿן צווייטן, דערקענען דער מאַמעס קאָל...

הירשביין פֿאַרבעט מיך, איך זאָל קומען אַפֿן סטאַדיאָן, וואָס געפֿינט זיך טאַקע דאָ ניט ווייַט פֿונעם טעקסטיל־קאָמבינאַט. מינע, זיין אייניקל, שפּילט היינט מיט איר קאָמאַנדע אין באַסקעט־באָל, מוז איך אַ קוק טאָן אַף די מיידלעך.

— אהא, דער זיידע מאָנט שוין באַ מיר אַ שוועבעלע, הייסט עס, אַז ער נערווירט, די „אוקראַינער קאָפּטעלעך“, האָט ער מוירע, זאָלן היינט ניט געווינען.

— יאָ, — זאָג איך אים, — עס זעט אויס...

— ווער עס האָט זיך אין יאָם געבאָדן, דער האָט פֿאַר קיין ריטשקע ניט מוירע, — צעלאַכט זיך דער אַלטער.

נאָר איך באַמערק, אַז שאָמע־בענציען קאָכט, ווי אַ קעסל. ער קריצט אַזש מיט די ציין, ווען די קאָמאַנדע אין די „אוקראַינער קאָפּטעלעך“ וואַרפֿט אַריין דעם מיאַטש אין רונג.

בעסער וואָלט שוין שאָמע־בענציען געזעסן אין דער היים, איידער צוזען די קונצן פֿון די „אוקראַינער קאָפּטעלעך“.

אַרום סטאַדיאָן שמעקט מיט פֿרישן גראָז. בלעזערלעך, ווי גאָלדענע קנעפּ, פֿאַרשפּיליען די פּאָלעס פֿון דער צעכראַסטעטער ערד.

— אַ מיידל, זאָג איך אייַך, האָט אַ קעצישן מויעך, — בייזערט זיך דער זיידע. — געכטן האָב איך אַ גאַנצן טאָג מיט איר געקנעלט, וויאַזוי צו וואַרפֿן דעם מיאַטש פֿונעם ווינקל, נעמט זי שפּילן אַפּצולאָכעס און פֿאַרשפּילט — פֿערצן — פֿופֿצן!

אַמאָל האָט מען פֿאַר גוט דאַווענען אונטערגעוואָרפֿן דעם כאַזן אַ ביסל מעזומאָנים. די מע־שוירערים פֿאַר אונטערהאַלטן — אַ פֿונט פֿייגן. היינט, זאָגט הירשביין, וואָלט ער אַליין צוגע־טראָגן דער קאָמאַנדע אין די „אוקראַינער קאָפּטעלעך“ קוויטן, מינע זאָל וויסן, ניט שפּילן אים אין דער גאָל אַריין.

אַלטע סאָסנעס ווערן מיט ברעמען באַוואַקסן. ס׳איז מיר פֿריידיק, וואָס הירשביין ווערט וואָס אַ טאָג יינגער, כאָטש אַליין פֿאַרט ער שוין ניט, ער פֿירט, דער זיידע, דעם אייניקלס שליטעלע.

טאַשקענט ליגט צופֿוסנס באַ די בערג טשימגאַן און קאַזגור.

אַ שיינע שטאָט טאַשקענט. אוזבעקן זיצן אין „טשייַכאַנעס“, טרינקען טיי מיט פּלעצל. דער בוכאַרער עמיר, זאָגט מען, האָט ליב געהאַט מילכיקע פּידפּאַלקעס. צוליבן ווילזיין פֿונעם גרויסן כאַן פֿלעגט מען זיי אַזש פֿירן, די פֿרישע פּידפּאַלקעס, פֿון סאַמאַרקאַנד, בייַטן די פֿערד דריי מאָל אין מעסלעס און ברענגען פֿאַרן עמיר זיין באַליבט מייַכל.

סאַמאָוואַרן זידן. טירן פֿון די „טשייַכאַנעס“ פֿאַרמאַכן זיך ניט, אוזבעקן זיינען דאַנקבאַר דעם בעקער, וואָס האָט באַנאַכט געבאַקן פֿרישע פּלעצלעך צום איבערבייסן.

ווינטער אין די זאַלן, זומער — אַף דער פֿרייַער לופֿט, אין דרויסן זיצט מען אַף די טראַ־נען, פֿאַרשפּרייטע מיט טעפּיכער, דאָ דערציילט מען נייַס:

— אין קעזעלקוסאָך, ניט ווייַט פֿון בוכאַרע, האָט מען געפֿונען נייַע קוואַלן פֿון „בלויען ברענשטאָף“. פֿאַרן מעסלעס דערביוועט מען אַנדערהאַלבן מיליאָן קובאָמעטער גאַז.

מעשענע טעצעלעך קלינגען אין די אויערן, מע טראָגט טשייַניקעס טיי, מע טראָגט זיי פֿאַר־זיכטיק, ווי טייַערע קרישטאָלענע באָקאַלן.

— יאָ, בוכאַרער עמיר, ביסט געווען אַ כאָכעם, — אַ מילכיק פּלעצל איז גאָר ניט קיין שלעכט מייַכל.

— אָט דער אַלטער אוזבעק איז מייַנער אַ באַקאַנטער, — זאָגט הירשביין, זופּנדיק געשמאַק די טיי פֿון אַ פּיאַלע, — ער האָט בעשאַס דער מילכאָמע גענומען צו זיך עלף קינדער.

— איר זעט, — זאָגט ער צו מיר, שאָמע־בענציען, — פֿינף פֿינגער אַף דער האַנט, אַלע פֿאַרשיידענע... אָט באַ דעם אַלטן קאָוועל, ווען איך בין איינמאָל געקומען צו אים, איז שוין באַ אים געשטאַנען אַ בעט. דעמלט איז עס געווען אַ כאַריפֿעס אין אַן אוזבעקישער שטוב, פּונקט ווי אַ מענטש זאָל פֿאַרמאָגן אַן אייגענע אַטאָם־שיף. אָבער קיין יידן האָט נאָך דער קאָוועל אין זייַנע אויגן קיינמאָל ניט געזען.

— איך בין אַ ייִד, — האָב איך אים געזאָגט.

— ניין, — איז אין כאַס געוואָרן דער אוזבעק. — אַ ייִד איז מיט הערנער...

איז גיי ריכט זיך, אז דער דאָזיקער פאַנאַטיקער וועט בעשאס דער מילכאָמע נעמען אָף דערציִען יידישע קינדער.

זומער איז הייס, טרינקט מען טיי. פונעם אריק גיסט מען וואסער אף די אָנגעגליטע שטיינער. אויב די ביימער שאָקלען זיך, איז נאָך אין טאשקענט דאָ מיט וואָס צו עטעמען...

מאשינעס פירן מענטשן מיט וועגטקעס צום טייַך. זונטיק איז זונטיק! כאפּן פיש איז כאפּן פיש!

די ערד ציטערט — דאָס רייַסט מען שטיינער. אינגיכן וועט פארטיק ווערן די מעטראָ.

יעדע שטאָט, ווי יעדער מענטש, האָט זיך זייַן כיין.

■

מיר קומען ווידער מיט בענציִענען צום קויהען־גאָדלדיקן טעקסטיל־קאָמבינאַט. ערשט ניט לאַנג, ווי עס דערציילט דער אלטער מייַסטער הירשביין, איז אף דעם דאָזיקן אָרט געווען א יאַם מיט ווילדע גראָזן. פלעגט מען גיין אהער שיסן דזשייראַנעס, ציגן, כאַזיירים. אישאַקן האָבן זיך געפּאַשעט.

און איצט שפּאַצירן גאָר איבערן סקווער קינדערלעך מיט זייערע באָבעס.

דער פרילינג אין טאשקענט איז ערשט ארויס פון די וויקעלעך, פונעם קארא־קאמיש בלאָזט נאָך פאַרנאַכט א קיל ווינטל.

די גאַזגאַרין־גאַס שעמערירט פון ריינקייַט. די פינפשטאָקיקע הייַזער שטייען פעסט אָף זייערע פונדאַמענטן. ס׳איז אויסגערעכנט, אז אויב די ערד וועט, כאָלילע, טאָן א ציטער, זאָל דאָס קיינעם ניט שאטן...

אָף פערצן סלופּעס הענגען די ווענט מיט דער סטעליע פונעם האַנדלס־צענטער. אין דער גרויסער קלייט, וואָס באַשייַנט דעם טשילאָנזארער מאַסיוו, איז פאַראַן וואָס נאָר דאָס הארץ גלוסט. נאָר געזונט, זאָגט הירשביין, און מאזלבראָכע, פארכליאַנעט קאָן מען דאָ ניט ווערן.

— דאָ, אין טאשקענט, — באַטראַכט הירשביין א צעוואַקסענעם בוים, — אז דו שטעקסט אַרייַן א שטעקן אין דער ערד, וואַקסט אויס א בוים. אויב דו צעברעכסט בא אונדז א בוים די ביינער, מוזטו צען אנדערע פארזעצן — אזא געזעץ!

פלוצלינג הייבט אָן מאַראַקען א רעגנדל. הירשביין זאָגט, אז הינטער אָדעס האָט מען, גראָבנדיק מיט אַן עקסקאַוואַטאָר די ערד, געפונען א גאָלדענע קרוין מיט פערל. ס׳איז א סוואָרע, אז געלעגן איז דאָרט די קייסערינע אַרדאַמאַטסקאַיאַ — די ערד האָט געכאַפּט א גליק... נאָר וועסנע־צייַט איז א ווארעם רעגנדל פאר דער ערד טייַערער פון דער גאָלדענער קרוין...

■

הירשביין קומט צום וואָקזאַל מיך ארויסבאַגלייטן. פאַרן דריטן קלונג לאָזט ער אָפּ ביידע פּאָטשטאָווע טייַבעלעך אין הימל, טוט א מענטשלעכן שמייכל:

— ווי מיינט איר, אהיים וועלן זיי קומען?

— אוואַדע, — זאָג איך, — א היים בלייַבט א היים.

אָפּגעפאָרן פון טאשקענט עטלעכע ווערסט, כאַפּ איך א קוק אין וואַגאָן־פענצטער: מע גראָבט שוין אוף די ווייַנטרויבן־לאָזעס, דער אוריוק בליט, טוטאָווניקעס זייַנען גרייט האָדעווען דעם שאָלקאָפּריאַד, טאָפּאָלן צעלאָזן זייערע צווייַגן, סטאַדעס קאראַקול־שאָף פּאַשען זיך, בא די בערג שטייט א יורטע, בא א קרענעצע טרינקען קעמלען וואסער. פעט, ווי מילך, רינט דאָס וואסער אין די אַריקעס...

די ערד, ווייַזט אויס, דאַרף אויך האָבן מאַזל. ניטאָ יענע פוילע בלאָטעס, אויסגעראַמט איז די מאַליאַריע.

דער קאָפּ, ווייס איך גוט,



וועט מיר ניט ווי טאָן, וואָס איך פאַרנייג זיך הייַנט פאַר דעם בליִענדיקן סטעפּ. ניין, ער וועט ניט ווי טאָן, ס׳איז גוט אפן הארצן, ווען סטעפּעס בליִען.

זאַכאַר דיטשאַראָוו

# באַם שוואַרצן יאַם





אין יענער נאַכט, דער ערשטער נאָך דעם, ווי איך בין געקומען צו פאָרן, האָט מיך אויפגעוועקט א לאַנגער, אויסגעצויגע־נער פייַף. אָט איז די סירענע אַנטשוויגן געוואָרן און אָט האָט איר גרילצנדיקער געהויל מיט אַזאַ קראַפט אויפגעריסן די שטילקייַט, אַז דאָס האַרץ איז זיך מאַמעש פאַרגאַנגען פון אומרו.

אַפגיך אַרופגעכאַפּט אַף זיך די בגאָדים, בין איך אַרויסגעלאָפן אַפן גאַנעק. אין א זייַט פון יאַם, אין די פאָרבערג, האָבן זיך געוואָרפן, געדרייט רויטע צעדריבלטע פייַערדיקע פאַסמעס. א ווילדער ווינט האָט צעבלאָזן דעם פלאַם אין אַלע זייַטן.

אין דעם צעבויטעטן ראָזלעכן האַלב־כוישעך האָבן זיך פאַרבייַגעטראָגן מענטשן, וועלכע זייַנען איבער די קרומע, שטילע געסלעך געלאָפן צו דער סרייפע.

אינגיכן האָט דאָס פייַער אָנגעהויבן צאַנקען. דער מענטשישער קויעך האָט אייַנגעבראָכן דעם קויעך פון צוויי סטיכיִעס: פון דעם פייַער און פון דעם ווינט.

אין דעם, וויִאַזוי מע האָט געאַרבעט — אָן טומל, אָן פּאַניק, האָט זיך געפילט עמעצנס א גענִיטע, רויִקע און פעסטע האַנט. ס'האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן א געזעצטער, פעסטער מענטש, וועלכער האָט רויִק און געצוימט געגעבן אָנווייַזונגען. עס האָט אפילע געקענט זיך אויס־ווייַזן, אַז ער איז צו געלאַסן, ווען ניט דאָס פיבערדיקע, אומרויִקע פייַערל, וואָס האָט גע־ברענט ערגעץ סאַמע אין דער טיף פון זייַנע אויגן.

באַמערקט, אַז דער ווינט טראָגט דאָס פייַער צום סקלאַד מיט געהילץ און צו די רעזערוואַרן מיט ברענשטאָף, האָט ער גלייַך געשיקט אַהין א גרופּע מענטשן און איז אַליין אַוועק מיט זיי.

אין א שאָ אַרום האָט מען די סרייפע פאַר־לאָשן. אַף די גאַסן פון מאַלאָרעטשענקע איז ווי־דער געווען שאַ־שטיל. בלויז אין דער וויַיט האָט גערעוועט דער שוואַרצער יאַם, אַרופוואַלגערנדיק זיך מיט ווילדער אַכזאָריעס אַף די פעלדזיקע ברעגן.

דער באַלעבאָס, באַ וועלכן איך בין אייַנ־געשטאַנען אַף קוואַרטיר, האָט געזאָגט צום ווייַב:

— הערסט, מאָטרע, וואָלסט געמעגט א קוק טאָן אַף יעפים מאָיסייעוויטשן! אַזאַ אומגליק! דאָס פייַער וואַרפט זיך, ווי אין קאַדאָכעס, נאָך א רעגע, און עס כאַפּט זיך אָן דאָס געהילץ. און ער... א מענטש זאָל דאָס פאַר קיין זאַך ניט מוירע האָבן...

— וואָס איז די מוירע? — דערהער איך דער באַלעבאָסטעס הייזעריקלעך־באַסאָווע שטים, — ער איז דאָך געווען ניט אַליין, מיט מענטשן און צווישן מענטשן. וואָס איז די מוירע? „מיט מענטשן און צווישן מענטשן"... ווי

איך האָב זיך שפּעטער איבערצײַגט, האָט די דאָזיקע פּראָזע אַף זייער אַן אייגנאַרטיקן און טרעפֿלעכן אויפֿן כאַראַקטעריזירט דעם דירעקטאָר פֿונעם סאָווירט „מאַלאָרעטשענסקי“ יעפֿים מאָיסייעוויטש קורצמאַנען, מיט וועלכן איך האָב זיך באַקאַנט באַ אָט די, כ'וואָלט זאָגן, ניט גאָר געוויינלעכע אומשטענדן. אינגיכן האָבן מיר זיך באַקאַנט מיט אים נעענטער.

די זון האָט זיך נאָך ניט אַרויסגעשאַרט פֿון הינטערן קאַראַ־דאַג. דער פֿרימאָרגן איז ביז די ראַנדן אָנגעגאָסן מיט אַ רויִקער, אומגעשטערטער שטילקייט.

די ערשטע זון־שטראַלן פֿאַרציִען מיט אַ גינגאָלדענעם שפּינוועבס דעם שפּיגלדיקן יאַם, דעם טאָל, וואָס ציט זיך אַף צאָפֿן. אַמאָל האָט אָט דער טאָל געהייסן קוטשוג־אוזען, איצט רופֿט מען אים פּאָשעט „מאַלאַיאַ רעטשקאַ“, דאָס הייסט „ס'קליינע טײַכל“.

איך קלעטער איבער די בערג אַלץ העכער און העכער, ביז איך גיי אַרויס צו אַ נידעריקן שפּײַכלער. ענגלעך דערזע איך דאָס, וואָס איך האָב געזוכט: אַ קליינעם בעטאָנירטן פּלאַץ, וועלכער איז פֿונדערווײַטן ענלעך צו אַ העל־ברוינעם פֿלעק, און אַף אים — מיט צעשפּרייטע פֿליגל — אַ העליקאָפּטער.

אין אַ ספּעציִעלן בונקער אין פּיוזעליאַזש שיט מען אַרײַן אַ געלבלעכן פּראָשעק. אַ לײַכט, שטויביק וואָלקנדל הייבט זיך אויף איבערן אַעראָפּלאַן און בלײַבט הענגען אין דער לופֿטן.

איך זעץ זיך אַוועק הינטערן פּילאָט. מיט אַ טומל און מיט אַ גערויש הייבן זיך אָן דרייען באַ אונדז איבער די קעפּ די גרויסע פֿליגל.

און אָט שווימען שוין פֿאַרבײַ אונטער אונדז די ווײַנטרויבן־פּלאַנטאַציעס. דער פּילאָט קוועטשט אָן אַף אַ הענטל, און אונטער אונדז צעפּעכערט זיך ווײַט און ברייט אַ רויכיק וואָלקנדל. עס וויכערט און קנוילט זיך אין דער לופֿט און לאָזט זיך לאַנגזאַם אַראָפּ אַף די קוסטעס, לייגט זיך אויס איבער די פּלאַנטאַציעס — אַ זיכערע שוץ קעגן קראַנקייַטן און שעדיקער.

דער פּראָשעק אין בונקער האָט זיך געענדיקט. דער אַעראָפּלאַן האָט זיך אויפֿגעהויבן העכער און איז אַוועק לענגאויס דעם ברעג נאָך אַ נײַער פּאָרציע.

פֿון לינקס האָט געשוימט דער יאַם, און פֿון רעכטס זײַנען אונטער אונדז פֿאַרבײַגעשווומען ווײַנגערטנער, טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס, ס'האָבן זיך געוויגט סעדער און גערטנער.

וויפֿל טאָגטעגלעכע שווערע האָרעוואַניע דאַרף אַרײַנלייגן דער מענטש אין אָט דער ערד, זי זאָל אים אָפּגעבן אַזויפֿיל פּרוכט. דאָ זײַנען ניטאָ קיין גלײַכע ראַכוועסדיקע באַקוועמע פֿעלדער. די פֿלאַם־פֿײַערדיקע מעכטיקע סטיכיִעס, וואָס האָבן געבושעוועט אַף אונדזער פּלאַנעטע אין די צײַטן פֿון איר יוגנט, האָבן דאָ אַלץ אויפֿגעריסן, צעקאַרדאַשעט, איבערגעלאָזן נאָך זיך אַ פֿאַרגליווערטן שטיינערנעם כאַאָס.

מיר פֿליִען, און אונטער אונדז, צווישן די צעוואָרפֿענע יִשוווים פֿונעם סאָווירט — צווישן ריבאַטשי, מאַלאָרעטשענקאַ, סאָלנעטשנאָגאָרסק, — הייבן זיך הויקערדיקע בערג און בערגלעך, שפּרייטן זיך טאָלן, דורכגעשניטענע מיט טיפֿע באַלקעס און ריוון. און אין אַ זײַט, נעענטער צום העכסטן באַרג־רוקן, צו דער יאַילאַ, — טוליען זיך צום וואַסערפֿאַל דזשור־דזשור די סעדער פֿון נאָך איין אָפּטיילונג פֿונעם סאָווירט — גענעראַלסקי.

— אונדזערע ערד־מאַסיוון, — האָט מיר אינדערפֿרי געזאָגט קורצמאַן, — זײַנען ווי טרעפּלעך פֿון אַ גיגאַנטישן לייטער, וואָס ציט זיך פֿון צוואַנציק ביז זעקס הונדערט מעטער איבערן יאַם־ניוואָ...

ווײַזט אויס, אַז יעפֿים מאָיסייעוויטש האָט זיך זײַן אייגענעם טײַטש פֿונעם וואָרט „מאַסיוו“. ווי קאָן מען דאָ גאָר ריידן וועגן מאַסיוון, אַז די 164 העקטאַר גערטענער, וואָס דער סאָווירט פֿאַרמאָגט, באַשטייען פֿון 228 באַצירקן די גרייס יעדערער פֿון 1,0 ביז 4,5 העקטאַר?..

דאָס איז די אַריפֿמעטיק פֿון לאַטעס, וואָס די נאַטור אַליין האָט געלייגט אַף די בגאָדים פֿון דער פּלאַנעטע. גרויסע און קליינע לאַטעס, גרויע און שוואַרצע, מיט אַ פֿאַרשיידענער מיקראָ־פֿלאָרע, מיט אַ פֿאַרשיידענעם כימישן באַשטאַנד. הײַנט די אָפּהאַנגען!

די נאַטור, פּונקט ווי זי וואָלט זיך דאָ בעקיוון געריצט מיט די מענטשן, האָט געגעבן אַ שלאָל מיט זון און וואַרעמקײַט, פֿאַרשטעלט דאָס דאָזיקע ווינקל פֿונעם האַלב־אינדזל קרים מיט בערג, אַז פֿון צאָפֿן זאָלן זיך אהער ניט קאָנען אַרײַנרײַסן קאַלטע שטראָמען לופֿט. דערפֿאַר האָט זי אָפּצולאָכעס געגעבן אַ קאַרגע נאָרמע וואַסער און ווינטן, וואָס ווילן פֿון קיין רו ניט וויסן. זיי רײַסן אַראָפּ דעם פּרוכטבאַרן שיכט שוואַרצערד פֿון באָדן. אַנומלטן האָט דער הוראַגאַן אַוועקגעשלעפּט אין יאַם אַרײַן... אַ טראַקטאָר.

פֿרעגט זיך, וואָס קאָנען דאָ אויפֿטאָן מאַשינעס? דוכט זיך, גאָרניט, אָדער קימאַט גאָרניט. דוכט זיך, אַז בלויז הענט, הענט און ווײַטער גאָרנישט, קאָנען בײַקומען די קאַפּריזן פֿון דער נאַטור און די אַקשאָנעס פֿון דער ערד.

בלויז הענט? ניין. געדאַנק און ווילן, דער אַלגעמיינער און איינהייטלעכער ווילן פון א קאָלעקטיוו מענטשן. בלויז דאָס.

ווײַל ווי דען אַנדערש דערקלערט מען דעם פאַקט, וואָס צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דאָרעם־קרים האָט זיך דעם סאָווירט „מאַלאָרעטשענסקי“ אײַנגעגעבן צו מעכאַניזירן די באַאַרבעטונג פון דעם באָדן אין די ווײַנגערטנער אויף 100 פּראָצענט, אין די סעדער — אויף 80 פּראָצענט, אויף די טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס — אויף 70 פּראָצענט!

ווי יעטווידער אַנדערער, האָט אויך דער דאָזיקער פאַקט זײַן געשיכטע.

דעקאַבער 1953. אין דעם ענגן, קלייניקן קלוב פונעם קאָלווירט אויף לעגינס נאָמען, וואָס פאַרייניקט די יישובים סאָלנעטשנאָגאָרסק און מאַלאָרעטשענקאַ, גייט א פאַרזאַמלונג.

מע ווײַלט א נײַעם פאָרזיצער.

אינעם אַנגערויכערטן זאַל זײַנען געזעסן מענטשן, וועלכע זײַנען געקומען אַהער קיין קרים פון הינטער וויניצע און גאָרקי, וואָראָניעזש און קורסק, קובאַן און בעלגאָראָד. איבערוואַנדערער... זיי זײַנען געקומען פון פאַרשיידענע קאָלווירטן — גוטע, מיטלמעסיקע, מערסטנס שוואַכע, — וואָס זײַנען פאַראָרעמט געוואָרן אין דער צײַט פון דער מילכאָמע. עס זײַנען געפאָרן מאַנצבלען און פרויען, דעריקער פרויען מיט קינדער, בא וועלכע די מילכאָמע האָט אָפּגערויבט דעם ברויטגעבער. מע איז געפאָרן נאָך א בעסערער דאָליע, אָבער ניט אויף גרייטן. מע האָט געוווּסט: מע וועט דאַרפן א האָרעווע טאָן, נאָר דאָס האָט ניט געשראָקן.

ס'איז געווען סאָף 1945. רויִנירטע שטעט... כאָרעווע דערפער... דאָס לאַנד האָט געהאָלפן די איבערוואַנדערער מיט וואָס עס האָט געקאָנט.

און דאָך האָט מען זיך מיט גרויסע שוועריקײַטן צוגעוווינט צום נײַעם אָרט. ניט געווען דאָ ניט קיין וואַלד, ניט קיין טײַך מיט הויכן טשערעט, ניט קיין היימישע סאַזשלקע. ווי ווײַט דאָס אויג האָט געכאַפּט, האָט זיך געוויגט דער יאַם, אַמאָל א בלויער, אַמאָל א גרויער און אַמאָל אַפילע א שוואַרצער. פון רעכטס, פון לינקס, פון הינטן האָבן זיך געהויבן בערג.

— ווו זשע וואַקסן זיי, די ווײַנטרויבן?

נאַקעטע, אויסגעדייוועטע, אָדערדיקע שטעקענער, אָן בלעטער, אָן צווײַגן — אויף זיי דאַרפן וואַקסן ווײַנטרויבן. ניט קיין בוים און ניט קיין קוסט.

ווי נעמט מען זיך פאַר זיי, פאַר אָט די שטעקענער?

אַזוי זײַנען אַוועק כאָדאָשים, יאָרן. כאַיונע האָט מען געהאַט אין גרונט פון כאַפּן פיש און פון אַרבעטן אויף דער אייגענער נאַכלע.

און אָט האָט מען געשיקט א נײַעם פאָרזיצער. פאַר אים זײַנען געווען פיר. דער האָט געזאָלט זײַן דער פינפטער, אויב מע וועט אים אויסקלײַבן.

אין זאַל איז געווען טומלדיק.

יענער, וואָס האָט געזאָלט, אויב מע וועט אים אויסקלײַבן, ווערן דער פינפטער, איז געזעסן אויף דער בינע, זיך צוגעקוקט, זיך צוגעהערט. קיינעם האָט ער דאָ ניט געקאָנט און קיינער האָט אים ניט געקאָנט.

אָט זײַנען זיי, די מענטשן, מיט וועלכע ער וועט דאַרפן אַרבעטן: פאַרברוינטע, פאַרווינטיקטע פּנעמער, אויסגעהאָרעוועטע, שווערע הענט און אויגן — שטרענגע, מאָנענדיקע.

אַלס פאָרזיצער האָט דער ראַיקאָם רעקאָמענדירט די פאַרזאַמלטע קורצמאַנען, אַן אַגראָנאָם, וואָס האָט געענדיקט דעם קרימער לאַנדווירטשאַפטלעכן אינסטיטוט.

עס זײַנען אַרויסגעטראָטן קאָלווירטניקעס, קאָלווירטניצעס, גערעדט בייז, מיט קאַס:

— וויפל זײַנען שוין געווען פאָרזיצערס, און בעסער איז ניט געוואָרן.

פון זאַל האָבן זיך געטראָגן שאַרפע רעפּליקעס, כוויזעקדיקע פראַגעס:

— אויף גאַסטראָלן געקומען, צי וואָס?

קורצמאַן האָט געענטפערט רויִק, גוטמוטיק, פונקט ווי ער זאָל ניט באַמערקן דעם טאָן, מיט וועלכן די פראַגעס זײַנען געשטעלט געוואָרן.

— מעגלעך. דאָס וועט זײַן אָפּהענגיק פון אײַך ניט ווייניקער, ווי פון מיר. נאָר צושרײַבן שרײַב איך זיך דאָ צו אויף שטענדיק.

— און וואָס הערט זיך מיקויעך מאַכן א קויסע? איר האַלט ניט דערפון?

— פאַרוואָס? עס מאַכט זיך אַמאָל, מע נעמט אין מויל אַרײַן. איך בין אויך א לעבעדיקער מענטש. נאָר איך ווייס וויפל און ווען.

ווען די אָפּשטימונג האָט זיך געענדיקט, האָט דער נײַער פאָרזיצער זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— אין אַזעלכע פאַלן זאָגט מען: „א דאַנק פאַרן צוטרוי“. איך וועל דאָס ניט זאָגן. פאַרוואָס זאָלט איר מיר, אייגנטלעך, טרויען? קיין צוזאָגן וועט איר פון מיר אויך ניט הערן, און די לאַגע

פון קאַלווירט ווייסט איר דאָך אוודאי בעסער פון מיר. דער פּלאַן איז אפילו אָף האַלב ניט אויסגעפילט. כּיוועס — צוויי מיליאָן רובל... מיט וואָס צעצאַלט מען זיך?

ער איז אָף א ר׳געג אַנטשוויגן געוואָרן, האָט, ווי זײַן טעווע איז, א ביסל צוגעזשמורעט די אויגן. עפּעס איז אין זײַן גאַנצן אָנבליק געווען אַזוינס, וואָס האָט געצוווּנגען די מענטשן שווײַגנדיק צוהערן זיך צו זײַנע רייד.

— וועט איר דאָך פרעגן, וואָס בין איך געקומען אהער, צו א פּוסטן טעלער? די פּאַרטיי האָט געשיקט. דעם טעלער קאָן מען אָנפילן, די ווירטשאַפט אופהייבן. וויאַזוי?

ער האָט אויסגעמאָלט א בילד פון א ריכטיק אָרגאַניזירטער ווירטשאַפט:

— אײַער רײַכטום, — און האָט זיך גלײַך פאַרכאַפּט, — אונדזער רײַכטום — דאָס איז די ערד. גוט, וואָס איר טרויט מיר איצט ניט. גלייבט אין אײַערע אייגענע קויכעס. דעריקער איז איצט — אַרבעטן. אַלע זאָלן אַרבעטן און אַלע זאָלן זיך לערנען.

מער קיין פּראָגנאָזן האָט מען אים ניט געשטעלט. און אָף מאָרגן איז קורצמאַן צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

קורצמאַן האָט געוווינט דערווײַל בא יענעם. די מישפּאָכע האָט ער נאָך ניט אַראָפּגעבראַכט. נאָר א שטוב האָט ער גלײַך אָנגעהויבן בויען, מענטשן זאָלן זען: ער איז געקומען אהער ניט אָף קיין „גאַסטראָלן".

אופשטיין פלעגט ער פאַרטאָג און זיך לייגן שלאָפן שפּעט באַנאַכט, געאַרבעט אַזויפיל וויפל א מענטש קאָן, און א ביסל מערער.

ער האָט קעסיידער געכעזשבנט, געמאָסטן און טאַקע געוווּיגן אויך, פאַרשריבן א זײַט נאָך א זײַט: הויצאָעס, האַכנאָסעס, אַזויפיל וועט באַקומען דער קאָלווירט און אַזויפיל די מעלוכע.



דאָס איז געווען א פּינקטלעכער כעזשבן — וואָס און ווען מע דאַרף האָבן, קעדיי געוויגען די שלאַכט פאַר א הויכער גערעטעניש.

קורצמאַנען איז געוואָרן א סאַך לײַכטער צו אַרבעטן, ווען אין קאָלווירט איז געקומען דער נײַער פּאַרטאָרג מיכאַיל דראָבישעוו, א קלוגער, האַרציקער מענטש.

קיין איין פאַרזיצער, ער זאָל אפילו זײַן א „גאָלדענער", וואָלט ניט געקענט ראַדיקאַל ענדערן דאָס לעבן פון א קאָלווירט אָן דער הילף פונעם גאַנצן קאָלעקטיוו. אָט דאָס איז דאָך טאַקע די קונסט פון אָנפירונג — אופוועקן אין די מענטשן דעם גלויבן אין זיך, אין דער אַרבעט.

יעפים קורצמאַנען האָט זיך עס אײַנגעגעבן צו טאָן.

אין איינעם א טאָג בין איך צופעליק אַרײַנגעגאַנגען צו קורצמאַנען אין קאַבינעט. א סאַך טשיקאַווע זאַכן האָב איך דאָרט געזען.

...אין דינע אויסגעצוויטעטע זומערדיקע קליידער, פאַרברוינטע, זײַנען צו דער פאַרוואַלטונג געגאַנגען פּרויען.

— ווו איז דאָ דער דירעקטאָר? — פרעגט מען באַם אַרײַנקומען מיט אַ שמייכל.

— וויבאַלד איר זײַט זיך מאַטריִעך געווען און זײַט געקומען, וועלן מיר שוין זען געפינען אַ דירעקטאָר פון אײַערטוועגן, — קורצמאַן הייבט זיך אויף זיי אַנטקעגן.

עס הייבט זיך אָן אַ שמועס.

— ווו איז יוישער, יעפים מאָיסייעוויטש, אַלציינע נאָרמעס אי אַף אַ גוטן באַצירק, אי אַף הוילע שטיינער? האַ, ווי מיינט איר?

— די נאָרמעס זײַנען מעלוכישע, נאָר גערעכט זײַט איר. מיר וועלן שוין אַ טראַכט טאָן...

...אין קאַבינעט באַווײַזט זיך בלאָכין, דער פאַרוואַלטער פון „גענעראַלסק" — אַן אָפּטיילונג פון סאָווירט. עס קומט פאָר אַ קורצער דיִאַלאָג:

קורצמאַן: זאָג מיר נאָר, כּאַווער בלאָכין, וועלכע באַרן האָסטו מער ליב, גרינע אָדער צײַטיקע?

בלאָכין (אַ ביסל פאַרוווּנדערט). נו, האַלעמײַ זאָל איך זאָגן, אַוואַדע זײַנען צײַטיקע געשמאַקער.

קורצמאַן: וואָס רעדסטו? איך שטעל זיך פאָר, אַז אין לענינגראַד און אין קיִעוו זײַנען זיי אויך מעווינים... די מאַשין ניט סאָרטירטע באַרן, וואָס דו האָסט צוגעשיקט אַפן צענטראַלן סקלאַד, האָב איך געהייסן דיר אומקערן. האָסט מיך פאַרשטאַנען?

בלאָכין גייט אַוועק אַ פאַרשעמטער.

... — אַ, כאַווײרים קאָסמאָנאַווטן! קומט אַרײַן, — הייבט זיך דער דירעקטאָר אויף אַנטקעגן צוויי עלטערע אַרבעטער אין אָפּגעטראָגענע ספּעצאָווקעס. — זעצט זיך צו! אַלץ וועט זײַן אין אָרדענונג. איר וועט איצט באַקומען אַ פעסטן געהאַלט, — ער רופט אָן אַ סומע, — ניט געקריוודעט אײַך? נו, איז אַוואַדע גוט. אַרבעט רויִק.

זיי גייען אַוועק צופרידענע. פאַרוואָס עפּעס „קאָסמאָנאַווטן"?

— בויער זײַנען זיי. צוויי גוטע־ברידער. ווו מע שיקט זיי, אַהין גייען זיי. נו, האָט מען זיי אַ צונעמעניש געגעבן „קאָסמאָנאַווטן". איר פאַרשטייט, מע האָט זיי באַאוולט מיטן געהאַלט. און זיי זײַנען אַזעלכע מענטשן, אַז זיי וועלן זיך קיינמאָל ניט קלאָגן... איצט איז אַלץ אין אָרדענונג... — דעם דירעקטאָרס אויגן לויכטן פון פאַרגעניגן.

...עס קומט די ריי פון דעם הויפּט־אַגראָנאָם. ער פרעגט, צי זאָל מען שיקן אַף דער רעפּובליקאַנישער אויסשטעלונג מוסטערן פון אַלע פּרוכטן.

— ניין, — פאַראָרדנט קורצמאַן, — בלויז ווײַנטרויבן.

— יאָ, אָבער אין פּאַפּירל שטייט דאָך געשריבן, אַז באַרן אויך.

— פּאַפּירלעך שרײַבט מען פאַר אַלעמען קעסיידער, און פּרוכטן זײַנען באַ יעדן פאַרשיידענע. ווײַנטרויבן זײַנען באַ אונדז אויסגעצייכנטע, און באַרן — אַזוי זיך, אַ קנאַפּע מעציִע...

...דער לעצטער איז געקומען אַ יונג באָכערל, געבעטן נעמען אַף אַרבעט, פאַר אַ טראַקטאָריסט. קורצמאַן האָט אויפמערקזאַם זיך באַקאַנט מיט זײַנע דאָקומענטן.

— מיר קאָנען אײַך נעמען.

— אַף אַ וועלכן טראַקטאָר?

— צוערשט אַף אַ פּאָשעטן „עלשאַ".

דאָס קלײַענדיקע פּאָנעם באַם באָכערל פאַרקרימט זיך.

— אָט וואָס, טײַערער, — זאָגט אים ווייך, ווי אַ טאַטע, קורצמאַן, — קוידעמקאָל דאַרפן מיר וויסן, וויִאַזוי אַ מענטש באַציט זיך צו דער אַרבעט, צו יעדער אַרבעט. אין צוויי וואָכן אַרום וועט מען זען...

דאָס באָכערל טראַכט ניט לאַנג. דער דירעקטאָר פון „מאַלאָרעטשענסקי" האָט אַ שעם פון אַ וואָרטס־מענטש...

קימאַט צוויי שאָ בין איך אָפּגעזעסן באַ קורצמאַנען אין קאַבינעט. דער אַרבעטסטאָג האָט זיך שוין לאַנג געענדיקט. שאָטנס האָבן זיך אויסגעלייגט אַפן דירעקטאָרס פּאָנעם, אונטער די אויגן, אין די ווינקלען פון מויל. ער איז מיד געוואָרן, אָבער, ווי פריִער, האָט ער ווידער עמעצן אויסגעהערט געדולדיק און אויפמערקזאַם.

איך האָב ניט אויסגעהאַלטן און שטיל אַ זאָג געטאָן, גיכער צו זיך אַליין, ווי צו אים:

— נו, אַ שטיקל אַרבעט באַ אײַך, יעפים מאָיסייעוויטש...

קורצמאַן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און קוים צו באַמערקן אַ שמייכל געטאָן.

אין די קורצע שאָען פון אָפּרו האָט קורצמאַן ליב זיך אַראָפּלאָזן צום יאַם.

פון דעם דירעקטאָרס שטוב צום יאַם פירט א שמאָל געסעלע, א פאַרפּרעסטס צווישן צוויי ווענט סעדער. צוויי־דריי מינוט, און ביסט שוין אַפן ברעג.

מע קאָן קומען אהער קאַיאָר, ווען אַלץ שלאָפט נאָך. די זון גיט וועגן זיך צו וויסן בלויז מיט א שוואַכער ראָזער שײַן באַם האָריזאָנט. פון די כוואַליעס ווייעט מיט פאַרטאָגיקער שטילקײַט.

מע קאָן אויך טאָן אנדערש. נאָך דעם טומלדיקן טאָג אַרבעט, אָוונט־צו, זיך אַראָפּכאַפּן צום יאַם, אוועקזעצן זיך אַף די אָנגעוואַרעמטע שטיינער און שווײַגן, און קוקן, ווי עס ווערן אויס־געלאָשן די לעצטע שטראַלן...

ס'איז גוט אַזוי אָפּטוקן אין די רויִקע כוואַליעס דעם מידן קערפּער, א פאַרשוויצטן און פאַרשטויבטן פאַר דעם טאָג אַרומפאָרן און אַרומשפּאַנען באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ, און דער־נאָך זיך ווידער אַוועקלייגן אַף די שטיינער, וואָס ווען נאָך לאַנג פאַרהיטן אין זיך די זוניקע היץ.

יעפים מאָיסייעוויטש פאַרמאַכט די אויגן.

שוין אַזאַ גרויס לעבן אָפּגעלעבט, איז דאָ וועגן וואָס זיך צו דערמאָנען: דאָס שטעטעלע אין אוקראַינע, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן דרײַ יאָר פאַרן ערשטן וועלט־קריג; דעם טאַטן דעם סטאָליער, וועלכער איז אין 1913 אַוועק קיין אַרגענטינע זוכן גליקן, ווײַל אין דער היים האָט טאָמיד געפעלט פּאַרנאָסע, אַוועק און איז ניט געקומען. קיינער ווייסט ניט, וואָס עס איז מיט אים געשען אין דער פרעמד.

אַרבעטן האָט כאַיִמקע אָנגעהויבן פרי. פאַרענדיקט בלויז דרײַ קלאַסן. געווען א יִינגל, ווי אַלע יִינגלעך פון זײַן דאָר: פּריִער א פּיִאָנער, דערנאָך א קאָמיוגיסט. געדינט אין דער אַרמיי. געלערנט זיך ווען און ווו עס האָט זיך געלאָזן. ענדיקן דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן אינסטיטוט אין סימפעראָפּאָל האָט ער ניט באַוויזן. די מילכאָמע האָט זיך אַרײַנגעריסן. דרײַ כאָדאָשים פאַרן באַקומען דעם דיפּלאָם האָט קורצמאַן ווידער אָנגעטאָן דאָס סאָלדאַטסקע העמדל.

העלדישע און ביטערע מילכאָמע־יאָרן. אַן אינסטרוקטאָר פונעם פּאָליט־אָפּטייל אין א טאַנ־קען־פּאָלק, האָט זיך קורצמאַן געשלאָגן אונטער פּערעקאָפּ, בא סעוואַסטאָפּאָל. ער איז אַרײַנ־געפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. געלאָפן, געבליבן שטעקן ערגעץ אין א דאָרף אין זאַפּאָראָזשער געגנט.

קורצמאַן, איצט „טימאָכא קאַראַבקאָוו", האָט געפּאַשעט די סטאַדע אין דאָרף, נאָר די פויע־רים האָבן געוווּסט, אַז טימאָכע קלײַבט שטילערהייט די פלוג־בלעטלעך, וואָס עס ווארפן אַראָפּ סאָוועטישע עראָפּלאַנען, טיילט זיי דערנאָך פאַנאַנדער צווישן זיכערע מענטשן, ווייסט אַמאָל צו דערציילן, וואָס עס ווערט געזאָגט אין די סוואָדקעס פון סאָווינפאָרמביוראָ.

אין 1943 איז ער אַוועק אַנטקעגן אונדזערע אָנגרײַפנדיקע טיילן. דער וועג איז געווען א שווערער און א געפערלעכער. שווער פאַרוווּנדעט אין ברוסט, איז טימאָכע אַריבער די פראָנט־ליניע און איז נאָכדעם אָנדערהאַלבן יאָר אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל.

ווען ער האָט זיך אומגעקערט צום לעבן, איז שוין געווען אויס מילכאָמע. ער האָט פאַרענ־דיקט דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן אינסטיטוט.

וויפל דאָרף א מענטש צײַט, ער זאָל אין דימיען דורכבלעטערן זײַן לעבן? מינוטן?.. אָבער דורכלעבן עס...

מיט געמאָסטענע טריט הייבט זיך יעפים מאָיסייעוויטש אויף אַפן באַרג, און פאַר אים שפּרייט זיך אויס די באַקאַנטע פּאַנאָראַמע: וויִסע, מיט שיפער געדעקטע הײַזער, די עלעקטראָסטאַנציע, דער ווײַן־זאַוואָד, די גאָרקיך, די גלײַכע שאָטנדיקע גאַסן...

עס גייען פאַרבײַ מענטשן, און אַלע זײַנען זיי מיט עפּעס ביז גאָר וויכטיקס פאַרנומען, אין יעדערנס גאַנג פילט זיך א רויִקײַט, א זיכערקײַט.

א לאַנגער און א שווערער וועג האָט געפירט צו דער דאָזיקער זיכערקײַט. ערשט ניט לאַנג האָט דער קאָלווירט אַראָפּגענומען אין דורכשניט צו 28 צענטנער ווײַנטרויבן פון א העקטאַר. איצט נעמט ער אַראָפּ אין פיר מאָל מער — 81 צענטנער.

פאַר דער הויכער גערעטעניש איז א גרופּע אַרבעטער פון סאָווירט באַלוינט געוואָרן, קורצ־מאַן האָט באַקומען אַן אָרדען פון דער רויטער אַרבעטס־פאָן.

נאָכאַמאָל בין איך אין מאַלאָרעטשענקאַ געקומען אין האַרבסט, ווען די ערד גיט אָפּ איר דופּטיקע זיסע בראָכע דעם, וואָס האָט צוגעלייגט צו איר די מי פון זײַנע הענט, די קלאָרקײַט פון זײַן פאַרשטאַנד, די וואַרעמקײַט פון זײַן האַרצן. יעדער ווײַנטרויב, יעדע באַר, יעדער עפּל — דאָס איז א פּיצינקע זון, וועלכע האָט זיך אָנגעגאָסן מיט זאַפט באַם יאַם, אין די טאָלן, אַרומגע־רינגלטע מיט בערג.

וווהין איר זאָלט ניט קומען אין אַט דער צײַט, אין יעדער בריגאַדע — אומעטום וועט אײַך אַ גיי טאָן אַנטקעגן פריידי, גוטער אַזאַרט, וועלכע ווערן דאָ געבוירן יעדן האַרבסט, ווען אין די קרוינען פון דיביימער צעפּלאַקערט זיך די רעגנבויגנדיקע פילקאָליריקייט פון די פּרוכטן, ווען פון די קוסטעס לויכטן אַראָפּ דורכזיכטיקע הענגלעך ווײַנטרויבן.

אין מאַלאָרעטשענקאַ האָב איך דאָס מאָל ניט באַגעגנט אײניקע באַקאַנטע.

— וווּ איז מיכאיל ניקאָלײַעוויטש מאַטווייענקאָ? איך האָב אים עפּעס אין ערגעץ ניט געזען? — פרעג איך בא קורצמאַנען.

— ער איז אַליין געוואָרן אַ דירעקטאָר אין סאָווירט „סאָלנעטשנאַיאַ דאָלינאַ"[1]. איר האָט געמיינט, בא אונדז וואַקסן נאָר ווײַנטרויבן?.. מענטשן אויך.

יאָ, דאָס איז אויך אַ געוועקס פון דער ערד — אַ גערע־טעניש. עפּשער די סאַמע וויכ־טיקסטע...

ס'איז האַרבסט...

עס טראָגן זיך איבער די וועגן — באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ — געפּאַקטע ביז די ראַנדן



אויטאָמאַשינעס, עס טראַסקען לאַנגע געקאָוועטע וואַגענער. זיי פירן קעסטלעך מיטן זוניקן, בונטן גאָב פון דער קרימער ערד: רויטע פּאָמידאָרן, גאָל־דיק־־ראָזע פערשקעס, געלב־לעכע, מיטן אָפּשײַן פון יאַמי־שער גרינקייט, ווײַנטרויבן.

---

[1] זוניקער טאָל.

# צום 75־טן געבורטסטאָג פון לייב קוויטקאָ



## מיט מײַן לאנד

ווער סע נעמט מײַן פאָלק באזונדער פון מײַן לאנד,
אין יענעם קלאפּט קיין בלוט ניט אין דעם אָדער.
ווער סע נעמט מײַן וואָרט באזונדער פון מײַן לאנד —
א יענער נעמט די שאָלעכץ אָנעם אָדער.

אין דיר, מײַן לאנד, איז גרויס מײַן פאָלק,
און ראָכל טאנצט מיט אירע קינדער, —
אָן דיר, מײַן לאנד, איז קליין מײַן פאָלק, —
און ראָכל וויינט אף אירע קינדער.

ס׳פאָלק שטייט אויף פארטאָג אף גליק פאר זיך און לאנד,
און שלײַפט מיר אָן דאָס וואָרט ביז שארף און גלאנציק.
כ׳האלט עס, ווי געווער, אף וואך דעם פאָלק און לאנד
און היט עס אָפּ פאר זיי, ווי זייער פלאנצונג.

אָן דיר, מײַן לאנד, איז פוסט מײַן וואָרט, —
און ראָכל זאָגט עס ניט די קינדער.
מיט דיר, מײַן לאנד, לעבט אויף מײַן וואָרט, —
און ראָכל זינגט עס מיט די קינדער!

1947

## ווי פאַרכאַפּנדיק איז דאָס געפיל...

ווי פאַרכאַפּנדיק איז דאָס געפיל
פון זיַין באַנייַס!
אייד'לער פונעם הויך פון רויזן,
שאַרפער פונעם שווערד דעם בלויזן,
כּעדוועדיקער פונעם לאָשעק
אויפן זונעדיקן פליין,
און אַנדערש נאָך —
מיט עפּעס גאָר אַ פליגלדיקן כּיין,
וואָס פלעט און פלעפּט און אייניקט
און אינדערלופטן רייַסט —
אַזאַ איז דאָס געפיל פון זיַין באַנייַס!
נאָר מיר איז דאָס ביז ווייטעק ווייניק.

איר זאָגט, איך פלעג דערציילן שיין,
פון וואָס באַשטיי'ן
די פליגעלעך באַ די ליבעלן;
אַז איך פאַרטייַטשן פלעג דעם סאָד,
ווי ס'קלייַבן זיך אַרויף אַנטקעגן שטראָם
פון וואַסערפאַל פאָרעלן.
אַז כ'האָב געהערט, וואָס גראָזן שושקען זיך,
בייס זיי וואַקסן,
און ווי סע דרייען זיך די זון־בלומען
אַרום די אַקסן,
ווי פּאָזעמקעס צעלאַכן זיך,
ווען פאַרטיקע זיי ווערן,
ווי נאַקעט פילן זיך
די פרישע מערן,
און אַרויסגעשטויסענע פון שויט —
דער באָב —
דאָס אַלץ איז אויסגעהוילט שוין פון מיַין קאָפּ.
איצט איז פול מיט סאַם מיַין בלוט,
מיַין האַרץ איז דורך און דורכגעשטאָכן,
און יעדער וואָרט מיַינס
פּרוּוו איך, ווי סע פּרוּווט אַ רוט,
ביז זי האַלט ניט אויס און ווערט צעבראָכן.

מיר שטייט אין האַלדז דאָס ווײ־געשריי
אין יענעם בלייַקן פרימאָרגן,
ווען לייַט אין הענטשן, ווייַס ווי שניי,
די קינדער לויט אַ ריי האָבן געוואָרגן.

1948

## געצייַג

אָך, איז דאָ אַ האַק באַם שאָכן מיַינעם בעני שענקער,
נאָך אַזאַ מין האַק איך טו דאָך שטענדיק בענקען.
נאָך אַזאַ מין גרינגער שווערקייַט, נאָך אַזאַ מין שאַרף,
מיט אַזאַ מין טיפן אייַנבייַס — פּונקט ווי איך באַדאַרף.

סאָסנע בראָקט זי ווי די לאָקשן, יאָדלעס שניצט זי גרינג,
ווי דער כאַלעף באַ דער באָרד איז זי איידל, פלינק,
ווי מע שנייַדט אַ קאָרנלעקעך, שנייַדט זי פרישן דעמב,
גלייַכסט אַ טיש מיט איר אַרום, ווי מיט דער שער אַ העמד.

כ'האָב געהאַלטן אין די הענט זי, האָט זי מיר געשפּילט.
אויפן האָלץ די ווונטשן מיַינע אַלע אויסגעפּילט.
אויסגעפּילט און אויסגעשפּילט און אויסגעטאַנצט און שטראַלט.
ווער סע האָט אַזאַ מין האַק — איז יענעמס דאָך דער וואַלד!
טוט מען אַזאַ הייב מיט איר, אַ פּאַכע, ווען מע דאַרף,
אוי, בין איך דעם פרייַנט מעקאַנע, וואָס זיַין האַק איז שאַרף!

ס'האָט זיך זייער ניט געוואָלט מיר מיט דער האַק צעשיידן,
נאָר צעשיידן פאָרט געמוזט זיך — לייַט זאָלן ניט ריידן:
„פאַר אַ האַק אַן אייגענער דאַרף אַ מענטש זיך זאָרגן!"
אַ געמוטשעט לעבן איז אַ האַק באַ יענעם באָרגן.

1946

## כ'האָב נאָך א פּאָר גוטע יאָר

כ'האָב נאָך א פּאָר גוטע,
יונגע יאָר!
פרייילעכקייט און סימכע פּאַסט מיר נאָך!
מיידלעך מעסטן זייער שלאַנקייט צו מײַן שטאָלץ
און שלינגען מײַנע רייד,
ווי הייסע שטיקלעך גינגאָלד.
אָן קאָפּוויטעק,
אָן צאָנוויטעק
און לאַכלוטן אָן כאַלוימעס.

פאַר מײַלן־ווײַט דערשמעק איך שוין א שטוב,
ווו געזונטע מי די קויכעס קוויקט,
ווו סע ראַשטשיינעט מולטערס ברויט
מיט שטאָלצן ריר א יונגע פרוי,
איך דערקען פאַרליבטע יוגנט אין די וויִעס,
און רייעך פון יאָמטעוו אף די ליפּן פון מײַן
ווײַב.

ווער זשע וועט זיך אײַנשטעלן
א פּיסל אונטערשטעלן?

אז מע שפּילט אין פאַנדעס,
און ס'ליגט א באַרג מיט רעגנבויגנס־מאַשקנס,
ארום דעם באַרג: —
די ראָד פון יונגע שפּילער,
און מע רופט מיך אויס —
איז וואָס?
איך גיב א וואָרף מײַן געזונט געלעכטער,
אָדער מײַן פאַריין־בילעט,
אָדער גאָר מיט איינס א צי אראָפּ —
מײַן העמד פון לײַב.
אז סע שטיקט זיך פרײַנט אין דומפּעניש פון
ווײַטע שלאַכטן,
אז א מידער אַקסל בעט, —
א פרישער זאָל פאַרבײַטן,
אז מערידע פּאַקט א לאַנד,
און קעמפט מיט פײַערדיקן קאַס
אקעגן דער פאַרשטאַרטער וואָרסע —
הילכט עס אין מיר אָפּ מיט קײַקלענדיקן הילך.

בין גרייט —
איך שטאַם פון שווערער האָרעוואַניע,
איך ברענג א דאָר א שטאַרקן,
וואָס שמיצן וועט די גרענעצן פון ערד, ווי
פאַרקנס,
וואָס לינדערן וועט אלע פּײַנען,
ער גייט!

1928

## כאַזערלעך

— אַנא־וואַנא, בריגאַדיר,
עפן אויף פון שטאַל די טיר!
ווײַז די נײַע, שיינע
כאַזערלעך די קליינע!

— שפּעטער, קינדער, כעוורעלײַט,
איצטער דאָ ניט ראַשן,
כ'האַלט דאָך איצט די כאַזערלעך
גראָד אינמיטן וואַשן.

— אַנא־וואַנא, בריגאַדיר,
עפן אויף פון שטאַל די טיר!
לאָז זיי דאָך א גלעט טאָן, —
מאָגערע צי פעטע?

— שפּעטער, קינדער, כעוורעלײַט,
האָט איר דען פאַרגעסן?
סע דאַרפן דאָך די כאַזערלעך
גראָדע איצטער עסן.

— אַנא־וואַנא, בריגאַדיר,
עפן אויף פון שטאַל די טיר!
גיכער שוין באַווײַז זיי, —
ראָזעווע צי ווײַסע?

— שפּעטער, קינדער, כעוורעלײַט,
שטילער, ניט געלאָפן,
כ'לייג אוועק די כאַזערלעך
גראָדע איצטער שלאָפן.

— אַנא־וואַנא, בריגאַדיר,
אלע קינדער בעטן דיך!

— שאַ־שאַ, כאַווײרימלעך,
סע שלאָפן די כאַזײרימלעך!
אָט־אָ רוען זיי זיך אויס, —
לאָז איך זיי צו אײַך ארויס!

1936

מוישע נאָטאָוויטש

# נאָך קוויטקאָס טריט

סאכאקל איז מיַין גאנץ פארמעגן נאָך די יוגנט,
מיַין געזאנג.

לייב קוויטקאָ

## 1

זייַן ערשטע לידער־זאַמלונג האָט קוויטקאָ אָנגערופן „טריט“ (1919). ער איז געקומען אין אונדזער דיכטונג אזוי, ווי ס'איז צו אים געקומען אין א ליד דאָס געשטאלט פונעם האמוינישן פאָלקסמענטש — מיט „אקשן־שפרייַז“ און „הארט שעליכעס“.

ארום אָט דעם געשטאלט האָבן זיך געוויקלט ניט בלויז קוויטקאָס סימבאָלישע זעונגען, נאָר אויך זייַנע דערמאָנונגען און די אידייען, וועלכע ער האָט פראָקלאמירט: „דער האמוין — מיַין געזונטער פאָטער“; „דער גראָב־איַיזן, מיַין פריַינט, איז שארף, און ערד איז פיַיכט און זאפטיק“. און נאָך — דאָס, וואָס עס איז געוואָרן די פאָן פון דער קוויטקאָ־טראדיציע אין אונדזער דיכטונג: „איך בין צוגעבונדן צו מיַין גרויסן היַינט“.

„אין מיַין טיפעניש לעבט נאָר איך“ — האָט לייב קוויטקאָ דערקלערט. ס'האָט ניט צו טאָן מיט איבזיכיזם. ס'איז די גאנצקיַיט און ווירדע פונעם מענטשן, וואָס דארף פון זיך „קיין רוכעס ניט פארטריַיבן“, כאָטש ער טראָגט נאָך „טויבן אומרו“ אינעם הארצן.

אין זיַין אומרו איז ער געווען קאָנצענטרירט, צונויפגעזאמלט. קוויטקאָס „טאנץ מיט דער שטילקיַיט“ אין זיַינער א בארימטער ליד איז שוין גאָר אן אנדערער, איידער דער סטיכייִש־העפקערדיקער טאנץ פון מוישע־לייב האלפערנס גאסן־פויקער. קעגן יענעם פארצווייפלט־עקסטאַטישן טאָפּטשען זיך, ווי אין א פארקישעפטן קריַיז, האָט קוויטקאָ ארויסגעשטעלט דעם היס־ליַיוועסדיק־זיכערן טאנץ פון א מענטשן, וואָס שפירט שוין דעם אָנקום פון רעוואָליוציע און טראָגט „אין בליק א שטרענג געדולד“.

מיט „שטיקלעך זאפטיק ערד אף אויגן“ נעמט דער דיכטער אוף די „שאָטנדלעך פון אלע פארבן“, פון „גאָרן הימלדיקן רעגנבויגן“, וויגנדיק זיַין הארץ אף זייער „שימער־וויג“; מיט די „ערד־פארלייגטע אויגן“ שמעקט ער די „רוימען־טיף“. אזוי האָט זיך אָנגעהויבן קוויטקאָס ערדישער וועג — פון אבסטראקטע שפירונגען און פאָרגעפילן — צו לעבנס־דערקענטעניש.

אין יענע יאָרן האָט די דיכטונג אָפט גערעדט אלגעבראיִש, מיט סימבאָלישע פאָרמולעס, ניט אָנווערנדיק דאָס בילדערישע, פאָעטיש־געשטאלטלעכע. מע דארף זיך פאנאנדערקליַיבן אין קוויטקאָס פארבן־שפיל, אין זיַין העל און טונקל. איינעם פון זיַינע פריִיקע לידער־ציקלען האָט ער אָנגערופן „פארבן“. מיט פארבן איז גרינגער איבערגעבן ניט נאָר לעבנס־קאָנטראסטן, נאָר אויך די „פילקאָלירירקע דעמאָן־שפיל, וואָס קומט פאָר אין יעדן פון אונדז“ (אלעקסאנדער בלאָק). „נעכט“ און „העלער שאָטן“ — דאָס זיַינען בעצעם די צוויי גרויסע קאָנטראסטן, וואָס האָבן סימבאָליזירט אין קוויטקאָס שאפן דעם „אָפגאנג“ און „אופגאנג“ פון לעבן.

ער האָט געשאפן זיַין „באנאכט אפן אלטן מארק“ (ציקל „מארקן“): „פון אלע פיר עקן צעוואָרפענער וועלט, דורך וועגן און געסלעך, מיט מאָכיקע טריט, קומען די נעכט אין געלאטעטן מארק“. אין דער שטרענגער מאָנאָטאָניק פון בילד און ריטם איז מיַיסטעריש פארקערפערט דער אָפגעלעבטער און אָפגייענדיקער שטייגער („אָפגעבליאקעוועטע פרעש“, „צעוואָרפענע פידאשיקעס“, „דער היַיזער־קריַיז ארום דעם מארק, ווי הענט פארבראָכענע אין שווערן צאר“).

אינעם לידער־ציקל „העלער שאָטן“ זעט שוין קוויטקאָ די שוועל צום „גרויסן היַינט“. דער לייטמאָטיוו פון אָט דעם ציקל: „כ'האָב א הארץ פון גאָלע זונען“. דאָס זיַינען לידער, פולע מיט ענערגיע און ברויז.

אין דער קריטיק ווערן אָפט די פארבן פון קוויטקאָס העל און טונקל באטראכט, ווי „אינהאלט־צעצווייטקייט, וואָס האָט, קלוימערשט, געפירט צו א צווייענדיקער פאָרם־ריכטונג". מע קאָן אָבער מעכאניש ניט פאנאנדערטיילן די פאָרם־ריכטונג אין קוויטקאָס פרייִקן שאפן אַף סימבאָליק און רעאליזם. די סימבאָליק איז ניט בלויז געווען פארבונדן מיט „שווארצן פארגיין" — זי איז אויך געווען פארבונדן מיטן „גרויסן שאריַען".

קוויטקאָס שאפן פון ערשטן פעריִאָד איז ניט אלע מאָל ריכטיק אָפגעשאצט געוואָרן, און פונקט ווי ער וואָלט פאָרויסגעפילט, אז זייַן פרייִקע דיכטונג קאָן אמאָל באטראכט ווערן דורך פארטיקע סכעמעס, האָט ער געוואָרנט: „איך מעסט דיר ניט, איך וועג דיר ניט און זינג דיר ניט, ווייַל סייַ איך, סייַ די אנדערע פון מייַן שטאם — זייַנען שטאמלער. און וואָס עס שטאמלט פון אונדז ארויס — איז עס ווילדער און שטארקער פון מיר און פון דיר, און קאָן ניט און וויל ניט ארייַן אין דייַנע צוגעטראכטע פורעמלעך און קיילים"[1].

קוויטקאָס ליטערארישע מיטצייַטלער — שווארצמאן, מארקיש, האָפשטיין — יעדערער פון זיי איז געגאנגען מיט זייַנע טריט און מיט זייַנע וועגן, נאָר מערקווירדיק ווי זיי קומען זיך צונויף אין זייער מעכטיקער „שטאמלעניש", וואָס האָט געפירט צום באזיניקטן געזאנג פון דער רעוואָליוציע.

קוויטקאָ איז ניט געווען באלאָדן מיט „זיידנס ירושע, מיט שטעקן מיט אלטן". נאָר מיט האָפשטיינען איז ער זיך דאָך צונויפגעקומען. האָפשטיין זאָגט אָן וועגן „א העל געזאנג: עס הייבט אָן טאָגן", און אַף קוויטקאָן שטראָמט די „בלענדיקע העל פון גרויסן שאריַען". האָפשטיין זעט די „ראָזע שייַן פון טאָגן", און קוויטקאָ — „דאָס מיזרעך־רויטלען". מיט האָפשטיינס „אָקטאָבער" און „פראָצעסיע" אסאָציִירן זיך קוויטקאָס פאטעטיש־פייַערלעכע ווערטער: „ווער קאָן שעצן אונדז, די שעצער? — לאָמיר שטאָלצע שפאנען איבער גאסן, יאָמטעוודיקע פלעצער".

ס'איז אויך אינטערעסאנט דער איבערוף צווישן לייב קוויטקאָ און אָשער שווארצמאן. קוויטקאָס „יוגנט האָב איך, יוגנט איז מייַן גרויסער, גרויסער אויצער" פירט בלויז צו איין אסאָציִאציע — צו שווארצמאנס „יוגנט, יוגנט, ווי א שפילנדיקע וועל"... און קוויטקאָס ווענדן זיך צו דער שוועסטער („און, וויי מיר, שוועסטער!.. בא מיר אין אויצער יוגנט, אין אויצער פראכט — א גרוס פון נאכט...") דערמאָנט אין די צארטע ווערטער פון אָשער שווארצמאן: „שוועסטער, שוועסטער, ס'איז מיר פלוצעם שווער געוואָרן אפן הארצן"... שווארצמאנס „אופשטאנד" און „דער סוינע בא די טויערן" — צי האָבן זיי ניט געפירט צו קוויטקאָס „אין רויטן שטורעם"?

קאָן זייַן, אז די פרוכטבארע שווארצמאן־ווירקונג הייבט זיך אָן א סאך פריִער, איידער ס'איז אָנגענומען צו מיינען. קאָן זייַן, אז די אָנהייבערס פון דער נייַער דיכטונג האָבן זיך שוין בא זייער סאמע אָנהייב קעגנזייַטיק באווירקט.

נאָר די גרעסטע ווירקונג איז געגאנגען פון דער רעוואָליוציע. די רעוואָליוציע האָט דערוועקט באם ערשטן דיכטערישן אָקטיאבער־דאָר די גאָרע גאמע שטימונגען. אין אָנפאנג איז געווען אי „טויבער אומרו", אי פאָרגעפילן פון זוניקן „גינען־געוועב". „מיר איז שטארק נעגייע, מיר גייט מאמעש אין לעבן ארייַן, זאָלסט מיך דערקענען" — האָט קוויטקאָ אין א פאָרעדע צו איינער פון זייַנע ערשטע לידער־זאמלונגען זיך געווענדט צום לייענער.

קוויטקאָ לאָזט זיך דערקענען, ווען מע באטראכט זייַנע לידער און פאָעמעס ניט אין זייער אָפגעטיילטקייַט איינס פונעם אנדערן, נאָר אין זייער פארבונדנקייַט — אין זייער „רינג אין רינג".

## 2

דער הויפט־רינג פון לייב קוויטקאָס שאפן אין ערשטן יאָר פון דער רעוואָליוציע איז זייַן אָקטיאבער־פאָעמע „אין רויטן שטורעם". פאר דער יִדישער ליטעראטור האָט זי פונקט אזא באדייַטונג, ווי בלאָקס פאָעמע „צוועלף" פאר דער רוסישער.

קוויטקאָ האָט אָנגעשריבן זייַן פאָעמע אין אָקטיאבער 1918, אין נייַן כאדאָשים ארום נאָך בלאָקס „צוועלף". אין ביידע ווערק קומט אַף אן ענלעכן אויפן צום אויסדרוק דאָס באוווסטזייַן, אז די ראָד פון דער געשיכטע קאָן מען ניט דרייען אַף צוריק. סייַ דאָ, סייַ דאָרט שלאָגט דער הייס־אָנגעגליטער אָטעם פון דער רעוואָליוציִאָנערער צייַט. צום געשטאלט פון בלאָקס צוועלף מוירדים קאָן מען אָנשליסן קוויטקאָס „שטאָלענע מענגע": „פייַער־געראנגל איז יעדער פון זיי באזונדער, אלע איניינעם, א שטאָלענע מענגע, גייען באפעסטיקן ערדישן וווּנדער". קוויטקאָס פאָעמע „אין רויטן שטורעם" איז ענלעך אַף בלאָקס „צוועלף" מיטן סימפאָנישן געבוי, מיט די אינטאָנאציע־אומבייַטן, מיט די אויסגעשמידטע לאקאָנישע שורעס, מיט די זינגעוודיקע, שפילעוודיקע ריטמען („שפילט און גיסט זיך א הארמאָשקע, גיסט זיך, פליטערט, פליסט זיך, ציטערט, כליפעט, ציפעט און צעשטראָמט מיט גאָלד־געקלאנג"), מיט די אָפגע־

[1] פון דער פאָרעדע צום בוך „גרין גראָז". בערלין, 1922.

שליפענע פּאָעטישע פאָרמולעס („מיר, צעקריגטע מיט די טאַטעס, מיר פאַרברענען אַלטע שמאַטעס"; „שוין מיר גייען אינעם פלאַקער, און עס פֿײַערט אונדזער פאָן"); מיט די נײַע לעקסישע אויסבילדונגען, וואָס באַצייכענען נײַע באַגריפן.

די ענלעכקײַט פון קוויטקאָס „אין רויטן שטורעם" און בלאָקס „צוועלף" איז ווירקלעך א מערקווירדיקע. מיר האָבן דאָ א פאַקט ניט פון ליטעראַרישער באַווירקונג, נאָר פון יענער אַנאַלאָגיע, וואָס ווײַזט, וויאַזוי אף די גרויסע וועגן פון פּאָעזיע קומען זיך דיכטער צונויף.

אז עס גייט דאָ ניט פּאַשעט אין א ליטעראַרישער ווירקונג, לאָזט זיך פעסטשטעלן פון דעם פאַקט, וואָס קוויטקאָס לידער פון 1917 אַנטהאַלטן שוין קימאַט די גאַנצע סיסטעם מאָטיוון און בילדערישקײַט, וועלכע מיר טרעפן שפּעטער אין דער פּאָעמע „אין רויטן שטורעם". יענע לידער זײַנען געווען פאַר קוויטקאָס גרעסערער אָקטיאַבער־פּאָעמע פונקט ווי עטיודן פאַר א מאָלער. אין א ריי לידער פון 1917 ברענגט שוין קוויטקאָ דאָס מאַזשאָרע געזאַנג פון דער רעוואָליוציע. דאָס זײַנען רעגנבויגנדיקע לידער מיט אַלע איבערגאַנגען פון פאַרב צו פאַרב, פון עמאָציע צו עמאָציע. אין דער ליד „שטיל און טיף" זעען מיר דעם דיכטער, ווי ער „פּיקט, קלײַבט אַף הויכע שוועלן פון א וועלט אָן נעפּל ווײַטן, — פון א וועלט, וואָס הייבט אָן העלן". אין א צווייטער ליד, „מיט מײַנע אויגן" הייבט ער זיך אוף „איבער אָוונט" („העל איז, העל איז איבער אָוונט"). בלענדיקע העל שטראָמט פון „גרויסן שאַרײַען". און ער זעט שוין די צוקונפט, א באַדעקטע מיט רום און לעגענדע („אומגיין וועט פון שוועל צו שוועל פון אונדזער העלדן־צײַט דער העל"). אין זײַן דיכטונג קומט אַלץ אָפטער דער כעזשבן מיט אוראַלט, מיט עלטערזיידעס, מיט טאַטע־מאַמעס. ס'קומט א נײַער דאָר, וואָס געזעגנט זיך מיטן „אַלטוואַרג" („מיר, די יונגע, קומען שטײַפע, בלוט און פײַער יונגעלײַט!").

דאָס אַלץ וועט זיך אָנקייטלען אין „רויטן שטורעם" מיטן אינהאַלט, מיט די קלאַנגען, מיט די פאַרבן און, בלײַבנדיק ביז גאָר אייגנאַרטיק, זיך איבערופן מיט בלאָקס „צוועלף".

דער טראַדיציאָנעלער שטרײַט פון עלטערן און קינדער באַקומט בא קוויטקאָן צום ערשטן מאָל א נײַעם היסטאָרישן באַטײַט. ס'איז דער נאַטירלעכער קריג צווישן דורעס, ניט אַלע מאָל אָן אַנטאַגאָניסטישער, נאָר דאָך א קידער־ווידערדיקער און א ווירדעפולער קריג: צו וועמען קאַטעגאָריש־שטרענג, צו וועמען — מיט גוטמוט און מיטגעפיל; פאַר וועמען קלאָלע („וואָר סע קאָן ניט זון דערגרייכן, ווערט פאַרסאַרפּעט און צעלעכצט") און פאַר וועמען — „באַצירנדיקע מײַסעלעך". אָט אזא איז זי דערשינען אין קוויטקאָס „רויטן שטורעם", די „שטאָלענע מענגע", מיט איר „ריזן־גאַנג" צו די „העלע מאָרגנס־שוועלן", צום „שטורעם פון צעשטערן" און „צו בויען נײַ"...

## 3

און אָט איז נאָך א רינג — דאָס טראַגישע בוך „1919". אין דער פּאָרעדע האָט קוויטקאָ געשריבן: „דאָס דאָזיקע בוך — ווײַל ס'קומט ארויס איצט אין פּאָגראָם־סעזאָן — קאָן פאַלש אויסגעטײַטשט ווערן... וועט א טאָעס און א ווייטעק זײַן, אויב מע וועט מײַן בוך, רעגעס אף דער דינער־דינער שאַרף פון זײַן און ניט ווערן, — אויב מע וועט עס אופנעמען אַלס דיכטונג, אַלס לידער וועגן פּאָגראָמען"...

פאַרוואָס האָט קוויטקאָן, דעם סאָוועטישן דיכטער, אזוי באַאומרויקט, אז זײַן בוך קאָן אופגענומען ווערן אַלס „לידער וועגן פּאָגראָמען"? ווײַל לידער וועגן פּאָגראָמען פלעגן פאַלש אויסגעטײַטשט ווערן. רעצידיוון טרעפן זיך נאָך ביז איצט.

ס'איז א טאָעס צו מיינען, אז די פּאָגראָמען האָבן פאַרן דאָר יידישע אָקטיאַבער־דיכטער „פאַרשטעלט די רעוואָליוציע". טראַכטן אזוי הייסט נאַציאָנאַל באַגרענעצן די אָנהייבן פון דער סאָוועטישער דיכטונג, אָפּנעמען בא איר דעם גרויסן געזעלשאַפטלעכן אינהאַלט, איר הויכן פּאַטריאָטישן גײַסט און אינטערנאַציאָנאַלן טאָן.

נייך, די פּאָגראָמען האָבן ניט פאַרשטעלט די רעוואָליוציע. „אונדזער היים אין 1919! — האָט געשריבן קוויטקאָ. — צו אַלע זײַטן אונדזער לאַנדס האָבן זשעדנע געפּאַנצערטע הענט פון דער באַלעבאַטישער וועלט זיך געשטרעקט מיט מאָרד און רויב". די פּאָגראָמען אף אוקראַינע זײַנען געווען א טייל פון די מאָרד־ און רויבמײַסים פון דער קאָנטררעוואָליוציע. „ניין, מײַן אוקראַינע — א גליד פון גרויסן רוסלאַנד — האָט פאַר מיר גאָר־גאָר אַן אַנדער באַטײַט... דאָ האָב איך געזען, געהערט און איבערגעלעבט דעם ריזן־גאַנג פון די כאַיאָלעס, וואָס זײַנען אין פײַער און וואַסער געגאַנגען מיט געזאַנג, מיט הייסן גלויבן צו באַפרײַען ניט נאָר אונדזער קנעכטיש לאַנד — א גאַנצע וועלט באַפרײַען. איך, אַליין א קנעכט געווען, האָב מיט אַלע מײַנע אייגענע אזוינע פון מײַן לאַנד געטרונקען און געכלינעט דאָס לאַנג־געוואַרטע, לאַנג־געגאַרטע פרײַקײַט, וואָס די כאַיאָלעס האָבן אונדז געבראַכט. איך און מײַנע אייגענע אזוינע האָבן אונדזער שאַפנדיקן פרײַען אָטעם ערשט באַקומען פון דעם וווּנדערלעכן ריזן־גאַנג". אזוי האָט געשריבן קוויטקאָ אין דער פּאָרעדע צום בוך „1919", אראָפּלאָזנדיק זיך „אין די אָפּגרונטן פון אונדזער ווייטעק" און ניט פאַרלירנדיק די „האָ־

פענונג אף די, וואָס גייען דאָרט קעגן פּייַנט;
וואָס ווילן זיך אומקערן צו אונדז און ברענגען
דעם ניצאָכן, דעם נייַעם, דעם באפרייַטן שאפנ־
דיקן הייַנט פאר אונדז און פאר דער גאנצער
שאפנדיקער וועלט".

די פּאָגראָמען זייַנען ניט געווען די דאָמינירנ־
דיקע טעמע ניט בא קוויטקאָ, ניט בא אנדערע
ייִדישע סאָוועטישע שרייַבער. די דאָמינירנדיקע
טעמע איז געווען — די רעוואָליוציע. פון דער
פּאָעמע „אין רויטן שטורעם" זייַנען זיך ווי צע־
גאנגען מאגיסטראל־ליניעס אין אונדזער גאנצער
דיכטונג. די פּאָעמע האָט אנטהאלטן נאָוואטאָ־
רישע אָנהייבן — אין זשאנער, סוזשעט און סטיל.
א ספּעציעלער שטודיום וואָלט באוויזן, ווי פון
„אין רויטן שטורעם" קומען פרוכטבארע האש־
פּאָעס אף פארשיידענע דיכטער, וואקסן ארויס
א סאך שפּעטערדיקע מאָטיוון און סוזשעטן,
הייבט זיך אָן א שעפערישער פּראָצעס, וואָס
פירט ווייַטער די מעטאפאָרישע סימבאָליק צו
רעאליסטישער קאָנקרעטקייַט.

אין אָט דעם פּראָצעס האָט זיך קוידעמקאָל
אקטיוו באטייליקט קוויטקאָ גופא. זייַן פּאָעמע
„יונגע יאָרן" איז א ברייטע רעאליסטישע שיל־
דערונג, וואָס וויקלט פאנאנדער די גרונט־מאָ־
טיוון פון „אין רויטן שטורעם". שימקע און
כריסט — צי זייַנען זיי ניט די לעבעדיקע פּאר־
שטייער פון יענער „שטאָלענער מענגע" פון „אין
רויטן שטורעם", וועלכע גייט „באפעסטיקן ער־
דישן וווּנדער"? אָט אזעלכע זייַנען זיי געגאנגען
„אין פלאקער", פון אזעלכע האָט „געשמעקט
מיט שלאכט" -- דאָס זייַנען זיי, די „שטראָמענ־
דיקע, שטראלנדיקע, וואָס ראנגלען זיך און קייַק־
לען זיך אין ווארעם בלוט אף ערד", דאָס זייַנען
זיי, „די ווילן, וועלכע טרייַבן וועלט צו העלע
מאָרגנס־שוועלן". רעאליסטיש, אין לעבעדיקער
פארקערפּערונג, אנטפלעקן זיך אין דער פּאָעמע
„יונגע יאָרן" אויך די „האלב־וועלט מייַז",
וועלכע זייַנען אין „רויטן שטורעם" בלויז אָנגע־
צייכנט סימבאָליש.

אין „יונגע יאָרן" האָט זיך קוויטקאָ באוויזן
אלס קאָלאָריטפולער דערציילער. די פּאָעמע איז
סוזשעטיש, מיט שארפע סיטואציעס און דינא־
מישער האנדלונג. פאראן דאָ מייַסטערישע ביל־
דער פון נאטור, פארבנרייַכע קאָנטראסטן, וואָס
גיבן איבער די גויראלעס־שפּיל פון דער צייַט,
אירע ראָמאנטישע אופברויזן און דעם בעהאלע־
דיקן אינדערוואָכן, אירע „געזעגענישן" און „בא־
געגענישן".

א סאך לעבנס־אסאָציאציעס פון די יונגע יאָרן
פון דער רעוואָליוציע וועקט באם לייענער קוויט־
קאָס פּאָעמע „יונגע יאָרן". ער דערמאָנט זיך אין
דעם לעגענדארן פּראָטאָטיפּ פון קוויטקאָס העל־
דישן שימקע, וואָס טראָגט זיך „אין רינג פונעם
טויט" („אינעם שווארצן לעדערל, אינעם שמויסן
היטל... אף א רימען אייַנגעפּעסט העגנגט זיך דער
נאהאן, וויגט זיך דער קינזשאל, א שארפער אי־
נעם שיידל, — און אין בוזעם־קעשענע די קאר־
טעטשקע פון מיידל"...). און אָט איז דער אומ־
פארגעסלעכער „באכער־העלד" מיט „וואָנצעלעך
שווארץ". ווער איז ער? „זייַן נאָמען איז אָשער,
א העלדישער יונג — א פרייַלעכער, שטאלט־
נער, — געפּיקט אין דער צונג". מיט נעשאָמע־
ציטער לייענען מיר די עפּיזאָדן, וואָס שילדערן
שווארצמאנען „דעם בארימטן זאפּעוואלע",
שווארצמאנען, וואָס לייענט כריסטן זייַן ליד „די
שווארצע מוטער־נאכט צעריסן ווערט פון ווייַ —
דער סוינע בא די טויערן".

עס פארגעדענקען זיך די געשטאלטן פון
פּאָלקסמענטשן. נאכמען־יאָמטעוו — „א לעצל
פון כויזעק אף ליפּ זייַנער העננגט" — דערמאָנט
אין דער פיגור פונעם טראדיציאָנעלן ווערטל־
זאָגער, וואָס האָט א לעבן פארבראכט מיט א
שפּאס — איבערן רעבן, איבער גווירישע טאקי־
פים און ביכלאל איבער אוילעס. אמאָל האָט ער
געבאדכנט, אויסגעלאָדן זייַן גאליקע איראָניע
אף „פרעמדע כאסענעס", און איצט, בייס דער
רעוואָליוציע, לאָדט ער זי אויס אף די כורוועס
פון דער אלטער וועלט...

קאָן זייַן, אז קוויטקאָס פּאָעמע „יונגע יאָרן"
איז ערטערווייַז צעצויגן, ערטערווייַז סכעמאטיש,
נאָר זי הערט ניט אוף צו רעגן אין פארלויף פון
יאָרן, זי איז א קינסטלערישער דאָקומענט, און
ווער עס איז געוווינט צו לייענען ווערק אויסער
„צייַט און רוים", וועט זי ניט אָפּשאצן. בלויז
אין קאָנטעקסט פון צייַט קאָן מען באנעמען איר
היסטאָרישן ווערט. ס'איז געווען איינע פון די
ערשטע רעאליסטישע פּאָעמעס וועגן בירגער־
קריג. צוזאמען מיט מארקישעס „ברידער" און
פינינבערגס „באם דניעפּער", פעפערס „עליעס
טויט" און כאריקס „מינסקער בלאָטעס" האָט זי
אויסגעפּלאסטערט דעם וועג פאר עפּישער שיל־
דערונג אין אונדזער דיכטונג.

צו דער עפּיק איז קוויטקאָ געקומען בעהאַ־
דראָגעדיק, אין פארלויף פון יאָרן. כאראקטעריס־
טיש אין דעם פראט איז זייַן פּאָעמע „אָנהייב".
זי באשטייט סאכאקל פון פופצן לידער. נאָר
קוויטקאָ האָט זי געשריבן אין מעשעך פון צען
יאָר (1916—1926), פונקט ווי ער וואָלט דאָ דע־
מאָנסטרירן די שעפערישע אָנזאמלונג פון זייַן
רעאליזם און עפּישער מאָלערייַ. און אויך פון
זייַן לירישן געמיט — ער האָט זיך דאָ אויסגע־
זונגען — אויסגעזונגען זייַן ליבע צו דער נאַ־
טור און מענטש, אויסגעזונגען זיך אומיטלבאר,
אָפן עכט־פּאָלקסטימלעכן שטייגער, מיט שטימונג
און פארשטאנד פאר דעם, „וואָס א מענטש איז,
וואָס א הארץ איז"...

קוויטקאָ איז דער קלאַסיקער פון דער ייִדישער סאָוועטישער קינדער־ליד. ווען מיר זײַנען געווען נאָך גאָר אין יונגן עלטער, אָקאָרשט זיך אויסגע־לערנט לייענען, איז צו אונדז געקומען אויף זײַנע קוועקזילבערדיקע פיסלעך לעמל נאַשער. ער איז עפשער געווען דער ערשטער פערסאָנאַזש פון דער ייִדישער ליטעראַטור, וועלכער האָט פאַר־פולט די קינדער־וועלט פון אונדזער דאָר מיט פרייד און הילכיקן געלעכטער. ער איז אַזוי לע־בעדיק געשילדערט, אַז ווען קינדער לייענען וועגן אים, דוכט זיך זיי, אַז זיי זעען פאַר זיך א טעאַטער־שפּיל. אין די שולן, געדענק איך, פלעגן די קינדערלעך ניט בלויז דעקלאַמירן, נאָר אויך אויסשפּילן דעם סוזשעט פון לעמל נאַשער.

דער סוזשעטישער פאָדעם וויקלט זיך דאָ פלינק, פרײַ, שפּילעוודיק, אָן קניפּלעך, — רײַסט זיך ניט איבער און פאַרפּלאָנטערט זיך ניט.

קוויטקאָ האָט געקענט זען אַזוינס, וואָס איז צוגענגלעך פאַרן קינדערשן אויג. פון דעם, וואָס ער זעט, ווערט „א מײַסע, א געשיכטע, א טרע־פעניש, א ליד". און ניט סתם „א געשיכטע" — א מערקווירדיקע, אַן אויסטערלישע.

מע טיאַפּקעט אין פרילינג
מיט שיך און קאַלאַשן.
די זון אָבער האַלט זיך,
זי ווערט ניט פאַרלאַשן.
איך קלאַפּ מיט א שטעקל,
דאָס וואַסער עס שפּריצט.
די זון, זי צעשפּאַלט זיך,
צעפליט זיך, נאָר בליצט.

עס גייט א רעגן: „א רעגן! א רעגן! סע גיסט מיטאַמאָל אי רינוועס, אי ריטשקעס, פון באַרג און אין טאָל" — איר פילט מאַמעש דעם גוס־רעגן אויפן אייגענעם קערפּער.

וועגן א סאַך קינדער־לידער קוויטקאָס קאָן מען זאָגן: זיי זײַנען אי פאַר קינדער, אי פאַר גרויסע. קוויטקאָ איז דער באַשעפער פונעם זשאַ־נער „פאַר קליין און גרויס", וואָס האָט באַקומען א ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג אין אונדזער קינ־דער־ליטעראַטור.

דאָס אויסטערלישע אין קוויטקאָס קינדער־לידער געהערט ניט צו פאַנטאַסטיק. ס'איז רעאַ־ליסטישע אויסטערלישקייט — אַזאַ איז די פאַר־שטעלונגס־וועלט פונעם קינד.

ניט איין מאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערן, ווי קינדער לייענען, לעמאַשל, אַזאַ ליד: „צוויי און צוואַנציק גוואַרדיאַנעץ רוען דאָ אין ווײַסן הויז... צוויי און צוואַנציק ערדבאַזיצער, רײַך, ווי קוירעך, שלאָפן דאָ... צוויי און צוואַנציק, ברייט זיי ליגן אין קאָנווערטן ווײַס, ווי שניי...". פאָטערלעך־ליב שפּאַסט דער דיכטער („צוויי און צוואַנציק גוואַרדיאַנעץ"), געברויכט פאַר קינדער אַפילו דעם לעקסיקאָן פון דערוואַקסענע („ווי קוירעך, שלאָפן דאָ"...). נאָר דאָס קליינוואַרג דעקלאַמירט מיט געשמאַק, אַנעמענדיק דעם שפּאַס פאַר אַן ערנסט... ס'איז דאָ א באַזונדער כיין אין דעם, וויאַזוי קוויטקאָ לייגט אַמאָל אַרײַן אין מויל פון א קינד א טשיקאַווען אויסדרוק, א זאָג פון א גרויסן; דאָס קינד פאַרדײַעט עס, ווײַל, לייענענדיק קוויטקאָס קינדער־לידער, גלייבט עס דעם דיכטער אויפן וואָרט.

צי איז ניטאָ קיין דיסטאַנץ צווישן דיכטער און קינד? אין אייניקע לידער — קימאַט ניטאָ, אין אַנדערע — פאַראַן, אָבער פאַרשטעלט אַזוי, אַז דאָס קינד באַמערקט עס ניט.

קוויטקאָס לידער זײַנען פרײַ פון טרוקענער דידאַקטיק. ס'וואָלט אָבער פאַלש געווען צו מיי־נען, אַז זײַנע קינדער־לידער פאַרווײַלן בלויז דעם יונגן לייענער און לערנען אים גאָרניט. זיי לערנען אים ליב האָבן דאָס לעבן, די נאַטור. זיי וועקן אינעם קינד מוטיקייט, דערהויבנקייט, ליבע צו מי. און דאָס אַלץ דערגרייכט דער דיכ־טער ניט מיט הוילע ווערטער, נאָר מיט בילד. קעדיי צו וועקן דרייסטקייט באַם קינד, דאַרף קוויטקאָ ניט דערציילן וועגן דרייסטע קינדער, ס'איז גענוג צו דערציילן וועגן „דרייסטע שפּער־לעך". די קראַפט פונעם קאָלעקטיוו גיט ער צו פילן אינעם שיינעם מײַסעלע וועגן „גאָלד־זשוק".

קוויטקאָ ווייסט דעם סאָד, וויאַזוי צו מאַכן פײַפעלעך.

ווער ווייסט,
ווער ווייסט, ווי מאַכט מען פײַפעלעך?
איך ווייס, איך ווייס, ווי מאַכט מען פײַפעלעך.

ס'איז געזאָגט מיט היספּײַלעס, נאָר דאָס מערקווירדיקע איז — אינעם אַנטפּלעקן דעם סאָד:

אינעם גראָבן וואַקסט א דאָרן,
איז ער דאַר און הויל געוואָרן,
רײַסט מען אים אַרויס,
שנײַדט מען לעכלעך אויס.
פײַפט מען,
פײַפט מען,
פײַפט מען לאַנג,
ביז סע גייט אַרויס א קלאַנג,
קלאַנג א דינער, ווי א שטרוי —
ווערט א פײַפעלע אַזוי.

בלויז א קינד קאָן זיך אַזוי פאַרשטעלן און אויסמאָלן דאָס געבורט פון א קלאַנג. בלויז א קינד קאָן אַזוי זאָגן: „ביז סע גייט אַרויס א קלאַנג"... „קלאַנג א דינער, ווי א שטרוי"...

„פײַפעלעך" איז אויך דער סאָד, וויאַזוי קוויטקאָ „מאַכט" די קינדער־ליד, ביז עס „גייט אַרויס" דער קלאַנג, וואָס קישעפט, דער קלאַנג.

פון וועלכן קינדער ווערן פאַרגאַפט. ער איז אַ גרויסער מײַסטער פון מאָלן בילדער, צייכענען ליניעס, נאַטירלעכע, אַנשוילעכע:

די פענעמער — קײַלעכיק, ראָז,
דער דרויסן — אַ גרויסער, מיט גראָז.
דער דרויסן איז הימל און ערד,
אָט לויפט נאָך אַן אויטאָ, אַ פערד.
און פּלוצעם — אַ וואַסערל לויפט,
אַ וואַסערל לויפט פון אַ הויף,
פון עפּעס אַ הויפּישן קראַן,
די ברייט פון אַ קינדערשן שפּאַן.

פאַרשטייט זיך, אַז יעדע קינדער־ליד קוויטקאָס האָט אַ „ראַזשינקע". נאָר צו דער „ראַזשינקע", צום הויכפּונקט פון דער ליד, פירט ער ניט מיט זײַטיקע אַרומגאַנגען, לייגט ניט אָן קיין וועג. ס'איז ניטאָ דאָ קיין איבעריק וואָרט, קיין איבעריקע שורע.

קוויטקאָ פאַרמאָגט געשמאַק צום פּאַשעטן, אָבער קערנדיקן און בילדערישן, צום מעלאָדיש־קלינגעוודיקן וואָרט. זײַן שפּראַך איז אַזוי נאַטירלעך, אַז איין וואָרט ציט נאָך זיך דאָס אַנדערע, לאָזט ניט קיין אָרט פאַר צופעליקער לעקסיק, פאַר דיסאָנאַנסן.

פאַרן ריטם פון דער קינדער־ליד פאַרמאָגט קוויטקאָ דאָס געפיל פון אַ מוזיקער. דורך ריטמיק דערגרייכט ער ניט נאָר מוזיקאַלישקייט און מעלאָדישקייט פון דער ליד, נאָר אויך שטימונג און קאָלאָריט. בילד און ריטם גיסן זיך צונויף אין איין געשמעלץ און קומען אַרויס פּלאַסטיש, גראַציעז.

## 5

פאַרן קליינעם און גרויסן לייענער זײַנען אַלציינס אינטערעסאַנט קוויטקאָס מעשאָלים. אָט איז אַ לירישע פאַבל־מיניאַטור „וועגן פלוימען":

וועגן די פלוימען, זייער „הויכגעבאָרן",
איז נאָך דאָס וואָרט ניט געזאָגט געוואָרן.
ס'וועט אַמאָל ליכטיק אַ קלונג טאָן אין רוים
וועגן וווּנדער פון שאַפונג — דער אונגערשער
פלוים,
וועגן אַדערלעך דינע אין לײַביקן שוואָם,
וועגן בלויקייט פון הויט און פײַנקייט פון טאַם,
וועגן קילקייט, וואָס לעבט אַרום קערל,
וועגן דעם, ווי דער אָוונט באַהויכט זיי מיט פּערל,
וועגן דעם, ווי באַזונדערס סע קושט זיי די
זון, —
דאָס ליבגעזאַנג זיי — אַ קלונג וועט ערשט טאָן.
אַזוי איז די מיינונג פון ווערעמל ווײַס,
וואָס זיצט אינעם האַרץ פון דער פלוים און
פאַרבײַסט,
פאַרברענגט דאָרט און פּילט דאָרט דעם עמעסן
טאַם, —
און זאָגט עס דער וואָרעם, איז ריכטיק מיסטאַם!

סאַכאַקל 14 שורעס, נאָר מיט וואָס פאַר אַ מײַסטערשאַפט ווערט דערציילט וועגן די פלוימען, וועגן זייער „הויכגעבאָרן", וועגן „וווּנדער פון שאַפונג". דורכזיכטיקע אַקוואַרעל־פאַרבן גיבן איבער ניט בלויז די „בלויקייט פון הויט", נאָר די „קילקייט, וואָס לעבט אַרום קערל"; מיר פילן דאָ הײנישע איראָניע, וואָס פאַרשליסט, ווי מיט אַ קישעף־שליסעלע, די לירישע מיניאַטור: „און זאָגט עס דער וואָרעם, איז ריכטיק מיסטאַם"...

יאַנקעוו שטערנבערג שרײַבט, אַז „באַ אַ גרינטלעכן ליטעראַרישן אַנאַליז וואָלט מען געקאָנט פעסטשטעלן געוויסע באַרירונגס־פּונקטן צווישן שטיינבאַרגס און קוויטקאָס קינדער־ און פאַבל־דיכטונג" („סאָוועטיש היימלאַנד", נומ. 2, 1962). ווירקלעך, די באַרירונגס־פּונקטן צווישן שטיינבאַרגן און קוויטקאָן לאָזן זיך פעסטשטעלן דעריקער אין דער פאַבל־דיכטונג. ביידע דיכטער האָבן געשעפּט פון די פּאָעטישע רעזערוון, וואָס ליגן פאַרבאָרגן אינעם קלאַסישן מאָשל, און זײַנען זיך מערקווירדיק צונויפגעקומען — נאָך איידער איינער דעם צווייטן האָט געלייענט.

מיט שטיינבאַרגס מעשאָלים רופן זיך קוויטקאָס פאַבלען איבער הויפּטזאַכלעך אינעם אופן פון באַלעבן זאַכן. ביידע דיכטער זײַנען קרויוויש מיט זייער פּאָעטישער כאַריפעס און מיט דער שפּראַך־דערפינדערישקייט.

ווען קוויטקאָ מאָלט, ווי דער קאָכלעפל דרייט זיך אינעם טאָפּ און „מישט דאָרט און נישטערט, דעם שוים שוימט אַראָפּ", איז עס טאַקע יענער „קאָכלעפל", מיט וועלכן ס'ווערט אין לעבן אָנגערופן אַ מענטש, וואָס האָט אַ טעווע אומעטום אַרײַנשטעקן די נאָז.

איינמאָל האָט די ציבעלע געהערט, אַז די מענטשלעכע טרערן „שעצט מען אָן אַ שיר, ווער עס זעט זיי — ווערט פון זיי גערירט".

מינעט זיך די ציבל בלאָ און בלאַס,
— סטײַטש! — צעציבלט זי זיך שטאַרק אין
כּאַס, —
און די טרער, וואָס ציבל רופט אַרויס,
פעלט איר העלקייט, פעלט אין גרייס איר אויס?!

דעם מײַ־קאָ־מאַשמעלאָן טראָגט אונטער דער קנאָבל:

טוט דער קנאָבל זײַנע ציינדלעך אַ צעשפּאַר:
„ציבע נאַר, אוי, ציבע נאַר!
איך האַלט ניט אויס!
פון ציבל־טרערן לאַכט דער מענטש זיך אויס".

קוויטקאָס מאָשל איז פול מיט פּאָעטישן כיין און, פאַרשטייט זיך, ווי אַלע מאָל אין אַ קלוגן מאָשל, — דאָס כאַריפעסדיקע „קאַרטינקעלע" לאָזט עפּעס זאָגן...

6

קוויטקאָ איז שוין געווען אַ גרויסער דיכטער, זײַן נאָמען האָט שוין געקלונגען אַף צענדליקער שפּראַכן, ס'האָבן אים שוין איבערגעזעצט די אָנגעזעענסטע שרײַבער, מיליאָנען קינדער האָבן געלייענט זײַנע ביכער, האָבן אין די שולן דעקלאַמירט זײַנע לידער, נאָר ער האָט נאָך אַלץ ניט אופגעהערט זוכן דעם וועג צו „שטאַרקערע טענער".

פונדאַנען איז געקומען קוויטקאָס געראַנגל מיט זיך און מיטן „מאַלעך יידיש-לאָשן", באַ וועלכן ער האָט באַדאַרפט אַרויסקריגן „דאָס וואָרט פון עמעס".

קוויטקאָ האָט געבראַכט אין אונדזער דיכטונג אַ גרויסן אויצער. און ס'איז ניט קיין מוז זיך אָפּשטעלן אַף זײַנע ווייניקער געלונגענע ווערק, אָבער וועגן דעם טאָעס פון אייניקע זײַנע קריטיקער דאַרף דערמאָנט ווערן: זיי האָבן גראָד פאַר אָט די ווערק („אין טראַקטאָר-צעך", „אָנגריף אַף וויסטעס") געהאַט צומאָל מער פּאַטאָס, איידער פאַר די שליימעסדיקע.

אָבער קוויטקאָ אַליין איז געווען צו זיך קריטיש, געפילט אין זיך ניט בלויז קויעך, נאָר אויך דעם מאַנגל, דעם באַרוף און דעם כּויוו.

דאָס לעצטע בוך זײַנס „געזאַנג פון מײַן געמיט" (1941—1946) עפנט זיך מיט „אַ שמועס וועגן וואָרט". די ערד „איז אָקאָרשט מיט בלוט דאָ אָפּגעגאַנגען" און ס'איז ווידער „אַזאַ בלענדנדיקער באַגינען", „אַזאַ וועלט אין ווידערבויען". און דער דיכטער דערפילט: „כ'קאָן דאָס וואָרט גאָרניט געפינען! — נאָר איך וועל..."

נאָך די שווערע מילכאָמע-ניסיוינעס האָט קוויטקאָ, ווי אַלע אונדזערע דיכטער, באַזונדערס דערפילט, „ווי דרינגענדיק דאָס וואָרט איז נייטיק". זײַן געשפּרעך מיטן וואָרט איז פּראָגראַמאַטיש. פּונקט אַזוי פּראָגראַמאַטיש איז דאָס „טײַנע-לאָשן פון לייזער פּאַפּערניקס מוטער" און די „ווערטער" פון מאַלקע דודניק, מיט וועלכע דער דיכטער איז ווי אויסן צו זאָגן: די טראַגישע טעמע איז אַ הייליקע און ניט קיין ליטעראַרישע. די אינטאָנאַציע דאַרף מען דאָ זוכן ניט אינעם ליטעראַריש-באַריידעוודיקן „מײַנע-לאָשן", נאָר אינעם דראַמאַטיש הויכמוטיקן „טײַנע-לאָשן" פון דער מוטער און שוועסטער, וואָס האָבן זיך געלײַטערט אין וויי, ביזוואַנען די טרערן אַף די אויגן האָבן אויסגעטריקנט. זינגען וועגן ווייטעק דאַרף מען דעמלט, ווען ס'איז דאָ קויעך אים בײַצוקומען.

לייד געבראָטענע, לייד פאַרשאָטענע, שטומע לייד,
אוועלכע יאָם-טיף איז צו אײַך געגליכן!
ניט מיט שפּרוך צו שטילן אײַך, ניט מיט
טרייסט-גערייד,
ניט איבערשרײַען אײַך מיט שויפרעס פון
יעריכוי.

דאָס אומאַנער מיידל מאַלקע דודניק איז געבליבן פון זיבעצן טויזנט, וואָס זײַנען געטריבן געוואָרן צום אָפענעם קייווער. קוויטקאָ לאָזט איר זאָגן „דאָס וואָרט וועגן נײַ-זײַן", „דאָס וואָרט וועגן דער שוווע", „דאָס וואָרט וועגן עטעלען", „דאָס וואָרט וועגן קינדער", „דאָס וואָרט וועגן באַצאָלונג".

טיף דורכגעלעבטע געדאַנק און געפיל לאָזט דורך דער דיכטער דורכן געמיט פונעם פילגעליטענעם מענטשן אַף צו באַקומען דאָס עמעסדיקע וואָרט, דאָס געזאַנג פון אייגענעם געמיט.

אַמאָל, באַם באַגינען פון זײַן שאַפן, האָט קוויטקאָ געראופן: „קומט דאָס קינד באַשיצן! — געהענעם גייט מיט דונערן און בליצן אַף אונדזער קינד און אַף זײַן מאַרגן". דעמלט איז דאָס געווען מעטאַפאָריש-מאָשלדיק, סימבאָליש. און אין אַ צײַט אַרום דערציילט מאַלקע דודניק, וויאַזוי די פאַשיסטן האָבן לעבעדיקערהייט באַגראָבן דאָס קינד יולקע מיט דער מוטער.

און יולקע!
זי איז נאָך געווען אַזוי קליין,
ווען מ'האָט זי מיט אַלע צוזאַמען
אין גראָבן אין געראמען פאַריאָגט,
אַז זי האָט דער מאַמען געזאָגט:
— נו, לאָמיר זיך לייגן באַקוועם, אײַנײַנעם,
אין אַ ווינקל אַ ריינעם!

סאַרא גרויזאַמער רעאַליזם האָט זיך געשטעלט אונטער קוויטקאָס אַמאָליקער סימבאָליק!

„ווי פאַרכאַפּנדיק איז דאָס געפיל פון זײַן באַנײַס!" — דאָס איז געוואָרן דער לייטמאָטיוו פון קוויטקאָס נאָכמילכאָמעדיקער שאַפונג. קוויטקאָ האָט דעם מאָטיוו אַנטוויקלט אייגנאַרטיק, פּאָעטיש, מיט ליריש-פילאָסאָפישן שווונג. דאָס געפיל פון בײַזײַן באַ מײַסע-בערייִשיס איז אַלע מאָל געווען אייגנטימלעך קוויטקאָען. איצט איז אָט דאָס געפיל נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן.

איידלער פון דער הייך פון רויזן,
שאַרפער פונעם שווערד דעם בלויזן,
כעדוועדיקער פונעם לאַשעק
אַפן זונעדיקן פליין,
און אַנדערש נאָך —
מיט עפּעס גאָר אַ פליגלדיקן כיין,
וואָס פלעט און פלעפט און אייניקט
און אינדערלופטן רײַסט —
אַזאַ איז דאָס געפיל פון זײַן באַנײַס.

קוויטקאָס לידער האָבן געראופן זיך ענגער באַהעפטן מיטן לעבן, זיך אַנשליסן „אין אָטעמצוג פון הימל מיט דער ערד!" זײַנע פרײַנט און פאַרערער האָבן אים נאָך באַ זײַן לעבן געקרוינט מיטן נאָמען „דער זוניקער קוויטקאָ". „צו דער זון, צו דער זון" — איז אויך געווען דער שעפערישער דעוויז פונעם „זוניקן קוויטקאָ"...

דער באַרימטער אוקראַיִנישער דיכטער פּאַוולאָ טיטשינאַ האָט מיט פינף יאָר צוריק, אין צוזאַמענהאַנג מיט לייב קוויטקאָס זיבעציקיאָריקן יובילײ, געזאָגט: „איך בין שטאַרק גליקלעך, וואָס איך האָב אים געקענט, וואָס איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט, וואָס איך האָב פיל געהאַט מיט אים וואָס צו ריידן און אייצענען זיך".

פונקט ווי פּעטריק, דער העלד פון קוויטקאָס פּראָזע־בוך, וואָלט עס געזאָגט וועגן ליאָמען...

„ליאָם און פּעטריק" איז קוויטקאָס אַ ראָמאַן וועגן דער פרײַנטשאַפט פון אַ ייִדיש און אַן אוקראַיִניש ייִנגל, וועגן דער אייגענער קינדהײַט. לאָמיר זיך דערמאָנען ליאָמס גרינגן פּאַרטאָגיקן שלאָף. די זון נעמט אים דורך אַלע איוורים. ער שטרעקט אויס די דאַרע צעגראַבלטע פיסלעך און פּאַרפּלאָנטערט זיך אין דער צעריסענער קאָלדרע.

„איי! — דוכט זיך ליאָמען אין שלאָף, אַז סאָלי געלעגאָלדעס ציילט אים די פינגערלעך פונעם אויסגעשטרעקטן פוס און רופט אָן יעדעס פינגערל — הינדעלע: איין הינדעלע, נאָך איין הינדעלע".

נאָר הינדעלעך האָט ליאָם פאַרמאָגט בלויז אין כּאָלעם. דער מאָגן איז פאַרשטאָפּט געוועזן ניט מיט הינדעלעך — מיט מאַמעליגע...

די זון וועקט ליאָמען. נאָר ס׳וויל זיך אים נאָך אַ ביסל שלאָפן. עפּשער וויל ער פאַרשלאָפן די שווינדזוכט, וואָס נעמט איינעם נאָכן אַנדערן צו זײַנע ברידער און שוועסטער, דעם טאַטן מיט דער מאַמען.

לאָמיר זיך דערמאָנען, ווי ליאָם, אַ קינד נאָך, גייט אָפּ מיט שווייס פון שווערער אַרבעט. אָט שפּאַנט ער פון שעכטהויז און צוויי רינדערנע פעל פאַרן די פּלייצע, שלעפּנדיק דעם קערפּער צו דער ערד. און אָט שטייט ער אַף אַ לייטערל און גרונטעוועט די ברייטע גווירישע פענצטער. די ערשטע פאַרהאָרעוועטע גראָשנס שיקט ער דער באָבען, וואָס וויקלט זיך אין „הונדערט מאָל געלאַטעטן שאַל" און קוקט אין פענצטער — „איר קוקן דערמאַנט אַ פּרילינג־פאַרטאָג, אַ שאָ פאַר זון־אויפגאַנג"...

און איצט לאָמיר אַ קוק טאָן אַף ליאָמס פינגער, וואָס ווערן וואָס אַ טאָג פלינקער, ווי זיי וואָלטן פליגעלעך געהאַט. ווער עס דערזעט זיי, טראַכט זיך: „אָט דער וועט זײַן אַ שניצער"...

ס׳איז דאָך קוויטקאָס פּאָרטרעט! קוויטקאָס קינדהײַט!

קוויטקאָס אַ צײַט־כּאַווער האָט אַמאָלטן דערציילט, אַז, גייענדיק איינמאָל פון אַ קאָנצערט, האָט קוויטקאָ זיך דערמאָנט אין זײַן שווערער קינדהײַט און אונטערן אײַנדרוק פון דעם פידלערס שפּיל פאַרשריבן אין זײַן בלאָקנאָטל:

סע שפּילט, סע שפּילט מײַן פידעלע,
טרײַ־לי, טרײַ־לי, טרײַ־לײַ,
דרײַ פּיקערס אַפן קאַרשנבוים
טשירקען צו דערבײַ.

נאָר קיינער דאַרף קיין קאַרשן ניט —
מע הערט נאָר מײַן מוזיק, —
יעדער וויל דאָס פידעלע
אַ צי טאָן מיטן סמיק.

קוויטקאָס „פידעלע" צוזאַמען מיט די אַנדערע שעדעווורען פון זײַן פּאָעזיע — ס׳איז דאָס סטראַדיוואַריוס־פידעלע אין אונדזער דיכטונג. אַז עס צעשפּילט זיך, ווייעט פון דעם מיט גליק, מיט האַרמאָניע.

ווי ציטעריק איז אים געוועזן דאָס פידעלע! נאָך אין אָנהייב פון זײַן שאַפן האָט ער געשריבן:

איך זאָל כּאָטש ענדיקן מײַן דינינק פידעלע,
וואָס כ׳שניץ און טעסע עס אַ גאַנצן פרי,
פון שוועבלעך־קעסטעלע, מיט פינגער פיבערשע
איך שניץ און טעסע עס אַ גאַנצן פרי.

— בייז געוויטער, וואַרט אַ ווײַל פון יענער זײַט!
איך מוז פאַרטעסען נאָך דעם אונטערטייל,
און דו, טויט, שטיי אַ ווײַל באַם שוועל און
וואַרט אַף מיר —
איך מוז פאַרגלעטן נאָך דעם אויבערטייל.

ווען דאָס בייזע געוויטער, דער טויט, האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל, איז קוויטקאָ אַלט געוועזן 62 יאָר.

קאָרניי טשוקאָווסקי שרײַבט וועגן אים: „ס׳האָט זיך געדוכט, אַז ער וועט געוויס דערלעבן צו הונדערט יאָר. ס׳איז אַפילו געוועזן מאָדנע זיך פאָרשטעלן, אַז ער קען ווען־עס־איז אַפילו אַף אַ טאָג קראַנק ווערן".

איצט וואָלט קוויטקאָ אַלט געוואָרן 75 יאָר.

העכער דרײַ יאָרצענדליקער האָט ער געשפּרײַזט אין אונדזער דיכטונג — מיט פעסטע טריט, פול מיט געמיט און קויעך פון אַ מענטש, וואָס וואָלט „אַ יונגן אָקס דעם קאָפּ פאַרדרייט"... זײַן אויצער איז געווען „מײַן יוגנט, מײַן גרויזאַנג", און זײַן דיכטעריש גליק — די פאַרבונדנקײַט מיטן „גרויסן הײַנט".

שלוימע רויטמאן

# שטאכעטן

דאכט זיך, וואָס — א פארקנדל, שטאכעטלעך —
פראָסט, אָן קונצן אָפּגעהובליעוועטע ברעטלעך,

נאָר פארקיַילעכיקט אין הייך, ווי קעפּ געשניצטע,
און ווי גליַיך מע מיינט ניט זיי — א ביסעלע פארשפּיצטע,

לאָזן זיי פון עפּעס ליבלעכס איַיך צו וויסן;
ווי מיט טשוביקלעך, אזוי ווויליונגעריש פאריסן,

זיי קריכן איַיך אריַין אין הארץ אין סאמע.
אז זיי שטייען אָט אזוי פון יאָרן קאמע,

זיַינען זיי, ווי ביינדעלעך, שוין דורכגעלויכטן,
זיַינען זיי שוין פול מיט ווינט — מיט אָטעם אָנגעהויכטן.

און האָבן זייערע רינצעלעך און טיפע שפּאלטן —
ס׳איז, כ׳לעבן, דאָ אין זיי, ווו א נעשאָמע זאָל זיך האלטן.

---

אָ, פון זינט כ׳האָב, לויפנדיק אין קינדער־יאָרן,
געלאָזט מיַין שטעקעלע אף זיי זיך דורכצופאָרן,

האָבן זיי א טיַיער קאָל פאר מיר געקריגן,
אז ניטאָ איז אף דער וועלט נאָך אזא צווייטער ניגן.

ווי איך נעם אף זיי מיַין שטעקעלע נאָר פירן,
דונערט דאן פון זיי אזוי, אז כ׳נעם שוין שפּירן,

ווי זיי, די ברעטעלעך, מיך פירן און פארפירן,
ניט איך, נאָר זיי, ווי די סאָלדאטיקלעך מארשירן

ארום מיַין כאטקעלע מיט פויקן און טראָמפּייטן.
און כ׳יאָג פארשיקערט, גליַיך ווי איך וואָלט זיי באגלייטן;

און צווישן ברעטעלע און ברעטעלע — א שפּארע,
פונקט ווי זיי מאכן מיר פאר מיַיסעדיקע אוילעמעס א ווארע,

און בלויע שטעט מיט רויטע טורעמלעך גאָר שווינדלען,
דאָרט רינט דער אָסיען, ווי בא אונדז, דאָך ניט אריַין דורך שינדלען,

דאָרט בלענדט א בוים מיט מינע עפּל, ווי לעוואָנעס,
נעם, ריַיס, און ווייסט קיין פּעטש פאר דעם ניט כאפּן, בענעמאָנעס.

און שענערס נאָך — דורך שפּארעס כ׳זע אף בייטן
וואקסן לאָבנס ברויט, פארדעקטע קוים מיט קווייטן, —

גרויסע לאָבנס, ווי די דיניעס אויסגעבאקן,
קלעמט דאָס הארץ, טאָ קיַיע זיי אף ביידע באקן.

ס׳איז דאָך אזא מין ברויט מיר ניט פאַרוואָרט צו עסן.
איז ווי זשע קען איך אײַך, שטאַכעטן, דען פאַרגעסן —

אײַך, מײַנע ברעטעלעך, — אײַך, שרעטעלעך פאַר קינדער,
מײַן הונגעריקע קינדהייט האָט איר מיט א שפּיל געלינדערט.

---

דאכט זיך, וואָס — א פאַרקנדל, שטאַכעטלעך —
פּראָסט, אָן קונצן אָפּגעהובליעוועטע ברעטלעך,

האָבן זיי א טײַער קאָל פאַר מיר געקריגן,
פון היץ פאַרברענט און ווי פון זאַפט אין פרילינג אָנגעיוירן.

זיי שפּירן, דוכט זיך, שוין, ווי ס׳בײַטן זיך די צײַטן, —
און ניט אין דרויסן בלויז, נאָר אויך בא אונדז, בא לײַטן,

ווי זשע אנדערש וואָלטן זיי, נו, זאָגט, פונוואַנען
אונדזער יוגנט אזוי רוכניעסדיק פאַרשטאַנען?

קומט דער זומער, בײַטן זיי דאַן זייער מאַרע,
הייבן אָן שוין אף די אקסלען די באַיאָרטע און די דאַרע,

ווי א ספּידניצע א געקווייטלטע, אַרופצוציִען
האָפּן־בלעטער און פּאַסאָליע־שטענגעלעך אין בליִען.

זיי ווילן אונדז, ווײַזט אויס, באַגעגענען מיט בלומען,
זיי פילן: יוגנט איז צו אונדז מיט ליבע אָנגעקומען.

און ווי זיי וואָלטן, אָט די דאַרע ברעטלעך, אונדז געוויטעט,
זיי האָבן, ווי דער נעס פון יוגנט, זיך אליין צעצוויטעט.

קומען מיר מיט זומער־נעכט צו די שטאַכעטן
ליבן זיך, און האלדזן זיך, און אַרעמען, און גלעטן —

מיטן סאָד פון ליבע גלעטן אלע שטערן,
דורכגעלעוואָנעטע ביז ביינער ווערן;

און די מיידלעך — דינינקע, נו, ווי די שטראַלן,
אונטער אונדזער אָטעם בייגן זיך ביז אומצופאַלן.

און מיר וואָלטן טאַקע פאַלן אינעם גאָרן,
ווען איר, שטאַכעטעלעך, וואָלט אונדז ניט אונטערשפּאַרן

מיט אײַערע פּלייצעס אזוי צניִעסדיק־באַרעכנט,
ווער זשע טראַכט דען, אלטיטשקע, אײַך צו צעברעכן,

אף אײַך סע האָט דאָך אונטער טויען־טראָפּנס
אונדזער ליבע זיך געוויקלט, ווי די האָפּן.

---

דאכט זיך, וואָס — א פאַרקנדל, שטאַכעטלעך —
פּראָסט, אָן קונצן אָפּגעהובליעוועטע ברעטלעך,

נאָר בא וועלכן איז מײַן מאַמע ניט געשטאַנען,
נאָר אוועלכעס האָט מײַן מאַמען ניט פאַרשטאַנען.

גראָווע ברעטעלעך, די מאַמע אויך א גראָווע,
שוין אָנגעזאַפּט איז יעדער ברעטעלע מיט איר מאַכשאָווע.

פײַנט מײַן מאַמע האָט מיט צאָרעס זיך צו טיילן,
נאָר שטאַכעטן מעג מען, שווײַגנדיק, דאָך אויסדערציילן

פון די באָנים, וואָס זיי קומען איר צו כאָלעם.
וויפֿל וואסער איז אוועק, פון זינט ס׳איז שאָלעם,

און זי שטייט נאָך אַלץ באם פּארקנדל אין קלערן,
כאָטש זי ווייסט דאָך, אז זיי וועלן קיינמאָל זיך ניט קערן.

נאָר אין כאָלעם איינער קומט און בעט זי עסן,
ווי ער קען אין קייווער אויך זײַן הונגער־גסיסע ניט פארגעסן.

און דער צווייטער, אויך נאָך גאָר א ייִנגל,
קומט מיט סרייפעס פון מילכאָמע ביזן קאָפּ ארומגערינגלט,

און ער קוקט אָף איר דורך פלאם מיט בליקן צארטסטע,
און ער לאָזט א געװעם־פײַער איבער איר אין הארצן.

פײַנט מײַן מאמע האָט מיט צאָרעס זיך צו טיילן,
די שטאכעטן וואָלט זי, עפשער, אויך עס ניט דערציילן,

טיפע בענקשאפט האָט אוואדע פײַנט צו ראשן,
ס׳גיט זי אָבער אויס די בענקשאפט אָפּט באם וואשן.

ס׳טרעפט, זי וואשט און הענגט ארויס (דאָס ווייסט קיין פרעמדער)
אָף די שטאכעטן, זיך פארגעסנדיק, אויך זייערע העמדער —

נאָך קינדער־העמדעלעך פון די פארשפּילטע באָנים,
און דאן באקומען די שטאכעטן אויך א מענטשלעך פּאָנעם.

אין ווײַסן אָנגעקליידטע, פריילעכע זיי העלן,
ווי ס׳וואָלט בא אונדז אין דער מישפּאָכע קיינער זיך ניט פעלן,

און אלע שטייען איצט ארום דער שטוב צוזאמען,
פונקט ווי די ברעטלעך זײַנען ניט פון אָפּגעהאקטע שטאמען.

און טאקע, וויפֿל שלאקסן האָבן זיי געשלאָגן,
און וויפֿל שטורעמס איבער זיי זיך האָבן דורכגעטראָגן,

און וויפֿל שלעק, פוראָניעס און פארברעכנס
האָבן געפּרווּוט אָט די שטאכעטעלעך צעברעכן.

נאָר זיי, ווי ס׳וואָלט אָף זיי דער גוטער גײַסט נאָר שוועבן,
האָבן באוויזן מײַרעך־יאָמימדיק אריבערלעבן

אלע געטאָס, אלע לאגערס, טפיסעס, יארן,
אָ, אונדזערע שטאכעטן שטייען אלץ נאָך, ווי די גווארן,

ווײַל אין זייער יעדער שפּעלטעלע מיט מוטער־זאָרגן
איז די נעשאָמע דאָך די אייביקע פון היים פארבאָרגן.

טאָ זאָל די אייביקײַט מיט זון אומענדלעך גלעטן
אײַך, מײַנע ליבע, מײַנע אלטיטשקע שטאכעטן.

# מײַן אײנציקער האָר

כ׳בין אָפּגעשלאָפן בייס דער שניט־צײַט, ווי א סנאָפּ,
א נאכט אין סטעפּ, מיט פלייצע צו די שטערן,
פארגעסן האָט זיך צווישן זאנגען זיס מײַן קאָפּ
און אויך געצײַטיקט מיט דעם גליק צו זײַן א קערן.

און כ׳האָב געדרעמלט, ביז פון מיר האָט דער באגין
מיט ערשטן ווינט אראָפּגעריסן נאכט און שאָטן

און איז אין פאַסטעלעס, דוכט, אויסגעפלאַכטענע פון גין,
ווי גלייַך אף אקער־ערד, איבער מייַן לייַב געטראָטן.

נאָר ער געקענט האָט מיט די פיס א טרעט מיך טון,
און ס'זאָל מייַן צאָרן ניט צערייַסן אים אף צווייען,
ער איז געגאַן דאָך, ווי א פויער, מיט דעם קויש פון זון,
קעדיי ער זאָל א פרייַ געמיט אין מיר פאַרזייען.

# באַם פאַרפרוירענעם פענצטער

א באָרוועס קינד, איז זיץ איך אַפּ א ווינטער
באַם פענצטער דעם פאַרקאָוועטן פון קעלט,
פונוואַנען ס'ווייט מיט שטילקייַט פון א צווינטער.
כ'וואָלט אויך געוואָלט א קוק טאָן אף דער וועלט,
איז האָט דער פראָסט דעם דרויסן מיר
פאַרשטעלט

מיט אָנגעמאָלטע צווייַגן, קרענץ און בלעטער,
און ס'דוכט, ער רעדט צו מיר, ווי א מין
שפעטער,

מיט א צעלאַכעס־שטעכנדיקער שפּראַך,
„פון אָט די צווייַגלעך וועסטו דאָך קיין סכאך
ניט אָנברעכן, א פּייערל ס'זאָל העלפן".

און ס'שרעקן מיך די שנייַיקע געמעלן,
זיי זייַנען, דוכט, דער טרויער־קראַנץ, וואָס ליגט
שוין אף מייַן אָפּגעשטאָרבן קינדער־גליק.

און כ'הייב זיך אָן צו ראַנגלען מיט דער קרירע,
איך הויכקע אף די שויבן, אָטעם, בלאָז,
ביז ס'טייַען אָפּ די קאַלטע קווייטן אירע,
דורך דינעם הייַטל אייַז שוין גרינט דאָס גלאָז,
ווי דורכגעהאַקט מייַן דעך וואָלט א פּאָלאָנקע
צום פרילינג־צו, און אָט שוין גרינט א לאָנקע.

נאָר שטאַרקער פון מייַן אָטעם איז דער פראָסט,
און ווידער ווערט די שויב מיט אייַז פאַרצויגן
און כ'וואָלט אצינד צעווײנט זיך פאַר פאַרדראָס,
ווען כ'שרעק זיך ניט, אז אויך מייַן טרערן־גאָס
פאַרפרוירן ווערן וועט אף מייַנע אויגן,
ווי אָט די קרענץ אף שויבן, פון דער קעלט,
און אייביק וועט מייַן ליכט שוין זייַן פאַרשטעלט.
און ס'נעמט מיך דורך אזא מין גרויל אין רוקן,
אז נאָך ביז הייַנט, אוי, ווי כ'האָב פּייַנט צו קוקן
דורך א פאַרפרוירן פענצטער אף דער וועלט.

# וואָרעמע סטעזשקעלעך

גראַדע איצט, ווען כ'קען שוין באָרוועס לויפן
און מעג זיך שוין קיין שיכעלעך ניט קויפן,

אָנגעשניטן האָט פאַר מיר די וועסנע־מאַמע
ערעוו־פּייסעכדיקע סטעזשקעלעך פון סאַמעט.

גיב איך נאָר א טרעט א פראָסטן — אָן שום
קאָסטן,
טו איך אָן מיר שיכעלעך ווי אָנגעמאָסטן,

אוי, אָן אוישער! כ'קען אפילע צווישן גראָזן
וויפל נאָר סע גלוסט זיך מיר זיי איבערלאָזן;

ווער קען נאָך דען, כוץ דער ערד, זיי
איבערצײלן?
לויף איך, קינדער באָרוועסע מיט זיי באַטיילן.

יעדער שיכעלע איז לײַכט און פייַכט און קילינק,
גיי איך מיר אַרייַן מיט זיי אין שיינעם פרילינג,

גיב מיט זיי אף יעדן בוים פאַרשייַט א קלעטער,
טו זיך אָן אין גרינעם בעגעדל פון בלעטער.

און פאַר סימכע, פאַר אשירעס און פאַר טומל
איך פאַרגעס אף יעדן פלויט א גרין קאַסטיומל.

מייַן האַלבאָשע קען דער ווינט נאָר איבערציילן,
לויף איך קינדערלעך די נאַקעטע באַטיילן.

אויס מיט שמאַטעס, וווּ די קינדער־יאָרן וויאַנען,
ס'איז די וועלט מיט אזא בעגעד מיר מעקאַנע,

ס'האָט די זון מייַן העמדעלע מיר צוגעשניטן,
אופגענייט מיט שטראַלן עס פון בליטן־צוויטן,

און די הייזעלעך — פון גרינסן, פון געשפּינסן, —
ניט קיין מאַלבעש — א געווינס איבער געווינסן.

אויסגעפּוצט אין אזא קלייד, — אָן זאָרג, אָן
קומער
גיי איך מיר אזוי אַרייַן אין טיפן זומער.

בלעטער־קעשענעס באַ מיר, ווי ברייטע רוימען,
פול די בלעטער־קעשענעס מיט קאַרשן, פלוימען,

פול מיט ווײַנשל, עפּל, פּערעשקעס און באַרן,
און מיט אַלץ, נאָך וואָס קונדייסימלעך דאַך גאַרן,
נאָר דער הארבסט קאָן מײַנע פּײרעס
איבערצײַלן,
לויף איך הונגעריקע קינדערלעך באַטײַלן,

יאָג איך אַלע נויטבאַדערפטיקע דערקוויקן.
אָרעם קינד, דו האָסט געוואָלט א וועלט באַגליקן.

# א רויטאַרמייִשער הוט

דער רויטאַרמייִיש־קײַלעכיקער הוט
קען אייביק עפּעס שיינס דעם לעבן זאָגן,
דאָרט מאָלט זיך יענער העלדן־קאָפּ נאָך גוט,
וואָס האָט אַמאָל דורך שלאַכטן זיך געטראָגן.

דער הוט האָט מיט זײַן שפּיץ זיך ווי באַוווערט,
די אויערן צעשפּרייט, ווי גלײַך ס׳וואָלט טאַקע
דער רײַטער־יונג מיט זײַן אנטבלויזטער שווערד
אוועקגעלאָזט זיך ווידער אין אטאַקע.

און נאָר דאָס שטערנדל, וואָס איז ניטאָ
שוין אף דעם הוט, לאָזט וועגן העלד צו וויסן,
אז ס׳האָבן פּײַנט שוין אין זײַן לעצטער שאָ
עס מיט זײַן פלייש פון אים ארויסגעריסן,

און אָפן הוט פון פאָרנט, אויבנאָן
א צייכן פינפשפּיציק איז פאַרבליבן,
וואָס גרינט, ווי דער געשניצטער בלאַט פון
קליאָן,
און ווערט גאָר פון דער צײַט ניט אָפּגעריבן,

און ווערט ניט אָפּגעריסן פונעם ווינט,
און ווערט ניט אָפּגעוויאַנעט אין די הארבסטן,
ווי ס׳וואָלט דאָס רויטע שטערנדל געגרינט,
ווי ס׳וואָלט דער יונג דערנערט עס מיטן הארצן.





ריווקע רובין

# דער שלאָס פון דעם פירשט בערגער

## 1. ווי קאָן א ייִד זיין א פירשט?

איך האָב שטארק ליב געהאט מיין לערערקע. זי איז געווען זייער א שיינע. עפשער נאָך שענער פון מיין מאמען. זי איז געווען א שטרענגע און א קיניגלעך־שטאָלצע. האָב איך זי געשטעלט העכער פון אלע מענטשן, וואָס איך האָב געקענט. איר נאָמען אליין האָט בא מיר ארויסגערופן דערעכערעץ. פאָלינא וולאדימיראָוונא — ביז דעם טאָג, ווען דער טאטע האָט מיך אָפגעפירט אין דער רוסישער אָנפאנג־שול פאר ייִדישע מיידלעך, האָב איך אזא נאָמען ניט געהערט.

מיר האָט זיך זייער געוואָלט אויסנעמען בא איר, בא מיין שיינער און שטאָלצער לערערקע. בייס די לימודים האָב איך ניט אראָפגענומען די אויגן פון איר לויטערן פאָנעם, וואָס האָט שטענדיק אויסגעזען ווי ערשט אָפגעוואשן, און געטרוימט, אז אָט וועט זי צו מיר א שמייכל טאָן, אָט וועט זי מיר שטעלן א פינף. מיטן גאנצן הארצן האָב איך געוואָלט זיך לערנען גוט. געלערנט האָב איך זיך שלעכט.

אין דער היים פלעג איך אויספילן אלע שול־פארגעבונגען שנעל און ווי ס'דארף צו זיין, אָן קיינעמס הילף. אין קלאס פלעג איך שטעלן „בולקעס" אין העפט, און אפן ברייטן שווארצן טאָוול האָב איך געשריבן אזוי פאמעלעך, ווי עמעצער וואָלט מיך בייסמייסע געהאלטן פאר די הענט. אין דער היים האָב איך דעקלינירט, ווי א מאזיק, הויך אפן קאָל: „סטאָל, סטאָלא, סטאָלו; סאָבאקא, סאָבאקי, סאָבאקע". נאָר קוים האָט די לערערקע מיך אָנגעקוקט און צוליב אָנשוילעכקייט געשטעלט די פראגע אף אזא אויפן: „קאָוואָ, טשטאָ יא וויזשו?" האָב איך ניט געקאָנט פויעלן בא זיך צו ענטפערן: „סטאָל" אָדער „סאָבאקו".

צום סאָף יאָר האָט דער לערערקעס פעסטע האנט אויסגעשטעלט אין אלע קעסטעלעך פון מיין טאבעל אקוראט אויסגעדריידלטע דרייען. באם סאמע עק נאָר איז געשטאנען א יאָסעם — א פינף — פאר גוטער אופירונג. איך האָב אריינגעקוקט אין דעם טאבעל און... אין א מינוט ארום האָב איך שוין ניט געדענקט, ווו איך האָב אים אהינגעטאָן. ער איז פאר מיר געווען ווי ניט געווען. אין שטוב בין איך אריינגעלאָפן א צופרידענע, אויסגעשריִען הויך אף א קאָל: „טאטע, איינע פינפן!" — און ארויס אין הויף שפילן מיט די כאווערטעס אין צייכנס.

דארף זיך מאכן אין א שאבעסדיקן זומער־טאָג, גיי איך מיטן טאטן אין גאס און אנטקעגן קומט אונדז אָן פאָלינא וולאדימיראָוונא. א שיינע, א שטאלטנע, אין ווייסע הענטשקעלעך, מיט א קליין שירעמל פון ווייסן האפט, האָט זי אף אונדזער באגריסונג געענטפערט מיט א מאיעסטעטיש־ליבן שמייכל און איז זיך ווייטער געגאנגען איר וועג. פאלט איין מיין טאטן אָפצושטעלן זי, קעדיי צו באדאנקען פאר מיינע גרויסע דערפאָלגן. לעכאטכילע האָט די לערערקע אויסגעזען פארוווּנדערט. דערנאָך האָבן אירע שיינע ברעמען א פלי געטאָן אין דער הייך.

— דעם טאבעל האָט איר געזען?

איך האָב מיט האסט ארויסגעריסן מיין האנט פון דעם טאטנס און געלאָזט זיך לויפן.

געלאָפן בין איך לאנג. איך בין געלאָפן פון טאטע־מאמע, פון דער היים, פון שול, פון שטאָט. געלאָפן, ביז עס האָט מיר אָנגעהויבן שטעכן אין א זייט און ס'האָט מיר פארפעלט אָטעם. אָפגעשטעלט אָבער האָב איך זיך ניט. כ'האָב נאָר פארלאנגזאמט דעם טראָט. און דאָ ערשט האָב איך דערפילט טרערן אף די באקן. עפשער בין איך געווען א פארדאָרבן קינד, נאָר איך מוז זיך

מוידע זײַן, אַז דאָס זײַנען געווען ניט קיין טרערן פֿון כאַראַטע. צום ערשטן מאָל איז פֿאַר מיר אויפֿגעקומען די פֿראַגע, פֿאַרוואָס האָט די לערערקע מיר געשטעלט דרײַען, בײַס איך האָב אַלץ געוווּסט ניט ערגער פֿון אַלעמען. ווען זי זאָגט מיר כאָטש א גוט וואָרט, וואָלט איך איר אָף אַלץ געענטפֿערט. צום ערשטן מאָל האָט זיך אין מײַנע אויגן אַ וואַקל געטאָן מײַן אָפּגאָט און איך בין געגאַנגען אין דער וועלט אַרײַן און געוויינט פֿון ליבע און אַנטוישונג. אַזוי האָט עס מיך פֿאַר־טראָגן אַזש אָפֿן רוסישן צווינטער. דאָ, אָף אַ גרינעם בערגל מיט אַ הילצערנעם צײלעם צוקאָפּנס, האָט מען מיך אָוונט־צײַט אויפֿגעזוכט אַ שלאָפֿנדיקע, מיט אַן אויפֿגעלאָפֿענעם, פֿאַרמורזעטן פּאָנעם.

ניט יענעם טאָג, ניט שפּעטער האָב איך באַ אונדז אין שטוב קיין וואָרט ניט געהערט וועגן דער מײַסע מיט דעם טאַבעל. ווען איך בין געקומען האַרבסט אין שול, האָט אויך די לערערקע מיר גאָרנישט דערמאָנט. האָב איך אין צווייטן קלאַס אויסגעלערנט זיך מיט אַלעמען גלײַך צו ציִען די רעכטע האַנט אין דער הייך, ווען איך האָב געהאַט וואָס צו זאָגן, און די ווונד אין מײַן האַרצן האָט זיך ביסלעכווײַז פֿאַרצויגן מיט אַ הײַטל. האָט אָבער בישכיינעס מיט אונדז, אַ שטוב לעבן אַ שטוב, געוווינט ניסל, כאָנע דעם מעלאַמעדס, אַ ביטערער ניסל. קיין איין זינד מײַנע האָט ער מיר קיינמאָל ניט מויכל געווען.

ניסל איז געווען אַ טויבלעך בייז ייִנגל מיט אַ יאָר דרײַ־פֿיר עלטער פֿון מיר. זײַן גוטער קאָפּ האָט געהאַט אַ שעם באַ אונדז אין גאַס. און ווײַל ער האָט געהאַט אַזאַ גוטן קאָפּ, האָט ער זיך געלערנט אין דער רעאַל־שול. און ווײַל ער האָט זיך געלערנט אין דער רעאַל־שול, האָט אים זײַן מאַמע, מערע די מעלאַמעדקע, אָפּטלעך אונטערגעשאַרט אַ פּעטערן ביסן. ניסל פֿלעגט, אַפֿילע ניט אומקוקנדיק זיך, אַ רוק טאָן די טעלער פֿון זיך מיט אַזאַ רוגזע, ווי די מאַמע וואָלט געווען זײַן גרעסטער סוינע. איך האָב אָבער געוווּסט, אַז דעם „פּעטערן ביסן“ לאָזט ער אָף אַזאַ אויפֿן איבער פֿאַר די ייִנגערע קינדער.

פֿלי איך איינמאָל אָן אין הויף אָף ניסלען, און ער טוט אַ זאָג סטאַם אַזוי, אין דער לופֿט אַרײַן, מיט אַ כויזעקדיקן שמאָרע מיט דער נאָז:

— איינע פֿינפֿן, האַ?

פֿונוואַנען האָט ער זיך דערוווּסט? פֿאַר מיר איז עס געווען אַ רעטעניש, נאָר פֿון יענעם טאָג אָן האָט מיך ניסל געהאַלטן פֿאַר אַ ליגנערקע און ס'איז ניט געווען אַזאַ קראַפֿט אָף דער וועלט, וואָס זאָל אים איבערצײַגן, אַז אַ ליגן איז פֿאַר מיר געווען דער טאַבעל און די פֿינפֿן — אַן עמעס.

און איך בין אין ניסלען געווען פֿאַרליבט. ווען ער פֿלעגט זיך באַווײַזן אין הויף, לייענענדיק אין גאַנג אַ בוך, איבער זײַן שלעכט הערן אַן אָפּגעשיידטער פֿון אַלץ און פֿון אַלעמען, פֿלעג איך בלײַבן שטיין אַ פֿאַרצאַפּלטע. ניט נאָר די קאַרגע רייד זײַנע, נאָר אַפֿילע די אָפּטע אויפֿגערייצט־קײַט האָב איך אויפֿגענומען ווי אַ סימען פֿון גרויסקײַט. איך האָב ליב געהאַט, זיצנדיק פֿאַרטײַעט אין אַ ווינקל, צוהערן זיך, וויִאַזוי מײַן טאַטע רעדט מיט אים ווי מיט אַ דערוואַקסענעם וועגן איינעם אַ מענטש מיט אַ מאָדנעם נאָמען שפּינאָזע, וועלכער האָט אַלץ געוווּסט, אַלץ פֿאַרשטאַנען בעסער פֿון יעדערן. און איך האָב ראַכמאָנעס געהאַט אָפֿן דאָזיקן שפּינאָזע, כאָטש פֿאַרשטיין אַקוראַט, וואָס האָט מיט אים געטראָפֿן, האָב איך ניט געקאָנט. איך האָב נאָר געוווּסט, אַז געמיינע לײַט האָבן אים אָפּגעטאָן עפּעס זייער אַ מיִעס שפּיצל. איך האָב ראַכמאָנעס געהאַט סײַ אָף שפּי־נאָזען, סײַ אָף ניסלען. אין מײַן פֿאָרשטעלונג זײַנען זיי געוואָרן איינס. שפּינאָזע האָט אויך אַוואַדע גערעדט מיט רוגזע, קעדיי אויסצובאַהאַלטן זײַן גוטסקײַט. צו נײַן־צען יאָר האָב איך וועגן יעדן מענטשן, וואָס איך האָב געזען אָדער אַפֿילע נאָר געהערט וועגן אים, דאָס ערשטע נאָכגעפֿרעגט זיך: „ער איז אַ גוטער?“

און ניסל האָט אין מײַן זײַט ניט געקוקט. האָט ער מיך ווען יאָ באַמערקט, איז נאָר אויס־געלאַכט, נאָר אָנגעטאָן ביזיוינעס:

— וואָס, אַ נײַע באָבעמײַסע אויסגעטראַכט?



איך האָב שטאַרק ליב געהאַט מײַן כאַווערטע פֿאַניע בערגער. זי איז געווען זייער אַ שיינע. עפּשער נאָך שענער פֿון דער לערערקע. און אַ לאַכערקע, און אַ שטיפֿערקע, און געטאָן האָט זי יעדער זאַך מאָדנע פֿלינק. איך האָב קיינמאָל ניט געקאָנט כאַפּן מיטן אויג, וויִאַזוי איר דינינקע פֿיגור שיילט זיך אויס פֿונעם ווינטער־מאַנטל מיטן ווײַסן פֿוטערנעם קעלנערל; וויִאַזוי איר קאָפּ דרייט זיך אַרויס פֿונעם הויכן וואָלענעם באַשליק מיט די לאַנגע עקן אַרומגענומען אַרום האַלדז. און אָט לויפֿט שוין פֿאַניע מיט אַ הילכיקן קוויטש איבערן קאָרידאָר און צוויי גרויסע סטענגעס טאַנצן אָף איר פּלייצע איבערן ברוינעם גימנאַזיסטן־קלייד. אויסער איר האָט קיין איין מיידל באַ אונדז אין שול ניט אָנגעטאָן זיך, ווי אַ גימנאַזיסטקע.

פאַניעס שיינער קאָפּ מיט די פיר צעפּ — צוויי דינינקע איבער די אויערן, אריינגעפּלאָכטן אין צוויי דיקערע אַף דער פּלייצע — דרייט זיך בייס די לימודים אין אַלע זייטן. דער שכיינע פון רעכטס שטעלט פאַניען ארויס א צונג, דער שכיינע פון פאָרנט גיט זי א קיצל אונטערן אָרעם. ס׳האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז דער לערערקעס דערקלערונגען זײַנען איר קלאָל ניט אָנגעגאַנגען. קוים אָבער האָט מען זי אויסגערופן, האָט דאָס שטיקל קרײַד אין איר האַנט געקלאַפּט איבערן טאָוול פונקט אַזוי זיכער און פריילעך, ווי אירע שיכלעך איבערן דיל פונעם שול-קאָרידאָר. שפּילנדיק מיט די כיין־גריבעלעך אַף די רויטע בעקלעך, האָט פאַניע געענטפערט אַף אַלע פראַגעס. זי האָט אַלץ געוווּסט. זי האָט באַקומען איינע פינפן. וואָס זשע איז דער וווּנדער, אַז איך האָב געוואָלט ווערן מיט פאַניען כאַווער? און געוואָרן. כאָטש אָנגעהויבן האָט זיך אונדזער פרײַנטשאַפט פון א בארויגעז.

געווען איז עס אַזוי: איבער עפּעס א שולד איז פאַניע בערגער געשטאַנען אין ווינקל. האָט זי הינטער דער לערערקעס פּלייצעס געמאַכט אַזעלכע האַוויַיעס, אַז דער גאַנצער קלאַס האָט געלאַכט.

— הײַנט ווּעסטו גיין אהיים די לעצטע, — האָט מיט איר רויקער שטים געזאָגט די לערערקע. — קאַלזמאַן כאָטש איין שילערן וועט בלײַבן אין קלאַס, זאָלסטו זיך ניט רירן פון אָרט.

איך האָב אויסגעוואַרט, ביז אַלע זײַנען זיך צעגאַנגען, און ארויס אַף דער גאַס צוזאַמען מיט פאַניע בערגער.

— ווּו וווינסטו? — האָט זי מיך געפרעגט.

— הינטערן בריק. און דו?

— איך? אָן דאָרט. פאַרן בריק.

— ווייסט, — האָב איך אומגעריכט פאַר זיך אַליין אויסגעשאָסן, — מײַן פעטער איז א גאזלען.

— דײַן פעטער?

— נו, יאָ. מײַן מאַמעס ברודער.

— א גאזלען?

— א גאזלען. ער האָט אָפּגענומען בא מײַן מאַמען די ירושע.

— פאַרוואָס האָט ער אָפּגענומען בא איר די ירושע?

— אָט אַזוי... ווײַל ער איז א גאזלען.

— דײַן פעטער וווינט אין וואַלד? — האָט זי געפרעגט.

— מײַן פעטער? ער וווינט אין ראַדאָשקאָוויטש...

פאַניע איז געבליבן שטיין און אָפּגעבריט מיך מיט אירע שוואַרצע שעלמישע אויגן.

— הער אוף, — האָט זי אויסגעשריען. — דײַן פעטער איז ניט קיין גאזלען. א גאזלען וווינט אין וואַלד. מיסטאַמע האָסטו אינגאַנצן ניט קיין פעטער.

— מײַן מאַמע זאָגט טאַקע, — האָב איך געפּרוּווט ראַטעווען די לאַגע, — אַז מע לעבט, ווי אין א וואַלד.

נאָר פאַניע איז שוין געלאָפן איבער דער בריק און אַף איר פּלייצע האָט אונטערגעטאַנצט די פול געפּאַקטע שול־טעקע.

איך בין געבליבן אַליין באַם פאַרפראָרענעם טײַך, און ס׳איז ניט געווען אַף דער וועלט קיין מענטש אומגליקלעכער פון מיר. קיינער, קיינער דאַרף מיך ניט. קיינער האָט מיך ניט ליב. אַלע האַלטן מיך פאַר א ליגנערקע.

אַף מאָרגן האָבן מיר זיך איבערגעבעטן. פאַניע איז די ערשטע צו מיר צוגעגאַנגען און נאָך די לימודים גערופן צו זיך אהיים. מיר האָבן צוזאַמען אָפּגעגעסן, צוגעגרייט די לימודים און ביז פאַרנאַכט געשליטלט זיך אַפן הויף. מײַן נײַע כאַווערטע האָט מיך בעשום־אויפן ניט געוואָלט פון זיך אָפּלאָזן. אהיים בין איך אוועק ערשט דאַן, ווען זי און אירע צוויי יינגערע שוועסטערלעך האָבן זיך אויסגעשטעלט אין לאַנגע באַארבלטע העמדער, יעדערע אין איר בעטל, און דער טאַטע זייערער האָט מיט א גומענעם פעכערל באַשפּריצט זיי פון א פלעשל מיט עפּעס א שמעקנדיק וואַסערל. דער זיסער רייעך איז מיר נאָכגעגאַנגען ביז צו מײַן הײם.



די פרייד פון כאַווערן זיך מיט פאַניע בערגער וואָלט מיסטאַמע קיינמאָל ניט פאַרשטערט געוואָרן, ווען איך לייען ניט אַזוי גוט רוסיש. צום אומגליק אָבער האָב איך אין צווייטן קלאַס געלייענט רוסיש ווי א וואַסער. מײַן לערערקע פּאָלינא וולאַדימיראָוונא האָט אין דעם געהאַט

אַ קנאַפּן כײלעק. אויסגעלערנט האָב איך זיך פֿון מײַנע צוויי עלטערע ברידער, כאָטש זיי האָבן פֿון דעם ניט געוווּסט. איך בין פּאָשעט געוואָרן אַ מיטלײַענערן פֿון די דינינקע ביכעלעך, וואָס זיי פֿלעגן פֿון צײַט צו צײַט ברענגען אַהיים און ווי קאָרטן צעשיטן איבער דעם אײַזערנעם בעט, אַף וועלכן זיי זײַנען צוזאַמען געשלאָפֿן. דאָס ערשטע ביכעלע, אַ מײַסע וועגן אַ געהײמניספֿולן מאָרד אין אַן אַלטן שלאָס, בין איך קוים בײַגעקומען. ביז איך האָב זיך דערקלײַבן צום סאָף, וויאַזוי נאַט פּינקערטאָן שפּירט אויס די מערדער, האָב איך פֿאַרגעסן דעם אָנהײב. האָב איך אַזויפֿיל מאָל איבערגעלײענט דאָס ביכעלע, ביז די לערערקע האָט אָנגעהויבן צו באַוווּנדערן מײַנע דערפֿאָלגן אין רוסיש. פֿון די פֿיל אומבאַקאַנטע ווערטער בין איך ניט באַטל געוואָרן. פֿאַרקערט, זיי האָבן פֿאַר מיר געהאַט אַ באַזונדערן רייץ. ווי איך האָב געוואָלט, אַזוי האָב איך זיי אויסגעטײַטשט.

„די גײשע האָט אַ פּאַטש געטאָן אין די דלאָניעס, און באַלד האָט זיך צעעפֿנט דער דיל. פֿון אונטער אים האָט זיך באַוויזן אַ מענטש מיט אַ בלאַנקענדיקער שווערד אין דער האַנט“, — אַזוי האָב איך אויסגעלײענט אין איינעם אַ ביכעלע.

די גײשע אַליין האָב איך גרינג פֿאַרדײַעט. מיסטאָמע איז עס אַ שיינהײַט אַזאַ. ניט פֿאַר מײַן סייכל איז געווען דאַפֿקע דער פּאָשעטער פּאַטש אין די דלאָניעס — „זאַכלאָפּאַלא וו לאַדאָשי“. גיי ווייס, אַז לאַדאָשאַ איז אַ דלאָניע. האָב איך קיין אַנדער ברירע ניט געהאַט, ווי אויסצומאָלן זיך אין דער פֿאָרשטעלונג אַ מאָדנע הילכיקן כײפּעץ, וואָס אַז מע קלאַפּט אין אים, עפֿנט זיך אַזש דער דיל.

האַלטן אין זיך דאָס אַלץ, וואָס איך האָב זיך דערוווּסט פֿון די דינע ביכעלעך, איז געווען איבער מײַנע קויכעס. האָב איך יעדע מײַסע איבערדערציילט מײַן נײַער כאַווערטע. איין מײַסע נאָר האָב איך איר ניט געקאָנט דערציילן — די מײַסע וועגן איר אַליין, וועגן פּאַניע בערגער. איך האָב געכאַלעשט, געלעכצט נאָך אַ צוהערער. און געפֿונען. דאָס איז געווען ניסלס יינגסט שוועסטערל טרײַנע, אַ שוואַרצס, מיט אַ דין, שפּיציק נעזל און אַרויסטאַרטשענדיקע ציין פֿון אונטער דער אייבערשטער ליפּ. זומער־צײַט, האָט זי נאָר אַרויסגעשטעקט די נאָז אַף דער גאַס, פֿלעגט אַ גאַנצע כאָפּטע יינגלעך, איר טאַטנס טאַלמידים, זיך אַ לאָז טאָן נאָך איר, זינגענדיק אַ מאָדנע לידל:

טרײַנע־פּײַנע,
איך האָב צו דיר אַ טײַנע:
פֿאַרוואָס ביסטו, טרײַנע,
גאָר ניט אַזאַ פּײַנע?

און אַזוי נאָכאַנאַנד, אין איין אָטעם, יעדעס מאָל פֿון אָנהייב. טרײַנע האָט מיט אַלע קויכעס זיך געמיט צו באַווײַזן, אַז זי ווערט פֿון די יינגלעך ניט ניספּאָעל. זי פֿלעגט אויסדרייען צו זיי איר שוואַרץ מײַזיש פּענעמל, אַרויסשטעלן די ציין, ווי אַף אַ ביס צו טאָן, און אָפּזאָגן אירס:

— אָט וועל איך דערציילן דעם טאַטן, טעמפּענע גאָרגלס!

אירע ווערטער פֿלעגן צוגעבן די יינגלעך פֿרישע קויכעס אַף צו זינגען זייער לידל. פֿאַר טרײַנעס טאַטן האָט קיינער פֿון זיי ניט מוירע געהאַט. דאָס איז געווען אַ שטילער ייִד מיט אַן אויסגעצויגן הונגעריק פּאָנעם. אַ פּונק פֿון לעבן האָט מען אין אים געקאָנט מערקן נאָר דאַן, ווען די מעלאַמעדקע פֿלעגט אוועקשטעלן פֿאַר אים אַפֿן טיש אַ טעלער הערטשענעם קרופּניק אָדער אַ שיסעלע הייסן באָב. ווי אַ לונאַטיקער פֿלעגט ער קוידעמקאָל אויסציִען זײַנע בלייכע הענט צום ברויט. אָפּגעשניטן אַ דיקע לוסטע און פֿאַרקוועטשט זי אין דער רעכטער דלאָניע, האָט ער די לינקע אונטערגעשטעלט ווי אַ שיסעלע, קעדיי קיין איין פּיצל זאָל ניט גיין לעיִבעד. אַראָפּגעשלונגען דעם לעצטן ביסן, פֿלעגט ער מיט דער לינקער האַנט אַרײַנשיטן אין מויל די ברעקלעך און ערשט דערנאָך נעמען זיך צום הערטשענעם קרופּניק אָדער צום באָב.

אין איינעם אַן אומגליקלעכן טאָג, ווען כאַנע דער מעלאַמעד איז געווען פֿאַרטאָן אין זײַן מאָלציַיט, האָב איך זיך צוגעזעצט מיט טרײַנען אַף איר בעט און דערציילט וועגן מײַן כאַווערטע פּאַניע בערגער, וועלכע איז אַ טאָכטער פֿון אַ פּירשט און וווינט אין אַ שלאָס הינטער אַ הויכער געמויערטער וואַנט. און שטענדיק שפּילט דאָרטן מוזיק און עס שמעקט מיט פּאַרפֿומען. איך בין דאָרט אַליין געווען און אַליין געזען, וויאַזוי מײַן כאַווערטעס טאַטע, דער פּירשט בערגער, האָט זיך אומגעקערט פֿון דער יאַגד און ער האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט דער לאַדאָשע, אַ זילבערנע לאַדאָשע אַזאַ, האָט זיך דער דיל פֿאַנאַנדערגערוקט, איין העלפֿט אַף רעכטס, איין העלפֿט אַף לינקס, און פֿון אונטער אים איז אַרויסגעשווומען אַ טיש מיט די טײַערסטע מײַכאָלים אין גילדענע קײלים.

איך האָב פֿאַרזאָגט טרײַנען, זי זאָל עס קיינעם ניט דערציילן, ווײַל מײַן כאַווערטע פּאַניע וויל ניט, מע זאָל וויסן, אַז איר טאַטע איז אַ פּירשט. טרײַנע האָט מיך אָבער פֿאַראַטן. זי האָט

דערציילט. און וועמען? ניסלען. ווען איך קאָן דאַן פּאָרויסזען, אַז ניסל וועט אויסוואַקסן אַ גע־לערנטער, אַ פיזיקער, וואָלט איך עפּשער געוווּסט, ווי צו שאַצן זײַן אַנאַליטישן סייכל, און דער קלאַפּ, וואָס איז געקומען שנעל און אומגעריכט, וואָלט מיך ניט אַזוי שטאַרק געטראָפן.

באַלד אַף מאָרגן, ווי נאָר איך בין אַרײַן אין כיידער, האָט ניסל, ניט קוקנדיק אין מײַן זײַט, סטאַם אין דער וועלט אַרײַן געפרעגט אַ קאַשע:

— ווי קאָן דאָס אַ ייִד זײַן אַ פירשט? — ער האָט מיט כוויזעק אַ שמאַרע געטאָן מיט דער נאָז און צוגעגעבן: — אַבי אויסטראַכטן... אַ פירשט איז דאָך איינער פון דער קייזערלעכער פאַמיליע...

## 2. ס'איז געווען...

צו אונדז אין שטאָט איז אַראָפּגעפאָרן אַ מאָסקווער פּאָרלייענער. איך האָב צו דער פּאָרלע־זונג אָפּ אַ פּאָר מינוט פאַרשפּעטיקט. דאָס ליכט אין זאַל איז געווען אויסגעלאָשן, דער פאָרהאַנג אופגעהויבן. אַף דער בינע איז געשטאַנען אַ מענטש, ניט קיין הויכער. אינעם שוואַרצן פראַק מיט דער ווײַסער ברוסט איז ער ענלעך געווען אַף אַ פּינגווין. עטוואָס אײַנגעבויגן האָב איך זיך דערקליבן צו מײַן אָרט. און באַלד מיטגעריסן געוואָרן מיט אַן אומדערוואַרט מעכטיקער און בייגעוודיקער שטים, ווי אַף דער בינע וואָלט געשטאַנען אַליין מאַיאַקאָווסקי.

שוין צום סאָף פון דער פּאָרלעזונג האָב איך פונדערווײַטן דערזען ניסלען. ער איז, ווי גע־ווינלעך, געזעסן אין דער ערשטער ריי, דעם לינקן אויער געווענדט צו דער בינע, און צוגעהערט זיך מיט אַלע אייוורים. איך האָב אַ ווײַלע צוגעוואַרט, און מיר זײַנען צוזאַמען אַרויס פונעם קאָנצערט־זאַל.

איך האָב שוין ניט געוווינט מיט ניסלען אַף איין הויף, אַ שטוב לעבן אַ שטוב. ס'האָט זיך אויך פון לאַנג אויסגעוועפּט מײַן קינדערשע פּאַרליבטקײַט אין אים. נאָר האָבן מיר זיך ווען צופעליק באַגעגנט, איז עס מיר געווען צום האַרצן. אים, ווי ס'האָט אויסגעוויזן, אויך.

צו פינף און דרײַסיק יאָר איז שוין ניסל געווען אַ געלערנטער מיט אַ נאָמען, אַ דאָקטאָר פון פיזיש־מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן. אַף זײַנע לעקציעס, די לעקציעס פון ניסאָן כאַנאָוויטש גרין, זײַנען די סטודענטישע אאודיטאָריעס געווען געפּאַקט, און ניט נאָר פון סטודענטן.

אָט אַזוי איז ער זיך געגאַנגען זײַן וועג, ניסל, כאָנע דעם מעלאַמעדס ייִנגל, דאָס האַרטע ניסל, דאָס אײַנגעשפּאַרטע און כמורנע. אין מײַנע אויגן האָט דער דאָזיקער וועג אויסגעזען ווי אַ גראַדע ליניע, אָן זיגזאַגן, אָן שטרויכלונגען. דער אונטערבאַוווּסטזײַן האָט מיר ניסלען אַלס אַזעלכן אויסגעמאָלט נאָך אין דער קינדהײַט, דעריבער איז ער פאַר מיר דאַן געווען אַ גאָט. ביז איצט שעץ איך אין יענעם אַמערסטן דאָס, וואָס מיר פעלט.

מיר גייען צוזאַמען פון דער מאַיאַקאָווסקי־פּאָרלעזונג. מיר שווײַגן מער, ווי מיר ריידן. נאָר מיט ניסלען קאָן מען אַזוי — גיין באַנאַנד, און יעדערער זאָל זיך טראַכטן זײַנס. איך, לעמאָשל, טראַכט איצט וועגן מײַן שרײַבטיש, אַ פאַרוואַלגערטן מיט ביכער, פּאַפּירן, בריוו, אַף וועלכע איך האָב ניט באַוויזן צו ענטפערן. פּאַרצײַטנס, זאָגט מען, פלעגט אַ מאָנאַך פאַסטן דרײַ טעג נאָכאַנאַנד, איידער ער פלעגט זיך נעמען מאָלן אַ „הייליק" בילד. ווען איך גלייב אין גאָט, וואָלט איך זיך אַלציינס ניט געקאָנט דערלויבן אַזאַ לוקסוס. ווו וואָלט איך גענומען די דרײַ טעג? איך האָב קיינמאָל קיין צײַט ניט. דעריבער איז פאַר מיר גענוג צוניפזאַמלען פון טיש די ביכער, פאַרוקן אין די טיש־קעסטלעך די איבעריקע פּאַפּירן (שפּעטער בלײַב איך אָן אַ קאָפּ, זוכנדיק די נייטיקסטע) און אין איין אָטעם ענטפערן אַף אַ צענדליק בריוו. דאָס לעצטע איז אָנשטאָט צו פאַסטן. מײַן געוויסן איז ריין. כ'וואָלט זײַן אַ באַלן אַ קוק טאָן, ווי עס זעט אויס ניסלס שרײַבטיש. אַן אָרדענונג מיסטאַמע... ער וואַרט ניט, עס זאָל צו אים אַראָפּנידערן דער רועך־האַקוידעש. וועגן דעם מאָנאַך, וואָס פאַסט דרײַ טעג, וואָלט ער מיסטאָמע הערן ניט געוואָלט.

פון ניסלס לענגלעך פּאָנעם, דעם פאַרטיפטן אין זיך, גיט אַף מיר פלוצלינג אַ ווייע מיט עלנט. דעם וועג פאַרלויפט מיר גאָר עפּעס אַנדערש: „ס'וואָלט פונדעסטוועגן ניט געשאַט, עמע־צער זאָל אים איצט אָפּוואַרטן אין דער היים. נאָענט צו פערציק — און אָן אַ מישפּאָכע".

ניסלס פּאָנעם האָט מיך אָפּגענאַרט. גאָר אַן אַנדער מין עלנט איז געווען אַף אים אָנגע־צייכנט. זײַן פאַרטרעטער טראַכט טאָג און נאַכט, וויאַזוי אַרויסצושטויסן אים פון אינסטיטוט. און, דאַכט זיך, ס'וועט אים געלינגען. אַלנפאַלס, ניסלס טעמע האָט זיך שוין יענעם אײַנגעגעבן

צו אַרײַנוואָרפן אין כּײַרעם. דער וויסנשאַפטלעכער ראַט האָט צוגעשטימט. די טעמע, אין וועל־כער ער איז אַרײַנגעטאָן נאָך פון די סטודענטישע יאָרן.

— איצט, — זאָגט ניסל, — איז אים נאָר פאַרבליבן צו פאַקן מיך מיט אַ זאַק בורזשואַזער קאָנטראַבאַנדע אָף דער פּלייצע. אַז איך בין אַ שמוגליאַר און גאַנווע אין די נעכט די גרענעץ, האָט ער זיך שוין אָנגעשטויסן פון לאַנג.

— וואָסער גרענעץ? — האָב איך אַרויסגעשטאַמלט.

— די גרענעץ פונעם דערלויבטן.

— עפּעס טרײַבסטו דאָ איבער, ניסל. דײַן פּאָזיציע אין דער וויסנשאַפט, אָף וויפל איך פאַר־שטיי, איז אַ גענוג פעסטע...

ער האָט אָף מיר מאָדנע אַ קוק געטאָן און גאָרנישט ניט געענטפערט. נאָר איך האָב זיך ניט אונטערגעגעבן:

— דו קענסט דאָך דערווײַזן אָביעקטיוו. אין הומאַניטאַרע וויסנשאַפטן איז דאָס שווערער...

— אָביעקטיוו קאָן מען עפּעס דערווײַזן אַזוינעם, וואָס וויל, מע זאָל אים דערווײַזן. די דאָ־זיקע, די, וואָס „שטייען אָף דער וואַך", ווייסן אַלץ פאָרויס, אָף זיכער און בעסער פון אַלעמען.

אין שטוב צו מיר איז ניסל ניט אַרײַן: „שפּעט!" אַ רעגע פאַרהאַלטן מײַן האַנט אין זײַנער און אַ לאַך געטאָן מיט די קלוגע אויגן:

— מאַיאַקאָווסקין האָט מען, דאַכט זיך, היפּש געלערנט, האַ? מיטן טײַטל: „פונדאַנען ביז־דאַנען!" און ער האָט אַפּצולאָכעס אַריבערגעשפּרײַזט פונדאַנען און ווײַטער... — «В сто сорок солнц закат пылал»[1] דאָס איז שוין ביכלאַל אויסער יעדער גרענעץ.

אָפּגעזאָגט און אַוועק מיט זײַן לײַכטן, געמאָסטענעם טראָט. און איך האָב זיך מיטאַמאָל באַרויִקט: „נישקאָשע, ניט אַזוי גרינג איז אים אײַנצובײַסן".

אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך זיך שנעל איבערגעטאָן און אויסגערעדט מײַן מאַן, האַלעמײַ די קליינע שלאָפט נאָך ניט. ער לייענט איר גאָר אַ מײַסע אַזוי שפּעט. אַן אומצופרידענע האָב איך גענומען מיט האַסט פּאָמפּען דעם פּרימוס (אין דער עלעקטרישער פּליטקע האָט נאָך נעכטן איבערגעבערענט די ספּיראַל) און, ווען ער האָט זיך צעהודעט, אַוועקגעשטעלט אַ גרויסן טשײַניק וואַסער. מײַן קליינע איז אַ כאַכאָמע. זי האָט גלײַך פאַרשטאַנען, מיט וואָס עס שמעקן מײַנע האַכאָנעס, און גענומען מיט ביידע הענט רײַבן די אויגן:

— מאַמע, איך וויל שלאָפן.

— מאָרגן איז זונטיק, — האָב איך געזאָגט. — וועסט זיך אויסשלאָפן.

מײַן מאַן האָט זיך צעלאַכט:

— אָט אַ לאָגיק! האָסט זיך דאָך געבייזערט...

— אָף מאָרגן האָב איך אָפּגערעדט מיט פאַניען דורכגיין זיך איבער די קראָמען, וועט קיין צײַט ניט זײַן, — האָב איך זיך פאַרענטפערט. אַ קוק געטאָן אָף אים און אַליין אויך גענומען לאַכן.

כ'האָב אָנגעגאָסן אין שיסל זודיקע וואַסער, פאַנאַנדערגעפּירט מיט קאַלטער. די פינגער האָבן זיך פאַרטיפט אין דער געדיכטעניש פון מײַן טאָכטערס האָר, אונטערגעהויבן די עקן אָפן שפּיץ קאָפּ, געריבן זיי, געגליטשט זיך אין די וואַרעמע מילינעס. און פון דעם אַלעמען איז מיר געוואָרן מאָדנע וואַרעם אָפן האַרצן.

אָף מאָרגן נאָך פרישטיק בין איך פאַרגאַנגען מיט דער קליינער צו מײַן כאַווערטע פאַניע בערגער. צוזאַמען מיט איר און מיט אירע צוויי מיידלעך — בײַ יעדערער אין די צעפּ סטענגעס־באַבעלעך, בײַ דער שוואַרצינקער — רויטע, בײַ דער ווײַסינקער — בלויע. געלאָזט זיך איבער די קראָמען. דעם קומענדיקן זונטיק באַגלייטן מיר אַרויס די קינדער אָף זומער מיטן קינדער־גאָרטן — דאַרף מען אײַנקויפן וואָס ס'איז נייטיק. אַלע דרײַ מיידלעך גייען פאָרויס, האַלטן זיך בײַ די הענט. און איך דערצייל פאַניען וועגן דער נעכטיקער פאָרלעזונג, וועגן דער באַגעגעניש מיט ניסלען.

— אַ באַגאַבטער מענטש, ווײַזט אויס, אָט דער גרין, — זאָגט זי, — און ווײַטער, אַ מאַנצבל... עס קימערט אים ווייניק, צי וועט דאָס קעלנערל בײַ אים זײַן אַזאַ אָדער אַזאַ. ער בײַט זיך ניט אויס אָף קיין קלייניקײַטן.

— אַן אַלטער באָכער לויט דער איבערצײַגונג, קיינער זאָל אים ניט שטערן. אָט דאָס הייסט ניכטערקײַט...

— מיינסט אַזוי? און מיר דאַכט, אַז ער איז גאָר אַ טרוימער, אָט דער גרין. ער האָט נאָך פּאָשעט ניט געטראָפן די, וואָס ער דאַרף. זאָל דיך ניט אַרן, — האָט געזאָגט פאַניע, — ווען אַזאַ קריגט ליב, איז איבער די אויערן.

[1] מיט הונדערט פערציק זונען די שקיִע האָט געפלאַקערט (רוס.).

◇ ◇ ◇

אומזיסט בין איך געגאַנגען מיט פּאַניען איבער די קראָמען. אומזיסט אויסגעניצט אַף יעדער העמדעלע, אַף יעדער סקאָרפּעטקע די איניציאַלן פון מײַן טאַכטער. אומזיסט אײַנגעלייגט דאָס אַלץ שאַבעס פּאַרנאַכט אין אַ נײַינקן טראָגזעקל. ווער האָט געזאָלט וויסן, אַז דאָס נײַע טראָגזעקל מיט די העמדעלעך און סקאָרפּעטקעס וועט גאָר בלײַבן ליגן אינמיטן שטוב: נעמט, ווער עס וויל. אונדז גייט עס איצט ניט אָן. אַבי מיטן לעבן אַרויס.

מיר זײַנען געלאָפן אַ טאָג, און צוויי, און דרײַ, טויזנטער מענטשן, און איך מיט מײַן טאָכטער אין דער מיט. יעדן פרימאָרגן האָבן מיר אַלע געקוקט, פון וועלכער זײַט עס גייט אוף די זון, און געלאָפן אַף מיזרעך. אפן דריטן טאָג, ווען די זון האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן הימל, זײַנען מיר פּלוצלינג אויסגעגאַנגען די קויכעס. איך בין אומגעפאַלן אַף דער ערד און אײַנגעשלאָפן. מײַן שלאָף צי די כאַלאָשעס האָט געדויערט מיסטאמע ניט מער, ווי עטלעכע מינוט. ווען איך האָב זיך אופגעכאַפּט, איז אַרום געווען פונקט אַזוי ליכטיק, ווי פריִער. נאָר אין די עטלעכע מינוט האָב איך געזען אַ כאַלעם, וואָס האָט דערנאָך, אין מעשעך פון אַ סאַך יאָרן, שוין נאָך דער מילכאָמע, איבערגעכאַזערט זיך פון מאָל צו מאָל מיט אַלע פּראַטים.

איך האַלט מײַן טאָכטער בא דער האַנט און טראָג זיך מיט איר איבער אַ מורעדיק גרויסער געבײַדע. פאַנאַנדערגעפּראַלטע טירן אין דער טיף. זיי פירן פון איין צימער אין אַ צווייטן, פון איינעם אין אַ צווייטן, און קיין אויסוועג איז ניטאָ. און שטיל איז דאָ, קיין שאָרך, קיין קלאַנג. און פּלוצלינג דערזע איך, אַז די געבײַדע איז דורכזיכטיק, דורכויס, פון אויבן ביז אַראָפּ, און דײַטשן קוקן אַף אונדז. דורך די דורכזיכטיקע ווענט. זיי בייגן זיך אַריבער און קוקן דורכן באַלקן. זיי קוקן, איבערגעקערטע, ווי אין וואַסער, דורכן דורכזיכטיקן דיל. און עמעצער שרײַט מיט אַן איימעדיק קאָל:

— אַ דײַטשישער דעסאַנט! מע טרײַבט צוריק!

איך בין אופגעשפּרונגען פון דער ערד. קיינער גייט שוין ניט אַנטקעגן דער זון. מע לויפט, ווער אַף רעכטס, ווער אַף לינקס, ווער אַף צוריק. מײַן קליינע שטייט לעבן מיר אַ פּאַרוויינטע. איך כאַפּ זי אַף די הענט און לאָז זיך אויך לויפן, אָן אַ וועג און אָן אַ ריכטונג. אַ ברענענדיק וועלדל, אַ ברייט פעלד מיט צעטאָפּטשעטן קאָרן און... אַ סטאַנציע. עטלעכע פּאָר הענט, אַזעלכע גוטע הענט, האָבן זיך אויסגעצויגן צו אונדז און אַרײַנגעשלעפּט אין אַ וואַגאָן. דער צוג האָט זיך גערירט.

אַזוי האָב איך זיך דערקליבן אין טיף רוסלאַנד. אײַנגעאָרדנט זיך אַף אַרבעט. באַקומען אַן אָרדער אַף אַ צימער. אַף דרײַען.

דער דריטער איז ניט מײַן מאַן. די דריטע איז מײַן אַלטע לערערקע פּאָלינאַ וולאַדימיראָוונאַ. איך האָב זי געטראָפן אפן וואָקזאַל, ווי נאָר איך בין אַראָפּ פון צוג. זי איז געזעסן אפן שמוציקן דיל, אַ גרויסע, אַ שווערע, אויסגעצויגן פאָרויס די געשוואָלענע פיס. דערזען מיך, האָט זי אָן ווערטער אײַנגעקלאַמערט זיך אין מיר מיט ביידע הענט. האָבן מיר זיך באַזעצט צוזאַמען.

מיר האָבן נישט ניט קיין קישן, ניט קיין טעפּל, ניט קיין לעפל. דאָס אַלץ באָרגט אונדז די באַלעבאָסטע, אַ הויכע, שוויײַגעוודיקע פּרוי מיט אַלץ פאַרשטייענדיקע אויגן. פּאָלינאַ וולאַדימיראָוונאַ נעמט עס אָן פאַר נאַטירלעך, ווי עס וואָלט איר געקומען. זי איז בא אונדז די כאַכאָמע אין שטוב. אַזוי האָט זיך עס אײַנגעשטעלט. און דאָ קאָן מע שוין גאָרנישט העלפן. מיר אַלע טוען אַלץ ניט ווי ס׳דאַרף צו זײַן, און פּאָלינאַ וולאַדימיראָוונאַ האַלט אונדז אין איין לערנען — מיך, מײַן טאָכטער און אפילע די באַלעבאָסטע. און מיר לאָזן זיך לערנען. קיין אַנדער ברירע איז ניטאָ.

ווען די באַלעבאָסטע קומט פון דער אַרבעט, פירנדיק נאָך זיך פון דער לאָנקע די קו, שווימט אַרויס פּאָלינאַ וולאַדימיראָוונאַ איר אַנטקעגן. די הויכע ברוסט גייט איר פאָרויס, ווי זי וואָלט געטראָגן אַף איר אַ טאַץ מיט קיבעד. זי גיט קוים אַ נייג דעם פאַרהויבענעם קאָפּ צו דער באַלעבאָסטע און מאָסטעט אײַן איר צעפּאָרן לײַב אין הויף אַף אַ בענקל. ווען די באַלעבאָסטע ענדיקט מעלקן די קו, בעט בא איר פּאָלינאַ וולאַדימיראָוונאַ דאָס און יענץ. די באַלעבאָסטע הערט זי רויִק אויס מיט אירע אַלץ פאַרשטייענדיקע אויגן און, אויב זי האָט נאָר, גיט זי.

האַרבסט. אין דרויסן מאַראָקעט אַ דריבנע רעגן. פּאָלינאַ וולאַדימיראָוונאַ האָט זיך פאַרקליבן מיט די פיס אפן בעט און דערציילט מיר צום וויפלטן מאָל, וויאַזוי זי האָט די ערשטע בא אונדז אין שטאָט אָנגעטאָן אַ קאַראַקולנעם פוטער און די שענסטע יונגעלײַט זײַנען איר נאָכגעגאַנגען ווי די שעפּסן. איך בין ביסמײַסע געשטאַנען אַף אַלע פיר און מיט אַ גרויסן שטרויענעם ווי־כעטש געריבן די פּאָדלאָגע אונטער איר בעט. מיטאַמאָל האָט זיך שטיל, אָן אַ קלאַפּ, אָן עפן

געטאָן די טיר און באַלד פאַרמאַכט. איך האָב זיך אויסגעדרייט און דערזען אַן אויסדרוק פון שרעק אף דער לערערקעס פּנים.

— וואָס איז? — האָב איך געפרעגט און ארויסגעקוקט אין פירהויז.

אין אַן אויסגעריבענער פויערשער סוויטקע, אין ווײַסע לײַוונטענע הויזן, פאַרליאַפּעטע מיט בלאָטע, איז דאָרט געשטאַנען ניסל. און דאָס פּנים... אַן אויסגעצויגנס, אַ הונגעריקס, ווי אַמאָל בא זײַן טאַטן.

איך האָב זיך אַ לאָז געטאָן אים אַנטקעגן, נאָר ער האָט מיט אַ שאַרפער באַוועגונג פון דער האַנט געצוווּנגען מיך בלײַבן שטיין.

— ווו איז דאָ די באָד? זי אַרבעט? — ער האָט מיטן נאַסן אַרבל אַ וויש געטאָן דעם שטערן. דאָס האָזענע היטל מיט די אַראָפּהענגענדיקע אויערן האָט זיך פאַרשאַרט אף אַרוף, און איך האָב דערזען, אַז דער קאָפּ איז בא אים אַ געגאָלטער. — דײַן מאַן... אין אַרמיי? ער שרײַבט? די עלטערן?

איך האָב אויסגעבעטן בא דער באַלעבאָסטע איר מאַנס אַ פּאָר אַלטע וועש. ניסל האָט מיך אומרויִק אָנגעקוקט.

— האַ, וועמעס וועש איז דאָס? דער באַלעבאָסטעס? ווער, האָסטו איר געזאָגט, בין איך?

איך האָב זיך פאַרוווּנדערט.

— וואָס האָב איך געזאָלט זאָגן? אַן עוואַקויִרטער. מײַנער אַ בען־איר.

— אַ... אַ... גוט. וועסט מיר עפּשער ווײַזן, ווי צו גיין. עס ווילט זיך ניט פרעגן.

אַבי איך האָב באַדויערט דאַן, נאָכן מאַיאַקאָווסקי־אָוונט, וואָס קיינער וואַרט ניט אף ניסלען אין דער היים. איך האָב אַ טאָעס געהאַט. מע האָט אים דאַפקע יאָ אָפּגעוואַרט. ניט ווײַט פון זײַן שטוב. ניט איינער, נאָר צוויי. און עפּשער איז מען אים פון פריִער נאָכגעגאַנגען. פון טעאַטער צו מײַן שטוב און דערנאָך צו זײַנער. ער הייבט זיך אף די טרעפּ — הייבן זיך זיי אויך. ער שטעלט זיך אף אַ ווײַלע אָפּ — שטייען זיי אויך, זיי וואַרטן געדולדיק, ביז ער וועט אָפּשליסן די טיר. ער שליסט אָפּ. מאַכט אַ טראַט איבער דער שוועל, און אף זײַן אַקסל לאָזט זיך אַראָפּ אַ שווערע האַנט.

ניין, דאָס אַלץ האָט מיר ניסל ניט דערציילט. ער האָט מיסטאָמע אַפילע ניט געפילט, אַז מע גייט אים נאָך. דאָס געהער איז דאָך בא אים ניט אַמבעסטן. דערציילט האָט ער מיר נאָר, וויאַזוי יענע נאַכט זײַנען איינס נאָך איינס אַרויסגעשלעפּט געוואָרן די קעסטלעך פון זײַן שרײַב־טיש און פאַרשריבענע בלעטלעך זײַנען זיך צעפלויגן איבערן דיל...

איין וואָך אין טפיסע. די דײַטשן האָבן גענומען באָמבירן די שטאָט, האָט מען אים מיט נאָך פיל אַנדערע אַרויסגעפירט אַפן וועג און געלאָזט גיין. אַן דאָקומענטן, אַן געלט.

אַן געלט פאַרשטיי איך נאָך. אָבער אַן אַ פּאַספּאָרט?.. קיין איין עוואַקאָפּונקט האָט דאָך אים אוודאי קיין פיצל ברויט ניט אַרויסגעגעבן, קיין ביסל געקעכטס. מע האָט אים אויך געקאָנט פאַרנעמען אַלס דעזערטיר, כאָטש זײַן עלטער האָט מען נאָך דאַן אין אַרמיי ניט גערופן. דאָס געזונט? קלאָר, אַ סימוליאַנט.

ער האָט זיך דערקליבן צו אַ קאָלווירט ניט ווײַט פונדאַנען. דער פאַרזיצער פון דאָרפסראַט האָט אים געהאָלפן באַקומען אַ פּאַספּאָרט. פאַרשריבן פינקטלעך די פאַמיליע, דעם נאָמען, דעם עלטער. „איך האָב געזאָגט: „פאַרלאָרן", נאָר מיר דאַכט, ער האָט פאַרשטאַנען".

אַנגעשטויסן זיך אין דער געגנטלעכער צײַטונג אף מײַן נאָמען, האָט ניסל פון קאָלווירט זיך געלאָזט צו מיר. זעכציק קילאָמעטער צופוס. איצט מוז ער זיך דערקלײַבן קיין סיביר. דאָרט איז דאָ אַן אינסטיטוט, ווו ער איז נייטיק. ער וועט פאָרזעצן די אַרבעט אף זײַן טעמע.

אָט אַזוי האָבן מיר אָפּדערגיך זיך דורכגערעדט אינעם האַלב־טונקעלן פירהויז מיטן גע־לערנטן ניסאָן כאַנאָוויטש גרין. ער איז אַוועק אין באָד. און ווען ער האָט זיך אומגעקערט, האָב איך בא אים קוים געפּויעלט, ער זאָל בא מיר איבערבײַסן און זיך אָפּרוען, איבערנעכטיקן. פון דעם ביסל געלט, וואָס איך האָב אים פאָרגעלייגט אַפן וועג, האָט ער אָפּגעציילט פונקט אַ העלפט. דאָס איבעריקע אַוועקגעלייגט אַפן טיש און ווי מיט אַ מעסער אָפּגעשניטן:

— מער דאַרף איך ניט. אַ דאַנק.

שלאָפן האָט ער זיך געלייגט אַפן דיל, בא דער סאַמע טיר. אונטערגעבעט די סוויטקע, דאָס האָזענע היטל צוקאָפּנס. ווען איך האָב זיך אופגעכאַפּט, איז אַפן דיל בא דער טיר שוין קיינער ניט געווען.

אין אַ פּאָר שאָ אַרום האָט זיך אופגעכאַפּט פּאַלינאַ וולאַדימיראָוונאַ. זי איז געלעגן אומבאַ־וועגלעך. נאָר די אויגן האָבן נאָכגעקוקט מײַן יעדן קער. אין דער טונקלקייט פון האַרבסט־פרימאָרגן האָט איר היפּש פּנים אויסגעזען בלייך און צעפלאָסן — אַ קישן אף אַ קישן.

— א גאנצע נאכט מיט קיין אויג ניט צוגעמאכט, — האָט זי גענומען קלאָגן זיך. — עפּעס א קאטאָרזשניק האָסטו זיך אויסגעזוכט... ס׳כאַפּט אָן א שרעק...

— ווערסט זיך אמאָל אײַנוואַשן צי ניט? — האָב איך ניט מיט מײַן קאָל צעשריִען זיך אף מײַן טעכטערל און א צופּ געטאָן זי פאר די האָר. — איבער דיר פארשפּעטיק איך אף דער ארבעט.

איך האָב ארײַנגעטראָגן פון קיך א קעסעלע הייסע קארטאָפל אין פּעלצלעך. מיר האָבן געגעסן שווײַגנדיק, נאָר געזעסן זײַנען מיר בא א טישל, געגעסן פון א טעלער. ס׳איז אונדזער היים. און פון דער דאָזיקער היים דארף מען שוין אויך אוועק. דער סוינע איז נאָענט. די באַלעבאָסטע אייצעט אונדז לאָזן זיך אין די ווארעמע קאנטן. מיסטאמע וועלן מיר אזוי טאקע טאָן. און פּאָלינא וולאדימיראָוונא? זי וועט פאָרן מיט אונדז. ווי זשע דען? אָט, ווען עס זוכט זיך אָפּ איר שוועסטער...

מיר גייען אונטערן רעגן — איך אף דער ארבעט, מײַן קליינע אין שול. אין ערשטן קלאַס. מיר טוט וויי אף איר דאָס הארץ. אומזיסט־אומנישט אָנגעשריִען.

— מאמע, — זי פאַרײַסט צו מיר דעם קאָפּ, און א רעגן־טראָפּן רינט אראָפּ פון דעם געשטריקטן היטעלע אף איר נעזל. — מאמע, איך האָב פארן פעטער ניט מוירע געהאט. ער איז א גוטער.

— גאָלדעלע מײַנע, — האָב איך געזאָגט. — א געזונט דיר אין קאָפּ!

א דערפרייטע, גיט זי א פאָכע צו מיר מיטן בינטל לערנביכלעך און העפטן, ארומגעבונדן מיט א שטריקל, פארשווינדט הינטער דער שול־טיר. איך גיי ווײַטער, און מײַנע געדאנקען קערן זיך אום צום נעכטיקן גאסט. איך זע אים א פארשטעקטן אין א ווינקל פון א פול געפאקטער טעפּלושקע. אויב אים וועט זיך נאָר אײַנגעבן ארײַנצושטופּן זיך אין אזא טעפּלושקע, וועט עמעצער אוואדע דאָרט מוירע האָבן, ער זאָל עפּעס ניט צוציִען פון יענעמס גרעטעוועטן ביסל אָרעמקײַט. ווער־מען וועט עס אײַנפאלן, אז ער טראכט גאָר וועגן אזא ניט מאמאָשעסדיקער זאך, ווי וואסערשטאָף אלס קוואל פון ענערגיע. ווי זאָגט מײַן לערערקע? „א קאטאָרזשניק!“ ווי גיך מע באקומט עס אזא פּאָנעם...



איך האָב שפּאצירט באם ברעג יאם. נאָכן הייסן טאָג האָט די אָוונט־קילקײַט געגלעט, באַרויִקט, און ס׳האָט זיך וועגן גאָרנישט ניט געוואָלט טראכטן. פארבײַ מיר איז מיט א לײַכטן טראָט, נאָר ווי אן אָפּגעשיידטער פון אלעמען, דורכגעגאנגען אן עלטערער מענטש אין ברילן. כ׳האָב ניט באוויזן א טראכט צו טאָן, ווו האָב איך אים ערגעץ געזען, ווי ער איז פארשוואונדן צווישן דעם בונטן שפּאצירנדיקן אוילעם. איך בין דורכגעגאנגען נאָך א שטיקל וועג אין דער ריכטונג צו די בערג. דער מענטש אין די ברילן איז מיר אינגאנצן ארויס פון זינען, נאָר ווען איך האָב זיך אויסגעדרייט אף צוריק, האָב איך זיך געטראָפן מיט אים פּאָנעם־על־פּאָנעם. מיר זײַנען ביידע געבליבן שטיין. שווײַגנדיק אָנגעקוקט איינע דעם אנדערן. ער האָט א קער געטאָן צו מיר דעם לינקן אויער:

— ניט דערקענט, האַ?

מיט איבער צוואנציק יאָר צוריק, ווען איך האָב זיך א צווייט מאָל עוואקויִרט, אזש אין מיטל־אזיע, האָט מיך ניסאָן כאָנאָוויטש אופגעזוכט און דורך דער פּאָטשט אומגעקערט דעם „כויוו“, דאָס ביסל געלט, וואָס איך האָב אים געגעבן אפן וועג. אינעם צושריפט צו דער געלט־מוידאָע האָט ער מיט זייער דײַטלעכע פּיצינקע אויסיעס צו וויסן געגעבן, אז ער ארבעט אין דעם אינסטיטוט, צו וועלכן ער האָט געשטרעבט. ער האָט מיר הארציק געדאנקט און שטארק געבעטן, איך זאָל אים שרײַבן.

איך האָב געשריבן בריוו אפן פראָנט. געשריבן אויך אין קאָלערליי עוואקאָפּונקטן. געזוכט מײַנע עלטערן, געזוכט מײַן כאַווערטע פאניע בערגער און אנדערע נאָענטע פרײַנט, וואָס וועגן זייער גוירל האָב איך גאָרנישט געוווּסט. ניסלען האָב איך ניט געשריבן. עס גייט אים גוט, איז וואָס איז דאָ צו שרײַבן? בעקיצער, מיר האָבן פארלאָרן איינער דעם אנדערן פון אויג.

האָבן מיר די ערשטע מינוטן פון אונדזער פּלוצעמדיקער באגעגעניש געבלאָנדזעט צווישן „איר“ און „דו“, צווישן אונדזערע היימישע נעמען, וואָס ריידן זיך ארויס אין איין אָטעם, און די איצטיקע — סטאטעטשנע, געקייפלטע אפן אָפּשטאם. אונדזערע פאָטערס וואָלטן זייערע נעמען אוואדע ניט דערקענט. דערנאָך האָבן מיר זיך צוגעזעצט אף א באנק און ס׳איז אוועק:

— געדענקסט?

— געדענקסט?

איך האָב שוין ניט געקאָנט פארשטיין, וויִאזוי האָב איך עס אים באלד ניט דערקענט.

די זעלבע שמאָלע, טראַכטנדיקע פּלייצע, אַ וועלט פאַר זיך. אויך דער טראָט איז פאַרבליבן אַ לייכטער. די האָר זיינען, געוויינלעך, שיטערער געוואָרן, אָבער שוואַרץ. גרוי נאָר בײַ די שלייפן און איבערן שטערן. אַט דאָס פּנים... מיטן פּנים איז עפּעס געשען. ער האָט באַקומען עפּעס אַ שטאַרן אויסדרוק. און דאָס קאָל איז אַ געדעמפּטס, ווי דער מענטש וואָלט מיט גוואַלד געצווונגען זיך צו ריידן שטיל. און קיין ברילן האָט ער פריִער ניט געטראָגן.

— וואָס איז דאָס בײַ דיר פּאַרא ברילן, ניסל? מיט אַזעלכע דיקע האָלאָבליעס...

— די ברילן... איך זע דאַפקע גוט. ס׳איז צום הערן. אַמאָל, געדענקסט דאָך, עטוואָס... און איצט טויב. אויף ביידע אויערן. — און נאָך אַ ווײַלע שווײַגן: — ס׳איז פון אַ קלאַפּ...

— ?

איך האָב אַ צי געטאָן פאַרן פּאָדעם, און דאָס קנײַלכל האָט זיך צעוויקלט. עמעס, דער פּאָדעם האָט זיך אָפט איבערגעריסן, ווײַל ניסל איז בעטעווע אַ שווײַגער. וועל איך פּרווון פאַר־בינדן דעם צעריסענעם פּאָדעם און אויפשטעלן דאָס, וואָס ער האָט מיר יענעם אָוונט דערציילט.

ווען ניסאַן כאַנאָוויטש איז אָנגעקומען אין איין־און־פופציקסטן אין סיביר, האָבן די קאָלעגן אים אויפגענומען אָפן בעסטן אויפן. זײַן נאָמען האָט אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט נאָך ניט באַוויזן צו פאַרפלעקט ווערן. קיינער האָט ניט געוווּסט, אַז ער איז פאַר דער מילכאָמע אַ וואָך געזעסן, פּונקט ווי קיינער האָט ניט געוווּסט, אַז מע האָט אים אַרויסגעלאָזט. אין דער אַנקעטע האָט ער וועגן דעם ניט אָנגעוויזן, — דער פּאַספּאָרט איז דאָך בײַ אים געווען אַ ריינער. איז ער באַוווּסטזיניק געגאַנגען אויף דעם, אַז איין פּונקט אין דער ביִאָגראַפיע זאָל בײַ אים זײַן אַ גע־פעלשטער. אויף דער דאָזיקער פעלשונג האָט ער קיינמאָל קיין כאַראָטע ניט געהאַט, ווײַל, ערשטנס, דעם עמעס וואָלט מען אַוודע ניט געגלייבט. צווייטנס, האָט ער אַדאַנק דעם געווונגען צען יאָר וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. „די צען יאָר, — האָט מיר געזאָגט ניסל, — זיינען מיסטאָמע ווערט ניט ווייניקער פון איין אויסבאַהאַלטענער נעוואָלע, וואָס ניט איך בין באַגאַנגען, נאָר מע איז קעגן מיר באַגאַנגען“. זי איז אָבער געווען, יענע וואָך, אין זײַן ביִאָגראַפיע. ס׳האָט ניט געהאָלפן ניט דאָס באַהאַלטן זי פון מענטשן, ניט די באַמיִונגען אַליין זי פאַרגעסן.

אין דער דירע, ווו ער האָט באַקומען אַ צימער, האָט געוווינט אַ פרוי פון אַ יאָר עטלעכע און דרײַסיק מיט צוויי קינדער און אַ מאַמען. די פרוי איז געווען אַ לערערן פון דײַטש אין אַ הויכשול. ער פלעגט זי אַמאָל זען, ווען זי פלעגט אַרויסקומען אויף אַ ווײַלע אין קיך נאָך דער אַרבעט, אָדער אין אַ רו־טאָג. אַ בלאַסע, אַ צוריקגעהאַלטענע, פלעגט זי שווײַגנדיק אַ שאָקל טאָן מיטן קאָפּ אויף זײַן באַגריסונג און שטיל, ווי אַ שאָטן, פאַרשווינדן הינטער דער טיר פון איר צימער.

אין מעשעך פון צוויי כאַדאָשים האָט ער קיין איין מאָל ניט געזען ווי ס׳דאַרף צו זײַן איר פּנים, ניט געהערט איר שטים. און איינמאָל, ווען ער איז געקומען פון דער אַרבעט, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז זי איז שוין דאָ ניטאָ, פרײַוויליק אַוועק אין דער אַרמיי. די קינדער איבער־געלאָזט בײַ דער מאַמען. און נאָך האָט ער זיך דערוווּסט, אַז איר מאַן איז אומגעקומען אויפן פראָנט. מיט גאָר אַ קורצער צײַט פאַר דעם, ווי ער, ניסל, האָט באַקומען דעם צימער אין איין דירע מיט איר.

די צוויי מיידעלעך, איינער זיבן יאָר, דער צווייטער — אַכט, אָן אַ טאַטן, אָן אַ מאַמען, האָבן זיך צו אים שטאַרק צוגעבונדן, ער צו זיי נאָך מער. אין די לאַנגע, צערטלעכע בריוו, וואָס זיי האָבן באַקומען פון דער מאַמען, איז קיין איין קיין מאָל ניט געווען צוגעשריבן קיין גרוס דעם שאָכן. ס׳האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט גאָר פאַרגעסן, אַז אַזאַ איז דאָ אויף דער וועלט. מיט אירע קינדער איז אָבער דער שאָכן געוואָרן אַלץ מער און אייגענער, כאָטש די באָבע, נאָך אַ גאַנץ ענערגישע אינטעליגענטע פרוי, האָט ניט געוואָלט דערלאָזן, ער זאָל זיך פאַר זיי זאָרגן.

די מאַמע זייערע האָט זיך אומגעקערט אַהיים ערשט נאָך דער מילכאָמע. ביז בערלין דער־גאַנגען. אַלס איבערזעצערן פון דײַטש. פאַר דער צײַט האָבן די קינדער באַוויזן אַ ביסל פון איר אָפּצוגעוווינען זיך. האָט זי געייפערט זיי צו איר שאָכן. דערנאָך, פאַרקערט, זיינען זיי שטאַרק באַפרײַנדעט געוואָרן. דערנאָך איז אין זייערע באַציִונגען אויפגעקומען אַ פײַנלעכער פּלאָנטער.

אין דעם אָרט פון זײַן דערציילונג איז ניסל אַזוי קאַרג געוואָרן אויף רייד, אַז מיר איז גע־בליבן בלויז צו דערטראַכטן דאָס, וואָס ער דערזאָגט ניט. איך האָב נאָר פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען אַ טיפע, אַן עכטע ליבע פון ביידע צדאָדים. נאָר צווישן אים און איר איז געשטאַנען יענע וואָך, וואָס ער האָט אויסגעמעקט פון זײַן לעבן, די לעצטע וואָך פון פאַר דער מילכאָמע. פאַר־בינדן זײַן גוירל מיט אַ פרוי האָט ער ניט קיין מאָראַלישע רעכט. אַזוי האָט ער באַשלאָסן בײַ זיך. „טרעפט עפּעס מיט מיר, איז מיילע, אָבער אומגליקלעך מאַכן זי און אירע קינדער...“

ער האָט געדונגען אַ צימער אין אַן אַנדער דירע און שוין מיטן טשעמאָדאַן אין דער האַנט אַרײַן צו איר זעגענען זיך. געטראָפן זי אַליין. און, ער ווייסט אַליין ניט, ווי־אַזוי איז דאָס געשען,

אַראָפּגעלאָזט דעם טשעמאָדאַן אפן דיל און דערציילט איר דאָס, וועגן וואָס ער האָט ניט געשריבן אין די אנקעטעס. ער האָט זיך אופגעהויבן, פארנייגט, געווארט, זי זאָל אים אויסציִען די האנט צום געזעגענען זיך. נאָר זי איז געבליבן זיצן. פארטראַכט זיך, ווי זי וואָלט געווען אין צימער אליין. „אָט וואָס איַיך מאטערט, — האָט זי געזאָגט. — נאָך אזא מילכאָמע... צי דען טראַכט איר, אז אזוינס קאָן זיך איבערכאַזערן. פארגעסט". אין דער נייַער דירע האָט ער זיך ניט אריבערגעקליבן. גאָר אינגיכן האָבן די קינדער, שוין היפּשע מיידלעך, אים אָנגעהויבן רופן „טאטע".

דער אומגליק איז אָבער געקומען. אין איין־און־פופציקסטן, פונקט אין צען יאָר ארום נאָכן ערשטן ארעסט. די הויפּט־באשולדיקונג איז געווען, אז ער איז אן אנטלאָפענער פון טפיסע, און צו דעם איז שוין צוגעקנעפּלט געוואָרן, קלוימערשט, דער אלטער איניען. פונוואַנען האָט זיך דאָס אלץ גענומען? וויִאזוי האָט געקאָנט פארהיט ווערן אין אונדזער פארברענטער שטאָט זייַן איניען, וואָס האָט נאָך דאן ניט באוויזן אויסצופיקן זיך פון דעם איי? געוויס א מעסירע.

און אן אויספאָרשער האָט אים גאָט צוגעשיקט... „אָט פון אזא מין", — ניסל האָט א ווונק געטאָן אין דער זייַט, און איך האָב דערזען א פאָר, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט ניט וויַיט פון אונדזער באנק. ער — א האלב־נאקעטער וועטעראַן פון פליאַזש, א מאנצבל מיט א שטארק אנטוויקלטן ברוסטקאַסטן, מיט א שווארץ־פארברענטער גלאנציקער הויט. זי, קענטיק, אן ערשטאָנגעפאָרענע, א בלאָנדע, מיט א פּאָנעם, ווי פון וואַטע, א וויַיס און א פוסטס. זי האָט עפּעס גערעדט צום מאנצבל מיט א ברייט צעעפנטן רויטן מויל, ווי זי וואָלט אים געוואָלט איַינשלינגען. „אזא „אויספאָרשער" קאָן ארויסשלאָגן די נעשאָמע", — האָב איך א טראַכט געטאָן וועגן דעם וועטעראַן.

— פונקט אזעלכע לעקעלעך אפן שטערן, — האָט געזאָגט ניסל. — און אן איידעלע הויט. ווען זי פלעגט זיך בייזערן, פלעגט דער שטערן אונטער די לעקעלעך ווערן רויט, ווי פייַער.

— א „זי" גאָר? דאָס האָט זי דיר געגעבן דעם קלאַפּ? א פרוי?

— ניין, ניט זי. אן אורקע. אין לאגער שוין. כ'האָב אים געשטערט שלאָפן. נאָר זי האָט אויך געקענט די מעלאָכע. ס'האָט זי פארדראָסן, האלעמיַי זי דארף זיך רייַסן דעם גאָרגל אומזיסט איבער אזא „זאראַזע, פּאדלע, פּסיך". אז אָט ליגן פאר איר אפן טיש מייַנע פאפירן, פארשריבענע מיט ציפערן און אויסיעס, און איך וויל איר ניט ארויסגעבן מיַין שפּיִאָנישן קאָד. — ניסל האָט אראָפּגענומען די ברילן פון די אויערן:

— א, מע קאָן זיך דען צו דעם צוגעוווינען?

ס'איז שווער געווען צו זאָגן, צי מיינט ער דערמיט די ברוטאלקייַט פונעם אויספאָרשער, אָדער די ברילן, וואָס געוויינלעך דינען זיי מענטשן אף בעסער צו זען און אים פארביַיטן זיי גאָר דאָס געהער. ער האָט שולדיקלעך א שמייכל געטאָן:

— סע רוישט.

צו דער צייַט פון זייַן צווייטן ארעסט האָט ניסאָן כאָנאָוויטשן שטארק געריגט די אידיי פון אן אוניווערסאלן הייק־שטאָף, וואָס זאָל אָנגעווענדט ווערן אין אלע געביטן, אן אידיי, וואָס איר פארווירקלעכונג זעט די וויסנשאפט ביז איצט ערשט אין דער וויַיטער פּערספּעקטיוו. אין לאגער איז ער אריַינגעפאלן אין איין באראַק מיט זייַנעם א שילער, א יונגן געלערנטן, וועלכן מע האָט צוגענומען מיט עטלעכע כאַדאָשים פריִער פון אים. ליגן זיי איינמאָל צוגעדריקט איינע צום אנדערן אף דער שמאָלער נארע, אין באראַק איז געווען א קעלט, און ריידן זיך שטיל דורך אָט טאקע וועגן דעם הייק־שטאָף, דעם איין־און־איינציקן פארן גאנצן ערדקייַלעך, און דעם אייביקן, קאלזמאן ס'וועט עקזיסטירן די מענטשהייַט. מיטאמאָל האָט א הארטע, ביינערדיקע דלאָניע אים א טשמעליע געטאָן איבערן קראנקן אויער.

— נאָר מיילע, טויבקייַט איז ניט פון די ערגסטע זאכן, ווען ניט די קאָפּווייטעקן...

ער איז אריַינגעפאלן אין שפּיטאָל, און דאָס איז פאר אים געווען א גליק. ער האָט זייַן נייַע ארבעט פארשריבן אף פאפיר. פריִער האָט ער זי „געשריבן" אין קאָפּ. אין די נעכט אויסגעכאַזערט אף אויסווייניק גאנצע זייַטלעך. עטלעכע מאָל האָט זיך אים איַינגעגעבן מיט א שפּענדל צו פארשרייַבן א פאָרמולע אפן שניי, קעדיי בעסער צו פארגעדענקען. פארשריבן און באלד אָפּגעווישט מיטן זויל פונעם שוך, קיינער זאָל ניט זען. דער דאָקטער האָט אים געגעבן פאפיר — פארגעלטע קראנקן־ליסטעס, וואָס האָבן געצויגן זייער ייִכעס פון א פרעמדן שטאָם: אף יעדערער איז געווען א געדרוקטע אופשריפט „דעבעט, קרעדיט". האָבן די דאָזיקע ליסטעס דורכגעמאכט נאָך א גילגל. צווישן די שורעס, אין וועלכע ס'איז געווען פארצייכנט דער גאנג פון פארשיידענע קראנקייַטן, האָט ניסאָן כאָנאָוויטש אָנגעשריבן זייַן ארבעט. און דער דאָקטער האָט זי אויסבאהאלטן און פארהיט. איצט איז זי פארעפנטלעכט אף נייַן שפּראַכן. היפּשע עטלעכע יאָר

האָט ער איבער איר נאָך געאַרבעט, ווען ער איז ארויס אף דער פריַי. יעדע האַנאָכע באַפּעסטיקט מיט עקספּערימענטן. א גאַנצער קאָלעקטיוו איז געווען אַרום דעם באַשעפטיקט.

פון שפּיטאָל האָט ער זיך אין באַראַק צוריק ניט אומגעקערט. דער דאָקטער האָט אים איבערגעלאָזט בא זיך אַלס סאַניטאַר. ער האָט שוין מער ניט געהוסט און ניט געהאַרעוועט אַזוי שווער, ווי פריִער. און די אַרבעט זײַנע איז אין זיכערע הענט. וואָס איז שײַעך דער אַרבעט, האָט אים גאָר אינגיכן געמוזט פֿײַניקן א צווייפל — צי האָט ער ניט דערפונדן א וועלאָסיפּעד.

שוין באַלד צוויי יאָר איז ער אָפּגעריסן פון דער וועלט. ערגעץ, אין דער ווײַט, זיצן מענטשן אין לאַבאָראַטאָריעס, בא שרײַבטישן... די יאָרן גייען...

זײַן פרײַנט, דער יונגער געלערנטער, איז אומגעקומען באַם וואַלגערן ביימער אין וואַלד. מע האָט דערציילט, אז אן אונטערגעזויגענע סאָסנע האָט אים צוגעדריקט. איז דער עלנט געוואָרן נאָך גרעסער. און דאָ האָט ניסאָן כאַנאָוויטש אופגעהערט צו באַקומען בריוו פון דער היים. די דערלויבטע צוויי בריוו א יאָר. איז ער געווען זיכער, אז זײַן פרוי איז שוין אויך אין א לאַגער. איבער אים. ס׳איז אָבער געווען עפּעס אַנדערש. פאַרוואָס זײַנען אירע בריוו צו אים ניט דער־גאַנגען, ווייסט ער ניט אַדהײַנט. זי איז אָבער אַליין צו אים געקומען. גאַנצע צוויי שאָ האָבן זיי פאַרבראַכט צוזאַמען. דערשלאָגן זיך...

ניסאָן כאַנאָוויטש האָט שנעל אָנגעטאָן די ברילן, פאַרשטעלנדיק דערבײַ מיטביידע הענט דאָס פלוצלינג אופגעשײַנטע פּנים. איך האָב זיך געמאַכט ניט זעענדיק, א ווײַלע אָפּגעוואַרט.

— זי איז פון יענע קאַנטן, דײַן פרוי? טאָקע א סיבירער?

ער האָט מיך מעוווּלוול אָנגעקוקט, ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן.

— וואָס הייסט? כ׳האָב דיר דען ניט געזאָגט? דײַנע אַן אַלטע כאַווערטע. פאַניע הייסט זי...

— פאַניע בערגער?..

זי איז אופגעקומען פאַר מײַנע אויגן אַזאַ, ווי מיט העכער צוואַנציק יאָר צוריק, אין יענעם זונטיק... און די צוויי מיידעלעך מיט די סטענגעס־באַבעלעך... בא דער שוואַרצינקער — רויטע, בא דער ווײַסינקער — בלויע.

איך האָב אָפּגעזיפצט:

— זי איז נאָך אַלץ אַזאַ שיינע, פאַניע?

אוי, ווי נאַריש! כ׳וואָלט גערן געכאַפּט צוריק מײַן לעפּישע פראַגע. ניסלען אָבער האָט זי קלאָר ניט פאַרוואונדערט.

— אף קיין האָר ניט געביטן, — האָט ער געענטפערט, — זי וואָלסטו גלײַך דערקענט.

אָט האָסטו דיר א ניכטערן מענטשן! נאָר אויב אַזוי, איז צום טײַוול דעם שפּיגל. איך פיל זיך אויך יונג. קיין האָר ניט געביטן. איך בין קיינמאָל ניט געווען ענלעך אף מײַן כאַווערטע פאַניע בערגער. דערפאַר האָב איך זי אַזוי ליב געהאַט. אָבער א שטיפערקע בין איך אויך געווען. ניט אַזאַ, ווי זי. א שטילע. אין האַרצן. האָט זיך אופגעוועקט אין מיר די שטיפערקע, און איך האָב אַרײַנגעשריִען ניסאָן כאַנאָוויטשן גלײַך אין אויער אַרײַן:

— ניסל, אומזיסט האָסטו מיך אין דער קינדהײַט קעסיידער אויסגעלאַכט. אַלציינס זײַנען מיר פון איין טייג געקנאָטן.

— אויסגעלאַכט? אין דער קינדהײַט בין איך, דאַכט זיך, געווען א בייזער. ס׳האָט אָפט געגאַנגט אונטערן לעפּעלע. וואַרט, איך דערמאָן זיך. די מײַסע וועגן פאַניעס טאַטן... ווי איז דאָס דיר אײַנגעפאַלן אויסצוטראַכטן וועגן א ייִדן א בוכהאַלטער, אַז ער איז...

— א פירשט, — האָב איך אונטערגעזאָגט.

— יאָ, א פירשט. און ער וווינט אין א שלאָס.

— הינטער א הויכער געמויערטער וואַנט. און אז ער איז געקומען פון יאַגד...

איך האָב זיך געכאַפּט, אז ס׳איז גאָר ניט נייטיק צו שרײַען דאָ מיט די לעצטע קויכעס. ניסל לייענט די אַרטיקוליאַציע פון די ליפּן, און ווײַטער, די ברילן... האָב איך געזאָגט שוין שטי־לער און ניט זיכער:

— ווייסט, ניסל, מיר דאַכט נאָך איצט אויך, אז דער שלאָס פונעם פירשט בערגער איז געווען אינדערעמעסן, אז ער איז ניט קיין אויסגעטראַכטער.

— אַוודע, — ניסאָן כאַנאָוויטש האָט א לאַך געטאָן מיט זײַנע קלוגע אויגן: — אָפט זע איך דער ווײַט זײַנע טורעמס... ווען איך שטעל אן עקספּערימענט און איך וויל זייער שטאַרק, ער זאָל זיך באַקומען.

מער האָט זיך ניט געוואָלט ריידן. מיר זײַנען ביידע געזעסן פאַרטראַכט. די רוסן זאָגן אין אַזאַ פאַל: „א שטילער מאַלעך דורכגעפלויגן".

# זון אַף די דעכער



שוין היפּשע עטלעכע שאָ זײַנען זיי געווען אַף די פיס — דער קליינינקער, שטשופּלער דאָקטער, זײַן שמאַלטנע פרוי מיטן גרויסן קאָפּ האָר, צעפּלאָסענע איבער די אַקסלען, און זייער שכיינע, די לערערן, א הויכע, א ברייטע, נאָענט צו די פופציקער. מיטן פערטן, דעם יונגן עסט, האָבן זיי זיך באַקענט ערשט נעכטן בא א טישל אין רעסטאָראַן. דערוווּסט זיך, אַז ער איז אַן אַרכיטעקטאָר, האָט די לערערן מיט איר הייזעריקלעכער, נאָר גוט באַהערשטער שטים פאַרגעבן אים אַזויפיל קאַשעס, ביז ער האָט זיך אַליין אָנגעבאָטן אַף צומאָרגנס דורכגיין זיך מיט די אָנגעפּאָרענע איבער דער שטאָט.

שטאַרק אופגעלעבטע האָבן זיי געשפּאַנט איבער פלעצער און געסלעך, אָפּט אָפּגעשטעלט זיך מיט פאַריסענע קעפּ בא אַלטערטימלעכע געבײַען, וואָס זייער באַגלייטער — דער אַרכיטעקטאָר האָט אָנגערופן מיט די היימלעכע נעמען, מיט וועלכע עס האָט זיי געקרוינט דאָס פאָלק: „דער לאַנגער הערמאַן", „די דיקע מאַרגאַריטע"... און ווו זיי זאָלן זיך ניט קערן און ווענדן, האָט אַלץ געפינטלט אָפן שפּיץ פונעם ראָטהויז־טורעם דער אַלטער טאָאָמאַס, דער טרײַער בלעכענער שטאָט־וועכטער.

מיט די שמאָלע בערגלדיקע געסלעך האָבן זיי זיך אופגעהויבן ביז צום טויער, וואָס האָט פאַרצײַטנס געדינט אַלס מעכיצע צווישן דער אַריסטאָקראַטיע און דעם פלעבס.

— ווען די אײדעלע ריטערס דאָרט, אויבן, פלעגן זיך אָנשיקערן און נעמען בושעווען, — האָט דערקלערט דער יונגער עסט, — פלעגן די סאָכרים און האַנטווערקער פאַרשליסן דעם טויער און ראַטעווען זיך פון גאַזלעוואַניע און רויב.

טרעפּ, טרעפּ... און ווען די פיר מענטשן זײַנען שטיין געבליבן, האָט די שטאָט פון דער נידער פאַריסן איר קאָפּ צו זיי. רויטע טשערעפּיצענע דעכער מיט ריזיקע קוימענס, קלויסטערס, מיטלאַלטערלעכע ווענט און טורעמס — אַלץ איז דאָ פאַרלאָפן דעם וועג איינער דעם אַנדערן — העכער, נאָך העכער. די אָנגעפּאָרענע האָט פאַרשאַפט פרייד צו דערקענען פונדערווײַטן די גאַסן, איבער וועלכע זיי זײַנען געגאַנגען, די געבײַען, וואָס זיי האָבן באַזוכט.

ביסלעכווײַז האָט די מידקײַט גענומען פאַרטרעטן דאָס אָרט פון דער באַגײַסטערונג. דעם דאָקטערס פרוי האָט אײַנגערוימט דעם מאַן אין אויער, אַז „גענוג. מע קען ניט אַרײַנכאַפּן אַלץ אין איין טאָג". ער האָט אָבער, פונקט ווי זי, ניט געקענט זיך קיין אייצע געבן מיט דער לערערן. צו יעדער דערקלערונג פונעם יונגן עסט האָט זי געהאַט נאָך עפּעס צו פרעגן און אַלץ פאַרצייכנט אין נאָטיץ־ביכל, וואָס איז, ווי אַף א קישן, געלעגן אין איר ווייכער דלאָניע.

דער דאָקטער און זײַן פרוי האָבן דערווײַל געמאַכט עטלעכע ניט דרייסטע טריט צום מאָלער, וועלכער איז געזעסן דערנעבן אַף א לײַוונטענעם בענקעלע, די שטרויענע הוט אַראָפּגערוקט טיף איבער די אויגן. הינטער זײַן פּלייצע האָט אין שטילער דערוואַרטונג געסאָפּעט א געזעמל פון יינגלעך. די זעלבע טשערעפּיצענע דעכער, אַף וועלכע די אָנגעפּאָרענע האָבן זיך הײַנט צו זאַט אָנגעקוקט, די קלויסטער־שפּיצן, דער הימל און די זון האָבן אָפן לײַוונט ווי צונויפגעשמאָלצן זיך אין איין גוס, אויסגעמישט זיך אין א יובלדיקער פאַרבן־מאַסע. די פאַרמאָלטע פלאַך האָט געפינקלט מיט רויט, געל און גרוי.

— זייער שיין, — האָט שטיל געזאָגט די לערערן, וואָס איז שוין אויך געשטאַנען דערבײַ, — נאָר עסטלאַנד... ניט דער קאָלאָריט. צו פאַרביק.

דער מאָלער האָט דערהערט. זײַן נאַקן, אַ פאַרוואַקסענער מיט שיטערע גרויע האָר, האָט זיך אַ קער געטאָן צו דער לערערן, די אויגן האָבן מיט אַן אומרויִקן גלאַנץ אַף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט זיך אַף איר פּאָנעם. דערנאָך האָט זײַן אָנגעשטרענגטע פּלייצע אַ וואָרף געטאָן זיך אַף אַהינטער און ווידער פּאָרויס. דאָס פּענדזל אין דער אויסגעשטרעקטער רעכטער האַנט האָט זיך ווי אָנגעצילט און גענומען גיך־גיך קלאַפּן איבערן לײַוונט.

דער דאָקטער האָט אומגעשיקט אַ מורמל געטאָן „אַנטשולדיקט!“ אַזוי, אַז צום מאָלער איז עס געוויס ניט דערגאַנגען, און אין פאַרלעגנהײַט גענומען אָפּטרעטן אַף צוריק.

— אין ווילנע, — האָט פּלוצעם אַ זאָג געטאָן די לערערן, — זײַנען פאַר מיר אינטערעסאַנטער פון אַלץ געווען די הויפן. — און שוין מיט אַזאַ טאָן, ווי ס'וואָלט געווען פון פריִער אָפּגערעדט: — איצט וועלן מיר זיך אַראָפּכאַפּן אין עטלעכע הויפן.

דער דאָקטער האָט זיך איבערגעקוקט מיטן ווײַב, אַרויסגעלאָזט אַן אומקלאָרן קלאַנג, ווי ס'וואָלט אים פאַרלייגט אין האַלדז, און געהאָרכזאַם אַוועקגעשפּאַנט נאָך דער לערערן.

פון אַ שוי־פענצטער, אַרײַנגעפּאַסט אין דער וואַנט פון אַ מיטלאַלטערלעך טורעמל, האָט זיי מיט אַ מאָדנעם ערנסט באַגלייט אַ פּאָר שטאַרק אונטערגעפּירטע אויגן פון אַ שיינהײַט. איבער איר קידער־ווידער־פריזור איז געהאַנגען אַ שילד: „פּאָטאָ־אַטעליע“.

— כידושים! — האָט אַ שמייכל געטאָן דער דאָקטער.

די לערערן האָט פאַרקערעוועט אינעם דערבײַיִקן געסל און אומגעקוקט זיך אַפן יונגן עסט.

— יאָ, יאָ, קעדײַ, — האָט ער אַ מאַך געטאָן צו איר מיטן קאָפּ.

אַ נידעריק טירל האָט זיי אַרײַנגעפירט אין אַ לאַנגער, שמאָלער הייל צווישן צוויי מעכטיקע שטיינערנע ווענט. אין דער וואַנט פון רעכטס האָבן מיט בלינדן פאַרדאַכט אַרויסגעקוקט פון דער פינצטערניש, צעוואָרפענע אַף אַ פאַרשיידענער הייך, פירקאַנטיקע אַמבראַזורעס. צופוסנס באָ איר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי שווערע דעמבענע טירן, ברייטע, ווי טויערן, אַף טויט פאַריגלטע מיט אײַזערנע ריגלען. די פאָרהענגלעך, וואָס האָבן זיך דאָ און דאָרט געווײַסט אין די אָפענע פענצטער פון דער אַנטקעגנדיקער וואַנט, האָבן נאָך מער אונטערגעשטראָכן איר כמורע שטיין־גרויקײַט.

— איך וואָלט דאָס אַלץ אופגעריסן צו אַלדי שווארצע יאָר!

אין דעם צונויפגעדריקטן הויף־כאַלאַל האָבן די ווערטער דורכגעקלונגען מיט אַ געדעמפטער הילכיקײַט, ווי אין אַ קלויסטער. דער דאָקטער האָט אופגעציטערט און שאַרף אויסגעדרייט זיך.

— איר האָט אַ נידעריקע ריִע, יונגערמאַן! — האָט ער בייז אַ וואָרף געטאָן. — העכער פון דער אייגענער נאָז זעט איר ניט.

דער באָכער מיטן צעשפּיליעטן קאָלנער, וואָס קיינער פון די פרײַנט האָט ניט באַמערקט, וויִאַזוי ער איז לעבן זיי אויסגעוואַקסן, האָט פאַרלייגט די הענט אין די קעשענעס און קאַלטבלוטיק געענטפערט:

— אַף מײַנע אויגן האָב איך ניט וואָס צו באַקלאָגן זיך.

— און אַפן האַרץ? אַפן קאָפּ? איך זאָג אײַך, ווי אַ דאָקטער. איר דאַרפט זיך היילן.

— זייער אָנגענעם צו באַקענען זיך... מיר זײַנען קימאַט ווי קאָלעגן, — האָט מיט ביטל אַ שמייכל געטאָן דער באָכער. — איך בין אַ סטודענט — אַ מעדיקער. און ווי אַ מעדיקער האַלט איך, אַז מע דאַרף דאָס אַלץ אופרײַסן און אויסבויען אַף דעם אָרט נײַע הײַזער.

דעם דאָקטערס מאָגער נערוועז פּאָנעם האָט אַ צוק געטאָן פון אופגעבראַכטקײַט:

— אַ מעדיקער איז נייטיק אַ קלוג האַרץ און אַ פּילבאַרער מויעך. אויב ער האָט עס ניט, ווערט באָ אים געשלאָגן די ריִע. די אַנאַליזן זעט ער, ניט דעם כוילע.

— אַדיע, קאָלעגע! — אונטערפײַפנדיק דאָס לידל „זאָל אייביק זײַן מײַן מאַמע“, האָט דער באָכער, די הענט אין די קעשענעס, געלאָזט זיך גיין צום צווייטן עק הויף.

די פרײַנט האָבן זיך אומגעקוקט אַפן יונגן עסט, ווי זיי וואָלטן זיך אין עפּעס פאַר אים פאַרשולדיקט. נאָר ער האָט געשוויגן, אַ רויִקער, אַ צוריקגעהאַלטענער, מיט אַ קוים מערקבאַרן שמייכל אין די ווינקלען פון מויל.

דעם דאָקטערס פרוי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם מאַנס אַקסל, אַראָפּגעוואָרפן פון איין פוס דעם טופל מיטן הויכן, שמאָלן קנאַפּל, אונטערגעבויגן זי און געבליבן שטיין אַפן צווייטן, ווי אַ בושעל: „איך בין מיד. מער קען איך ניט“.

— יאָ, צײַט אָפּצורוען, — האָט זיך אָפּגערופן דער דאָקטער, נאָך אַלץ אַ בלייכער און אַן אופגערעגטער.

די לערערן האָט אַף זיי ניט געלייגט קיין אַכט. זי איז פעסט געשטאַנען אַף אירע דיקע פיס, וועלכע האָבן, ווי גלײַכמעסיק אַרומגעטעסעטע קלעצלעך, אונטערגעשפּאַרט איר שווערן גוף. ס'האָט אויסגעזען, אַז עפּעס איז דאָ נאָך פאַר איר געבליבן ניט פאַרענטפערט. זי האָט געוואַרט.

אפן הויף איז אַרויסגעקומען פון איר שטוב אן עלטערע פרוי אין אן אָפּגעבליאַקעוועטן ציצענעם קאַפּטל, א געוואַשנס און איבערגעוואַשנס.

— האָט קיין פאַריבל ניט, — האָט זיך א לאָז געטאָן צו איר די לערערן. — איר וווינט דאָ? עפּשער וועט איר אונדז ווײַזן אײַער וווינונג?

די אָנגעפאַרענע האָבן זיך ניט אַרומגעזען, וויאַזוי די באַלעבאָסטע די ערשטע און זיי נאָך איר האָבן זיך שוין אײַנער הינטערן אַנדערן געהויבן איבער מעשונעדיק געדרייטע, שמאָלע שטיינערנע טרעפּ. דערקליבן זיך אין דער טונקלקײַט צום צווייטן שטאָק, האָט זי ברייט אָן עפן געטאָן די טיר פון איר וווינונג. די געסט זײַנען אומדערוואַרט ווי אָפּגעטוקט געוואָרן פון קאָפּ ביז די פיס אין ליכטיקײַט. מיט צוגעזשמורעטע אויגן האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן בא דער שוועל. אף אַלע כפייצים אין צימער, אף זײַנע זויבערע ווענט איז געווען צעגאָסן א בלענדיקע שײַן, וואָס האָט געפליצט אהער דורכן אָפענעם פענצטער.

די באַלעבאָסטע האָט ניט געלאָזן די געסט קומען צו זיך. אפילו די לערערן האָט ניט באַוויזן צו פאַרגעבן איר קיין איין קאַשע. זי האָט צוגערוקט צום פענצטער א ווײַס-געפאַרבטן טאַבורעט, פאַרשפּרייט אף אים א צײַטונג און געוויזן די געסט, זיי זאָלן קריכן. זיי האָבן געפאָלגט און אַרויסגעקומען אף א דאַך — א פּירקאַנטיקע שטיינערנע טעראַסע מיט אַרויסגעשטעלטע אף דער זון בלומען אין קליינע, גרעסערע און גאָר גרויסע בלומען-טעפּ.

די באַלעבאָסטע האָט אָנגעוויזן די געסט אף א ברעט מיט צוגעשלאָגענע צו איר שמאָלינקע לײַסטעלעך. די ברעט איז געשטאַנען צוגעשפּאַרט, ווי א לייטער, צו א גראָדער שטיינערנער וואַנט. קוים אײַנגעמאָסטעט די פיס אף דער אונטערשטער לײַסט, האָט די לערערן אף אַלע פיר געלאָזט זיך אינדערהייך. הינטער איר האָט לײַכט געשטיגן פון איין לײַסט אף דער צווייטער דעם דאָקטערס פרוי. אירע הויכע, שמאָלע קנאָפּל האָבן זיך אַרויסגעוויזן דאַפקע צוגעפאַסט דערצו. מיט די הענט האָט זי נאָר פון מאָל צו מאָל באַרירט די קאַנטן פון דער ברעט. פונהינטן האָט מיט איבערגעטריבענער האַסטיקײַט נאָכגעפאָלגט זי דער מאַן. דער לעצטער האָט, שפּרײַזנדיק מיט די לאַנגע, שטאַרקע פיס, ווי אף א געוויינלעכן לייטער, אופגעהויבן זיך דער יונגער עסט. אַזוי זײַנען זיי אַרופגעשטיגן אף דער דיקער פעסטונג-וואַנט.

— סאַראַ העלקײַט! — האָט אַרויסגעשטאַמלט דעם דאָקטערס פרוי. די מידקײַט איז פון איר אינגאַנצן אָפּגעטאָן געוואָרן.

— נאָך בונטער, ווי אין קרים, — האָט זיך פאַרוווּנדערט די לערערן.

— אין קרים? ווײַסע הײַזער, א בלויער הימל, א בלויער ים. און דער זאַמד איז ווײַס, און די שטיינער... ווײַס און בלוי, אויב איר האָט אין זינען דעם דאַרעם-ברעג, — האָט באַמערקט דער דאָקטער.

— אוודע, — האָט צוגעשטימט די לערערן. — דאָ איז גאָר אַן אַנדער קאָלאָריט. רויטע טשערעפּיצע צווישן גרויע ווענט...

— און די זון שפּילט אף די דעכער, — האָט אונטערגעכאַפּט דעם דאָקטערס פרוי.

דער יונגער עסט האָט זיך דערווײַל פאַרקליבן אפן שפּיציקן קאַם פונעם דערבײַיקן דאַך. א וווּקסיקער, א ביינערדיקער-קרעפטיקער, מיט א העל-בלאָנדן, קימאַט ווײַסן קאָפּ, איז ער געשטאַנען אונטער די שטראַלן פון דער יול-זון, און א לײַכט ווינטל האָט צעפאָכעט די פליגלען פון זײַן דינעם רעגן-מאַנטל. ער האָט עפּעס אַראָפּגעשריִען צו די אָנגעפאַרענע, נאָר די ווערטער האָבן זיי ניט דערהערט. דעם דאָקטערס פרוי האָט זיך אויסגעדרייט אף זײַן שטים און געבליבן שטיין א מעוווילוועלע, ווי פון דער טיף פון יאָרהונדערטער וואָלט איבער דער שטאָט פּלוצלינג אופגעשוועבט א גײַסט.

מיט דער פלינקײַט פון א געשולטן ספּאָרטלער, קוים באַרירנדיק מיט די פיס די טשערעפּיצע, האָט דער יונגער עסט אַראָפּגעלאָזן זיך פון דאַך. ער האָט א ווײַז געטאָן אין דער נידער:

— איר זעט דאָרט דעם מאָלער? אָן גייט ער.

פון דער הייך פון דער פעסטונג-וואַנט האָט דעם מאָלערס פיגור אויסגעזען מאָדנע קליין. און געגאַנגען איז ער מיטן לאַנגזאַמען, געמאָסטענעם טראָט פון אַן עלטערן באַלמלאָכע, וואָס קערט זיך אום א מידער אַהיים נאָך א טאָג שווערער אַרבעט. זײַן פּלייצע איז געווען אײַנגעבויגן אונטער דער לאַסט פונעם שווערן פאַרב-קעסטל. אין דער רעכטער האַנט האָט ער געטראָגן זײַן לײַוונט, צניִעסדיק אויסגעדרייט מיט דער פאַרמאָלטער זײַט צו זיך.

ער האָט ניט געזען די מענטשן, וועלכע זײַנען געשטאַנען טיף-פאַרטראַכטע די גאַנצע צײַט, וואָס ער האָט געשפּאַנט איבער די שטיינערנע פּליטעס פונעם שמאָלן געסל מיטן נאָמען „לאַנגער פוס". ער האָט ניט געוווּסט, אַז די זעלבע מענטשן, וועלכע האָבן פאַרבײַגייענדיק מיט גלײַכגילטיקן נײַגער אָפּגעשטעלט זיך הינטער זײַן פּלייצע, האָבן דאָ ערשט געקוקט אף דער אַלטער שטאָט מיט זײַנע אויגן.

דאָרע כײַקינע

# איך גלייב אין מענטשן־גליק

## לידער מײַנע, לידער

לידער מײַנע, לידער. אויב מע וועט אײַך פרעגן:
— זאָגט אונדז, ווו איז אײַער סאַמע ערשטע שוועל?
כ׳ווייס, איר וועט אָן ספּייקעס ענטפערן די רעגע:
— ניט באַם שרײַבטיש האָבן מיר דערזען די וועלט.

מײַנע לידער קומען מיר אַליין אנטקעגן.
און אַן אַנדער ליד — זי גייט מיר נאָך פּוס־טריט.
א באַטריבטע פּרוי אין גאַס אַמאָל כ׳באַגעגן,
בעט זי מיך אָן ווערטער: נעם מיך אין דײַן ליד.

נאָר ניט שטענדיק ווייס איך פון איר ווי די סיבע,
אין מײַן ליד דעריבער אומעטיק זי בלײַבט.
ס׳קומט אַמאָל אַנטקעגן מיר א פרעמדע ליבע
און זי בעט: פאַרשטיי מיך און דערנאָך באַשרײַב.

ווייס איך אויך ניט שטענדיק, צי אין לידער מײַנע
איז די ליבע, ווי זי דאַרף זײַן — ציכטיק, קלאָר...
— עפּשער, — זאָג איך, — ליבע, האָסטו צו מיר טײַנעס?
נאָר עס שווײַגט די ליבע, ענטפערט ניט קיין וואָרט.

און עס טרעפט מיט מיר אין טיפע נעכט אין שפּעטע
קומען לידער, וועקן אויף מיך פונעם שלאָף.
פון וויעטנאַם א מאַמע הייבט מיך אָן צו בעטן:
— מערדער פון מײַן פאָלק אין לידער דײַנע שטראָף!

כ׳ווייס, מײַן ווײַטע שוועסטער, אײַער ווילדער טאַליען
וואָלט מיך אויך געהאַרגעט, וואָלט מיך אויך געשטיקט.
קומען שטרענגע ווערטער, פאָדערן און אײַלן,
און מײַן נאַכט ווערט שלאָפלאָז און ס׳ווערט שטאַר מײַן בליק.

ס׳וואָרגט מיך אָפּט א רויך א שוואַרצער און א וויסטער,
ערגעץ פון אַשוועֶנטשים ציט ער זיך אַהער.
אין ניו־יאָרק עס שווערן הײַנט ראַקוועלס פאַשיסטן
קעגן יידן, נעגערן שאַרפן דאָס געווער.

מײַנע לידער קומען שטענדיק מיר אנטקעגן.
עפן איך דאָס האַרץ מײַנס יעדער נײַער ליד.
ס׳דאַרף אַמאָל מײַן ליד, כ׳זאָל גיין אונטער א רעגן,
און אַמאָל אין וואַלד — ווו ס׳שיט א שניי און שיט.

אויב עס דאַרף מײַן ליד, כ׳זאָל קלעטערן אַף גאָרנס,
מידערהייט אַפילע כ׳וועל ניט זאָגן — ניין.
אויב מײַן ליד וועט זאָגן: ס׳בליט אין פעלדער קאָרן,
כ׳וויל אין פעלד... מײַן ליד ניט לאָזן כ׳וועל אַליין.

לידער, כ׳וועל אײַך זינגען, ביז דאָס האַרץ וועט זינגען.
אײַער שוועל ניט זײַן זאָל קיינמאָל בא מײַן טיש.
זאָל זי זײַן אַ שטעגל, ווו די שמידלעך קלינגען,
ווו אַ קוועלכל ריזלט יאָמטעוודיק און פֿריש.

## אַ רעגנבויגן

ס׳האָט אַ רעגנבויגן מיך אַמאָל באַגעגנט.
אין דער וועלט אַ טויער אופֿגעפּראַלט פֿאַר מיר.
און פֿון דעמלט אָן אָף אַלע מײַנע וועגן
כ׳זע אַן אָנדײַט פֿון זײַן יעטווידן קאָליר.

ווײַל אַ רעגנבויגן — ער האָט אַלע פֿאַרבן,
וואָס מיט זיי דאָס לעבן איז אַי שיין, אַי רײַך.
כ׳זע אין זײַנע פֿאַרבן דעם קאָליר פֿון גאַרבן,
כ׳זע אין זײַנע פֿאַרבן כוואַליעס פֿון אַ טײַך.

צווישן בונטע סטעזשקעס זע איך אויגן טריבע
און אַ זונען־אופֿגאַנג כ׳זע באַם שטילן יאַם.
אין זײַן גרינעם פּאַס, כ׳זע ווי אַ הייל, אַ שטיבל,
אין זײַן רויטער סטעזשקע — אַ מילכאָמע־פּלאַם.

יענער רעגנבויגן איז שוין לאַנג פֿאַרשוווּנדן,
אָף אַן אָנדענק זײַנע פֿאַרבן מיר געלאָזט.
און איך וועל צומאָל אַפֿילע ניט פֿאַרוווּנדערט,
ווען כ׳געפֿין זײַן גרינע סטעזשקע אינעם גראָז.

צי ווען אין קאָליר פֿון זײַנע פֿאַרבן זיבן
ווינטער, אין אַ פֿראָסט, דערזע איך אָפֿן שניי.
כ׳ווייס, אַז זײַנע פֿאַרבן האָט אין זיך די ליבע,
כ׳ווייס, אַז זײַנע פֿאַרבן האָט אין זיך דער ווײ.

אָבער ווען ס׳וואָלט מיך אַמאָל דער רעגנבויגן
ניט באַגעגנט אינעם זומערדיקן פֿעלד,
וואָלט געוויס אַ גאַנצן לעבן מײַנע אויגן
אָט די צויבערדיקע לעבנס־ליכט געפֿעלט.

## פֿון ווײַט און נאָענט

ס׳פֿלעג שטענדיק זײַן פֿאַרהאָרעוועט מײַן מאַמע,
און דאָך פֿלעגן מיר גיין אַמאָל צוזאַמען.

צו אַ בען־איר, צי צו אַ קרויווע אירער,
צי פֿראָסט אַזוי — אַרומגיין און שפּאַצירן.

און מיטאַמאָל פֿלעג איך פֿונהינטן בלײַבן,
אָף יעדן שפּאַן געפֿינען וואָס צו קלײַבן.

אַ טשוועקל, צי אַ שטיקל גרינינק גלעזל,
צי צווישן שטיינער אַ פֿאַרטשאַכנעט גרעזל.

צי גאָר פֿאַרײַסן אין דער הייך דעם קאָפּ...
און איך פֿלעג גלײַך דערהערן: — שטיי ניט אָפּ!

דעריאָג מיך גיך און גיי מיט מיר באַנאַנד,
און ס׳פֿלעג מײַן הענטל זיך באַהאַלטן אין
איר האַנט.

עס איז געווען אַמאָל. צוריק מיט וויפֿל יאָרן.
מײַן מאַמעס האַנט איז לאַנג שוין קאַלט געוואָרן.

...ווי קינדווײַז גיין פֿלעג נעבן מיר מײַן מאַמע,
עס גייט דאָס לעבן איצט מיט מיר צוזאַמען.

און קוקט געטרײַ, פֿון הינטן כ׳זאָל ניט בלײַבן.
און וואָס מע דאַרף ניט — כ׳זאָל אין האַרץ
ניט קלײַבן.

און ס׳נעמט פֿון מיר די אויגן ניט אַראָפּ.
און איך דערפֿיל, ווען ס׳וועט מיר זאָגן: —
שטיי ניט אָפּ!

דעריאָג מיך גיך און גיי מיט מיר באַנאַנד!
און עס דערלאַנגט דאָס לעבן מיר זײַן האַנט...

## עס פֿילן שטענדיק ביימער, ווען דער פֿרילינג קומט

עס פֿילן שטענדיק ביימער, ווען דער פֿרילינג גייט,
און טוען אויס אָפּגיך דאָס ווינטערדיקע קלייד,

און שטרעקן אויס דער ווײַט די קאַלטע צווײַגן־הענט,
און שטייען נאַקעטע צום גאָלד פֿון זון געווענדט.

דער פֿרילינג נאָכן וואַלד האָט אויך, ווײַזט אויס, געבענקט.
ווײַל קומט ער נאָר צו גיין — מאַטאָנעס גלײַך ער שענקט.

פאַר יעדן בוים באַזונדער — בלעטער שניצט ער אויס,
און יונגע גרעזלעך ציט ער פון דער ערד אַרויס.

און פאַר די שוואַמען היטלעך פאַרגרייט.
און ווייכן, גרינעם מאָך באַ זיי צופוסנס שפּרייט.

און ווען עס קומט שוין אָן די רעכטע פרילינג־צײַט,
ער לאָזט אַרײַן אין וואַלד די פייגל פון דער ווײַט.

## איך בין זיך מוידע

איך בין זיך מוידע: ס׳איז ניט גרינג מיר אַלץ געוואָרן.
ס׳איז שווער אַ באַרג־אַרויף, אַ באַרג־אַראָפּ איז שווער.
געמיינט גאָר בעסער אַלץ זיך אויסלערנען מיט יאָרן,
און עפּעס האָט באַקומען זיך באַ מיר פאַרקערט.

און ווען אין קאַלטן דרויסן שנייען נעמען שיטן,
פון ווייכן וואַל אַ שאַל אַלץ אָפטער מיך באַצירט.
געמיינט פון מײַנע זומערס וואַרעמקײַט פאַרהיטן,
נאָר עפּעס האָט קאַפּויר באַקומען זיך באַ מיר.

און זומער־צײַט מיך ציט אין טונקעלע אַלייען,
וווּ זונען־העזלעך פירן זייער גרינע שפּיל.
געמיינט, עס וועלן קילן מיך פון האָר די שנייען,
נאָר שוואַרצע האָר מײַנע מיך האָבן מער געקילט.

און מײַנע לידער גיבן זיך מיר אָפּט ניט אונטער.
ס׳איז שווער אַ באַרג־אַרויף, אַ באַרג־אַראָפּ איז שווער.
נאָר ס׳איז דער הימל בלוי. די ערד — אין קווייטן בונטע.
די ערד איז יונג — און ס׳וועט ניט זײַן פאַרקערט.

## איך גלייב אין מענטשן־גליק

כ׳האָב ניט אַרײַנגעקוקט גאָטספאַרכטיק אין קיין סידער,
קיין טפילעס ניט געהאַלטן אין די ציין פאַרפּרעסט.
כ׳בין ניט קיין גלייביקע. נאָר כ׳גלייב. איך גלייב אין לידער.
און ס׳איז מײַן גלויבן, ווי ס׳דאַרף זײַן אַ גלויבן — פעסט!

קיין ווײַנענדיקע ליכט פאַרדײַגעט כ׳פלעג ניט בענטשן,
ניט ציען מײַנע הענט צו זייער בלאַסער שײַן.
כ׳בין ניט קיין גלייביקע. איך גלייב אין מענטשן.
אין מענטשן עמעסע — אין גרויסע מענטשן־פרײַנט!

און מיט קיין פלעדערוויש דעם כאָמעץ כ׳פלעג ניט שאַרן,
און די האַגאָדע ניט געהערט אין פרילינג־נעכט,
נאָר ווײַל איך וויס די פרייד פון ניצל זײַן פון פאַרען,
כ׳וויל, אַף דער גאָרער וועלט ניט זײַן זאָלן קיין קנעכט.

קיין אוילעם־האַבע כ׳מאָל ניט מיט קיין שיינע פאַרבן.
איך וויס — דאָ הייבט זיך אָן און ענדיקט זיך די וועלט.
און בלויז די האַרעוואַניע קיינמאָל וועט ניט שטאַרבן,
און לעבן אין געבײַען, אינעם ווייץ פון פעלד,

און לעבן אין געזאַנג פון שאָטנדיקע וועלדער,
און לעבן אינעם אײַזערנעם געפלעכט פון בריק.
אין מײַסים פון אַפּילע אומבאַוווּסטע העלדן.
כ׳בין ניט קיין גלייביקע. נאָר כ׳גלייב אין מענטשן־גליק.

# כ׳דארף קיין גליק קיין פרעמדס ניט האָבן

כ׳האָב א פינגערל געפונען,
ס׳איז געווים פון ריינעם גאָלד.
אזא פינגערל צו האָבן
האָט זיך מיר שוין לאנג געוואָלט.
ס׳קוקט אף מיר דאָס גאָלדן רינגל
מיט אן אויג פון ריין סאפפיר.
ס׳טוט א כאפ ארום מיין פינגער,
ווי ס׳וואָלט זאָגן: פונקט פאר דיר.
נאָר מיט אלע מיינע קויכעס
שלעפ איך עס אראָפּ מיט גוואלד.
— ס׳האָט דיך עמעצער פארלוירן,
האָסט באצירט א פרעמדע האנט.
ס׳זוכט דיך ערגעץ אום א מיידל,
א פארדראָס אין הארצן גליט.
עפשער אופהענגען דאָס רינגל
אף א בוים אין ווייסן צוויט.
ווען די אומעטיקע אויגן
וועט זי אופהייבן צום בוים,
וועט פארווירקלעכט פלוצעם ווערן,
ווי עס טרעפט, א שיינער טרוים.
זאָל איך צובינדן דאָס רינגל
צו א פיסל פון א טויב?
עפשער פליען שטילע טויבן
אלע מאָל פארביי איר שויב?
עפשער מיין געפינס באזינגען,
און ווייל לידער האָט זי ליב,
וועט דאָס פינגערל געפינען
העלפן איר מיין שטילע ליד?
אזא פינגערל פארמאָגן
האָב איך טאקע לאנג געגארט.
...כ׳דארף קיין גליק קיין פרעמדס ניט האָבן —
אף מיין אייגן גליק איך ווארט.

# מוישע אלטמאַן

# אין אַן אַפּרו=טאָג

1

— איר פאָרט ערגעץ ארויס?

— ניין.

— פארוואָס?

— ווייַל... ווייַל איך האָב ליב מאָסקווע צו באטראכטן דאפקע אין אזא טאָג.

— מאָדנע...

— פארפאלן...

עטלעכע מינוט פארגייען אין שווייַגן. עס איז דאָס שווייַגן, ווען מענטשן, וואָס זייַנען איניינעם, זייַנען אין דער זעלבער צייַט מיטן געדאנק זייער ווייַט איינער פון אנדערן. פונוואַנען נעמט זיך די ווייַטקייַט? זי קומט פון דער פארשיידענער פארגאנגענהייַט פון יעדן איינעם. זי קומט פון א סאך סיבעס. עס איז דערוף פונקט אזוי לייַכט און אויך אזוי שווער צו געבן א פינקטלעכן, קלאָרן און אויסשעפנדיקן ענטפער, ווי, אשטייגער, אף דער פראגע: פארוואָס שרייַבט איינער נאָר פראָזע, און אַן אנדערער נאָר לידער? אָדער פארוואָס שרייַבט איינער און דער זעלבער אמאָל פראָזע, אמאָל לידער? דער מענטש ביכלאל, און דער שעפערישער ביפראט, איז א קאָמפּליצירט ווען.

— פון וואָס טראכט איר?

פירע איז שוין קלוימערשט אין קאס. אָבער די קלוגע אויגן לאכן. זי קאָן צו גוט די שרייַבער־וועלט, אז זי זאָל נישט כאפן, אף וועלכע אוילעמעס אירע מיטשפאצירער פארבלאָנדזען אינמיטן א געוויינלעכן געשפרעך.

— דע נאטורא רערום...[1]

יאקאָוו האָט זיך צעלאכט. ניט געווען בא אים קיין נייַס, אז זייַן לאנגאָניקער כאווער זאָל זיך אמאָל דערלויבן א ביסל מיסטיפיקאציע. דאָס עפנט ער זיך אליין א לופטשיקל פאר זייַן געוויינלעך שווערן געמיט, דער געמיט פון א מענטשן מיט א געפלאָנטערט און ניט גרינג לעבן.

— נו, טראכט אייַך דע נאטורא רערום, און איך וועל א פאָר טאָן צו דער נאטור אליין. פארלירן אזא טאָג און ניט זען די פּאָדמאָסקאָוויע... זייַט געזונט!

— גריסט...

פירע איז אוועק צום מעטראָ. ביידע כאווירים האָבן עטלעכע מינוט נאָכגעפאָלגט די גראציעזע באוועגונגען פון איר שטאלטנער פיגור. ביידע האָבן געהאט דאָס געפיל, אז עפעס אָנגענעמס און דערמונטערנדיקס איז נאָרוואָס געווען צווישן זיי און איז אוועק.

— א קלוגע יידענע, — מאכט יאקאָוו.

ביידע כאווירים האָבן זיך אומגעקוקט, דערזען דאָווידן, פירעס מאַן, און פאר אומדערוואַרטקייַט באקומען א לעפישן אויסזען. דאָוויד האָט געקוקט שפּאָטיש, שפּילנדיק מיט דעם קליינעם לעצל, וואָס ער האָט פון צייַט־צו־צייַט דערלויבט א ביסל א טאנץ טאָן אין זייַן בליק.

— איר פאָרט אויך?

---

[1] דע נאטורא רערום — וועגן דער נאטור פון די קעגנשטאנדן (לאט.).

— איך? אַצינד, ווען מײַן קלוגע ייִדענע איז אוועק אַף דער דאַטשע? איצט איז דאָך ערשט א מעכײַע ארומשפּאַצירן איבער מאָסקווע. היי, איר, מעלאַנכאָליקער, לעבעדיק!

„מעלאַנכאָליקער" איז געווען א שפּאַס. ניט יאַקאָוו און אפילו ניט שלוימע, ניט געקוקט אַף זײַן געוווינהײַט זיך צו גריבלען אין זאַכן (דאַוויד פלעגט אַף אים זאָגן: „ער זוכט דעם קוואַדראַט־וואָרצל פון מינוס איינס..."), זײַנען ניט קיין מעלאַנכאָליקער.

דער שטענדיקער אָפּטימיסט דאַוויד האָט זיך מיט אימפּעט ארײַנגעשניטן צווישן די ערשטע צוויי, ארופגעלייגט די דלאָניעס זיי אַף די אַקסל און, זיך ווענדנדיק צו שלוימען, געזאָגט:

— נו, וואָס? געפונען?

שלוימע מאַכט זיך טאַמעוואַטע:

— וואָס געפונען?

דאַוויד ווינקט זיך איבער מיט יאַקאָוון:

— מאַכט זיך געפּייגערט... קלוימערשט ער ווייסט ניט...

און צו שלוימען:

— דעם קוואַדראַט־וואָרצל פון מינוס איינס!

שלוימע ווערט ערנסט:

— ס'איז ניט קיין שפּאַס... איר, אַלס דראַמאַטורג, וואָלט באַדאַרפט זיך ארײַנטראַכטן. איר פאַרשטייט, א דראַמאַטורג מוז זוכן צו דערגראָבן זיך צום וואָרצל פון מינוס איינס. פונוואַנען שטאַמט דער נעגאַטיווער טיפּ? ווו ליגן די סיבעס פון זײַן נעגאַטיווקײַט... עס איז נאָך ווייניק ארויסצופירן אים ווי ער שטייט און גייט, וועקן פאַראַכטונג אָדער סינע צום קאָנקרעטן געגע־בענעם „איינס".

— און איך זוך דעם וואָרצל פון דעם פּליוס אומענדלעך גרויסן...

— שטאַרק!.. — מאַכט שוין שלוימע איראָניש.

אָבער יאַקאָוו, וועלכער האָלט ניט באַזונדערס פון קיין דילעטאַנטישע ספּעקוליאַציעס, האָט דאָ א מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— הערט, כעוורע, איר פאַרקריכט ערגעץ אין דער הויכער מאַטעמאַטיק, און, לאָמיר זיך ניט נאַרן, איר פאַרשטייט דאָרטן פּונקט אַזויפיל וויפל איך, ס'הייסט — גאָרנישט. איז...

— סטאָפּ! — מאַכט פּלוצעם שלוימע.

— וואָס איז?

שלוימע ענטפערט נישט. ער שטייט און קוקט און קאָן זיך ניט אָפּרײַסן.

— אַהאַ! — מאַכט דאַוויד, — דער „מײַרעווניק" האָט דערזען עפּעס נײַס. א וואָסקרעסניק... שטיין זײַנען דאָך געבליבן אַלע דרײַ, שלוימע האָט זיך ניט געקאָנט אָפּרײַסן פונעם גע־זעענעם: יונגוואַרג, באַזונדערס יונגע קרעפּטיקע מיידלעך, האָבן דורכגעלייגט א טראַמוויי־ליניע. פלינקע, פריידיקע, האָבן זיי געאַרבעט אַזוי, אַז ס'איז געווען א כּיעס צו קוקן. אַלעמאָל האָט אויסגעשאָסן א יונג הילכיק געלעכטער, וואָס נאָר יוגנט, געזונט און לעבנס־פרייד קאָנען ארויס־ברענגען. אין דעם ליכטיקן מאָסקווער זומער־אינדערפרי האָט דאָס געלעכטער געקלונגען באַ־זונדערס דערמונטערנדיק.

— נו, וואָס? געזען אַזוינס דאָרט?

— ניין, ניט געזען...

— מיר האָבן געזען עפּעס אַנדערש, — מאַכט שוין יאַקאָוו ערנסט. — כמורע פּענעמער, אָפּקומעניש...

— אַט־אַט! — מאַכט דאַוויד, — און קומט עסן געפּרווירנס.

אַלע דרײַ זײַנען אוועק אין סקווער. זיך באַזעצט אַף א באַנק. דאָך האָט דער שמועס ניט אופגעהערט. יאַקאָוו און דאַוויד האָבן זיך אוועקגעלאָזט אין א ברייטן וויקועך מיקויעך אַרבעט, שעפערישקײַט. די דיסקוסיע האָט זיך אויסגעברייטערט, דער שיין־ריידנדיקער יאַקאָוו און דער מעטאַפאָרן־יעגער דאַוויד האָבן זיך ווי פאַרוועט. זיי זײַנען דאָך זיך צונויפגעקומען אַף איין פּונקט:

— שעפערישע אַרבעט איז מעגלעך נאָר מיט רועך־האַקוידעש...

— אָבער מע דאַרף אים אויך ניט לאָזן דרעמלען — מע דאַרף אים וועקן, סטימולירן... און ווי צו דעם קינסטלער, וואָס זיצט מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרט אַפן רועך־האַקוידעש... וואָס שווײַגט איר, מעשוגענער?

„מעשוגענער" — דאָס האָט געמיינט שלוימען. דער מעטאַפאָריסט דאַוויד האָט אים אַזוי געקרוינט ניט כאָלילע ליגנײַ, נאָר צוליב זײַנע מאָדנע אײַנפאַלן, א רעזולטאַט פון זייער א פאַר־פלאָנטערט לעבן.

שלוימע האָט געקוקט אַלץ אין איין פּונקט און ניט געענטפערט. דאַוויד האָט א כיטרע טאַרע געטאָן יאַקאָוון און אָנגעווונקען אף שלוימען: ער איז, הייסט עס, שוין ווידער בא אַלדי שווארצע יאָר.

יאַקאָוו, וועלכער האָט בעסער געקענט זײַן כאַוער, איז געוואָרן אופמערקזאַם, זיך ארומ־געקוקט און באַלד זיך צעלאַכט:

— איך ווייס שוין... ער האָט געפּאַקט א קאָשערע מעציִע... א באָרד!..

— א וואָס?

— א באָרד... א ייִד מיט א באָרד...

דאַוויד האָט זיך אויך ארומגעקוקט, דערזען אף דער קעגניבערדיקער באַנק אַן עלטערן מענטשן מיט א קימאַט פּאַטריאַרכאַלער זילבערנער באָרד, פארטיפט אין א בוך.

— אהאַ!..

— שטילער, — האָט שלוימע געבעטן, — דער ייִד הערט אונדז.

— ניט מעגלעך.

— און איך זע אף זיכער. דער מענטש האָט א שאַרפן געהער. קוקט זיך צו.

עס איז ניט געוועזן שווער דאָס צו אַנטדעקן. א געניט אויג האָט עס געמוזט גלײַך באַמערקן.

— איך האָב ניט געוווּסט, אז ער איז אַזא ליבהאָבער פון בערד...

— דאָס איז אויך איינער פון זײַנע שיגאָענס...

— דאָך...

דאַוויד האָט מיטן עלנבויגן געטאָן א היפשן שטופּ שלוימען:

— נו, רעדט שוין!

— וואָס איז דאָ צו ריידן, — מאַכט שלוימע, — עס איז פּאָשעט. איך האַלט, אז א באָרד פארגאַנצט דאָס פּאָנעם, דעם פּאָרטרעט. זי כאַראַקטעריזירט אים... כאַראַקטעריזאַציע הייסט ניט דאַפקע שטענדיק פּאָזיטיוו. און דאָס אייגענע פארקערט. פאַראַן פּענעמער, וואָס א באָרד וואָלט זיי... אײַנגעשלונגען. אָט, אשטייגער, וואָלטער... איר האָט אַמאָל געזען וואָלטערן אין ערמיטאַזש?..

— איז מאַכמעס דערומער?

— האָב איך א שוואַכקײַט צו פּענעמער מיט בערד.

— אַזא שיגאָען.

— מעגלעך. אָבער... איינמאָל אין א שטאָט אין אמעריקע בין איך געוועזן אן איידעס פון אן עקלהאפטער סצענע: עס איז געווען ווי אצינד, זומער. ייִדישע קרעמערלעך — זיי זײַנען אומע־טום די זעלבע — זײַנען געשטאַנען פוסט־און־פּאַס אין די טירן פון די סטאָרס. פּלוצעם באַווײַזן זיך אינמיטן גאַס צוויי עלטערע ייִדן מיט בערד. עפּעס א לאָבוס איז זיי פארלאָפן דעם וועג, אָנגעכאַפּט בא די בערד און זיי צונויפגעקלאַפּט מיט די קעפּ... איך האָב דעמלט באַשלאָסן, אז אמעריקע איז ניט פאַר מיר.

— איר האָט דען געטראָגן א באָרד?

— איך אַליין? קיינמאָל ניט...

2 ———

שלוימע און יאַקאָוו זײַנען אַליין. דער סקווער, ניט געקוקט אף דעם אָפּרו־טאָג, איז שיטער באַזעצט. קלאָר, מענטשן זײַנען הײַנט הינטער דער שטאָט. דער ייִד אקעגן איז אַלץ אזוי פאַר־טיפט אין זײַן בוך.

— הערסט, — מאַכט שלוימע, — עס איז מיר שווער צו ריידן פאַר פרעמדע. איך האָב קיינמאָל ניט געקאָנט „זיך דערקלערן אין ליבע". איז עס ניט קאָמיש? א רעדנער, א באַלדאַרשן און א — שטומער. עס איז מיר שווער ארויסצוברענגען דירעקט דאָס, וואָס איך פּיל. איך קאָן ניט דערציילן בעפּאַרהעסיע, וויאזוי מיט יעדן טאָג פּיל איך מיך דאָ אַלץ פרײַער, אַלץ מער בא זיך אין דער היים. פאַר זיי, פאַר די היגע, איז עס א זעלבסטפארשטענדלעכע זאַך. און איך, אַז איך גיי, פּיל איך, ווי די שטיינדלעך, אף וועלכע איך טרעט, שמועסן זיך צונויף מיט מײַנע טריט: „גייט, גייט, הייסט עס, דערוף ליגן מיר דאָ, פון אײַערטוועגן, פון אַלעמענס וועגן". זיי, אונדזערע היגע כאַווירים, ווייסן ניט, וואָס הייסט אומגיין א פרעמדער איבער גאַסן פון שטעט, איבער לענדער... און דערפאַר פּילן זיי ניט דאָס, וואָס מיר, און קאָנען עפּשער אויך ניט מיט־פּילן: עס איז צו... נאַיִוו אין זייערע אויגן... שעם איך זיך עס אויסצודריקן, ווער ווייסט? מע קאָן עס נאָך אָנעמען פאַר „דעקלאַראַציעס"... דיר איז באַוווּסט, אז איך בין געוועזן א נאַוונאַד־

ניק, אָן אומרו. אָבער קײנער װײסט ניט, װיִאַזױ איך האָב זיך געצױגן צו באָדן, צו אײַנגעװאָרצלטקײַט. איך פֿלעג אױך װעלן האַנאָע האָבן פֿון דעם, װי סע װאַקסט אַ שטאָט, װי זי װערט שענער, װי אַ גאַס װערט אױסגעגלײַכט... כ׳האָב אױך געװאָלט קענען טרױמען װעגן פֿאַרשענערונג, מאָדערניזירונג... אָבער די טרױמען האָבן אומעטום געקראָגן איבער די פֿליגל... װאָס האָט זיך געשטעלט צװישן מיר און דער אַרומרינגלענדיקער װעלט? װאָס האָט מיך געמאַכט פֿאַר אַ גער אומעטום? עס איז אַ סך צו רײדן דעריבער... און אָט דאָ פֿיל איך מיך מיט יעדן טאָג אַלץ מער אײַנגעװאָרצלט אינעם הײַנט, אינעם מאָרגן. עס איז אַ טײַער געפֿיל...

שלױמע האָט אױף אים געװאָרפֿן אַ סקאָסנע בליק און קױם־קױם אַ שמײכל געטאָן. אָבער ניט דער בליק, ניט דער שמײכל זײַנען ניט געבליבן אומבאַמערקט פֿאַר יאַקאָװן. ער איז רױט געװאָרן. כאַװײרים פֿון אַ סך יאָרן, זײַנען זײ זײער פֿאַרשײדן אין כאַראַקטער, אין טעמפּעראַמענט. דאָך טרעפֿן זײ זיך אין איקערדיקע זאַכן צונױף. פֿיל מאָל צו בײדנס שטױנען. װײַזט אױס, אַז די װאָרצלען ליגן ערגעץ נאָענט, ציִען יעניקע פֿון די זעלבע קװאַלן. אײגנטלעך, לעבט יאַקאָװ אױך איבער דאָס זעלבע געפֿיל, װאָס שלױמע, נאָר בא אים קומט עס אַנדערש צום אױסדרוק.

— װײסט, — מאַכט פּלוצעם יאַקאָװ, — איך האָב מיך גראָד אַצינד דערמאָנט, אַז װען מיר זײַנען נאָך געװען גאָר יונגע באָכערים, פֿלעגסטו אָפֿט פֿאַרגעבן פֿראַגן, װאָס האָבן מיר דעמלט אױסגעזען, װי סטאַם גריבלערײַ. עפּעס צעלאָכעסדיקס. געדענקסט, האָסט אַמאָל געװאָלט אָנפֿרעגן אין אַ רוסישן זשורנאַל אַ מעשונעדיקע פֿראַגע — איך האָב זי דעמלט ניט באַנומען. ערשט שפּעטער מיט אַ סך יאָרן, װען כ׳האָב מיך באַקענט מיט אײנשטײנס טעאָריע, האָב איך מיך דערמאָנט... ביסט דאָך שױן דעמלט אָט־אָט דערגאַנגען צו דער רעליאַטיװיטעט־טעאָריע.

שלױמע האָט געװוּסט: אָט־אָ באַלד װעט אױף אים נעמען האָגלען מיט פֿאָרװורפֿן, לעמײַ געבליבן שטעקן אינמיטן װעג... און „אױ, אַ ביסל כאַראַקטער, װען פֿאַרמאָגסט נאָך דאָס...״ עס האָגלט אױף אים אַזױ שױן אַ יאָר דרײַסיק...

שלױמע האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. עס איז אים דאָס פֿײַנלעכסטע אָט דאָס דערמאָנען, װי ער איז געבליבן שטעקן אינמיטן װעג, ניט געקוקט אױף זײַן אומגעהײערן דורשט צו װיסן. סײַװױ — פֿאַרפֿאַלן. דאָך, ער קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן:

— װען איך בין דאָ אין לאַנד פֿון אָנהײב, װאָלט איך נאָך עפּשער געװען געװאָרן...

און מיטאַמאָל צעלאַכט ער זיך:

— איך געדענק ניט, כ׳האָב דיר אַמאָל דערצײלט װעגן אײנעם אַן אַגענט פֿון דער יאַסער סיגוראַנץ, װאָס האָט געהאַט טײַנעס צו אײנשטײנען?

— נײן... איך געדענק ניט.

— װען איך בין געװען אַרעסטירט אין יאַס, אין דער סיגוראַנץ, איז מײַן קאַמערע אַרױסגעגאַנגען מיט אַ טיר אין דער דעזשורקע. אין מײַן קאַמערע איז געװען קאַלט — אױף אומצוקומען. מאַכט זיך אין אַ נאַכט, עפֿנט זיך די טיר פֿון דער דעזשורקע און אַן אַגענט רופֿט מיך אַרױס. כ׳האָב געמײנט — אױף אַ נאַכט־פֿאַרהער. לאָזט זיך אױס, אַז דעם דעזשורנע אַגענט איז לאַנגװײַליק. ער װיל אַ שמועס טאָן מיט אַן „אינטעליזשענטן מענטשן״. „האָב ניט קײן מורע, — מאַכט ער צו מיר, — איצט װעט שױן אַפֿילע קײן הונט ניט אַרײַנקומען״. אין דעזשורקע איז געװען װאַרעם, כ׳האָב מיך אױפֿגעזעצט און װאַרט, װאָס װעט זײַן. איך באַטראַכט מײַן באַלטױװעניק — אַ מיזעראַבעלער אױסזען, אַן אױסגעדײװערטס, אַ קלײנס, אַ פֿאַרװאַקסנס און אַ קרומס, הינקט אױף אַ פֿוס. ער נעמט זיך מיר אױסדערצײלן זײַן ביִאָגראַפֿיע, באַקלאָגט זײַן ביטער מאַזל, לױבט דעם סאָציִאַליזם — קריסטוס אַלײן איז דאָך געװען אַ סאָציִאַליסט!.. איך הער און שװײַג... געזען, אַז ס׳גײט ניט, איז ער װידער איבערגעגאַנגען צו זײַן װידוי: געװען אַ מאַטראָס, אַ װעלט אױסגעזען, אַ װעלט באַטראַכט, דערגאַנגען צו אײנשטײנס טעאָריע אַ סך פֿריִער פֿאַר אײנשטײנען, אָבער װאָס העלפֿט עס? אַן אָרעמער באָכער קאָן צו גאָרניט גרײכן. אָט אַ גװיר, אַשטײגער, מיט אים קלינגט די װעלט... אַך, דער קאַפּיטאַל, דער קאַפּיטאַל!.. װי קלאָגעװדיק ס׳איז ניט געװען מײַן לאַגע, האָט מיך דער קאָנקורענט אײנשטײנס דאָך אױפֿגעהײטערט, עס איז מיר געװאָרן פֿרײלעך. איך האָב אים געגעבן אַן אײצע, ער זאָל אָנשרײַבן אײנשטײנען אַ בריװ... האָט ער געענטפֿערט, אַז ער קען ניט קײן דײַטש... װאָס, מישטײנסגעזאָגט, געענדיקט פֿיר קלאַסן פּרימאַרע... דערנאָך אַ מאַטראָס... מע פֿלעגט אים מײמעסן אױף דער שיף, טאַקע דאָרט געמאַכט אים פֿאַר אַ קאַליקע. אַ גליק נאָך, װאָס די סיגוראַנץ האָט אים צוגעטוליעט, פֿאַרדינט ער זיך קאָשער זײַן שטיקל ברױט...

— אַזױ, הײסט עס, איז אײנשטײן דערגאַנגען ביז אַהינצו?

— געװען דעמלט אַן אײנשטײן־מאָדע. פּונקט װי מיט אַ יאָר פֿופֿצן פֿריִער איז געװען אַ בערגסאָן־מאָדע... מאָדע האָט אַ גרױסן קױעך... זי שטעקט אָן... אָט אַשטײגער, װי פֿוטוריזם.

יאקאָוו שיסט אויס א געלעכטער. אָט דער שטיין איז שוין געוואָרפן אין זײַן גאָרטן. אין א געוויסער צײַט איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער מאָדע. האָט מען זיך דעמאָלט א היפּש ביסל געקריגט, ער מיט שלוימען!

— ווייסט עס דער רועך, — מאַכט שלוימע, — כ׳האָב עס קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרשטיין: א געזונטער בעסאַראַבער באָכער און — פוטוריזם!

— און דו אַליין? — מאַכט יאַקאָוו, — דו ביסט פאַרקראָכן אין פּסיכאָלאָגיזם.

— קוויט, — מאַכט שלוימע, — אָן אוויירע זיך צו קריגן אין אזא שיינעם טאָג.

3

שלוימע קוקט נאָך דעם זיך דערוויַיטערנדיקן יאַקאָוון. אַצינד קאָן ער שוין זיך אַליין צוליב טאָן: זיך אַריבערכאַפּן צום יידן ווי־זאָ־ווי. ער וואַרפט א נײַגעריקן בליק צום בוך, אין וועלכן יענער איז פאַרטיפט, מיט זײַן שאַרפער ריַע כאַפּט ער, אין וואָס סע האַנדלט זיך. וועגן נעגינע בא יידן... „ווײַזט אויס, א געוועזענער כאַזן, — טראַכט שלוימע, — פון די „מאָדערנע“ כאַזאַנים. א ליא מינקאָווסקי“... עס גייט אַוועק א פּאָר מינוט. שלוימען קאָרטעט, ער וויל זיך נעמען צו דעם יידן, נאָר ווייסט ניט, וויאַזוי אָנצוהייבן. ער בייגט זיך א ביסל אַריבער, וויל, הייסט עס, כאַפּן א קוק אין בוך.

דער אַלטער פאַרמאַכט דעם בוך, לאָזט נאָר א פינגער שטעקן דאָרטן, ווו ער האָט זיך אָפּ־געשטעלט, און דרייט זיך אויס צו שלוימען.

— כ׳האָב געהערט אײַער שמועס, — מאַכט דער אַלטער.

— אַזוי הויך האָבן מיר דען גערעדט?

— ניט שטיל... און איך האָב א שאַרפן געהער.

— א כאַזן?

— פאַרוואָס מיינט איר?

שלוימע ווײַזט אַפן בוך.

— דאַפקע ניט, — שמייכלט דער אַלטער, — א מענאַגן — דאָס יאָ.

א פּאָר מינוט שווײַגן בײדע. דערנאָך, דער אַלטער:

— איר זײַט א בעסאַראַבער?

— יאָ... וואָס איז דען?

— גאָרנישט... איך בין אויך פון דאָרטן. נאָר איך וווין שוין עטלעכע און צוואַנציק יאָר אין מאָסקווע, בא מײַנע קינדער.

— אינטערעסאַנט, — מאַכט שלוימע.

— יאָ, — איז מאַסקים דער אַלטער, — אָבער פון אײַער שמועס האָט מיך מער פון אַלץ אינטערעסירט דער אָנהייב.

— דעהײַנע?

— אָט וווען איר האָט גערעדט וועגן שאַפן און געזאָגט, אַז עמעס שאַפן קאָן מען נאָר מיט רועך־האַקוידעש.

— דאָס האָט מײַן כאַווער, דער פּאָעט, געזאָגט.

— ס׳איז ניט וויכטיק. איך האָב מיך בעשאַס־מײַסע דערמאָנט א געשיכטע. אויב איר ווילט, וועל איך אײַך דערציילן.

— מיט פאַרגעניגן.

— די מײַסע, — מאַכט דער אַלטער, — איז א פּאָשעטע מײַסע. טאַקע גאָר א פּאָשעטע... איר האָט מיסטאָמע געהערט פונעם באַרימטן כאַזן ניסי בעלזער? א טייל בעסאַראַבער האָבן אים געהאַלטן פאַר א בעסאַראַבער, געמיינט, אַז ער שטאַמט פון בעלץ. ס׳איז א טאָעס, ער האָט גע־שטאַמט פון בעלז, פון גאַליציע. נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. עפּשער האָבן יענע רעכט. אַז ניסי האָט ליב געהאַט בעסאַראַביע — דאָס ווייס איך. ער פלעגט יעדעס יאָר אַראָפּקומען, ווי זאָגט מען עס, אַף א טורנע קיין בעסאַראַביע. און ער האָט קיינמאָל קיין כאַראָטע ניט געהאַט, ווײַל בעסאַראַבער האָבן ליב נעגינע. פאַר א גוטן כאַזן פלעגט מען זיך לאָזן אויסטאָן. ס׳איז שוין גע־לעגן אין בלוט בא די בעסאַראַבער. וואָר סע געדענקט אַמאָליקע יאָרן, קען זיך דערמאָנען, וויאַזוי אונדזערע באַלעגאָלעס פלעגן אַפן וועג איבערזאָגן שטיקלעך כאַזאָניש... בעסאַראַבער האָבן ניט פאַרשטאַנען קיין פיירעש־האַמילעס, — אָבער פאַרשטאַנען נעגינע... ניסין האָט מען געשעצט, ווײַל ער איז געווען א מענאַגן, און א מענאַגן האָט ליב, אַז מע פילט, און דער עולעם האָט שטאַרק ליב געהאַט ניסין. אויב איר האָט אים אַמאָל געהערט, קערט איר געדענקען, אַז ניסי

האָט שטענדיק געהאַט א כאָר, וואָס מע באַדאַרף אויספאָרן א וועלט אַזוינס צו טרעפן. זײַנע סאָפּראַנאָס, זײַנע אַלטן, זײַנע טענאָרן און זײַנע באַסן האָבן געקאָנט באַשײַנען די גרעסטע אָפּערעס. דאָך פלעגט זעלטן פּאַסירן, אַז עמעצער פון זײַנע מעשוררים זאָל איבערלאָזן ניסין. ער איז געווען א גוטער באַלעבאָס, גוט געצאָלט און גוט געהאָדעוועט, כאָטש אַזוי איז ער געווען א שטרענגער. צווישן די מעשוררים זײַנען געווען באַזונדערס באַרימט די צוויי באַסן — זעלטענע באַסן. איינער פון זיי איז געווען אונדזערער א בעסאַראַבער, פון א דאָרף נישט ווײַט פון אונדזער שטאָט.

דער דערציילער האָט א ווײַלע אָפּגערוט. קענטיק, אַז די גאַנצע מײַסע האָט זיך אים דערמאָנט, ווײַל ער האָט געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן זײַן שטאָט.

— ...אונדזער שטאָט, — זאָגט ער ווײַטער, — איז אייגנטלעך א שטעטל, אָבער א גרויס שטעטל, א געדיכטס. איצט ווייס איך נישט, וואָס פאַר א פּנים עס האָט, אָבער דעמאָלט איז עס געווען א גרויסער ייִשעוו, א לעבעדיקער, ווײַל אונדזער שטאָט האָט געהאַט אי א טײַך, אי א באַן, געווען אָן אָרט אי פון מיסכער, אי פון אַרבעט. אונדזערע ייִדן האָבן ליב געהאַט א לעבּ צו טאָן, אַז ס׳האָט זיך געלאָזט. בקיצור, איך וועל אײַך דערציילן פון יאָסלען, דעם באַרימטן באַס. יאָסל איז געווען פון א דאָרף, א ווערסט צוואַנציק פון אונדז, אויך אויף דעם זעלבן טײַך. דער פֿאָטער זײַנער האָט געדינט אין א מיל. זיי שטייען מיר פאַר די אויגן. אי יאָסל, אי דער פֿאָטער. געווען א פּראָסטער מענטש דער פֿאָטער, א האָרעפּאַשניק, טאָג ווי נאַכט פאַרהײַעט אין דער מיל. מע קאָן זאָגן, א מעשוגענער מענטש, ווען מע זאָל מישפּעטן לויטן אויסזען, א דאָרפישפאַרגרעבטער. עס איז אָבער נאָר געווען אַזוי לויטן אויסזען. דער ייִד איז געווען א מענאַגן. אַמאָליקע יאָרן געקענט שפּילן אויף א קלאַרנעט, און גוט געשפּילט. קורץ, דער יאָסל האָט פאַרמאָגט א שטימע — וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? — איך בין גאָרניט בעקויעך אײַך עס אויסצומאָלן. פאַרשטייט זיך, אַז צום אָנהייב א סאָפּראַנאָ, א זילבערן גלעקל!.. כ׳האָב גאָרניט קיין פאַרגלײַך, ס׳האָט אַרויסגעזונגען פון אים אי דאָס דאָרף, אי דער טײַך, עפּעס נאָר ווי א שיינער פאַרטאָג. און שפּעטער איז די סאָפּראַנאָ איבערגעגאַנגען אין א באַס, איז דער באַס זײַנער געווען אי שטאַרק, אי זיס, ס׳האָט געשטעקט אין אים גוואוּרע און ווייכקײַט, נאָר ווי עמעסער זײַד. און אַנדערער, נישט יאָסל, וואָלט געווען געוואָרן א באַרימטקײַט, א שאַליאַפּין. און מיינט נישט, אַז ס׳איז א גוזמע. איך האָב אַליין ליב נעגינע. און נישט פאַראַן, דאַכט זיך, קיין איין באַרימטער זינגער, איך זאָל אים נישט האָבן געהערט. ווי א גוטע אָפּערע, א סימפאָנישער קאָנצערט — האָב איך קיינמאָל נישט דורכגעלאָזט, ווײַל איך האָב ליב נעגינע. איז דער — יאָסל — אַדהײַעם בענק איך נאָך אים און נאָך זײַן שטימע... א שטיק צײַט האָבן מיר נישט געוווּסט, וווּ יאָסל איז אַהינגעקומען, ביז אויף א מאָל — פאָרט אַראָפּ צו אונדז ניסי בעלזער, און מיר דערקענען יאָסלען אין כאָר. ער האָט שוין פאַרמאָגט דעמאָלט דעם עמעסן באַס. ניסי האָט זיך פאַר אים די פינגער געהאַקט, איז עס געווען אײַנצווייען: אי ווײַל יאָסל האָט פאַרמאָגט די זעלטענע שטימע, אי ווײַל ער איז געווען א טאַמים. ס׳איז גאָרנישט געווען צו גלייבן, אַז א מענטש מיט אַזאַ שטימע זאָל זײַן אַזאַ פּרומער, נאַיִווער מענטש: א קינד! און אין אויסזען — א גוואַר! און א שיינקײַט פון א מענטשן! ער האָט געהאַט אי גוואוּרע, אי שיינקײַט. זײַן גרייס, זײַן פּאָנעם, א ליכטיקס, א זויבערס, און אויגן צוויי — שוואַרצע, טיפע, פאַרקלערטע! ער האָט געהאַט מיט וואָס צו אײַנצונעמען א וועלט. און ער — ווען מע שיט אים אָפּ מיט גאָלד, לאָזט ער נישט איבער ניסין... א גלייביקער. די מעשוררים פלעגן לאַכן פון אים. ווײַל מעשוררים זײַנען, ווייסט איר, א ביסל געכאַפּט אויף דער מײַסע... זיי זײַנען אי ווייניק פרום, האָבן ליב א קערטל און נאָך עפּעס. און יאָסל — גאָרנישט. סע גייט אים נישט אָן. ער האָט ליב ניסין און דאָס זינגען, דאַפקע דאָס כאַזאָנישע. איך האָב געפּרוּווט מיט אים א שמועס טאָן מיקויעך איבערגיין אין אָפּערע, האָט ער אַפילע נישט געוואָלט הערן. בקיצור, ניסי איז געשטאָרבן פּלוצעם אין סאַדיגערע. און — אויס טורנע איבער בעסאַראַביע. מיר, אונדזער שטאָט, האָבן נאָך געהאַט די זכיִע אים צו האָבן בא אונדז א פּאָר וואָכן, איידער ער איז אַריבערגעפאָרן מיטן כאָר קיין סאַדיגערע. זײַנען אַוועקגעגאַנגען שיינע עטלעכע יאָר, און מיר ווייסן נישט, וווּ יאָסל איז אַהינגעקומען. ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, אַזוי, אַרום סאָף 1917, קומט אַראָפּ יאָסל. וויִאַזוי קומט יאָסל? דורכן דאָרף!.. ס׳הייסט, מיר דערוויסן זיך אין א טאָג, אַז יאָסל איז בא די עלטערן אין דאָרף. און נישט אַליין — נאָר מיט א ווײַב און מיט א שטוב קינדערלעך. און אַלע זײַנען אויף גרויסע, ווייסטע צאָרעס, ווײַל די מיל האָט אָפּגעברענט. אַז מיר האָבן זיך דערפון דערוווּסט, האָבן מיר צום ערשטן גערעכנט, ער האָט פאַרלוירן די שטימע, ווײַל אַנדערש, וויִאַזוי קומט ער אַהינצו? וואָס טוט ער דאָרטן? בקיצור, מיר האָבן געמאַכט א פּרוּוו און אים געבראַכט אויף א שאַבעס. די שטימע — די זעלבע, נאָך טיפער, ווי פריער, נאָך האַרציקער. האַקלאַל, מיר האָבן אים צוגענומען פאַר א כאַזן, פאַרשטייט זיך, און נאָר אויף שאַבעס־מעוואָרכים.

דער דערציילער האָט זיך איצט לענגער אָפּגערוט, ווי ער וואָלט געהאַט עפּעס צו באַטראַכטן. געטראַכט האָט ער אַף געוויס, דאָס האָט מען געזען באַשײַמפּערלעך אי לויט די אויגן, אי נאָכן פּאָנעם.

— ...בעקיצער... יאָסל — ער איז געבליבן יאָסל. דער זעלבער טאָמים, וואָס שטענדיק. אַ מענטש זאָל זיך עס ניט קענען דינגען... גאָרנישט: גלײַך דאָס מין געלט גייט אים ניט אָן. עפּעס ווי אויסגעטאָן פון די זאַכן. נו, ווייסט איר דאָך, אַז אַזוינע מענטשן האָט די וועלט ליב, ס'הייסט, מע האַלט פון זיי, ווײַל מע פאַרשפּאָרט צו האָבן יעסורים פון זיי, פון זייער לאַגע. אַז זיי אַליין מאָנען ניט, איז אַ סימען, אַז זיי דאַרפן ניט... און כּוץ דעם זײַנען פאַראַן אַלערליי מענטשן. פאַראַן נעמערס, און דאַפקע גוטע נעמערס. און זיי מאַכן עס אַזוי קונציק, גלײַך זיי טוען עמעצן אַ טויווע. ס'איז אַ קונסט אָט דאָס נעמען, און מע דאַרף עס קענען. אַזעלכע, ווי יאָסל, זײַנען אַף גרויסע צאָרעס... האַקלאַל, ער איז פּונעם כאַזאָנעס בײַ אונדז ניט אָפּגעגאָלטן געוואָרן. אַ קליינע שטאָט — קיין סאַך צאָלן האָט מען ניט געקענט. כאָטש דעם עמעס געדערט, מערער ווי מע האָט יאָסלען געצאָלט, האָט מען בעפּייראַש יאָ געקאָנט. בעקיצער, ער האָט געלעבט אין דאַכקעס און — אַ שטוב מיט קינדער! אַז איך האָב קיין איין שאַבעס ניט דורכגעלאָזט, ווען יאָסל האָט געדאַוונט, — דאָס פאַרשטייט איר אַליין. מײַן אייגענע לאַגע איז דעמלט געווען אַזוינע, אַז כ'האָב יאָסלען מיט גאָרנישט ניט געקאָנט העלפן, כּוץ מיט אַ גוט וואָרט, — מיט אַ יאַשער־קויעך. קיין דייע בײַ די נעגידים האָב איך ניט געהאַט. דוכטן פלעגט זיך מיר, אַז יאָסל אַליין באַמערקט ווײַניקער זײַן לאַגע, ווי איך. שפּעטער האָב איך מיך איבערצײַגט, אַז ס'איז געווען אַ טאָעס, און דאָ קום איך צו אײַער איניען רועך־האַקוידעש.

דער טאָן בײַ דעם דערציילער האָט זיך געביטן. עס האָט אַ קלונג געטאָן לײַכטער סאַרקאַזם, אָבער גאָר לײַכטער און ווייכער:

— ...ס'איז געווען ווינטער, איך קען מיך פּינקטלעך ניט דערמאָנען, דאַכט זיך, אין צוואַנציקסטן יאָר. אונדזער בעסאַראַבער ווינטער קענט איר דאָך; פרעסט און נעץ בײַטן זיך אָפּ. אָט פרירט, אָט לאָזט נאָך. יאָסל האָט געפּילט דעם טאַם פון ביידע. די קינדער זײַנע — אויכעט. און עפּעס איז געשען מיט אים אַליין. די לאַגע האָט אים, ווײַזט אויס, אָנגעהויבן דריקן. ער האָט שוין ניט געדאַוונט מיט דעם ברען, מיט דעם ערנסט, וואָס פריִער. עפּעס אַן אַנדער יאָסל. איך האָב עס פאַרשטאַנען, ווײַל די שטימע איז בײַ אים געווען די זעלבע, ניט גערירט אַף קיין האָר. פּאָשעט, ער האָט ניט געקאָנט מער פאַרטראָגן די ענגשאַפט. מאַכט זיך אַמאָל אין אַ פרײַטיק־צונאַכטס, איך קום צום דאַוונען, און יאָסל לייגט אַוועק אַ קאַבאָלעס־שאַבעס, אַז דער גאַנצער אוילעם האָט געעפנט מויל און אויערן. וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? איך האָב אויסגעהערט אַ וועלט כאַזאָנים, זינגערס, טאַקע יאָסלען אַליין, אָבער אַזוינס האָב איך נאָך ניט געהערט. עס האָט פון אים אַרויסגעזונגען ראָזין־דעראָזין. מע האָט אַפילע ניט באַדאַרפט זײַן קיין מענאַגן, מע זאָל עס דערפילן. נאָכן דאַוונען האָב איך יאָסלען באַגלייט, כאָטש מיר האָבן געוווינט אַף פאַרשיידענע גאַסן. עס איז מיר געווען שווער זיך אָפּצוטיילן פון אים. בעשאַס דעם געזעגענען זיך זאָג איך צו אים: „רעב יאָסל, איר האָט מיך הײַנט דורך־און־דורך גענומען. איך האָב שוין אַזוינס לאַנג ניט געהערט, און עפּשער טאַקע נאָך קיינמאָל ניט געהערט. איר האָט הײַנט געדאַוונט מיט רועך־האַקוידעש“. וואָס ענטפערט דערויף יאָסל? איר מעגט עס האָרכן און גוט, מיט קאָפּ. „רעב אַנשל, — מאַכט ער צו מיר אַף זײַן באַס־שטימע, — כ'ל אײַך זאָגן, פונוואַנען סע האָט זיך גענומען. אַ גאַנצן ווינטער האָב איך געטראָגן צעריסענע שטיוול, עס איז מיר געווען קאַלט און נאַס... הײַנט האָב איך די שטיוול פאַריכט, זיי אויסגעשמירט, אָנגעטאָן וואַרעמע אָנעטשעס, איז מיר געווען וואַרעם און טרוקן, כ'האָב מיך מעכײַע געווען, האָב איך באַקומען רועך־האַקוידעש“...

דער אַלטער האָט זיך מיטאַמאָל אופגעהויבן, דערלאַנגט שלוימען אַ האַנט:

— אויב איר האָט צײַט און כיישעק, קאָנט איר אַרײַנקומען צו מיר. דאָס בעסטע — צווישן עלף און צוועלף. איך פאַרמאָג אַ פײַנע ביבליאָטעק, מער וועגן מוזיק.

געזאָגט דעם אַדרעס און זיך געלאָזט גיין.

— נו, און יאָסל? — שרײַט נאָך שלוימע. — וואָס איז געוואָרן מיט יאָסלען?

דער ייִד הערט ניט אָדער ער מאַכט זיך ניט הערנדיק. אַוועק.

## 4

שלוימע זיצט איינער אַליין אַף דער באַנק. וואָס האָט ער געוואָלט, דער אַלטער, מיט זײַן געשיכטע? סטאַם זיך דערמאָנט און געוואָלט דערציילן אָדער עפּעס אויסן געווען?

— „רועך־האַקוידעש“... „רועך־האַקוידעש“...

שלוימע באַמערקט קוים, אַז מיטן שטעקן קריצט ער אַף די שטיינדלעך די ווערטער. ער

פירט נאָך בעשאַס־מײַסע א געשפּרעך מיטן אַלטן: יאָ, פּעטער־לעבן, איך האָב געהאַט א טאָעס... און אײַער באַרד, זי איז טאַקע א זילבערנע, קומט פון א קליין בעסאַראַבער שטעטל, אָבער שוין עטלעכע און צוואַנציק יאָר, ווי זי פּלאַטערט אין מאָסקווע. נו, יאָ, די מײַסע מיט יאָסלען האָט איר ניט שלעכט, גאָר ניט שלעכט דערציילט. וואָס זשע איז מיט דעם יאָסלען? שלוימע הערט אויף צייכענען מיטן שטעקן איבער די שטיינדלעך. אַנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אַפן שטעקן, קוקט ער אָנגעשטרענגט ערגעץ אומבאַשטימט. „רועך־האַקוידעש" — טײַנעט ער צו עמעצן א ניט־געזעענעם, — ווײַזט אויס, אַז דאַרטן קומט ער טאַקע פון גאַנצע שטיוול. דאָ, בא אונדז, קומט ער גאָר פון אַן אַנדער קוואַל: פון גלויבן און אָפּטימיזם, פון זײַן א טייל פון א קלאַל, וועלכער גייט צו עפּעס, צו א גרויסן ציל. עס איז דער אָפענער וועג צו דער וועלט, צו דעם מענטשן פון מאָרגן"...

פון יענער זײַט סקווער אַפן ראָג אַרבעטן מיידלעך און שיקן צו דער אָפענער וועלט זייער פרײדיק געלעכטער. הייסט עס: אַרבעט און פריידע... עפּעס וואַקסט אין שלוימען, פילט ער, א דערקענטעניש־געפיל, וואָס האָט געצײַטיקט לאַנג, ווערט רײַף. ער הייבט זיך אויף און קוקט זיך אַרום. קוים וואָס ער שעפּטשעט:

— מאָסקווע...

ער פילט זי איצט, מאָסקווע, אין אַלע אָדערן, אין בלוט. ער קומט — דער רועך־האַקוידעש... דער געדאַנק אַרבעט קלאָר און שאַרף: די מענטשהײַט האָט געהאַט אַטען און יערושאָלאַיִם, רוים און פּאַריזש. פילאָסאָפיע און קונסט, וואָס האָט זיך דערהויבן צו פילאָסאָפיע. מאָראַל, וואָס איז געוואָרן גרויסע לײַדנשאַפטלעכע דיכטונג. רעוואָלוציאָנערער פּאַטאָס פון פאָלקס־מאַסן, וואָס האָט אויפגעבראַוזט און איז דערשטיקט געוואָרן... איצט האָט די מענטשהײַט, דאָס מענטשלעכע — מאָסקווע. און מאָסקווע איז האַרמאָניע פון אַלע גײַסטיקע קויכעס אין גרויסן שווונג צום מאָרגן. מאָסקווע... ווער איז בעקויעך דיך צו באַזינגען, דיך צו באַזינגען.

שלוימע שטייט לעבן פּושקין־דענקמאָל און קוקט גאַס־אַראָפּ. אָט צייכנט זיך דער אַלטער קרעמל מיט זײַנע טורעמלעך... „מאָסקווע, נעם זשע צו אויך מײַן גרוס. איך זאָג עס ניט אין דער הייך. אָבער דו הערסט דאָך געוויס, מאָסקווע, מאָסקווע..."

# דאָס ערשטע לעמעלע

(פון דער סעריע „אין די טעג פון מילכאָמע")

וויפל דאָס אויג האָט געכאַפּט, האָט זיך געצויגן דער שניי־סטעפּ. א יאַם פון שניי — פון האָריזאָנט ביז האָריזאָנט. און פונקט ווי עס טרעפט, ווען א מענטש פאָרט א לאַנגע צײַט אַפן יאַם און זעט ניט קיין יאַבאָשע, ווערט בא אים מעטושטעש די פאָרשטעלונג פון ערד, אַזוי האָט דער אומענדלעכער שניי־סטעפּ אַרויסגעשטויסן די פאָרשטעלונג וועגן הוילער, נאַקעטער ערד אָדער וועגן גרינס אַף ערד... און דאָך, מאָטל האָט עס געפילט, באַהאַלטן פעסט אין זײַן באַוווסטזײַן, — אונטער דעם שניי האָט זיך געוואָרעמט ערד, האָבן זיך געזאַמלט קויכעס פון שפּראָצונג און וואַקסונג. דער דאָזיקער טיף באַהאַלטענער באַוווסטזײַן האָט געשאַפן א מין פּסיכישן גלײַכגע־וויכט, וואָס האָט געהאָלפן בײַשטיין דער גרענעצלאָזער מעמשאָלע פונעם ווײַסן גלײַכגילט, וואָס האָט געשטראָמט פון דעם אומדערבאַרעמדיקן שניי־פּייזאַזש... אויך אין אים גופע, אין דעם אהער אומגעריכט פאַרוואָרפענעם מאָטלען, האָבן זיך געוואָרעמט קויכעס, זיכערקײַט אַף שפּראָצונג און באַנײַונג.

ניט געקוקט אַף זײַן זומערדיקן הוילעך, האָט מאָטל קימאַט ניט געפילט קיין קעלט. אויך דער הונגער איז ווי אַנשוויגן געוואָרן, און ער האָט דאָך פון נעכטן פינף אַזייגער פאַרנאַכט, ווען ער האָט פאַרן אוועקגיין אַף זײַן „פּאָסטן" אויסגעטרונקען דאָס טעפּעלע טיי און פאַרביסן מיט א שפּאָרעוודיק ריפּטל ברויט, אין מויל ניט געהאַט. און עס איז שוין געווען נײַן אַזייגער אינדערפרי.

אייגנטלעך האָט ער געקאָנט אוועקגיין פריִער, ווײַל די אַרבעט זײַנע פון א נאַכט־וועכטער אַף דער שאַף־פערמע האָט זיך געענדיקט זעקס פאַרטאָג. זעקס אַזייגער נעמט איבער די ווירט־שאַפט אַף דער פערמע זײַן שוטעף צו דער אַרבעט, די בעסאַראַבערן ברײַנע. אָבער מאָטלען

גלוסט זיך ניט גיין אין דאָרף אַרײַן וועקן די זײַניקע... צו וואָס?.. פאַרבלײַבט ער שוין דאָ ביז זון־אויפגאַנג, דאָס הייסט, ביז די זון שטייט אויף פון יענער זײַט וואָלגע. ער העלפט ברײַנען אַרויסלאָזן די שאָף פון די שטאַלן, אָנצײַען וואַסער פונעם ברונעם און אָנגיסן אין די קאָרעטעס, דערנאָך צעשיטן דאָס היי איבערן הויף. ער שטייט און קוקט צו, ווי די שאָף „פּאַשען“ זיך. עפּעס ווי א מין טרייסט זעט ער פאַר זיך אין דעם פרידלעכן בילד...

יאָ, די זון. מאָטל שטייט אַף דעם בערגל, וווּ עס גפינט זיך די פערמע, און קוקט זיך אײַן אין דער שנייִקער ווײַט. אָט הייבט זי זיך אויף, די זון, א ריזיקער דיסק, און איר שײַן פאַלט קאַלט, מיט קאַלטן אָפּגלאַנץ אַפן שניי־סטעפּ. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזא זון־אויפגאַנג. אין זײַנע היימישע קאַנטן זעט מען עס ניט. עס איז א זעלטענע, א מוירעדיקע שיינקײַט.

ער האָט דעם פּאָסטן געקראָגן צוליב זײַן שוואַכן געזונט, אויך צוליב זײַן זומערדיקן הוילעך. און עפּשער האָט דער פאָרזיצער פונעם קאָלווירט גענומען אויך אין אכט מאָטלס עלטער און זײַן פאַך... אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר פאַר מאָטלען איז עס אין דער גרויזאַם־שווערער צײַט געווען א רעטונג. בא דער שאָף־פערמע איז פאַראַן א הויז. אין דעם הויז — א קליין צימערל מיט א גרויסן אויוון, וואָס באַהייצט זיך פונעם פאָדער־הײַזל — א מין פרימיטיווע צענטראַלע באַהייצונג. אויך טאָרף איז געווען צוגעגרייט איבער און איבער. וואַרעם איז דאָרט. און דעריקער איז איבערקומען אָט דעם ערשטן שווערן מילכאָמע־ווינטער. קיין גרויסע אַרבעט איז עס ניט: אַרויסגיין עטלעכע מאָל איבער דער נאַכט, באַטראַכטן די שטאַלן, זיך אײַנהערן, צי גייט ניט א שאָף צו קינד, און אויב זי גייט יאָ צו קינד, אַרײַנעמען זי אין צימער לעבן זײַנעם, קעדיי דאָס נײַ־געבוירענע נעפּעשל זאָל ניט פאַרפרוירן ווערן צי צעטראָטן ווערן...

זי האָט אים א שמייכל געטאָן, מאָטלען, אָט די פרימיטיווע אַרבעט, אין דער שווערער צײַט, ווען ער איז ניט מער בעקויעך צו טאָן דאָס, וואָס מיליאָנען טוען און וואָס ער אַליין וואָלט מיט כיישעק געטאָן, ווען ער איז נאָר א ביסעלע ייִנגער און געזינטער...

איז אָט די אַרבעט — אָפּצוהיטן דאָס האָב־און־גוטס פון דעם לאַנד — זי איז אים געווען א שטיקל טרייסט. אויך ער טוט א מאַמאָשעסדיקע אַרבעט, און ניט בלויז מיט רייד...

און טאַקע די שאָף אַליין. ער, אַן אויסגעוואַקסענער קימאַט אין א דאָרף־סוויווע, וווּ ער האָט זיך אָנגעזען אַזויפיל שאָף און רינדער, ער האָט אין זײַנע קאַנטן אַזעלכע שאָף ניט געזען. דאָס זײַנען געווען עמעסע ראַסעווע שאָף. שוין זייער גרייס אַליין איז געווען א כידעש. און דאָ, האָט אים דער פאָרזיצער געוואָרנט, געבוירן זיי זעלטן צו איין לעמעלע, נאָר אַלפּי־ראָוו צו צוויי, צו דרײַ...

קוקט ער אַרויס, מאָטל, אַז סע זאָל זיך שוין אָנהייבן. גייט עטלעכע מאָל איבער דער נאַכט אַרײַן אין די שטאַלן, הערט זיך אײַן. עס געשעט אָבער גאָרנישט.

די פויערטעס פונעם קאָלווירט זאָגן, אַז ס'איז איבער די קעלטן. איבער די גרויסע קעלטן, הייסט עס, געווינען ניט די שאָף...

אין איינעם א טאָג האָט אים דער פאָרזיצער פון קאָלווירט מוידיִע געווען, אַז ער באַקומט א שוטעף צו דער אַרבעט: ברײַנע די בעסאַראַבערן. ברײַנע איז א ספּעציִאַליסטן אַף שאָף. זי דערקענט, וועלכע פון זיי איז הײַנט־מאָרגן אין בעט אַרײַן. זי קען אויך „נעמען“ א לעמעלע, ווען די מאַמע גייט שווער צו קינד... זי איז אַן אויסגעצייכנטע מעלקערן און ווייסט, ווי אַזוי צו מאַכן פון דער מילך קאָלטווו...

דאָס איז געווען פרײַטיק אינדערפרי. און אַפּדערנאַכט, אַז מאָטל איז געקומען צו זיך אין וואַך־שטיבל, האָט ער עס ניט דערקענט. דאָס קויטיקע כיידערל איז געווען אויסגעווײַסט, אויס־געקאַלכט, אַפן פענצטערל הענגט א זויבער פאָרהענגל. צוויי בעטן בא די ווענט מיט בעטגעוואַנט און פײַן אײַנגעדעקט. אַפן טיש א צענער לאָמפּ אָנשטאָט מאָטלס קאַנעצל. א געדעקטער טיש. און אַפן טיש צוויי לײַכטער מיט ליכטלעך — דאָס האָט ברײַנע געבענטשט ליכט... ווי האָט זי זיך דאָס אײַנגעשאַפט?.. עס ווערט קלאָר: ברײַנע האָט אינאיינעם מיט א גרופּע אַמכאָ־ייִדן פון זייער בעסאַראַבער סטעפּ־שטעטל זיך באַצײַטנס עוואַקויִרט. מע האָט פאַרמאָגט אייגענע פערד־און־וועגענער, האָט מען מיטגענומען אַלץ, וואָס נייטיק איז, אַפילע צו א זאַק מעל אַף א מישפּאָכע. זיי האָבן אַף יאָמקיפּער אָנגעצויגן אַהער אין קאָלווירט בא דער וואָלגע, וווּ מע האָט זיך באַזעצט. גוטע, געניטע האָרעפּאַשניקעס, האָבן זיי באַלד פאַרנומען א בעקאָוועדיק אָרט. ברײַנע און דאָס עלטערע ייִנגל אירס, שמעלקע, א יאַט פון א יאָר פערצן, זײַנען די בעסטע מעלקער. דער קלע־נערער, יאַנקל, פון א יאָר אכט, גייט אין שול, און דער מאַן ברײַנעס איז אַפן פראָנט.

איז ער געוואָרן, מאָטל, א פרישער באַל־מעטופל... אין די לאַנגע נעכט דערציילט ער מײַסעס, אָן א שיר מײַסעס, און די קינדער און ברײַנע אַליין ווערן ניט זאַט צו הערן. אין דרויסן וואָיעט א וויוגע, די וואָלגער פורגא ווילדעוועט אין סטעפּ, דאָס קליינע פענצטערל איז פאַרהאַקט מיט אײַז, און דאָ, אין דעם שטיבל, דערציילט א פאַרוואָגלטער ייִד מײַסעס, און מענטשן הערן...

אָבער ברייַנע בלייַבט ניט קיין באַלכויוו. זי קען זינגען. געווען אַמאָל, מיידלווייַז, די בעסטע זינגערן אין שטעטל, געשפּילט מיט איר מאַן ניט נאָר אַ ליבע, נאָר אויך טעאַטער... זי האָט שוין אויסגעזונגען „אַף מייַן הארצן העגנגט אַ שלאָס", „שאַבעס, יאָמטעוו און ראָשכוידעש". עס שעפּט זיך ניט אויס... אַרום האַלבע נאַכט און פאַרטאָג גייען זיי ביידע, מאָטל מיט ברייַנען, אין די שטאַלן אַרייַן קאָנטראָלירן די שאָף. און ווען ברייַנע מיט די קינדער שלאָפן, זיצט מאָטל איינער אַליין בײַ דעם אויוון, זיצט און טראַכט... אַמאָל ווערט ער אַנדערעמלט, און דעמלט האָט ער כאַלוימעס... מערקווירדיק, די אַלע כאַלוימעס זייַנען פון זייַן אַמאָליקן געבורט־שטעטל, דאָס שטעטל, פון וועלכן ער איז שוין צענדליקער יאָרן אָפּגעריסן. עס איז אין כאָלעם, ווי לעבעדיק, דאָס שטעטל פון זייַן ווייַטער קינדהייַט און פריִער יוגנט. ער זעט די גאַסן, די שטיבער, די דעכער. און אַלץ מיט זון באַשייַנט... ווייסט ער, מאָטל, ווען ער האָט אַזעלכע כאַלוימעס וועגן אַ מענטשן, איז עס ניט קיין גוטער סימען... ס'אַ סימען, אַז יענער איז טויט... איז אויך זייַן שטעטל טויט?.. געשטאָרבן אַ שטאָט?.. גאָרנישט געבליבן? און ער כאַפּט זיך אויף און טרייסלט זיך אָפּ דערפון, נעמט ער מאַכן פּלענער. ניין, עס טאָר ניט שטאַרבן. מע דאַרף אַ זייכער אַוועקשטעלן. ער וועט, ער מוז אָנשרייַבן עפּעס, וואָס זאָל עס לעבעדיק דערהאַלטן. וואָס?.. יאָ, אַ פּיעסע. און די פּיעסע מוז געבויט ווערן אַפן סאַמע לעבעדיקסטן, אַפן זאַפטיקן און שפּרודלדיקן פאָלקלאָר...

ער וואַרפט אָן אין געדאַנק סצענעס אַף סצענעס. אַ כאַסענע אין שטעטל... ער הערט די מוזיק. אָט צעווויליונגעוועט זיך דער קלאַרנעט, און אָט נעמט זיך זאָגן דער טראָמבאָן... און איבער אַלעמען הומאָר... מע איז דאָך גאָרנישט געווען אַזוי פאַרומערט, ניט געקוקט אַפן גאַנצן דאַכקעס, אַפן יאָך... ער נעמט זיך אונטערברומען ברייַנעס אַ לידל:

„אוי, דו שאַדכן, אַ רוען אין דיר,
וואָס האָסטו געוואָלט פון מיר?
איך האָב דיר באַצאָ־אָ־לט
דייַן שאַדכאָנעס...
דו האָסט מיך געקוילעט
אָן ראַכמאָנעס..."

פאַרטאָג כאַפּט זיך אויף יאַנקל, טאָרעט די מוטער. ברייַנע לאַכט:

— כאַווער מאָטל, ער וויל, איר זאָלט ענדיקן די מייַסע... ער איז אַנשלאָפן געוואָרן און ניט געהערט דעם סאָף...

מאָטל איז געשטאַנען און געקוקט. עס איז ניט צום ערשטן מאָל, וואָס ער פאַרקוקט זיך דאָ אַפן זון־אויפגאַנג. ער קען זיך קיינמאָל ניט גענוג אָנזעטיקן מיט אָט דעם בילד: אַזויפיל מאַיעס־טעטישקייַט, אַזויפיל ברייטע גוורע האָט גענאָטעמט פון דעם אומענדלעכן שניי־פּייזאַזש, פון דעם אומגעהייער גרויסן זון־דיסק. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָ קומט ער צום סאַמע קוואַל, פונוואַנען סע שטראָמט דער קויעך פון רוסישן פאָלק. אָט פונדאַנען זייַנען זיי געקומען, די טאָל־סטאָיס און די גאָרקיס, די טשייַקאָווסקיס און די באָראָדינס, די דעקאַבריסטן און לענין... לענין... אָט די גרויסע זון פון דער מענטשהייַט... לענין...

— מאָטל!..

מאָטל האָט זיך אומגעקוקט. דאָס איז געווען שמעלקע, ברייַנעס עלטערער יאַט. ער איז געווען פריידיק צעכושט.

— מאָטל, די מאַמע רופט אייַך...

מאָטל איז צוריקגעגאַנגען.

די שאָף אַפן הויף האָבן זיך אַלץ געפּאַשעט, קלייַבנדיק די היי־שטענגעלעך אַפן שניי, אָבער ברייַנע איז אין הויף ניט געווען.

— אין שטוב, זייַט מויכל, — מאַכט שמעלקע, און זייַן גאַנץ פּאָנעם שייַנט.

מאָטל איז אַרייַנגעגאַנגען אין שטוב. אַפן בעט איז געשטאַנען יאַנקל און זיך געראַשט. ברייַנע מיט פאַרלייגטע הענט איז געשטאַנען און באַטראַכט אַן ערשטלינג, אַ קליין לעמעלע, וואָס האָט געהויערט אונטער דער מוטער, זיך געפּרוווט אַלעמאָל שטעלן אַף די זיך בייגנדיקע פיסלעך, געבוצקעט מיטן קעפּל אין דער מוטערס אייַטער און צוריקגעפאַלן.

— איך האָב זיי אַרייַנגענומען אַהער צו אונדז, — מאַכט ברייַנע, — ווייַל אין צווייטן צימער איז צו קאַלט. זיי וועלן מיט אונדז איבערזיצן די קימפּעט־וואָך... אַ כידעש, נאָר איינס...

אַ וואָך האָט די שאָף מיטן איינציקן לעמעלע געוווינט אין שטיבל. יאַנקל און שמעלקע האָבן זיך געשפּילט, אַלעמאָל צוגענומען דאָס לעמעלע, און די שאָף האָט איבערגעקערט די שטוב, געוואָלט דוירעס זייַן אַלעמען... און אַפן אַכטן טאָג איז אַזוי געשען:

מאָטל איז געקומען פאַרנאַכט, ווי שטענדיק, אַף זייַן אַרבעט. אַרייַנגעקוקט אין שטוב — נישטאָ די שאָף מיטן לעמעלע. ברייַנע שטייט שטאַרק פאַרזאָרגט, די קינדער אויכעט.

— ווו איז דאָס לעמעלע? די שאָף?

— די שאָף, — מאכט בריַינע, — איז אין צווייטן צימער, נאָר דאָס לעמעלע...

— וואָס דאָס לעמעלע?

— דאָס לעמעלע האָט מען, וויַיזט אויס, צוגעגאַנוועט... מיר זיַינען אַלע אַוועקגעגאַנגען פון שטוב, ניט פאַרשלאָסן די טיר, און געקומען צוריק — נישטאָ דאָס לעמעלע!..

מאָטל איז געבליבן ווי געפּלעפּט. וואָס קאָן מען אַצינד טאָן? פאַרוואָס ניט פאַרשלאָסן די טיר?

בריַינע טוט א שמייכל, הייסט שמעלקען נעמען דעם לאָמפּ, און אַלע זיַינען אַרויס אין פאָדער־היַיזל. שמעלקע האָט אופגעהויבן הויך דעם לאָמפּ איבער זיך, און בריַינע מאכט צו מאָטלען:

— אנו, מאָטל, טוט, זיַיט מויכל, א קוק אין מויל פונעם אויוון.

מאָטל האָט דערזען: אין גרויסן מויל פון אויוון אף א קופּקעלע אש איז אף אַלע פיר אונטער זיך געלעגן דאָס לעמעלע.

— איר הערט, — מאכט בריַינע, — כ'האָב אַרויסגעלאָזט די שאָף אין גרויסן צימער, אָבער פאַרן לעמעלע איז צו קאַלט דאָרטן, האָב איך עס געלאָזן דאָ. האָט איר געמעגט זען, ווי ס'איז אַליין צוגעגאַנגען צום מויל פון אויוון, זיך אַרומגעקוקט, געמאַכט מיט די פיסלעך א געלעגערל פון אש און זיך אַוועקגעלייגט. ווער האָט אים אַריַינגעגעבן סייכל, הא, מאָטל?

שמעלקע האָט געהאַלטן הויך דעם לאָמפּ, בריַינע איז געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט און געקוקט מיט באַוווּנדערונג אף דעם קליינעם שוואַרצן נעפּעשל.

— נו, וואָס זאָגט איר, מאָטל?

מאָטל האָט גאָרנישט געזאָגט, צופיל האָט געשפּאַרט אין דער ברוסט און אין אויג.

# פאַרווונדערונג

* * *

נאָך אַלץ די ריִע ניט געזעטיקט
מיט גאָרע ווונדערס פון דער וועלט:
ס'קומט איינער פרי,
און דער — פאַרשפעטיקט,
און יענער — זיך אַנטפּלעקט פאַרשטעלט.

אין די שוואַרצאַפּלען מײַנע רונדע —
בלויז בליק־געמיש פון זייער טרײַב.
איז יאָגט אײַך, טראָגט אײַך, דולע ווונדערס,
נאָר דו, פאַרווונדערונג, פאַרבלײַב!

* * *

פאַר אײַך פאַר אַלעמען און ענטפער כ'האַלט:
פאַר פליגלען, ניט צעפּאָכעטע אין ווינט,
פאַר יאָדלעס ניט באַזונטן הויזגעזינד —
אַרויס פון וואַלד און ניט געוואָרן וואַלד.

פאַר אַלעמען פאַר אײַך און ענטפער כ'האַלט:
פאַר ערשטן שניי, וואָס אונטער שוך צערינט,
פאַר שפּינוועבס, וואָס האָט זיך ניט
אויסגעשפּינט, —
פון אייגן ווינקל אָפּגעפליקט מיט גוואַלד.

איך צאָל פאַר דעם — ניט שטראָפט מיך
פאַר די רייד! —
מיט אומרו מענטשישן,
וואָס שווער באַפאַלט
מײַן האַרץ, ווען כ'זע, אַז גרינס איז ניט
באַשטראַלט,
אַז מיט דער לופט אַ פליגל איז צעשיידט...

* * *

זע: קינדער שפּילן זיך אין הויף דערנעבן
און שטעלן וועלטן אויף פון ליים און זאַמד.
אויף רויער ערד אַ יעדער דרוק פון האַנט
זיך צייכנט, ווי אַ שטעמפּל פונעם לעבן.

טאָ זאָג, פאַרוואָס באַ דיר אויף קני עס ציטערט
דאָס בייגעלע פּאַפּיר — דאָס קלאָרס, דאָס פּוסטס?
— ס'האָט קיינמאָל זיך, ווי איצט, מיר ניט
געגלוסט,
מיט לעבן מײַן געזאַנג זאָל זײַן פאַרברידערט.

* * *

די נאַכט, זי זאָגט דעם טאָג ניט אויס
די שוואַרצע אירע
שווערע
דײַגעס —
אַ גאַנצן שטערנדיקן קויש
מיט סוידעס לאָזט זי אים פאַרבײַגיין.

און ער, אין ליכטיקײַט פאַרפּאַסט,
פון זיך אַליין פאַרבלענדט,
אַ דולער,
די כאַשכעס שנײַדט מיט זונען־פּאַס...
...און יענער קויש, ער ווערט אַלץ פולער...

* * *

דײַן שײַער מיט טוווע אוווּ איז, אוווּ איז? —
געפרעגט כ'האָב באַם פעלד אינעם האַרבסטיקן
הויל.
עס האָט ניט געענטפערט — צו וואָס אים
דער שמועס:
באַם ווינט באַם לײַדאַק רײַסט אַ זענגל פון מויל.

דאָס פעלד טוט ניט מאָנען באַ מענטשן זײַן שעפע,
נאָר זוימען אַ טוץ בעט עס שענקען צוריק.
אויף זיי וואַרט זײַן ווייכקײַט, ביז וויטעק צעעפנט,
און בענקט, ווי עס בענקט נאָך אַן אייפל די וויג...

* * *

זײַ ערלעך ביזן סאָף, זײַ ערלעך —
ווי וואסער אין זײַן ווילדן יאָג,
ווען ניט אין שטיין —
וואָס ווערט ניט ווייניקער געפערלעך,
אין זאמד זיך שלאָגט...
ווי קאָן א הארץ א צארטס זיך ווערן
מיט אָנגעלאָף פון בלוט?
עס מוז
דעם שטראָם אין אָדערן פארקערן —
אָדער צערײַסן זיך אין ברוסט!..

* * *

1

א שניי (אזא מין אומדערווארטער!)
קוים־קוים ביז צו דער ערד דערלאנגט
מיט זײַנע שרויטעלעך ניט הארטע...
אָ הימלס ערלעכער געשאנק!
דו פאלסט אף בלעטער־צװײַג אף גרינער,
אין פלי פארלירנדיק די וואָג:
דעם הארבסט מיט גאָרנישט ניט פארמינערט,
און דאָך אים עפּעס אָנגעזאָגט...

2

איך האָב געמיינט, ער וועט פארמעקן
די שווארצע וועגן, וועלכע וועקן
פון טרוים פון צײַט'ריקן
און ציִען
אהין, צו הארבסטיק־שפּעטע פריִען,
צו פוסטע פעלדער — גרויע, גראָווע,
צו קאלטע שײַטערס פון מײַן אָווער.
איך האָב געמיינט, ער וועט פארמעקן,
געטראכט: עס וועט אים ווײַסקײַט קלעקן,
דעם ערשטן שניי, — און זיך באנארישט...
די וועלט, זי וויל ניט אויסזען אנדערש...

* * *

מע דארף מיך מיט קיינעם ניט גלײַכן.
איך בין פון אן אנדערן שניט:
אין פרעמדע געשפּיגלט זיך טײַכן —
דעם אייגענעם אויסזען פארהיט.

מע דארף מיך מיט קיינעם ניט מעסטן.
אן אנדערע זיצט אין מיר שטאלט:
פון הארץ מײַנס די בלוטיקע פעסטונג
א גרעזל קאָן אופּפראלן באלד.

מע דארף מיך מיט קיינעם ניט שרעקן.
כ'געהער צו אן אנדערן מין:
כ'האָב קיינמאָל אין שלאכט ניט פארשפּעטיקט,
צום טויט ניט געגנע'נט זיך אפּבלינד.

ניט מאך מיך ניט גרעסער, ניט קלענער,
ניט בענטש מיך, ניט שיץ מיך פון פלוך, —
גיי צו צו מיר שטיל און דערקען מיך:
„אָט דיך כ'האָב א לעבן געזוכט"...

* * *

איך וועל קומען צו דיר אומגעריכט, ניט גערופן —
ווי פּלוצעם דאָס הארץ טוט א פאל צו א ריפּ,
ווי פּלוצעם א צווײַג זיך צעוויגט אין דער לופטן,
ווי ס'טוט דורך א וואָלקן די זון זיך א זיפּ.

איך וועל קומען צו דיר אומגעריכט, ניט פארבעטן,
די פיס זיך צעשנײַדן אָן שארף פון דײַן בליק,
און ווערן פארבלענדט פון דײַן טרער פון דײַן
שפּעטער,
און שוין ניט געפינען קיין וועג אף צוריק...

* * *

ניט מייַנער איז געווען דייַן פרילינג
אין טוי און גרוי פון ערעוו־ליכט, —
אַט יענעם, וואָס פון אינדערפרי ליגט,
ווי גאָטס גענאָד, אַף וועלטס געזיכט.

ניט מייַנער איז געווען דייַן זומער
אין בלענד און בראַנד פון מיטאָג־זון,
וואָס ערד און הימל נעמט ארומעט —
געהיים —
מיט שאָטנדיקן רונג.
ניט מייַנע זייַנען זיי, ניט מייַנע...
פארגיב מיר, פרייַנט, —
פאר נאָ׳נט און ווייַט —
מייַן שפּעטע ניט גערעכטע טייַנע:
ס׳איז הארבסט ארום.
אזא מין צייַט.

* * *

איך וועל דיר ניט אָנטאָן קיין שאָדן,
דייַן רייַנעם געמיט ניט באטריבן, —
כ׳וועל דורכגיין אזוי ווי א שאָטן,
צו דיר פונעם ווינט צוגעטריבן.
ס׳האָט קיינער די זון ניט פארשאָלטן,
ווען פלוצעם אין הימלשער שקיִע
איר גרייס טוט פארשלינגען א וואָלקן...
א בלאָז — און ס׳ווערט ליכטיק ווי פריִער.

* * *

ניט אַלץ, וואָס איז געווען, מע רופט „אמאָל“,
ווי אָט דעם טאָג, וואָס זיפט זיך איבער טאָל,
ווי אָט דעם טאָל, וואָס גרינער שוין ניט ווערט,
ווי אָט דאָס גרינס, וואָס נייגט זיך צו דער ערד.

ניט אַלץ, וואָס איז געווען, מע רופט „אמאָל“.
ווי אָט דעם גליטש פון ראָד אף בלאַנקן שטאָל,
ווי פּאַס פון שטאָל, וואָס ציט זיך ווייַט —
העט־העט! —
ווי יענע ווייַט, וואָס נאָר איר אָנהייב מ׳זעט.

נאָר בליק דייַנער, וואָס אופגעבליצט האָט ערשט,
געהערט שוין צו אמאָל און דאָרט ער הערשט
מיט גאָר זייַן אומראכמאָנעסדיקער פּייַן,
מיט גאָר זייַן שטרענגן אָנדייַטן אף הייַנט...

* * *

אמאָל, אמאָל האָבן מילן געמאָלט... —
מייַן קינדהייַט מיר ווינקט פון א ברעג פון
א צווייטן,
אף יענער זייַט טייַך בליצט א טוייִקער טאָל,
און ווינטן אף פליגל פון מילן זיך שפּרייטן.
און דאָ איז דאָס גראָז שוין מיט געלקייַט
באשפּינט,
און רויִקע צווייַגן באשירעמען שטאַמען...
מיט טוייִקע אויגן מייַן קינדהייַט איך זינג,
דערפאר, וואָס זי איז מיר נאָך קאָנטיק פונדאנען.

* * *

אוו וועט טרעפן מיך דער שאָדן:
דער לעצטער טראָט — א פאַל פּאַרויס
מיט הארטער קין אף הארטן פויסט,
מיט הארטן פויסט אף הארטן באָדן.

ס׳וועט ווייך צעוויגן זיך דער הימל
אין מייַנע ווייַסלען אייַנגעפאסט,
און לעצטע רויטס פון זונען־פּאַס
אין דעם שווארצאַפּל וועט פארשווימען.

און לעצטער וויג פון גראָז באם אויער
וועט קלינגען ווי א ווייַטער גלאָק,
און דאָס, וואָס דו האָסט ניט דערזאָגט,
וועט מיר די שטילקייַט שוין פארטרויִען...



אירמע דרוקער

# זיבעצן מוזן אַלע

י.־ל. פּערעץ (פון לינקס) און יאנקעוו דינעזאָן

דרײַ פידלען און פיר מענטשן האָבן אין איינעם א האַרבסטיקן טאָג געטראָגן זיך איבער די וואַרשעווער גאַסן צו פּערעצן.

דער עלטערער פון זיי, קאַמסקי, איז געווען אַן אויסגעשלאָסענער סטודענט. מע האָט אים אויסגעשלאָסן פון אוניווערסיטעט פאַר אַפּיקאָרסישע געדאַנקען, פאַר האָזעדיקע אַרויסזאָגונגען.

עלישע און עזרע זײַנען געווען לאַנגאָניקע כאַווײרים. זיי האָבן זיך ביידע געלערנט בײַ פּעדאָצערן. וועגן זיי ביידע האָבן אַלע געזאָגט, אַז זיי וועלן מיט זייערע פידלען איבעראַשן די וועלט. נאָר די וועלט איז ניט איבעריקס ניספּאָעל געוואָרן פון זיי: עלישען האָט מען אין וואַרשעווער מוזיק־שול צו די עקזאַמענעס ניט צוגעלאָזט, עזרע האָט די עקזאַמענעס אויסגעהאַלטן אַף אויסגעצייכנט, אָבער גענומען האָט מען אים ניט.

דער פערטער איז געווען שאָלעמקע, דאָוויד דעם שנײַדערס צוועלפיאָריק ייִנגל, וואָס האָט זיך געלערנט פידל שפּילן בײַ עזרען.

ווען איניקע שכיינים פון לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר האָבן פון קינע, צי גלאַט אַזוי פון וועלן זיך אַרײַנמישן, געזאָגט, אַז שאָלעמקע באַדאַרף ניט גיין צו פּערעצן, אַז דאָרט, ווו דערוואַקסענע, האָט א קינד ניט וואָס צו טאָן, האָט זיי לייקע, שאָלעמקעס מאַמע, שיר די אויגן ניט אויסגעדראַפּעט:

— א מאָשל קאַפּאָשל, — האָט זי זיך צעפּילדערט, — אַז די ציג עסט קלײַען, טרייסלט זיך דער בוידעם! אַז דער מילנער שלאָגט זיך מיטן קוימענקערער, ווערט דער מילנער שוואַרץ און דער קוימענקערער ווײַס! ס'איז א שוואַרץ יאָר אין מילך געקאָכט! ס'באַקומט זיך, אַז צווישן אַלע שוסטערס איז דער בעסטער שנײַדער יאָסל דער סטאָליער... וואָס מיינט איר זיך, מײַן שאָלעמקע איז גלאַט א באַשעפעניש, א פינפטע ראָד צום וואָגן? ווען פּערעץ איז מיט א יאָר צוריק געווען בײַ אונדז אין קאָרידאָר און דערהערט, ווי שאָלעמקע אַרבעט עס אויס מיט די לעפל און גאָפל, און ווי ער שפּילט אויס אַפן שטייסל פאַרשיידענע ניגונים, האָט ער זיך ניט געקאָנט אָפּלויבן פון אים. ער האָט געבעטן, אַז שאָלעמקע זאָל קומען צו אים צוזאַמען מיט קאַמסקין, צוזאַמען מיט עלישען און עזרען.

— איר ווייסט, צו וועמען פּערעץ האָט געגליכן מײַן שאָלעמקען? — איז לייקע זיך אַלץ מער פאַנאַנדערגעגאַנגען, — צו א שטראַל האָט ער אים געגליכן, אַזוי זאָל מיר לויכטן און קיינמאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן מײַן איין אויג אין קאָפּ! א שטראַל אין דער ליכטיקײַט, — האָט פּערעץ געזאָגט, — איז גאָרנישט, א שטראַל אין דער פינצטערניש איז אַלץ!

א גרויער, א וואָלקנדיקער הימל פון אויבן און דורכגענעצטע שטיינער פון אונטן. א דריבנע, אײַנגעגעסן רעגנדל האָט געקילט אין פלייצע און געשמיסן אין פּאָנעם.

עלישע, עזרע און שאָלעמקע האָבן אַלע ווײַלע אַלץ טיפער פארוקט די פידלען הינטער זייערע מאנטלען און אַלץ פעסטער זיי צוגעטוליעט צו זיך, גלײַך דאָס זאָלן זײַן ניט קיין פידלען, נאָר יונגע אייפעלעך, וואָס באגעגענען דעם ערשטן הארבסט אין זייער לעבן.

דער הימל ווערט גרויער און גרויער. דער רעגן אַלץ פרעכער און פרעכער. נאָר וואָס גייט עס אָן די דרײַ פידלען מיט די פיר מענטשן? זיי טראָגן מיט זיך א נײַעם ניגן, א ניגן אָן ווערטער, וואָס פעדאָצער האָט געשיקט אלס מאטאָנע פאר פערעצן. די דרײַ פידלען האָבן שוין צענדליקער מאָל אויסגעשפּילט דעם ניגן, און דער ניגן איז אזוי רײַך, אז אַלע מאָל איז ער אַן אנדער ניגן. א וואונדערלעכער ניגן! ער איז ווערט פערעצן! ער איז ווערט, מע זאָל זיך טראָגן מיט אים אין די גרעסטע שטורעמס, אין די שטארקסטע שלאַקס־רעגנס.

פערעצעס שטוב. פערעצעס טיר... ווו נאָר א ביטער הארץ, ברענגט עס אהער זײַן ווייטעק, ווו נאָר א באַלסימכע, פראוועט ער דאָ זײַנע סימכעס. ווער נאָר עס באקומט צייכנס אף ביידע אקסל, צייכנס פון פליגלען, וואָס וואקסן, רײַסט זיך צו אָט דער טיר. און שנײַדט זיך בא עמעצן א נײַ וואָרט, ווי עס שנײַדן זיך צייגדעלעך בא א קינד, קלאפט ער אָן אין אָט דער טיר...

אף דער טיר — א מעשן בלעטל. אף דעם מעש — אויסגעקריצטע יִדישע אויסיעס: „י.־ל. פערעץ!"

אָנקלינגען צו פערעצן איז מען מעכאבעד געווען שאָלעמקען. מיט א ציטערנדיקער האנט און מיט א קלאפנדיק הארץ האָט שאָלעמקע אָנגעקלונגען און גלײַך אָפּגעלאָפן אף צוריק און זיך אוועקגעשטעלט הינטער עזרען. עזרע האָט זיך אָפגערוקט און איז געבליבן הינטער עלישען, און עלישע האָט ארויסגערוקט דעם ערשטן קאמסקין.

די טיר האָט געעפנט ער אליין, פערעץ. שטענדיק האָט ער אליין באגעגנט און באגלייט אַלע די, וואָס האָבן אָנגעקלאפט אין זײַן טיר.

— אָ, טארא אָנגעלייגטע געסט! — איז פערעץ זיי אנטקעגנגעגאנגען מיט אויסגעשטרעקטע ברייט צעעפנטע הענט, — ברוכים האבאִים! קוק זיי אָן, אין אזא וועטער, אין אזא הארבסטיקן רעגנדיקן טאָג! אף אזוינס זײַנען פייִק בלויז אויסגעשלאָסענע, ניט אָנגענומענע...

— ניין, — דערווידערט קאמסקי, — אף אזוינס זײַנען פייִק צום אַלעם ערשטן די, וואָס טראָגן מיט זיך דעם ניגן, פעדאָצערס ניגן, א מאטאָנע פאר אײַך!

פערעצעס פינקלענדיקע אויגן האָבן זיך נאָך מער צעשײַנט. קומט צו א נײַער ניגן, קומט צו א נײַע וועלט!

— איז וואָס זשע שטייט איר, ווי די וואָכעדיקע, גלײַך ווי איר זאָלט קיין ניגן ניט פארמאָגן, גלײַך אין אײַך זאָל ניט זײַן קיין פידל־נעשאָמע? — האָט זיך פערעץ געכאפט, — טוט זיך אויס, טוט זיך אויס! פילט זיך, ווי בא זיך אין דער היים! איך וועל באַלד הייסן מאכן טיי, וועט איר זיך דערוואַרעמען.

פערעץ האָט פלינק געהאָלפן יעדן איינעם אראָפּנעמען פון זיך דעם דורכגענעצטן מאנטל.

— סארא געסט! סארא מעזומען! אַן אויסגעשלאָסענער און צוויי ניט אָנגענומענע. און ווער איז דער? — האָט פערעץ באטראכט שאָלעמקען פון אַלע זײַטן.

— דאָס איז דאָך שאָלעמקע, אײַער אַלטער באקאנטער, — האָט אים פאָרגעשטעלט קאמסקי, — פאראיאָרן, ווען איר זײַט מיט דינעזאָנען געווען בא אונדז אין לאנגן פינצטערן קאָרידאָר, האָט ער אויסגעשפּילט פאר אײַך אפן שטייסל, מיט לעפל און גאָפל פארשיידענע ניגונים.

— איך געדענק! איך געדענק! קוק אים אָן, ווי ער איז עס קיין אײַנהאָרע פאר א יאָר אויסגעוואקסן! אויסגעוואקסן אף ניט צו דערקענען אים, ער האַלט שוין א פידל אין האנט!

— דאָס האָט ער שוין צו פארדאנקען עזרען, — האָט קאמסקי ווײַטער פאָרגעשטעלט שאָלעמקען, — אונדזער עזרע איז א פידלער בען פידלער, א פידלער פון גאָלע פידלערס, און אויסער פידל האַלט ער ניט איבעריקס פון אנדערע קיילים אפילע פון א שטייסל מיט א טויקעטש, און אפילע פון לעפל און גאָפל. אָט הײַנט וועט איר האָבן די מעגלעכקײַט הערן אי דעם רעבן, אי דעם טאַלמיד.

— דאָס איז ניט קיין קלענערע מאטאָנע, ווי פעדאָצערס ניגן, — ווערט פערעץ שטארק אופגעלייגט און ווייסט ניט וויאזוי אָפּצודאנקען זײַנע געסט, — דאָס איז דאָך אויסערגעוויינלעך, אַן אויסגעשלאָסענער, צוויי ניט אָנגענומענע, און האָבן געבראכט מיט זיך א פערטן, א טאַלמיד. דאָס איז דאָך דער העכסטער אויסדרוק פון טיפן גלויבן אין בעסערע צײַטן. נאָר נעמט זיך ניט איבער, איר זענט דרײַ און איך בין א פערטער, איך בין אויך אַן אויסגעשלאָסענער! איז זאָגט זשע אַלע, אכיינו אטאָ — דו ביסט אונדזערער א ברודער. אין זאמאָשטש בין איך געווען אַן אדוואָקאט. אדוואָקאטור איז איינער פון די וועגן, וואָס פירן צו דער מענטשלעכער נעשאָמע,

צום מענטשלעכן גורל. די צאַרישע רעגירונג האָט אָבער ניט געוואָלט, איך זאָל האָבן צו טאָן מיט נעשאָמעס און גוירעלעס, דעם יוסטיץ־מיניסטער איז ניט אָנגעשטאַנען מיך האָבן פאַר זײַנעם אַ געהילף, און ער אַליין האָט קורץ און שאַרף אָפּגעענטפערט די אַלע פּאָליאַקן און ייִדן, וואָס האָבן מיך, זייער מיילי־יוישער, געפּרוווט אָפּשרײַען: „אַדעראַבע, וועט זײַן מיט איין פייִקן ייִדישן אַדוואָקאַט ווייניקער אין רוסלאַנד“.

— וואָס ווייניקער מיט אַ פייִקן ייִדישן אַדוואָקאַט, — האָבן זיך פּערעצעס געדיכטע וואָנצעס אָנגעכמורעט מיט אַ בארויגעז, און זײַנע טיפע פינקלענדיקע אויגן האָבן זיך באַ אים פאַנאַנדערגעצונדן, — וואָס ווייניקער מיט אַ ייִדן אַ דענקער, מיט אַ ייִדן אַ קעמפער, מיט אַ ייִדן אַן אויפקלערער, מיט אַ ייִדן אַ פידלער, מיט אַ ייִדן אַ זינגער, מיט אַ ייִדן אַ מאָלער, אַלץ לײַכטער וועט זײַן אומברענגען און דערשטיקן דעם ייִדן אין די ענגע ווענט פון געטאָ!

— נו איז וואָס, נעמט איר מיך צו פאַר אַ פערטן? — יאָגט אַוועק פּערעצעס ברייטער שמייכל דעם אָנגעכמורעטן בארויגעז פון זײַנע געדיכטע וואָנצעס.

— מיר נעמען אײַך צו, — שטרעקט אויס קאַמסקי זײַן האַנט, — מיר נעמען אײַך צו, נאָר ניט אַלס פערטן, נאָר אַלס ערשטן.

— ניין ניין, — זאָגט זיך פּערעץ אָפּ פון אַזאַ קאָוועד, — איך בין ניט דער ערשטער און איר זײַט ניט די לעצטע, אָט ער, שאָלעמקע, אָט ער איז עפשער דער לעצטער. אָט ער וועט עפשער זײַן פון די ערשטע, וואָס מע וועט אָנעמען און ניט אויסשליסן. מע וועט אים ניט אויסשליסן ניט דערפאַר, וואָס זײַן טאַטע איז אַן אָרעמער שנײַדער און ניט דערפאַר, וואָס ער איז אַ ייִד.

— איז וואָס זשע שטייען מיר דאָ? — האָט פּערעץ פּלוצעם איבערגעריסן זײַן נעוויִעס זאָגן וועגן די גוטע צײַטן, — ווי מיר האָבן זיך עס פאַרעדט! אַנטשולדיקט! דערלאַנגט אַהער די פידלען!



פּערעץ האָט באַזעצט די געסט אין עס־צימער, וואָס איז אײַנצײַטיק געווען באַ אים דער גאַסט־צימער. און פאַר זיך אַליין עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט:

— די קאַפּעלע איז שוין דאָ, נאָר וווּ זשע איז דאָס קאַפּעלע, דער ביטערער טראָפּן?

— אַ קאַפּעלע אָן אַ קאַפּעלע איז קיין קאַפּעלע ניט, — האָט פּערעץ צום ערשט געשטעלט דעם טראָפּ אַפן פערטן אָס און דערנאָך אַפן צווייטן.

באַ קאַמסקין האָבן זיך די נאָזלעכער ברייט פאַנאַנדערגעעפנט. ער האָט זיך דערקוויקט און ווי אַרײַנגעאָטעמט אין זיך דעם רייעך פון בראַנפן, וואָס האָט זיך צעטראָגן פון פּערעצעס ווערטער־שפּיל. גלײַך האָט ער זיך געכאַפּט און גויווער געווען אין זיך דעם שיקער, וואָס האַלט אים פעסט אין די הענט שוין עטלעכע יאָר.

— ניין, ניין, — האָט קאַמסקי דער ערשטער זיך אָפּגעזאָגט פון אַ קאַפּעלע, — ניין ניין, מ׳באַדאַרף ניט! איר האָט דאָך אונדז אין פאָדער־צימער צוגעזאָגט טיי, איז זאָל זײַן טיי! אַ וואָרט איז אַ וואָרט!

— ניין, ניין, מע באַדאַרף ניט! — האָבן אונטערגעהאַלטן קאַמסקין עלישע און עזרע.

— אַ מײַסע שעלוי האָיאָ — אַ געשיכטע, וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט, — האָט פּערעץ פאַנאַנדערגענומען די הענט, ווי ער זאָל זיך אָפּזאָגן צו פאַרשטיין, — אַף כאַסענעס געשפּילט, סימכעס געפּראַוועט באַ ייִדן און ניט וועלן נעמען קיין ביסל מאַשקע — איז טאַקע שוין עק וועלט, מאָשיִעכס צײַטן.

— מיר האָבן געגעבן דאָס וואָרט פעדאָצערן, אַז פאַרן שפּילן וועלן מיר קיינמאָל ניט טרינקען, — פאַרענטפערט זיך עזרע.

פּערעצעס נײַגעריקײַט קוקט אַרויס פון זײַנע אויגן, ווי דער הונגער פון אַ מענטשן, וואָס האָט עטלעכע טעג קיין ביסן אין מויל ניט געהאַט, — מיט וואָס זשע האָט ער עס דערקלערט, דער רעבע אײַערער, רעב פעדאָצער?

— ער האָט עס דערקלערט מיט דעם, — ווערט עזרע דערוואַרעמט פון פּערעצעס נײַגעריקע בליקן און פעדאָצערס אַרויסזאָגונג, — אונדזער רעבע, רעב פעדאָצער, האָט עס דערקלערט מיט דעם, אַף וויפל דאָס שפּילן אַפן פידל איז אַ סימכע, אַ פרייד, וואָס גייט פון טיפן האַרצן, זײַנען שוין ניט נייטיק קיין שום אַנדערע טראָפּנס אין דער וועלט, וואָס רופן מיט גוואַלד אַרויס די פרייד. ביכלאַל מישט מען ניט קיין סימכע מיט קיין סימכע, ביפּראַט נאָך די פרײַע סימכע, וואָס רײַסט זיך אַליין פונעם האַרצן, מיט דער גענויטער, מיט דער געצוווּנגענער.

— נו, וויבאַלד אַזוי, — האָבן פּערעצעס געדיכטע וואָנצעס פרײַ געמאַכט דעם וועג פאַר אַ נײַ, ערשט געבוירן, שמייכל, — וויבאַלד אַזוי, איז זאָל זײַן, ווי ער האָט געזאָגט! טרינקען

מיר טיי! וויבאַלד פּעדאָצער האָט גויזער געווען, קאָן איך זייַן גזיירע נישט מעוואַטל מאַכן און אָפּשאַפן זי.

פּלוצעם אומגעריכט, ווי דורך אַ קישעף אַרויסגערופן, וואַקסט אויס יאַנקעוו דינעזאָן. קיינער האָט ניט געקלונגען, קיינער איז ניט געגאַנגען עפענען די טיר, און ער איז דאָ. די געסט קוקן זיך איבער און וואַגן ניט פרעגן.

און פּערעץ דערקלערט זייַנע געסט:

— מיינט ניט, אַז יאַנקעוו דינעזאָן איז אַ קונצנמאַכער, אַ פאָקוסניק, אַזאַ, וואָס זעט יענעם און אים זעט מען ניט. זייַן גאַנצער קויעך באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט זיך זייַן אייגענעם שליסל צו מייַן טיר. זייַן שליסל איז פאַרליבט אין מייַן שלאָס, און עס ציט אים עפענען גראַדע פאַרטאָג, גראַדע באַנאַכט, גראַדע ווען עס רעגנט, ווען עס שנייט, ווען עס שטורעמט. כעוורע לייצים רופן מייַן יאַנקעוון שייני לעבאַלעבאָס, נאָר ס׳איז נאָך אַ גרויסע פראַגע, ווער ס׳איז דאָ דער הויפּט־באַלעבאָס און ווער ס׳איז דאָ דער געהילף־באַלעבאָס.

יאַנקעוו דינעזאָנס קינדערשע האַנט האָט נאָך ניט באַוויזן דערפילן דעם טאַם פון די שאָלעם־אַלייכעמס, זייַנע צוגעזשמורעטע אויגן האָבן זיך נאָך זאַט ניט באַוויזן אָנצוקוקן אין די פּענעמער פון די געסט, און פּערעץ האָט אים שוין דערפרייט מיט דער בסורע וועגן ניגן, וועגן פּעדאָצערס ניגן, וואָס די טאַלמידים זייַנע האָבן געבראַכט אַהער.

— פאַר מיר איז דאָס גאָרניט אומגעריכט, — האָט דינעזאָן, אַ באַשייַנטער פון גליק, געדריקט פּערעצן די האַנט און אים באַגריסט מיט דער מאַטאָנע, — איך האַלט די גאַנצע צייַט, אַז פּעדאָצער איז פון די אַנשיי פּערעץ — אַ פּערעציסט! אַ פּערעץ־גייַסט לויט זייַן נעשאָמע, לויט זייַן ניגן.

— און עפשער פאַרקערט, — האָט פּערעץ ווי אַלעמאָל גענומען צוימען זייַן פרייַנט, — עפשער איז גאָר פּערעץ פון די אַנשיי פּעדאָצער — אַ פּעדאָצעריסט לויט זייַן נעשאָמע און לויט זייַן ניגן?

— עס קאָן זייַן אי אַזוי, אי אַזוי. עס טרעפט, אַז דער ניגן געבירט דאָס וואָרט, און עס טרעפט, אַז דאָס וואָרט האָט צו זאָגן איבערן ניגן. נאָר ווי ס׳זאָל ניט זייַן, איז קומט פון דיר קיבעד. ווו זשע איז דער קיבעד? — שמייכלט דינעזאָן אַ צופרידענער, וואָס ער קאָן אַרויסווייַזן פאַר די געסט, אַז ער איז דאָ אין שטוב ווייַט ניט קיין שייני לעבאַלעבאָס, — אַ קינד זיצט באַם טיש, און איך זע ניט קיין זיסע זאַכן! אָף אַזוינס האָב איך זיך גאָרניט געריכט! אַזוי איז שטענדיק, בין איך נישטאָ, איז קיין טאָלק נישטאָ! כאָטש לאָז קיינעם ניט אַרייַן, ווען איך בין ניטאָ.

דינעזאָן פּראָוואָדעט אַרויס פּערעצן אין קאַבינעט אַרייַן דורכקוקן די הייַנטיקע פּאָטשט, און, ווי אַ געניטער מוזיי־אַרבעטער, ווי אַ געניטער עקסקורסיע־פירער, דערקלערט ער פאַר די געסט די אָפּשטאַמונג פון יעדן כייפעץ, די געשיכטע פון די פּאָטאָגראַפיעס און בילדער, פון די אויסגענייטע און אויסגעהעפטע מינכערס, סאַלפעטקעס און טיכלעך, וואָס זייַנען געהאַנגען דאָ אָף די ווענט.

פּערעץ האָט זיך אומגעקערט פּונקט אין דער רעגע, ווען דינעזאָן האָט זיך אַזוי צעפּערעצט, אַז ער האָט פאַרגעסן, אָף וועלכער וועלט ער געפינט זיך.

— גענוג, יאַנקעוו! גענוג! דו ביסט דאָך עפּעס אַ שרייַבער בא ייִדן און דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז מע טאָר אינגאַנצן דעם דאָברעמאַזל ניט אַרייַנלייגן אין איין בוזעם־טאַש. וואָס וועל איך טאָן אָן דיר, און וואָס וועסטו טאָן אָן מיר, וווהין טויגן מירביידע איינער אָן דעם צווייטן? איז לאָז צורו פּערעצן!

— און דו, פּערעץ, לאָז צורו דינעזאָנען! וואָס איז דייַן טאַטנס דייַגע זיך מישן צו מייַן ליבע? אַז עס ליבט זיך דאַרף מען ליבן, אַז עס וויינט זיך באַדאַרף מען וויינען.

אַ קלונג אין טיר רייַסט איבער דעם שטרייַט צווישן פּערעצן און דינעזאָנען. דינעזאָן פאַרלויפט פּערעצן דעם וועג. פּערעץ דעריאָגט אים מיט איין שפּאַן, גיט אים פּעסט אַ נעם פאַר דער האַנט און קערט אים אום אָף צוריק. ס׳איז אַרייַן אַ פאַרלעגער.

פּערעץ שרייַט אויס הילכיק:

— יאַנקעוו, אַ קוינע איז געקומען, גיי פאַרקויף מיך!

— זייַט זיכער, — באַרויִקט פּערעץ דעם פאַרלעגער, וועלכער פאַרשטייט ניט, וואָס דאָ קומט פאָר, — זייַט זיכער! וועט אייַך דינעזאָן אָפּשטעלן אַ דאַטע, איז מעג דונערן און בליצן, וועט עס צו דער באַשטימטער דאַטע אויסגעפילט ווערן. וועט דינעזאָן זאָגן מאָנטיק, איז מעגן אויסגעטריקנט ווערן אַלע טינטערס אין דער וועלט, וועט עס זייַן מאָנטיק און ניט דינסטיק. און וואָס שייַעד האָנאָראַר, לוינט אייַך אוואַדע און אוואַדע בעסער האָבן צו טאָן מיט דינעזאָנען.

ער איז ניט קיין באַרייַסער, ער פאַרקויפט מיך שטענדיק פאַר האַלב אומזיסט. בא אים איז דעריקער זען מייַנע זאכן געדרוקט אין א סייפער.

דינעזאָן מיטן פאַרלעגער זייַנען אוועק אין קאַבינעט. פערעץ האָט געגרייט צום טיש, דערלאַנגט קיבעד און געהאַלטן אין איין באַדויערן דינעזאָנען:

— איַי, איַי, יאַנקעוו וועט עס גאָרניט אויסהאַלטן! בא אים אָפּגעשלאָגן אזא מיצווע, אָפּגענומען אזא פאַרגעניגן ווי דערלאַנגען קיבעד, ווי באַדינען געסט. נאָר נישקאָשע, איך וועל אים איבערבעטן, אונדזערע באַרויגעזן זייַנען נישט אף לאַנג.

דינעזאָן האָט אין קאַבינעט געהאַלטן אין איין לויבן פערעצן פאַרן פאַרלעגער:

— פּערעצעס אן אָס איז מיט גאָלד גלייַך. פערעץ באַשטייט דורכויס פון זעמל־מעל. פערעץ איז פערעץ!

און פערעץ האָט אין דער זעלבער צייַט נישט אופגעהערט לויבן פאַר זייַנע געסט דינעזאָנען:

— איך האָב אים ליב, ווייַל ער איז דער הייפעך פון מיר... און די איינהייַט, ווי איר ווייסט, שאַפט זיך גראָד פון ווידערשפּרוכן. א ניגן אפילע קאָן מען ניט זינגען לויט איין הויך. דאָס קאָל פון נעגינע ענדערט זיך צוזאַמען מיטן ניגן. איין קאָל אפילע באַשטייט פון פאַרשיידענע טענער, פון הויכע, מיטעלע און נידעריקע, פון ראַשיקע און שטילע, ביפּראַט נאָך — קוילעס. וואָלטן אַלע קוילעס און קלאַנגען געקלונגען אַלציינס, וואָלט ניט געווען דאָס שענסטע אין לעבן — די האַרמאָניע.

■

אין דרויסן איז געווען טונקל. בא פערעצן אין שטוב איז ליכטיק געווען. דאָס טיר־גלעקל האָט ניט גערוט, אַלע ווייַלע — א קלונג, אַלע ווייַלע — א נייַער גאַסט. עס האָט זיך געקאָנט דוכטן, אז די קלאַנגען פון פּעדאָצערס ניגן, וואָס עלישע, עזרע און שאָלעמקע האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך, כאָטש די פידלען שווייַגן נאָך, האָבן זיך פאָרט שוין פאַנאַנדערגעטראָגן ווייַט־ווייַט און ווי מיט א קישעף געצויגן אהער אַלע די, וואָס לעכצן און קוקן אַרויס אף א נייַעם ניגן.

פערעץ און דינעזאָן נעמען אוף די געסט. זיי העלפן זיך אויסטאָן און באַגלייטן יעדן איינעם אין קאַבינעט אַרייַן.

די אָוונטיקע שמועסן ווערן שטענדיק געפירט בא פערעצן אין קאַבינעט. דאָ אין קאַבינעט ווערט געשאַפן פערעצעס טוירע שעביקסאַוו, און דאָ אין קאַבינעט ווערט געשאַפן פערעצעס טוירע שעבאַלפּע.

דינעזאָן ווערט ניט מיד אָנזאָגן די בסורע וועגן נייַעם ניגן, וואָס וועט הייַנט אָט דאָ דערהערט ווערן, און ווייסט ניט, ווו יעדן איינעם אוועקזעצן. אים דוכט זיך אַלץ, אז יעדער איינער איז מער ווערט, ווי דאָס אָרט, וואָס ער פאַרנעמט.

— איך בעט אייַך! — האַלט דינעזאָן אין איין איבערכאַזערן, — איך בעט אייַך זייער, פילט זיך, ווי בא זיך אין דער היים.

— צופיל, צופיל פאַרלאַנגסטו, יאַנקעוו, — איז פערעץ שטאַרק צופרידן פון דינעזאָנס גאַסטפרייַנטלעכקייַט און פונעם נייַעם געדאַנק, וואָס איז דאָ אָקאָרשט געבוירן געוואָרן בא אים. זיך פילן, ווי בא זיך אין דער היים, ווען א ניגן אַנטפּלעקט זיך, איז ניט פון די גרינגע זאכן. בלויז דער, וואָס דערהערט זייַן אייגענעם ניגן, איז נישט קיין גער אין דער וועלט פון נעגינע. בלויז אזא קאָן זיך פילן, ווי בא זיך אין דער היים!

די געסט דערפילן זיך היימישער. אַלע ווייסן, אַלע פילן, אז די סימכע איז בא אים, בא פערעצן, אין שטוב, נעבן אים און מיט אים. אַלע ווייסן, אז דער קוואַל פון סימכע איז ער... פון אים שטראַלט זי אַרויס.

דינעזאָן פאַרוקט זיך אין א ווינקעלע בא א קייַלעכדיק קליין טישל, שפּרייט אויס א צייַטונג, שיט אויס א פּאָר זשמעניעס שמעקנדיקן געלן טאַבעק, שטעלט אוועק א שאַכטל גילזן און נעמט אָנשטאָפּן פּאַפּיראָסן פאַר פערעצן און פאַר זייַנע געסט. דינעזאָנס בליקן לאָזן אף קיין רעגע ניט אָפּ פערעצן, זייַנע אויערן זייַנען אָנגעשטרענגט און די הענט זייַנע טוען זיך זייער אַרבעט.

א צענדליק נאָך א צענדליק און א ריי נאָך א ריי לייגן זיך אַקוראַט אויס די פּאַפּיראָסן אין דער שיין אויסגעשניצטער הילצערנער פּושקע, וואָס פאַרמאָגט אזוי ווי קיין דנאָ ניט, — וויפל מע זאָל אין איר ניט אַרייַנלייגן קיין פּאַפּיראָסן, איז דאָרט אַלץ געראַם.

פערעץ טראָגט אונטער יעדן איינעם די שיין אויסגעשניצטע פּושקע, לויבט דעם טאַבעק, די גילזן, דינעזאָנס אַרבעט און בעט אים ניט אָפּזאָגן און זיך מעכאַבעד זייַן. רויכערער און נישט רויכערער טוען אַלע צוליב פערעצן...

שאָלעמקע באַטראַכט די פּאָטאָס, די בילדער, כאָזערט אײַן די פאַמיליעס פון די מאָלער, וואָס האָבן געמאָלט פּערעצן, און קאָן לאַנג ניט אָפּרײַסן זײַנע בליקן פון פּערעצעס שרײַבטיש. דער שרײַבטיש איז צוגעדעקט מיט א געשטריקטן טישטעך, עס ליגט אַף אים א זילבערנער טײַטל־פינגער, א זילבערנער בסאַמעסניק, זילבערנע לײַכטער מיט ווײַסע ליכט שטייען בא דער זײַט, זילבערנע בעכערס פינקלען, שעמערירן...

סאַראַ יאָמטעוודיקער טיש!

עלישע און עזרע גייען נאָך פּערעצן פּוסטריט. ווו נאָר ער באַווײַזט זיך ערגעץ, אזוי גלײַך וואַקסן זיי דאָרט אויס. זיי קוקן זיך איבער און באַוווּנדערן, ווי פּערעצ שליסט זיך איבער לײַכט פון איין געשפּרעך אַף א צווייטן.

א בליץ נאָך א בליץ, א געדאַנק נאָך א געדאַנק. איין בליץ באַלײַכט דעם צווייטן, און איין געדאַנק ציט נאָך זיך א גאַנצע ריי געדאַנקען.

פּערעצ דאַרף דעם בוים אינגאַנצן גענומען — די וואָרצלען, די צווײַגן, די קרוין. ער פאַלט אָן אַף די פּראָסט פּאַשעטע מײַסעס מיט די אינטריגעלעך און סוזשעטלעך. געדאַנק איז ניט בלויז א זאַך פון פילאָסאָפן, פּונקט ווי פּאָעזיע איז נישט בלויז די זאַך פון פּאָעטן.

— יאָ, יאָ, אָן געדאַנק און אָן פּאָעזיע איז ניטאָ קיין פּראָזע.

מיר זײַנען א פאָלק מיט א רײַכער פאַרגאַנגענהײַט, מיט א דוירעסדיקער קולטור און מיר האָבן קיין רעכט ניט זיך באַנוגענען מיט א דערווײַליקער, דורכגייענדיקער מאָמענט־אופנאַם־ליטעראַטור.

ווו זײַנען די ספּאַרדישע ייִדן? ווו זײַנען די אַמסטערדאַמער בריליאַנטן־שלײַפער? ווו זײַנען אונדזערע שפּינאָזעס, גוויראָלס, לוצאַטאָס און יעהודע האַלייוויס?! אַף דערלערנען אונדזער דאַלעס ווערן געשאַפן ספּעציעלע עקספּעדיציעס. פאַרוואָס זאָלן ניט געשאַפן ווערן קיין עקספּעדיציעס אַף צו דערלערנען אונדזערע גײַסטיקע רײַכטימער?

פּערעצעס אופגעהויבענע האַנט פּאָדערט, מאָנט: — ניט בעסער ווי אין דער ליטעראַטור איז בא אונדז אין דער מוזיק. מיר פאַרמאָגן ריזיקע מעלאָדישע אויצרעס, און ווען מיר הערן די ווערק פון אייניקע ייִדישע קאָמפּאָזיטאָרס, קאָן זיך דוכטן, אז מיר הייבן ערשט אָן, אז מיר האַלטן ערשט באַם רויען פּרימיטיוו.

בעטהאָווען, בייס ער האָט זיך געקליבן אַרבעטן איבער דער אָראַטאָריע „שאול“, איז ער אַראָפּ אין די טיפענישן פון אונדזערע מעלאָדיע־רײַכטימער און ער איז געווען איבעראַשט!

רימסקי־קאָרסאַקאָוו האָט ניט איין מאָל איבערגעכאַזערט, אז „די ייִדישע ראַסע באַזיצט א ריזיקן מעלאָדישן אויצער“. איז ביזוואַנען זשע וועט זיך טראָגן דער קלאַנג פון מינץ, פון גראָשנס און קאָפּקעס?

א טײַנע, און א טײַנע און ווידעראַמאָל א טײַנע! דינעזאָן הייבט זיך אָן באַומרויִקן.

— פּערעצ! ייִצכאָק־לייבוש! רו זיך שוין אָפּ א קאַפּ, גענוג שוין! וויפל קאָן מען? אָן אָוונט, אז דאָס מויל מאַכט זיך בא דיר ניט צו...

א האַרץ איז דאָך ניט קיין שטיין. און אַפילע א שטיין, אז ער ווערט צעגליט בא דער אַרבעט, לאָזט מען אים זיך אָפּקילן, ער זאָל ניט פּלאַצן. אײַ, ייִצכאָק־לייבוש! דו ביסט א גאַזלען אַף זיך אַליין און אַף אונדז אַלעמען. מיר האָבן איין פּערעצן און דו זשאַלעוועסט אים ניט, דעם איין־און־איינציקן פּערעצן אונדזערן! רו זיך אָפּ! גיי, זעץ זיך שוין צו א ווײַלע!

פּערעצ גיט זיך אונטער: — יאָ, גענוג טײַנען, לאָמיר בעסער הערן פּעדאַצערס נײַעם ניגן. פּריִער וועלן עלישע, עזרע און שאָלעמקע אים אויספּילן, דעם ניגן, דערנאָך וועט יעדער איינער אים אויסזינגען, און ווען יעדערער וועט שוין האָבן זײַן כיילעק אין אים אַרײַנגעטראָגן, וועלן מיר זינגען אַלע צוזאַמען.

שרײַבן איז ניט יעדערער מעכויעוו, אָבער פון זינגען איז קיינער ניט פּאָטער, זינגען מוזן אַלע! זינגען פאַר זיך, מיט זיך, אין זיך. זינגען, אויסזינגען, אונטערזינגען און מיטזינגען מיט אַלעמען...

יאָ, פּריִער זינגט מען אַרויס פון זיך און נאָכדעם זינגט מען אַרײַן איינער אינעם צווייטן און עס ווערט אויס דו, אויס איך, אויס איינס און אויס צוויי, עס ווערט אַלעמענס געזאַנג. דאָס פאַרמינערט ניט, נאָר פאַרקערט, פאַרגרעסערט, פאַרטיפערט און פאַרפילפאַכיקט דעם ניגן.

די טײַכן, וואָס שטראָמען און פאַלן אַרײַן אין יאַם, ווערן פון דעם ניט אויס טײַכן. פאַרקערט, אין יאַמיקן שטראָם ווערן זיי ערשט די עמעסדיקע טײַכן, ערשט אין יאַם דערפילן זיי, וואָס אַזוינס זיי באַטײַטן אין דער לענג, אין דער ברייט און אין דער טיף.

פּערעצ ווערט אַנשוויגן. עס ווערן אָנגעשטעלט די פידלען, עס ווערן אָנגעשטעלט די הערצער, עס ווערן אָנגעשטעלט מויל און אויערן.

דער ניגן הייבט זיך אָן! און פידלען ווייסן ניט פון קיין ניגן אָן ווערטער. פידלען ווייסן ניט פון קיין שטומע ניגונים, אַלע ניגונים ריידן באַ זיי אַף דער קלאַנגען־שפּראַך.

— נאָכאַמאָל פון אָנהייב, — בעט זיך פערעץ באַ די פידלער און דערקלערט גלײַך, פאַרוואָס עפּעס נאָכאַמאָל פון אָנהייב.

דער ניגן פון דרויסן רירט בלויז אָן דײַן קאָל, באַרירט בלויז דײַנע ליפּן און רירט קיינמאָל ניט אָן דײַן נעשאָמע, דײַן האַרץ. אַ קאַלטער ניגן, וואָס, ווי לײַכט דו האָסט אים אויפגעכאַפּט, אַזוי לײַכט ווערט ער אויסגעוועפּט און פאַרגעסן. אָבער פּעדאָצערס ניגן איז באַלאָדן פון טיף אינווייניק. ער רופט זיך איבער מיט קלאַנגען, וואָס זײַנען שוין לאַנג פאַרגאַנגען, און מיט קלאַנגען, וואָס זײַנען נאָך ניט געבוירן. און אַזאַ ניגן לאָזט זיך ניט אַזוי לײַכט פאַנגען. נאָכאַמאָל פון אָנהייב!..

— אַוואַדע נאָכאַמאָל פון אָנהייב! — האַלט אונטער דינעזאָן פערעצן.

— נאָכאַמאָל פון אָנהייב! — זײַנען די געסט מאַסקים מיט פערעצן און מיט דינעזאָנען.

דער ניגן ווערט איבערגעכאַזערט, ווערט אויסגעשפּילט אַף די פידלען אַ צווייט מאָל, אַ דריט מאָל. ער איז נאָך ניט געוואָרן קיין טוישעוו, דער ניגן, אָבער ער איז שוין אויך ווײַט ניט קיין גער. זײַנע קלאַנגען און ווידערקאָלן האָבן דורכגעגעבערט די אויערן, אַרײַנגעדרונגען אין האַרצן און האָבן טיף אינווייניק אומעטום רינגען געלאָזט אַף זיך אָנצוכאַפּן און נישט אָפּלאָזן דעם ניגן.

יעדער איינער פון די, וואָס הערן דעם ניגן, זינגט אים נאָך אַף זײַן אויפן, יעדער איינער טראָגט אַרײַן אינעם ניגן זײַנס, באַרײַכערט אים מיט זיך אַליין.

דורכגעפירט בעשאָלעם יעדן באַזונדער, דערפילן זיך די דרײַ פידלען בעקויעך פירן נאָך זיך אַלעמען צוזאַמען, מיטאַמאָל.

פערעץ הייבט אָן דער ערשטער אונטערברומען. עס כאַפּט אונטער אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ פערטער, עס זינגען אַלע...

אי, באַ־באַ, באָם־באָם — פּעדאָצערס ניגן איז אַ ניגן אָן ווערטער, אַ ניגן, וואָס הייבט זיך אָן דאָרט, ווו דאָס וואָרט האָט זיך געענדיקט, ווו דאָס וואָרט קאָן זיך ניט דורכרײַסן און קאָן ניט דורכגיין.

פּעדאָצערס ניגן איז אַ ניגן, וואָס רעדט זיך אויס דאָס האַרץ, וואָס האָט זיך זײַן מיין, זײַן געדאַנק. ס׳איז אַ ניגן, וואָס טײַנעט, וואָס קלאָגט זיך, וואָס פאַלט אַרײַן אין אַצוועס, לעשט זיך אויס און צעצינדט זיך פון היסלײַוועס און באַלויכט דעם וועג, וואָס פירט צו אויסלייזונג, צו באַפרײַונג, צו סימכע.

אי, באַ־באַ, באָם־באָם! — הילכן אָפּ די קלאַנגען, ווי אָן ערשט אַרויסגעוואָרפענער שטריק אַף זיך אָנכאַפּן אָן אים, זיך האַלטן פעסט אין אים, גיין און גיין אַהין, ווו ס׳איז ענג דער אַרײַנגאַנג און נאָך ענגער דער אַרויסגאַנג, ווו ס׳איז הויך, ווו ס׳איז טיף און ווו עס דראָעט מיט סאַקאָנע און געפאַר אַף טריט און שריט. אי, באַ־באַ, באָם־באָם, — גייען אַלע נאָך די קלאַנגען פון די פידלען, און אַלע זינגען מיט מיט פערעצן!

אַז זינגען איז געזונגען! פערעצן קאָן מען ניט אָפּנאַרן. וועט אַ שטים צווישן אַלעמענס שטימען אָנעמען שטומעניש, וועט פערעץ מיט איין בליק זײַנעם זינגעוודיק מאַכן דעם אַנטשוויגן געוואָרענעם, ווײַל שרײַבן איז ניט יעדערער מעכויעוו, אָבער פון זינגען איז קיינער ניט פּאַטער, זינגען מוזן אַלע!

אי, באַ־באַ, באָם־באָם! — קריגט זיך דער ניגן מיט דער טוירע און נעמט ניט אָן איר פּסאַק־דין, אַז די אָרעמקײַט וועט שטענדיק דויערן, אַז ווי אייביק ס׳איז די ערד, אַזוי אייביק איז דער אָרעמאַן.

אי, באַ־באַ, באָם־באָם! — כאַפּן זיך אַרײַן די קלאַנגען אין די פינגער און העלפן מיט אויסלאַכן די נאַרישקײַט, וואָס דער קלוגער שלוימע־האַמעלעך, דער כאָכעם בען כאָכעם האָט געזאָגט: איין כאָדאָש טאַכאַס האַשעמעש — נישטאָ קיין נײַס אונטער דער זון, ווי ס׳איז געוועזן, אַזוי איז, אַזוי וועט עס בלײַבן.

— ניין, ניין, — לײַקנט אָפּ דער „אי“, מאַכט צו נישט דער „באַ־באַ“ און עס צאָרנט דער „באָם־באָם“.

דער אימפּעט פון אָפּלייקענען פלאַמט פאַנאַנדער דעם ניגן. דעם „ניין“ ווערט קעגנגע־שטעלט אַ „יאָ“, דער „יאָ“, וואָס איז דאָ — דעם „יאָ“, וואָס גייט און קומט כאָרעוו מאַכן אַלע „ניינען“, וואָס האָבן אַזוי אַכזאָריעסדיק באַרויבט אַלע „יאָען“ באַ די באַרויבטע.

אי, באַ־באַ, באָם־באָם! דונערן די קלאַנגען פונעם „באָם־באָם“, ווי די קלאַנגען פונעם גלאָק: באָם! באָם! באָם!

פעדאַצערס ניגן גליבט אין בעסערע צײַטן, אין יענע צײַטן, ווען דער אָרעמאַן וועט אופֿשטײן פֿון דער ערד און דער עוויען וועט פון די מיסטן דערהויבן ווערן. דער ניגן ווערט שטאַרקער און שטאַרקער. צוזאַמען מיט פעדאַצערן גליבט פערעץ, און צוזאַמען מיט פערעצן גליבן דאָ אַלע, אַז אַזוי וועט זײַן.

עס גייט און קומט אַ נײַער דאָר, אַ דאָר מיט פליגל, אַ דאָר, וואָס וועט זיך ניט וועלן מער וואַלגערן אין דער בלאָטע און וועט זיך מער ניט רײַסן איבער אַ פאַרנאַסע־„וואָרעמל״.

עס גייט און קומט דער טאָג „שכלו טוב״,[1] — וואָס איז דורכויס גוט, דורכויס שאַבעס, דורכויס יאָמטעוו!

עס גייט און קומט דער טאָג, ווען כאַלעם וועט ווערן וואָר און וואָר וועט שענער זײַן פון יעדן כאַלעם.

און שוין פונעם טאָג, וואָס וועט קומען, גייען אוף פאַר עלישען און עזרען די טעג, וואָס זײַנען שוין געווען און וועלן זיך מער קיינמאָל ניט אומקערן. עס קומען זיי אפן זינען די אָוונטן אין ליפּאָוועץ, אין ליניעץ, אין בערדיטשעוו.

אַט אַזוי פלעגט מען אַמאָל זינגען אין ליפּאָוועץ און אין ליניעץ, אַזוי האָט מען געזונגען אין בערדיטשעוו בא פעדאַצערן.

„שלוימעס טשײַנע״, אַזוי האָט אין ליפּאָוועץ געהייסן עזרעס טאַטנס שטוב, און כאַצקעלע דעם שנײַדערס שטוב, און עלישעס טאַטנס שטוב האָט אויך ניט וויניקער געשעמט אין ליניעץ...

אין בערדיטשעוו — פעדאַצערס שטוב! אין וואַרשע — פערעצעס שטוב!

אַ רינג אין אַ רינג און די גאָלדענע קייט ווערט גרעסער! אַ רינג אין אַ רינג און די גאָלדענע קייט ציט זיך און ציט זיך!

דער ניגן קומט אַרויס בא יעדן איינעם אף די ליפּן. שטיל. און אין דער שטילקײַט הערט זיך צו יעדער איינער צום אָפּהילך פון די אוועקגייענדיקע קלאַנגען. דער ניגן איז געענדיקט. אַלעמענס אויגן זײַנען געווענדט צו פערעצן. פערעצעס אַ וואָרט וועגן ניגן איז אַ צווייטער ניגן.

און פערעץ איז עפּעס גאָר באַרויגעז, באַרויגעז אף זיך אַליין און לאָזט אויס זײַן קאַס אף דינעזאָנען:

— איבער דיר, יאַנקעוו, בין איך נאָך ביז איצט ניט געווען אין בערדיטשעוו, איבער דיר האָב איך זיך ביז איצט ניט באַקאַנט מיט פעדאַצערן, ניט זוּיכע געווען זען דעם פידלער מיט זײַן פידל, דעם רעבן צווישן זײַנע טאַלמידים, דעם קאַפּעלמייסטער צווישן זײַן קאַפּעלע!

— איבער דיר, איבער דיר, יאַנקעוו, האָב איך ביז איצט ניט זוכע געווען שטיין בא פעדאַצערס בראָכשטול, ווען עס ווערט געבוירן אַ נײַער ניגן.

— איבער דיר, איבער דיר, יאַנקעוו, האָב איך ביז איצט ניט זוכע געווען זיך געפינען צווישן די, וואָס טרינקען דאָרשטיק יעדן וואָרט זײַנס וועגן נעגינע. הײַנט זעסטו שוין סאַראַ אוולע דאָס איז?

— אַן אַנדערער אף דײַן אָרט, — קאָן זיך פערעץ אַלץ ניט באַרויִקן, — וואָלט מיך געטריבן, איך זאָל צופוס גיין צו אים, וואָלט מיר די נעשאָמע אַרויסגענומען מיט זײַנע סטײַטשן: סטײַטש, ביז איצט נאָך ניט געזען פעדאַצערן! סטײַטש, ביז איצט נאָך ניט געהערט פעדאַצערן! סטײַטש, ווי קאָן מען עס? סטײַטש און סטײַטש! אַן אַנדערער אף דײַן אָרט וואָלט געטײַנעט: וואָס זאָגסטו עפּעס אף פערעצן, ער קלײַבט זיך דערגיין, וואָס אין פידעלע שטעקט. ער קלײַבט זיך אַנטפּלעקן די נעשאָמע פונעם ניגן, די נעשאָמע פונעם קלעזמער. און דו ביסט ביז איצט נאָך ניט געווען בא אים אין דער היים, נאָך ניט געזען און ניט געהערט פעדאַצערן! דאָס איז דאָך אַלצײנס, ווי אַ פאַרפרוירענער, וואָס וויל זיך דערוואַרעמען און אַנטלויפט פון פײַער...

— שאַ־שאַ־שאַ! יִיצכאָק־לייבוש, היץ זיך ניט אַזוי, עס זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ. ווי עס לאָזט זיך אויס, — שמייכלט גוטמוטיק דינעזאָן, — בין איך טאַקע געווען גערעכט, וואָס איך האָב דיך ביז איצט ניט געלאָזט קיין בערדיטשעוו צו פעדאַצערן. דו ביסט נאָך ניט געווען גרייט פאַר דעם, וועהאַרײַע, איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט, דו זאָלסט ריידן וועגן פעדאַצערן מיט אַזאַ היסלײַוועס, ווי דו רעדסט איצט. דאָס זײַנען גאָר אַנדערע ווערטער! איצט איז געקומען די צײַט, און איך וועל גאָר איַנגיכן זען דיך אויסריכטן אין וועג אַרײַן.

אַ צופרידענער פון דער פאָרשטייענדיקער רײַזע, וואָס דינעזאָן האָט אים צוגעזאָגט, האָט זיך פערעץ גענומען נאָכפרעגן בא עלישען און עזרען וועגן פעדאַצערן:

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, ווי זעט אויס פעדאַצער?

— נידעריקער פון מיטעלן וווקס, — ענטפערט עלישע.

---

[1] שעקאָלו טאָוו.

און עזרע דערלאָזט ניט, אז פערעץ זאָל זיך אנטוישן און גיט גלייך צו, אז פעדאָצערס נידע־דיקער ווּקס איז די מאָס, וואָס באַווייַזט, ווי ער הייבט זיך אוף, ווי הויך ער ווערט, ווען ער נעמט דאָס פידל אין האַנט, ווען ער רעדט וועגן נעגינע.

— ווען פעדאָצער דיריזשירט, ווערט ער אזוי הויך, אז איך האָב נאָך אזא הויכן אין מיין לעבן ניט געזען, — זאָגט עזרע.

עלישע קען זיך ניט אָפּלויבן פון פעדאָצערס ברייטן שטערן, און עזרע באַוואונדערט פעדאָ־צערס אויגן, וואָס זייַנען אָפן און קוקן ברייט אַף דער וועלט, אפילע דאַן, ווען זיי זייַנען צוגע־מאַכט.

— ס'איז עמעס, — פרעגט פערעץ, — אז די בערדיטשעווער אָרעמעלייַט, כאָטש גילד זיי אָפּ, ווילן קיין נעדאָווע ניט נעמען בא פעדאָצערן? זיי האַלטן טאַקע, אז פעדאָצערס שענסטע נעדאָווע איז זייַן ניגן פאַר דער אָרעמער קאַלע, זייַן ניגן, מיט וועלכן ער באַשייַנט דעם אָרעם־טיש?

— עמעס! עמעס! יאָ, אזוי איז עס!

— איז עס עמעס, אז פעדאָצער שרייַבט פאַר יעדער אָרעמער קאַלע א נייַעם ניגן, א נייַעם טאַנץ?

— עמעס, עמעס! — זייַנען עלישע און עזרע גליקלעך, וואָס זיי איז עס באַשערט געוועזן זען און הערן, וואָס זיי איז באַשערט איצט, אָט דאָ, איידעס זאָגן וועגן דעם פאַר פערעצן, — מיר זייַנען ניט איין מאָל צוזאַמען מיט פעדאָצערן געגאַנגען צו דער אָרעמער קאַלע זיך דערוויסן, ווער זי איז, פונוואַנען זי שטאַמט, און וויאַזוי זי לעבט? וואָס פאַר א טענץ זי האָט ליב, און וואָס פאַר א לידער זי זינגט? ווייל אויב פעדאָצער קען ניט די קאַלע, ווייסט ער ניט, וואָס פאַר א ניגן איר שענקען, וואָס פאַר א טאַנץ אויסצוקלייַבן.

פערעצן אינטערעסירט, ווי זעט אויס די שענסטע זינגערן און פלינקסטע טענצערן, וועלכע פעדאָצער קלייַבט אויס אַף אויסזינגען און אויסטאַנצן איבער די בערדיטשעווער גאַסן זייַן נייַעם ניגן, זייַן נייַעם טאַנץ, אז די זילבערנע טאַץ אַף איר קאָפּ זאָל פול ווערן מיט נאַדן פאַר דער אָרעמער קאַלע, מיט געלט אַף כאַסענע־הויצאָעס.

עלישע און עזרע דערמאָנען זיך און דערציילן:

די שענסטע פון אַלע איז די, וועמען פעדאָצער האָט אויסגעקליבן פאַר א זינגערן און טענ־צערן. פעדאָצערס ניגן אַף אירע ליפּן און פעדאָצערס טאַנץ אין אַלע אירע איווורים פאַרקישעפן, און יעדערער גיט זייַן געשאַנק. און יעדערער קומט דערנאָך אַף דער כאַסענע, ווי איינער פון די סאַמע נאָענטסטע מעכוטאָנים.

זי זינגט און טאַנצט, די בעסטע זינגערן און פלינקסטע טענצערן. עס זינגט און טאַנצט אין איר יעדער איוור, עס זינגען און טאַנצן אַף איר דאָס ווייַסע קלייד, דאָס שוואַרצע זשאַקעטל, דער בלומען־קראַנץ אָפן קאָפּ מיט די פאַנאַנדערגעפלאָכטענע סטענגעס.

די ווייַסע זילבער־טאַץ אין אירע פלינקע הענט פליט, ווי א טויב, און דאַנקט אָפּ מיט א געקלאַנג פאַר יעדער פאַרהאַרעוועטער מאַטבייע, וואָס פאַלט אין איר אַריין.

אזוי דערמאָנען זיך און עס דערציילן די פידלער, זיי דערציילן וועגן ניגונים און טענץ, וואָס האָבן באַשייַנט די אָרעמע כאַסענע־טישן, באַצירט די אָרעמע קאַלע און פאַרפלייצט גאַנץ בערדי־טשעוו מיט פרייד. די פידלער דערציילן, און דאָס מאָנט בא פערעצן א נייַעם טיקן פאַר דעם, וואָס ווערט דערציילט, זייער שליכעס איז נאָך ניט געענדיקט.

יעדער ניגן האָט זיך זייַן גילגל, און יעדער גילגל איז א נייַער אָנהייב, א נייַ לעבן.

און לעבט דער ניגן, שטאַרבט ניט דאָס פאָלק!

און צוליבן נייַעם טיקן, צוליבן נייַעם גילגל איז פערעץ ווידער באַם מאָקער, באַם שוירעש, באַם אָנהייב פון אַלע אָנהייבן...

די פידלער שפּילן, און פאַר פערעצעס ווייַט געוועןדטע בליקן שוועבט די שענסטע זינגערן און די פלינקסטע טענצערן, אָט איז די סימכע בא אָרעמקייַט און אָט איז פעדאָצערס אשירעס.

— אין א וואָכעדיקן טאָג אזא יאָמטעוו! — איז פערעץ ווידער איבעראַשט און איז ווידער מעקאַנע די אויגן, וואָס האָבן עס געזען, די אויערן, וואָס האָבן עס געהערט!

# אַ נײַער אופֿגאַנג



י בערג אין דער אומענדלעכער ווײַטקײַט האָט אײַנגעהילט אַ בלויער נעפּל, אָן אַרומגעזוימטער מיט גינגאָלד פֿון דער שקיעה.

עטיע לוואָוונע, די שוין ניט גאָר יונגע, אָבער מיט נאָך אַ סאַך פֿאַרהיטן כיין, לערערן פֿון נאַטורוויסנשאַפֿט, האָט זייער ליב געהאַט אָט די מינוטן, ווען אומבאַמערקט גאַנוועט זיך אונטער דער אָוונט. זי האָט לאַנגזאַם געשפּאַנט איבער דער גאַס, פֿאַרקערעוועט אין סקווער, אַף גאַנץ לאַנג זיך דאָרט אָפּגעשטעלט שמועסן מיט אַ באַקאַנטן גערטנער, וועלכער האָט אַמאָל דעם דאָזיקן סקווער פֿאַרפֿלאַנצט.

דער גערטנער, אַ פּולבלעכער עלטערער מענטש מיט אַ גרײַז־גראָוון קאָפּ, האָט אַ פֿרעג געטאָן בא איר:

— איר געדענקט כאָטש, עטיע לוואָוונע, ווען מיר האָבן אָט דעם סקווער געפֿלאַנצט?

אוודאי געדענקט זי. און ניט אומזיסט האָט ער געזאָגט „מיר" — זי האָט דעמלט געהאָלפֿן פֿלאַנצן צוזאַמען מיט אירע שילער.

„אַהאַ, — האָט זי איצט מיטאַמאָל אַ טראַכט געטאָן, — ווו זײַנען שוין יענע שילער? איינער — אַן אינזשעניער ערגעץ אַף אוראַל, אַ צווייטע — אַ דאָקטער אין כאַבאַראָווסק, אַ דריטער — אַ קאַנדידאַט פֿון טעכנישע וויסנשאַפֿטן אין מאָסקווע"...

ווי געטראָפֿן, וועגן וואָס זי טראַכט, האָט דער גערטנער, אַ ווײַז טוענדיק אַף די היפּשלעכעביימער אין סקווער, זיך אָנגערופֿן:

— די ביימער וואַקסן, קינדער וואַקסן, און מיר ווערן אַלט...

עטיע לוואָוונע האָט טרויעריקלעך אַ שמייכל געטאָן, געזעגנט זיך מיטן גערטנער און איז פּאַמעלעך אַוועקגעגאַנגען ווײַטער.

יאָ, ווען זי קוקט אַף זיך אין שפּיגל, באַמערקט זי שוין אַ גראָווע האָר, אַ טיף קנייטשל... אָבער זי פֿילט זיך נאָך ניט אַלט, ניין! ניט אין דער אַרבעט פֿילט זי עס ניט, ניט אויך אין די באַציִונגען צום מאַן, צו רעפֿאַעלן. קלינגט ער אָן, אַז באַלד קומט ער פֿון דער אַרבעט, טוט דאָס האַרץ בא איר אַ פֿלאַטער, ווי גאָר אַמאָל... און, פֿאַרקערט, קלינגט ער, אַז ער פֿאַרהאַלט זיך און וועט קומען שפּעט (אַזוינס טרעפֿט אויך, און טאַקע אָפֿטלעך, ער איז הויפּט־מעכאַניקער אַף אַ זאַוואָד), פֿאַרדריסט עס זי, ווי אַמאָל, אין דער יוגנט...

זי קאָן זיך אָבער ניט קלאָגן, — רעפֿאַעל האָט פֿאַרהיט צו זײַן עטלען, ווי ער רופֿט זי ביז איצט, אַ סאַך פֿון זײַנע יונגע געפֿילן. ווי נאָר אַ פֿרײַע מינוט, פֿאַרברענגט מען צוזאַמען, אומעטום צוזאַמען — צוגאַסט בא פֿרײַנט, אַף אַ שפּאַציר. מער ניט, די געשפּרעכן זײַנען איצט אַנדערע, איידער אַמאָל, און די לעצטע פֿאַר יאָר האָט אַלע אַנדערע טעמעס איבערגעוואויגן איינע: טאָליע.

טאָליע איז זייער זון. אַ בעניאַכיד. מער האָבן זיי ניט געהאַט. ער פֿאַרענדיקט דעם כאַבאַראָווסקער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט. אין אַ פֿרײַען טאָג כאַפּט טאָליע זיך אַראָפּ אַהיים, צו די עלטערן.

— נו, יאָ, — זאָגט עטיע לוואָוונע צום מאַן, — אַצינד, ווען ער איז נאָענט, זעט מען זיך. מע זאָל אים כאָטש נאָכן פֿאַרענדיקן ניט אַוועקשיקן ווייס איך וווּ...

רופֿט זיך רעפֿאַעל אָפּ מיט קלוימערשטן גלײַכגילט:

— ער איז ניט קיין מעיוכעס. וווּהין מע וועט אים שיקן, אַהין וועט ער פֿאָרן.

— און אויב אַף קאָלימאַ?

— וואָס זשע, אַף קאָלימאַ לעבן קיין מענטשן ניט?

זי הייבט אים אָן באַשולדיקן, אַז ער האָט ניט קיין טראָפּן פֿאָטערלעכע געפֿילן. רעפֿאָעל ענטפֿערט, אַז באַ איר זיינען מוטער־געפֿילן שוין צופֿיל. זי פֿאַרגעסט, אַז זייער זון איז שוין אַ דערוואַקסענער מענטש און קאָן אַליין באַשטיין זיין שטעל.

— נו, און טאַניע?

מיט אַ געוויסער צייט צוריק איז באַם פּאָרפֿאָלק צוגעקומען נאָך איין וויכטיקע טעמע: טאַניע.

צוזאַמען מיט טאָליען האָט טאַניע זיך געלערנט אין שול. מע האָט איניינעם געגרייט די לימודים, געגאַנגען אין קינאָ... דערנאָך איז טאָליע אַוועקגעפֿאָרן קיין כאַבאַראָווסק אין אינ־סטיטוט, און טאַניע איז פֿאַרבליבן אין דער היימשטאָט. דאָ האָט זי פֿאַרענדיקט די מעדיצין־שול און איצט אַרבעט זי אין שפּיטאָל. איז אָט, פֿאָריקן זומער, ווען טאָליע איז געקומען אַהיים אַף קאַניקולן, האָט זיך מיטאַמאָל אַרויסגעוויזן: די קינדער־פֿריינטשאַפֿט, וואָס איז אַמאָל געווען צווישן טאָליען און טאַניען, איז גאָר געוואַקסן צוזאַמען מיט זיי און איז אויסגעוואַקסן — עס איז געוואָרן אַן עמעסע ליבע. און זייטיקע מענטשן האָבן עס באַמערקט פֿריִער, איידער זיי אַליין... אַ פּאָר מאָל האָט שוין געטראָפֿן, אַז טאָליע איז געקומען מיטן פֿאַרנאַכטיקן צוג, טאַניע האָט אים באַגעגנט, ער האָט מיט איר שפּאַצירט עטלעכע שאָ און, אַפֿילע ניט אַריינקומענדיק אַהיים, מיטן באַנאַכטיקן צוג צוריקגעפֿאָרן, קעדיי גאַנצפֿרי ניט פֿאַרשפּעטיקן אַף די לעקציעס...

ווען טאַטע־מאַמע האָבן וועגן דעם זיך דערוווּסט, האָט עס זיי בעפּיירעש פֿאַרדראָסן, אָבער זיי האָבן געמאַכט אַ שוויַיג. טאַניע איז אַ כיינעוודיק מיידל, און צוליב איר זיינען זיי שוין אויך טאָליען מויכל געווען.

רעפֿאָעל און עטל ריידן אַלץ אָפֿטער וועגן דעם, וווּהין מע קאָן טאָליען שיקן אַף אַרבעט, און יעדן מאָל שטעלט זיך גלייך באַנאַנד די פֿראַגע:

— און טאַניע?

און נאָך אַ פֿראַגע:

— און די באָבע ריווע?

אין טאַניעס לעבן שפּילט די באָבע ריווע אַ גרעסערע ראָל, ווי געוויינלעך אַ באָבע באַ אַן אייניקל. דער זון אירער, טאַניעס פֿאָטער, איז אומגעקומען אַף דער מילכאָמע, טאַניעס מאַמע האָט כאַסענע געהאַט, איז אַריבערגעפֿאָרן מיטן צווייטן מאַן אין אַן אַנדער שטאָט. די ערשטע צייט האָט זי געשריבן בריוו, דערנאָך דאָס אויך ניט... די באָבע ריווע איז געווען פֿאַר טאַניען דער איינציק־נאָענטער מענטש.

פֿרעגט זיך: אויב מע וועט טאָליען שיקן ערגעץ וויַיט אַף אַרבעט און טאַניע וועט פֿאָרן מיט אים, וואָס וועט דאַן זאָגן די באָבע ריווע?

די אַלע פֿראַגן ווערן געוויינלעך הייס אַרומגערעדט. אויך אַצינד, גייענדיק אַהיים, האָט עטיע לוואָוונע וועגן דעם געקלערט. געגאַנגען איז זי פּאַמעלעך, האַנאָע האָבנדיק פֿונעם שטילן אָוונט און דערפֿון, וואָס אַף אַ מעטאָדישער באַראַטונג האָט זי אָקאָרשט דורכגעלייענט אַ פֿאָרטראָג צו וועלכן זי האָט זיך לאַנג געגרייט און זיך אַ ביסל געשראָקן פֿאַר אים. דער פֿאָרטראָג איז דורכ־געגאַנגען גוט, דער אָראָפּגעקומענער פֿון דער קאַנטישער שטאָט מעטאָדיסט, וואָס איז ביַיגעווען אַף דער באַראַטונג, האָט אַפֿילע איר רעקאָמענדירט דעם זעלבן פֿאָרטראָג לייענען פֿאַר די לערער פֿון ראַיאָן.

מיט אַ לייַכטן געמיט איז עטיע לוואָוונע געגאַנגען אַהיים. איר האָט זיך זייער געוואָלט, אַז רעפֿאָעל זאָל, ווי עס טרעפֿט אַמאָל, אויך אָנקומען, הינטערוויַילעכס צוגיין צו איר, זי אָנעמען אונטערן אָרעם...

רעפֿאָעל איז ניט אָנגעקומען. „ווידער מיסטאַמע אַ באַראַטונג ביז האַלבער נאַכט“, — האָט זי אַ קלער געטאָן און שוין מיט אַ שנעלערן טראָט פֿאַרקערעוועט צו דער גאַס, ווו עס געפֿינט זיך איר הויז.

ווען זי וויסט, וואָס עס דערוואַרט זי דאָ, וואָלט זי דען אַזוי פּאַמעלעך געגאַנגען, זיך אָפּגעשטעלט ריידן מיטן גערטנער? ווי אַף פֿליגל וואָלט זי געפֿלויגן!..

זי האָט נאָך ניט באַוויזן אַרופֿגיין אַף די טרעפּ, ווי די שכיינע איז איר אַרויסגעקומען אַנט־קעגן מיט אַ בסורע:

— אייַער טאָליע איז געקומען!

— טאָליע?!

— ווער זשע דען? נאָך מיט צוויי שאָ צוריק.

— ווו איז ער?

— ער האָט געוואַרט און זיך ניט דערוואַרט. דער טשעמאָדאַן איז באַ אונדז.

אָן אָן אָטעם איז עטיע לֿוואָוונע ארופגעלֿאָפן אפן צווייטן שטאָק, געגומען בא דער שכיינע דעם טשעמאָדאַן, אריַין אין שטוב, אָנגעקלֿונגען רעפאָעלֿן. נו, יאָ, בא אים איז א באראטונג. נאָר אין דער היים וועט ער זײַן אין א האלבער שאָ ארום. ווו זשע קאָן זײַן טאָליע? געוויס בא טאניען. ווי נאָר רעפאָעלֿ וועט קומען, וועט זי צוזאמען מיט אים גלײַך לֿויפן אהין.

נאָר פרײַער פון רעפאָעלֿן איז אהיים געקומען טאָליע. געקומען א בלֿאסלֿעכער, א פארמאָרע־שכווירעטער.

— וואָס איז מיט דיר, זונעניו, כאס־וועכאָלילֿע ניט געזונט?

— איך בין געזונט, מאמע.

— וואָס זשע ביסטו אזוי בלֿייך?

— גאָרניט. א ביסלֿ מיד...

— ווו ביסטו געוועז?

— קימאט אין ערגעץ ניט... א ביסלֿ שפאצירט... — האָט ער א בורטשע געטאָן, און פון דעם דאָזיקן בורטש האָט עטיע לֿוואָוונע נאָך מער זיך איבערצײַגט, אז עפּעס איז ניט גלאט.

ערשט ווען רעפאָעלֿ איז געקומען אהיים און מע האָט זיך געזעצט עסן אָוונטברויט, האָט דער זון א זאָג געטאָן דערעכאגעוו, ווי וועגן א זאך, וואָס איז גאָרנישט אזוי וויכטיק:

— בא אונדז האָט מען שוין געמאָלדן, וווהין ווער עס פאָרט נאָכן פארענדיקן דעם אינסטיטוט.

די מוטער האָט האסטיק געפרעגט:

— ווו זשע שיקט מען דיך?

דער פאָטער האָט געשוויגן, נאָר ס׳איז צו זען געוועזן, אז אויך ער איז א באלן וואָס גיכער וויסן, ווו דער זון וועט ארבעטן.

טאָליע האָט אויסגעווארט א ווײַלע און שטילֿ א זאָג געטאָן:

— מיך — אף טשוקאָטקע.

— טשוקאָטקע? — איז עטיע לֿוואָוונע נישטוימעם געוואָרן. — ווײַטער איז שוין ניט געוועזן?

— איך האָב אויך געקאָנט אויסקלֿײַבן סאכאלין, — האָט רויִק געענטפערט טאָליע.

— האָסט כאָטש געפּרווט בעטן, מע זאָלֿ דיך שיקן אהער, אין דער שטאָט, ווו עס וווינען דײַנע אלֿטע טאטע־מאמע?

— נייק.

— נייק? — עטיע לֿוואָוונע האָט דערפילט, ווי עס ווארגן זי טרערן. זי האָט זיך אופגעהויבן און אפגיך ארויס אין צווייטן צימער. רעפאָעלֿ האָט זיך געלֿאָזן גיין נאָך איר.

טאָליע האָט אָפּגערוקט דעם טעלֿער און גענומען ארומשפאנען איבערן פּוסט־געוואָרענעם צימער. ער האָט געהערט, ווי די מאמע וויינט און ווי דער פאָטער טײַנעט עפּעס דאָרטן שטילֿ אײַן מיט איר.

זי ווייסט נאָך ניט, — האָט טאָליע מיט הארצווייטעק געטראכט, — אז ער האָט שוין באוויזן זײַן בא טאניען און אָנזאָגן די זעלֿבע נײַס. און אז אויך זי, טאניע...

וואָס טוט זי איצט, טאניע? ווי פילט זי זיך? ער וואָלֿט עס אזוי געוואָלֿט וויסן...

עטיע לֿוואָוונע איז געזעסן אפן בעט, און געדאנקלֿעך האָבן פאר אירע אויגן זיך דורכגע־טראָגן בילֿדער פון דער פארגאנגענהײַט: כארקאָוו... עס רײַסן זיך באָמבעס... רעפאָעלֿ איז ניטאָ, ער איז אפן פראָנט, וואָס מיט אים איז, ווייסט זי ניט... צוזאמען מיט טויזנטער אנדערע מענטשן שפאנט זי אף מיזרעך... בא איר אף די הענט איז טאָליק. זי גייט און גייט... וועגן זיך טראכט זי ניט, זי דארף ראטעווען דאָס קינד... וויפלֿ הונגעריקע טעג, ניט־דערשלֿאָפענע נעכט זײַנען געוועזן, ביז זי האָט זיך דערקלֿיבן אהער, אפן ווײַטן מיזרעך, וויפלֿ האָט זי זיך אָנגעמאטערט, ביז די מילֿכאָמע האָט זיך פארענדיקט, און וויפלֿ טרערן זײַנען פארגאָסן געוואָרן, ביז רעפאָעלֿ האָט זיך אומגעקערט אהיים.

איצט איז רעפאָעלֿ געזעסן לֿעבן איר אפן ראנד בעט און האָט שטילֿ געגלֿעט איר האנט:

— בארויִק זיך, עטעלֿע... גענוג...

און זי — קוים זיך אײַנהאלֿטנדיק ניט צו נעמען שרײַען אף א קאָלֿ:

— וואָס הייסט, א קינד זאָלֿ אזוי ניט שעצן, גאָר ניט שעצן... דאכט זיך, דאָס גאנצע לֿעבן אים אָפּגעגעבן, און אצינד? ניט באוויזן זיך שטעלֿן אף די פיס, ווילֿ ער זיך שוין מיט אונדז ניט רעכענען. ער דארף שוין אונדז ניט... ס׳איז אים אפילֿע ניט אײַנגעפאלֿן בעטן, מע זאָלֿ אים שיקן אהער...

געוויס האָט עס רעפאָעלֿן אויך פארדראָסן. טיף אין הארצן האָט ער געכאָוועט א טרוים: טאָליע וועט ענדיקן דעם אינסטיטוט, אָנקומען ארבעטן דאָ, אין שטאָט, מעגלֿעך, אפילֿע אפן זעלֿבן זאוואָד,

ווו עס ארבעט זייַן טאטע, די גאנצע מישפּאָכע וועט זייַן צוזאמען. רעפאָעל האָט אָבער אויך פארשטאנען אן אנדער זאך, וואָס די פרוי זייַנע האָט ניט געוואָלט און, עפשער, ניט געקאָנט באנעמען, און איצט האָט ער עס איר געפרווּוט געבן צו פארשטיין:

— מיר פארגעסן מיט דיר, אז טאָליע איז שוין ניט קיין קינד.

— איז וואָס?

— וויל ער זייַן זעלבשטענדיק. ער וויל ניט אייביק זייַן בא טאטע־מאמע אונטער די פליגל. א יונגער מענטש וויל וואָס גיכער וויסן די אייגענע ווערט זייַנע. איך געדענק דאָך זיך אליין אין זייַנע יאָרן...

— איך זע, דו האָסט שוין דערמיט שאָלעם געמאכט?

— און אז דו האָסט ניט שאָלעם געמאכט, וועט דיר דען העלפן? — האָט רעפאָעל א שמייכל געטאָן, — נו, אופגעשטאנען! קום בעסער א קוק טאָן, וואָס מאכט ער דאָרט, דער טאכשיט אונדזערער...

דער „טאכשיט“ האָט בייסמייַסע ארומגעשפּאנט איבערן צימער און נערוועז געצופּט די בלאָנדע טשופּרינע. ער האָט געוואָלט ארייַנלויפן צו דער מאמען, זאָגן עפּעס גוטס, אזעלכס, פון וואָס עס זאָל גלייַך אָלעמען ווערן גרינג אפן הארצן, אָבער וואָס קאָן ער זאָגן? האָט זיך אים זייער געוואָלט אוועקגיין צו טאניען, זען, וואָס טוט זי...

ער האָט זיך שוין אפילע געלאָזט צו דער טיר, ווען פון יענער זייַט האָט זיך מיטאמאָל דערהערט א קלונג.

„טאניע!“ — האָט ער זיך דערפרייט און געעפנט די טיר.

אף דער שוועל איז געשטאנען די באָבע ריווע.

— טאניע האָט אייַך געשיקט? — האָט ער גלייַך אויסגעשאָסן.

— וואָס עפּעס טאניע? אליין קאָן איך ניט גיין? — האָט די באָבע ריווע מיט שפּאָט אף אים א קוק געטאָן.

— וואָס טוט זי, טאניע, זאָגט!

— נעם זיך ניט צום הארצן, די וועלט האָט זיך ניט איבערגעקערט און טאניע איז געבליבן טאניע, — האָט זי אָפּגעענטפערט און איז ארייַנגעגאנגען אין שטוב.

טאָליע איז, ווי א וויכער, אראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ...

עטיע לוואָוונע און רעפאָעל האָבן זיך גוט געקענט מיט דער באָבע ריווע. נאָך פון יענע יאָרן, ווען זייער זון און איר אייניקל האָבן זיך צוזאמען געלערנט אין שול. עטיע לוואָוונע, אלס אָנפירערן פונעם קלאס, ווו עס האָט געלערנט טאניע, פלעגט אָפט זייַן בא ריווען אין שטוב. מע פלעגט זיך צונויפקומען צוזאמען אף א סימכע, א יאָמטעוו. די באָבע ריווע פלעגט קומען העלפן גרייטן צום טיש. דערזען בא עטיע לוואָוונען אף דער קיך א סאָנדיק, א גוטן קארפּ, איז, פרעגט ניט, גלייַך צום אייניקל:

— אנו, טייַבעלע, טו א שפּרונג אהיים און ברענג מיר די גרויסע קופּערנע פאן, אָן איר, ווייסטו דאָך, בין איך אויסגעשטעלט, אויס בעריע בין איך, און די פיש וועלן ניט האָבן יענעם טאם...

טייַבעלע איז געלאָפן, געבראכט די קופּערנע פאן, און די באָבע ריווע האָט געמאכט געפילטע פיש, און מע האָט געלעקט די פינגער...

נאָר אצינד, איז צו זען געווען, איז די באָבע ריווע געקומען צוליב עפּעס אנדערש. ווי נאָר רעפאָעל און עטיע לוואָוונע זייַנען צו איר ארויסגעגאנגען, האָט זי זיי גלייַך א זאָג געטאָן:

— טייַבעלע ליגט מיטן פּאָנעם אין קישן און וויינט...

— וויינט? — האָט מיט כידעש אויסגערופן עטיע לוואָוונע.

— איך האָב געמיינט, איר ווייסט. וויפל איך בין צו איר ניט צוגעשטאנען, זאָגט זי קיין וואָרט ניט. זיך אויסגעקערט צו דער וואנט און שווייַגט... טאָליע איז דאָך שוין געווען בא אונדז און אָקאָרשט, אפּאָנעם, ווידער אוועקגעלאָפן... זיי האָבן לאנג גערעדט צווישן זיך, אפילע געלאכט, דערנאָך האָט ער איר עפּעס אייַנגערוימט א סאָד, וואָס ווייס איך ניט, און איז באלד אוועק, און זי האָט זיך אוועקגעלייגט און וויינט...

— וואָס זשע האָט ער איר געקאָנט אזוינס זאָגן?

— איך זאָל וויסן, וואָלט איך דאָך ניט געפרעגט... — האָט געענטפערט די באָבע ריווע.

און געזאָגט האָט טאָליע טאניען דאָס זעלבע, וואָס טאטע־מאמען: ער פאָרט אף טשוקאָטקע.

— און דו? — האָט ער געפרעגט בא טאניען.

— און די באָבע? — האָט זי געענטפערט מיט א פראגע.

— איך לאָז דאָך איבער די עלטערן...

— דארף איך, הייסט עס, איבערלאָזן די באָבע? — האָט טאניע מיט גרויס פארוווּנדערונג געפרעגט.

— וואָס זשע? — האָט ער געענטפערט, — מײַנע טאטע־מאמע זײַנען דען בא מיר ניט אזוי טײַער?

— די באָבע? — האָט טאניע נאָכאמאָל איבערגעפרעגט.

— נו, אויב דו האָסט די באָבע מער ליב... — האָט ער זיך שוין באַליידיקט ניט אף א קאטאָוועס.

— ווי וואגסטו גאָר אזוי ריידן וועגן דעם, — זײַנען בא טאניען אַלע זומער־שפּרענקלעך ארויס אפן צעפלאמטן פּאָנעם, — איך בין דאָך בא איר דאָס גאנצע לעבן, און דו... און דו...

איצט איז טאָליע שוין געוועזן קימאט זיכער, אז די באָבע איז ניט מער ווי אן אויסרייד. טאניע האָט אים פּאָשעט די גאנצע צײַט געפירט בא דער נאָז... אינדערעמעסן האָט זי אים קיין קאפּל ניט ליב. און אָט — באם ערשטן אויספּרוּוו האָט זי עס דערוויזן...

— אויב אזוי, איז בלײַב מיט דײַן באָבען! — האָט ער זיך צעהיצט און אָן א זײַ־געזונט אוועק.

ווי נאָר ער איז ארויס אף יענער זײַט טיר, האָט טאניע זיך א וואָרף געטאָן אין קישן. „ער האָט מיך ניט ליב, — האָט זי מיט ווייטעק געטראכט. — אויס! מע דארף וועגן אַלץ פארגעסן".

די באָבע איז עטלעכע מאָל צוגעגאנגען צו איר, זיך אומרויִק אָנגעפרעגט, וואָס איז געשען. נאָר טאניע האָט ניט ארויסגעבראכט קיין וואָרט. אייגנטלעך, האָט זי אליין רעכט ניט פארשטא־נען, וואָס עס קומט פאָר. זי האָט נאָר געוווּסט, אז עס איז געשען אן אומגליק, און זי קאָן שוין דערצו גאָרנישט העלפן...

אין טיר האָט מען אָנגעקלונגען. טאניע איז אראָפּ פון בעט, אפגיך אויסגעווישט די אויגן.

— דו? — האָט זי טאָליען אָנגעקוקט מיט א פארטײַעטער פרייד.

— איך...

— גיי ארײַן, וואָס שטייסטו?

ער איז אַלץ געשטאנען אין פארלעגנהײַט. דערנאָך ארײַנגעקומען, א צעטומלטער, צוגעגאנ־גען צו טאניעס טואלעט־טישל, גענומען, ניט באמערקנדיק, וואָס ער טוט, א נעגל־שערלע און, קוקנדיק אפן שערלע, שטיל א פרעג געטאָן:

— האָסט מיך ליב, טאניע?

— און דו מיך? — האָט זי נאָך שטילער געפרעגט, שטייענדיק מיט א זײַט צו אים.

— איך? — האָט ער זיך פארכידעשט, — צווייפלסט אין דעם?

— וואָס זשע ביסטו פריִער אוועק? — האָט זי מיט א צעשטראלט פּאָנעם זיך א קער געטאָן צו אים.

— און דו, וואָס האָסטו מיר דערציילט באָבע־מײַסעס? — האָט ער זי אָנגענומען בא דער האנט.

— יאָ, — האָט טאניע זיך דערמאָנט. — די באָבע איז ערגעץ אוועקגעגאנגען, און איך ווייס ניט וווּהין.

— זי איז בא אונדז!

— פונוואנען ווייסטו?

— זי איז געקומען צו אונדז, און איך בין אוועק אהער, צו דיר...

— וואָס זשע טוט זי דאָרט בא אײַך?

— מיסטאמע קלאָגט זי זיך אף אונדז ביידן...

— קום זשע גיכער אהין! — האָט אויסגערופן טאניע.

אין א ווײַלע ארום האָבן אירע הויכע קנאפּל און זײַנע ברייטע אָפּצאסן באנאנד געפּײַקלט איבער די טרעפּ. אין א מינוט פופצן ארום איז דאָס פּאָרל שוין געוועזן בא טאָליען אין דער היים.

טאָליעס עלטערן און טאניעס באָבע זײַנען געזעסן אומעטיקלעך באם טיש, אף וועלכן עס האָבן זיך שוין לאנג געהאט אויסגעקילט די פולע גלעזער טיי.

דערזען די יונגעלײַט, האָט עטיע לוואָוונע זיך א ריס געטאָן פון אָרט. די באָבע ריווע האָט א פּליעסקע געטאָן מיט די הענט:

— אָט האָסטו זיי!

רעפאָעל האָט אַלץ מיט זײַן קלוימערשטער גלײַכגילטיקײַט א זאָג געטאָן:

— נו, קומט ארײַן. מע קלײַבט זיך אײַך ניט ארויסטרײַבן...

און דאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַלץ באנײַס: זי, טאניע, וויל פאָרן מיט טאָליען, זי קען דאָך אָבער די באָבע אליין ניט איבערלאָזן. איז וואָס טוט מען?

— איז עק וועלט! — האָט זיך אָנגערופֿן די באָבע ריווע. — לייגט מען זיך אריין אין בעט און מע גיסט טרערן...

— נו, זאָג, באָבע, וויאַזוי קאָן איך דיך אליין איבערלאָזן?

— און איך — דיך קאָן אוודע ניט איבערלאָזן... ביסט דאָך נאָך גאָר א קינד... — האָט די באָבע ארומגענומען טאניען. — טוט מען א פרעג בא מיר... עפשער וויל איך אויך פֿאָרן אהין, ווי הייסט עס בא אייַך, אף טשוקאָטקע?.. אויב אייַך וועט דאָרטן זייַן וואַרעם, וועל איך אויך ניט פארפֿראָרן ווערן...

— באָבע, דו וואָלסט דען געפֿאָרן? — האָט, מוירע האָבנדיק צו גלייבן, איבערגעפרעגט טאניע.

— וואָס זשע זאָל איך טאָן מיט דיר, פֿויגל מייַנער!..

— אוי, באָבע! — האָט טאניע גענומען זי קושן.

אפֿן טיש האָט זיך באוויזן א פֿלאַש ווייַן, מע האָט גאָרניט באמערקט, ווען רעפֿאָעל האָט זי ארויסגעשטעלט. צובייַסנס אין קיך האָט זיך אויך געפֿונען.

די באָבע ריווע האָט אופֿגעהויבן א קליין בעכערל:

— זאָל עס זייַן אייַער קנאַסמאָל, קינדער!..

דערנאָך האָט די באָבע מיטן בעכערל זיך א קער געטאָן צו טאטע־מאמע:

— לאָמיר אין זיי האָבן נאכעס...

טאָליע און טאניע האָבן געקוקט איינער דעם אנדערן אין די אויגן און האָבן געשמייכלט.

עס איז שוין געווען גאָר שפּעט אין אָוונט, ווען טאָליע איז אוועק באגלייטן אהיים טאניען מיט דער באָבע.

עטל און רעפֿאָעל זייַנען געשטאנען באַם צעעפֿנטן פֿענצטער, נאָכגעקוקט דעם זון מיט זייַן קאַלע און האָבן געטראכט: דאכט זיך, גאָר ניט לאנג זייַנען זיי אליין געווען אזעלכע, ווי אָט דאָס יונגע פֿאָרפֿאָלק, נאָרוואָס ארייַנגעטראָטן אין לעבן. וויפֿל וואָסערן זייַנען זינט דאן אָפּגעפֿלאָסן... און אָט — א נייַער אופֿגאנג... זאָל זייַן מיט מאזל!

# נאַטורמאָרטן

## קונסט

אויף דער אויסשטעלונג האָב איך דערזען שטיין לעבן זיך א מענטשן. ביידע האָבן מיר באַטראַכט איין בילד. אויך ער האָט, פונקט ווי איך, מיט באַגײַסטערונג זיך אײַנגעזויגן מיט די אויגן אין דעם פּרעכטיקן לעבנספריידיקן נאַטורמאָרט: טעלערכע מיט זאַפטן שפּילנדיקע עפּל; א קאַווענע, וואָס איר קווערשניט האָט געפלאַמט, ווי א זיך זעצנדיקע זון; א פּאָר העגנלעך דורכזיכטיקע, אין אייגענער זיסקייט פאַרכאַלעשטע ווײַנטרויבן און אין א זײַט — א וואַזע מיט בלאַספּיאָלעטע אַסטרעס, פון וועלכע עס האָט געוואונקען די מילדע אָנגעזעטיקטקייט פון האַרבסט... דאָס ניט־גרויסע געמעל האָט אויפגעפּראַלט פאַרן צוקוקער לויכטנדיקע פענצטער אין א וועלט פון צײַטיקײַט און פרייד, האָט גערופן צום לעבן, האָט דערציילט, אַז די גאַנצע שעפע פון דער נאַטור איז געגעבן דעם מענטשן, אַז אַלץ לעבט און בליט פונדעסטוועגן, פאַר זײַן וווּל און גליק.

— ווי איך זע, פאַרשאַפט אויך אײַך דאָס בילד גרויס פאַרגעניגן? — האָט דער שאָכן זיך געווענדט צו מיר מיט א פראַגע און באַלד אַליין באַשטעטיקט, — און ווי קאָן דאָס זײַן אַנדערש? וואָס מער מע שפּיגלט זיך אין דעם געמעל, אַלץ מער שפּירט מען דעם געווירציקן טאַם און רייעך פון לעבן, ניט עמעס?

— איר האָט רעכט, — האָב איך אים געזאָגט, — דאָ דערפילן מיר באַזונדערס שאַרף אונדזער צונויפגעבונדנקײַט מיט דער נאַטור. דורך אַזעלכע נאַטורמאָרטן...

— אָט דאָס וואָרט וויל איך ניט הערן! — האָט ער מיך איבערגעשלאָגן, — בעשום־אופן ניט! זעט איר, וועגן דער פאַרבונדנקײַט מיט דער נאַטור האָט איר געזאָגט ריכטיק. פאַרוואָס אָבער באַנוצט איר דעם מיִעסן, אומווירדיקן נאָמען „נאַ־טור־מאָרט“?! מאָרט... דאָס באַטײַט דאָך טויט! נאַטור — און טויט! אָט דאָס בילד — און טויט! פילט איר דען אַליין ניט, אַז דאָס איז א פאַרשוועכונג?!

ער האָט גערעדט אַלץ העכער, זשעסטיקולירט אַלץ העפטיקער. עטלעכע באַזוכער האָבן זיך אָפּגעשטעלט, מע האָט זיך גענומען קלײַבן אַרום אונדז.

— זאָגט אַליין, — האָט ער זיך געווענדעט צו זיי, אָנווײַזנדיק אויף דעם בילד, — איז דען ניט קיין פאַרברעכן אָנצורופן אַזא לעבעדיק, שטראַלנדיק געמעל מיט יענעם טויטן נאָמען? ווי פּאַסט עס גאָר?

— איך מיין, אַז דאָס פּאַסט יאָ! — איז איינער פון דער גרופּע צוגעשטאַנען צום געשפּרעך. דאָס איז געווען אַזוי אומדערוואַרט, אַז דער היציקער קונסט־ליבהאָבער האָט אין דעם ערשטן מאָמענט זיך גאָר פאַרלוירן. דערנאָך האָט ער מיט אַן איראָנישן טאָן א פרעג געטאָן:

— ווי זאָל מען דאָס פאַרשטיין?

יענער אָבער האָט זיך ניט באַליידיקט און געדולדיק גענומען אַנטוויקלען זײַן געדאַנק.

— דער קינסטלער, זעט איר, — האָט ער געזאָגט, — מאָלט דאָך אויף זײַנע נאַטורמאָרטן זאַכן, וואָס זײַנען אויסגעוואָרצלט פונעם לעבן: פּייִרעס, אַראָפּגעריסענע פון דיביימער; אַראָפּגעשניטענע בלומען, געשאָכטענע אויפעס... אָבער ברענגען אונדז דען די בילדער דעם גרוס פון טויט און פירן זיי אונדז דען אַרויף אויף אָט דעם געדאַנק? מיטן קויעך פון דעם מאָלערס מײַסטערשאַפט שטייט דאָס אַלץ אויף צו א נײַ לעבן, צו א לעבן פול מיט פרייד. טאָקע אָט די נאַטורמאָרטן באַווײַזן אונדז אויפן בולעטסטן אופן, ווי אַלמעכטיק די קונסט איז.

# אױף דער באַשולדיקונגס־באַנק

דער סעקרעטאַר פֿון געריכט האָט געלייענט די באַשולדיקונג.

— דער אָנגעקלאָגטער, — האָט ער אָנגעהויבן, — האָט קיינמאָל ניט אָנגערירט יענעמס, וואָס אַ האָר איז ווערט. זײַן ערלעכקײַט איז באַוווּסט...

איך האָב אַ שמייכל געטאָן און זיך ניט געקאָנט אָפּהאַלטן פֿון איבערשלאָגן אים מיט אַן אױסרוף:

— דאָס איז די באַשולדיקונג קעגן מיר?! אַ פֿײַנע באַשולדיקונג, כ׳לעבן.

דער ריכטער האָט מיר באַפֿוילן שווײַגן, און דער סעקרעטאַר האָט ווײַטער געלייענט:

— ...ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אַז דער אָנגעקלאָגטער איז זײַן גאַנץ לעבן געווען ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַ פּאַשעטער גאַנעוו...

איך בין אופֿגעשפּרונגען. אַ גאַנעוו?! וואָס נאָך וועט מען אויסטראַכטן אױף מיר?! נו, דאָס איז געוויס אַ טאָעס! באַלד וועט זיך דאָך געוויס אַלץ אױפֿדעקן...

ווען דער ריכטער האָט זיך געווענדעט צו מיר מיט דער פֿראַגע, צי איך אָנערקען זיך פֿאַר שולדיק, האָב איך אויסגערופֿן אין גרויס אויפֿרעגונג:

— ניין! טויזנט מאָל ניין! ס׳איז אַ שענדלעכער בילבול! ס׳איז...

— מאַכט זיך נאָר ניט טאַמעוואַטע! — האָט דער ריכטער שטרענג איבערגעשלאָגן. — פֿאַראַן קעגן אײַך שווערע באַווײַזן!

און, בלעטערנדיק דאָס היפּשע פּעקל אַקטן, וואָס איז געלעגן אױפֿן טיש, האָט ער אָנגעהויבן:

— זאָגט מיר נאָר, אָנגעקלאָגטער, אױף וואָס האָט איר אין מעשׂעך פֿון אַ גאַנץ לעבן באַנוצט אַזאַ שאַרפֿזיניקן מעכאַניזם, ווי דער מויעך? אָדער דעם הייסבלוטיקן אַפּאַראַט, וואָס טראָגט דעם נאָמען האַרץ? און וואָס האָט איר געטאָן מיט אַזאַ ראַפֿינירט געצײַג, ווי גײַסט, און מיט אַזעלכע צאַרטע אינסטרומענטן, ווי נערוון?.. ווײַטער, וואָס פֿאַרא געברויך האָט איר געמאַכט פֿון אַזעלכע קאָמפּליצירטע אָרגאַנען, ווי די רייד־קראַפֿט און די ריִע?.. פֿון די אַקטן זע איך אַרויס, אַז אַנשטאָט דעם איר זאָלט מיט דער הילף פֿון אָט די װוּנדערלעכע מאַטאָנעס, וואָס די נאַטור האָט אײַך געגעבן, אײַנזאַפּן אין זיך אַ וועלט פֿון דערהויבנקײַט און פּראַכט און דאָס פּאַרטיילן צווישן מענטשן, האָט איר זיי גאָר אויסגענוצט אױף צו באַפֿרידיקן פֿאַרשיידענע קליינלעכע אינטערעסן, פֿאַרשווענדט אױף נישטיקע צוועקן, פֿאַרטאַכלעוועט אױף גאָרנישט מיט נישט... נו, זײַט איר דען ניט קיין גאַנעוו?

— אָבער, איך פֿאַרשטיי ניט... — האָב איך זיך אָפּגערופֿן, — איך קאָן מאַסקים זײַן, אַז איך האָב עפּשער ניט גענוג געשאַנעוועט די אָנגערופֿענע מעכאַניזמען... אָבער זיי זײַנען דאָך מײַנע אייגענע! איז וועמען האָב איך באַגאַנוועט?

— וועמען, פֿרעגט איר? — האָט דער ריכטער אויסגערופֿן מיט אַ דונערדיקער שטים. — זיך האָט איר באַגאַנוועט! און ניט נאָר זיך אַליין, איר האָט באַגאַנוועט אַלעמען, ווער עס וואָלט געקאָנט געניסן פֿון אײַערע דערגרייכונגען, ווען איר וואָלט אויסגענוצט ווי געהעריק די אַלע אייגנשאַפֿטן! און אַכוץ אַלעמען, האָט איר נאָך באַגאַנוועט די נאַטור, וואָס האָט אײַך באַשאָנקען מיט דער ברייטער האַנט! יאָ, איר זײַט אַ פּאַשעטער גאַנעוו! צום באַדויערן, איז קיין ספּעציִעלער פּאַראַגראַף פֿאַר אײַער פֿאַרברעכן אין שטראָף־קאָדעקס נאָך דערווײַל ניטאָ! אָבער, — און ער האָט געשווינד, מיט גרויס אופֿרעגונג גענומען בלעטערן דאָס געזעץ־בוך, — מיר וועלן שוין אויסגעפֿינען...

צו וואָס פֿאַר אַ שטראָף איך בין צוגעמישפּעט געוואָרן, האָב איך זיך ניט דערוווּסט. ווײַל גראָד אין דעם מאָמענט האָב איך זיך אופֿגעכאַפּט. אָבער זינט דעמלט האַלט איך זיך אין איין ברעכן דעם קאָפּ: וואָס פֿאַר אַ שטראָף קומט מיר? וואָס פֿאַר אַ שטראָף קומט אַ מענטשן, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן באַגאַנוועט זיך אַליין, באַגאַנוועט מענטשן און באַגאַנוועט די נאַטור?
עפּשער וועט איר מיר זאָגן, וואָס פֿאַר אַ שטראָף קומט מיר?

●

# גראָווע קעפּ

די סאָסנעס האָבן, ווי עס שײַנט, איבערגעלעבט א גרויסן אומגליק, ווײַל איבער דער נאַכט זײַנען זייערע קעפּ גראָוו געוואָרן, דער גרינער סכאָך איז ארומגעוואקסן געוואָרן מיט טוי־גע־פריר. עס האָט אויסגעזען, ווי פון נעפּל קוקן ארויס געליטענע מענטשן, באלאָדענע מיט פריציי־טיקער גראָווקייט, וואָס וועט שוין אלעמאָל בלײַבן אף זיי.

אָבער די גראָווקייט פון די סאָסנעס איז געווען אן איבערגייענדיקע. ווײַל שפּעטער־צו, ווי נאָר די זון האָט דורכגעריסן דעם נעפּל און פארבלאָנדזשעטע שטראַלן האָבן זיך ארײַנגעפּלאָנ־טערט צווישן די גראָווע קעפּ, האָבן זיך צוריק ארויסגעשיילט די פריילעכע גרינע נאָדל־בינט־לעך. פון צווייג צו צווייג האָבן געגומען זארגלאָז ארומשוועבן וועווריקלעך, און די שטאָלצע קרוי־נען האָבן מיט אופגעוועקטער האָפערדיקייט זיך צעוויגט אונטער די גינגאָלדענע זון־שמייכעלעך.

...דרייט זיך ארום א מענטש צווישן די שטאָלצע סאָסנעס און בעט זיי אנטפלעקן אים דעם סאָד, ווי מע קאָן אזוי געשווינד אומקערן זיך צו א נײַ לעבן און צו נײַער האָפענונג נאָך א דורכגעלעבטן אומגליק, פון וועלכן מע ווערט איבער נאַכט גראָוו... און ער הערט פליסטערן:

— זאָפּ אײַן מיט אלע דײַנע כושים די פרייד, וואָס די זון ברענגט... זאָל אונטער איר גאָלדענעם שמייכל צעגיין דײַן לייד און צאַר... אזוי ווי מיר!

— וועט די גראָווקייט פון מײַן קאָפּ דעמלט פארשווינדן? — פרעגט ווײַטער דער מענטש מיט פארטײַעטן אָטעם.

די ביימער שאָקלען טרויעריק מיט די זון־באשטראַלטע קרוינען און ענטפערן ניט. און וואָס קאָנען זיי ענטפערן? זיי ווייסן דאָך, אז פון דעם מענטשנס קאָפּ וועט די גראָווקייט קיינמאָל אונטער קיין שום זון ניט פארשווינדן... און שווײַגנדיק פארבייגן זיי פארן מענטשן זייערע גרינע קעפּ. זיי אנערקענען, אז זײַן אופטו איז גרעסער פון זייערן. ניט שווער איז אין גרינע האָפערדיקע צווײַגן לאָזן שפּילן א צעשמייכלטע זון. שווערער אָבער איז צו טראָגן אין הארצן ברויז און ברען דעמלט, ווען דער קאָפּ איז שוין פארצויגן מיט ניט־פארגייענדיקער גראָווקייט.

און דאָס קאָן באַווײַזן נאָר דער מענטש.

●

# געפּוצטע שיך

אין א צעשטראַלטן מיי־טאָג בין איך געזעסן אף א באַנק אין שטאָט־גאָרטן און זיך מעכײַע געווען, ארויסשטעלנדיק מײַן פארבענקט נאָך װארעמקייט פּנים אנטקעגן די לײַטזעליק־גלעטנ־דיקע פינגער פון דער זון. לעבן מיר איז געזעסן נאָך עמעצער. געזעסן ברייטלעך, פארלייגט א פוס אף א פוס. ווען איך האָב צופעליק געוואָרפן א זײַטיקן בליק אף מײַן שאָכן, האָב איך דערזען, אז ער באטראכט אופמערקזאַם דעם שפּיץ פון זײַן שוך, וואָס בלישטשעט אין די שטראַלן פון דער זון. איך האָב א מורמל געטאָן, ווי סטאַם אזוי, אין דער וועלט ארײַן:

— מאָדנע מענטשן פאראַן... אָנשטאָט זיך צו קוויקן מיט דער זון...

מײַן געמורמל איז דערגאנגען צו אים, און ער האָט זיך געווענדט צו מיר:

— פונוואַנען ווייסט איר, אז איך קוויק זיך ניט מיט דער זון?

— מיר האָט זיך געדוכט, אז איר קוויקט זיך מיטן שפּיץ פון אײַער שוך...

— און פארוואָס טאַקע ניט? — האָט ער זיך פאנאנדערגעשמייכלט, — זע איך דען דאָרטן ניט די זעלבע זון, וואָס איר? און אפילו נאָך בעסער פון אײַך... איר ווערט דאָך נאָר פארבלענדט, אָבער איך קען קוקן אף איר, ווײַל איך טראָג די זון בא זיך, אָט־דאָ...

מיט א קלעצלדיקן, האַריקן פינגער האָט ער צערטלעך א גלעט געטאָן דעם שפּיץ פון זײַן בליציק־אויסגעפּוצטן שוך און פארענדיקט:

— פאַר מיר קלעקט אזא זון, ווי איך זע דאָ! איך בין זייער צופרידן. מער — דאַרף איך ניט...

— איך זע טאַקע, אז מער דאַרפט איר ניט... — האָב איך געזאָגט און בין אוועק, קעדיי צו זײַן וואָס ווײַטער פון דעם פארשוין, ווען עס קלעקט די אָפּשפּיגלונג פון דער זון אין דעם שפּיץ פון זײַן אָפּגעפּוצטן שוך...

●

# ווען דער כעזשבן שטימט ניט...

מיט אינטערעס קוק איך זיך צו, ווי געשיקט דער בוכהאלטער יאָגט ארום די ביינדלעך איבער דער רעכן־ברעט. שטימט דער כעזשבן, בלײַבן די ביינדלעך רוען; שטימט ער ניט, טוט דער באַל־כעזשבן זיי א טרײַב צוריק אהין, פונוואנען זיי זײַנען געקומען, און הייבט אָן רעכענען פונדאָסנײַ. אזוי עטלעכע מאָל. אז עס פאלט צונויף ביז א קאָפּעקע, הייבט ער אוף די אויגן און קוקט מיך אָן מיט דער צופרידנקײַט פון א מענטשן, בא וועמען אלץ איז אין אָרדענונג.

— איך זע, — זאָג איך צו אים, — אז איר זײַט שטארק קאָנטעט מיט דעם, וואָס דער כעזשבן שטימט...

— אוואדע! — ענטפערט ער און גיט צו מיט א פולער זיכערקײַט, — פריִער צי שפּעטער מוז דאָך דער כעזשבן שטימען!

— אף דער רעכן־ברעט געוויס! — רוף איך אויס, — אין לעבן אָבער גייט ניט אלעמען אזוי. דער מענטש קאָן מיט זײַנע טעג ניט טאָן דאָס אייגענע, וואָס איר טוט מיט די רעכן־ביינדלעך...

— און וואָס, אשטייגער וואָלט ער באדארפט טאָן? — קוקט מיך אָן דער בוכהאלטער מיט כידעש.

אָבער אנשטאָט צו ענטפערן דירעקט, טו איך אים גאָר א פרעג:

— ווי האלט איר, באגייט דער מענטש אין זײַן לעבן טאָעסן?

— דאכט זיך, אז יאָ. עפּשער נאָך מער, ווי מיר אין אונדזערע גראָס־ביכער...

— אוואדע זײַט איר גערעכט! — בין איך מאסקים, — אָבער ווען בא אײַך שטימט ניט דער כעזשבן, וואָס טוט איר? איר רעכנט איבער איין מאָל און נאָך א מאָל, ביז ער גייט זיך צונויף... זאָגט מיר אָבער, וואָס קאָן טאָן א מענטש, ווען ער באגייט א טאָעס אין לעבן און דער כעזשבן בא אים שטימט ניט? ער קאָן דאָך ניט צוריקיאָגן די טעג און אָנהייבן פונדאָסנײַ!

א ווײַלע האָט דער בוכהאלטער געטראכט און דערנאָך געזאָגט:

— טאקע עמעס... אָבער דערצו איז פאראן א מיטל, א פּאָשעטער מיטל. איידער מע גייט עפּעס טאָן, דארף מען אפצופריִער אין קאָפּ און אין הארצן גוט בארעכענען... דעמלט וועט זיך אין סאכאקל קיין טאָעס ניט ארײַנכאפּן!

געוויס איז ער גערעכט, דער בוכהאלטער. טויזנט מאָל גערעכט. און אלע ווייסן וועגן אָט דעם מיטל. מע באנוצט זיך אָבער מיט אים ניט אָפט, און דעריבער שטימט דער כעזשבן ניט שטענדיק.





געדאליע קאָסאָי האָט אין די צוואַנציקער יאָרן געלעבט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. מיר האָבן שוין געהאַט די געלעגנהייט צו דרוקן זײַנע זיכרוינעס וועגן מאָריס ראָזענפעלדן „(סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 6 פאַר 1965). אין זײַנע שווערע וואָגלענישן איז דעם פּאַשעטן פאָלקס־מענטשן, נאַטירלעך, ניט אויסגעקומען צו באַאָבאַכטן דאָס לעבן פון די עמעסע אַמעריקאַנער מאָנאָפּאָליסטן, ער האָט באַשריבן דעם „מאָנאָפּאָליסט", וועלכן ער האָט באַגעגנט.

געדאליע קאָסאָי איז געבוירן אין 1903 אין שטעטל כאַשטשעוואַטע (אוקראַיִנע). אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1935. אָנטיילגענומען אין דער גרויסער פּאַטעריאָטישער מילכאָמע. וווינט אין ווינניצע.

געדאליע קאָסאָי

# דער מאָנאָפּאָליסט

הײַנט, כאָטש ס'איז געווען דער ערשטער אינדערפרי פונעם נײַעם יאָר, האָט מען דזשייקאָבן אויפגעוועקט אין דער זעלבער צײַט, ווי שטענדיק, ווײַל אין דעם נאַכטלעגער־הויז אויף באָוערי־סטריט אין ניו־יאָרק איז געווען אײַנגעשטעלט אַ שטרענגע אָרדענונג: סײַ זומער, סײַ ווינטער, סײַ אינדערוואָכן, סײַ יאָמטעוו, פונקט זעקס אַזייגער אינדערפרי צעעפענען די אויפראַמערנס די טירן און די פענצטער פון דער בייסמענט[1] און טרײַבן אַרויס די קליִענטן אויף דער גאַס.

דזשייקאָבן האָט זיך דאָס מאָל, עפּשער מער ווי אַלעמאָל, זייער שטאַרק ניט געגלוסט אויפשטיין, ווײַל כוץ דעם, וואָס עס האָבן אים שטאַרק ווײ געטאָן אַלע געלענקען, האָט ער לויט די פאַרפרוירענע שטיקלעך פענצטער, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט צו דער גאַס, פאַרשטאַנען, אַז אין דרויסן איז קאַלט און אַרומבלאָנקען איבער די פּוסטע פאַרטאָגיקע גאַסן אין זײַן הוילעך וועט זײַן גאָר פון די קליינע פאַרגעניגנס.

דערפילט די קעלט, וואָס האָט זיך אַרײַנגעריסן דורך די צעעפנטע טירן און פענצטער, האָט דזשייקאָב מאַשינעל אַ צי געטאָן איבערן קאָפּ די קאָלדרע און כאָטש נאָך אַ מינוטקעלע געוואָלט האַנאָע האָבן פון לעבן. באַלד האָט ער דערפילט אויף זיך שמיץ פון אַ בעזעם און דערהערט דאָס קאָל פון דער אויפראַמערן:

— היי, מאָנאָפּאָליסט! — האָט זי געשריִען. — שטיי אויף, אויב ניט, שלעפּ איך גלײַך אַראָפּ דיך מיט דײַן הויקער אויפן דיל.

ווען דזשייקאָב איז אַרויס אויף דער גאַס, האָבן אַ פראָסט מיט אַ ווינט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים, ווי גאַנגסטערס, און גענומען ראַבעווען דאָס ביסל וואַרעמקייט, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט פאַר אַ גאַנצער נאַכט. דזשייקאָבן, וועלכער האָט אויף זײַן הויקער געטראָגן עטלעכע און פופציק יאָר, איז ניט איין מאָל אין לעבן אויסגעקומען האָבן צו טאָן מיט אָט דעם „צווילינג", און ער האָט זיך געוווינט פאַרטיידיקן פון זײַן אָנגריף. צום ערשטן, האָט ער אָנגערוקט דעם הוט איבער די אויערן. צוויטנס, האָט ער פאַרשפּיליעט זײַן אַלטן רעגנמאַנטל ביזן סאַמע אייבערשטן קנעפּל, דריטנס, האָט ער ווי אַמאָל, נאָך אין די יונגע יאָרן, גענומען אונטערשפּרינגען, נאָר אינגיכן האָט אים פאַרשלאָגן דער אָטעם, און ער האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דעם דריטן מיטל.

— אָך! וואָס עס קאָן ווערן פון אַ מענטשן, — האָט דזשייקאָב אַ טראַכט געטאָן. ווען ער, קאָפּל לייב דעם ווײַסנס זיבעצניאָריק באָכערל, איז נאָך די דעניקינישע פּאָגראָמען אַוועק פון כאַשטשעוואַטע קיין אַמעריקע זוכן גליק און געאַרבעט אַלס טרעגער אין האַפן, פלעגט ער אַ כאַפּ טאָן אַ זעקל ווייץ אָדער צעמענט און אַוועק דערמיט אונטערשפּרינגענדיק. און איצט?.. איצט איז אים שווער אַרומטראָגן דעם אייגענעם הויקער.

נישקאָשע, האָט ער זיך געטרייסט, אַ סאַך זײַנען אים נאָך מעקאַנע. ער איז דאָך עפּעס אַ מאָנאָפּאָליסט.

[1] האַלב־קעלער.

און דער פראָסט מיטן ווינט האָבן אים שוין דערווײַל אײַנגאַנצן באַראַבעוועט. עס האָט אים אָנגעהויבן קלאַפּן אַ צאָן אין אַ צאָן. מע קאָן זיך אַרײַנכאַפּן אין מעטראָ, נאָר דאָרט באַדאַרף מען צאָלן. און עפּשער גאָר אַרײַנגיין אין טולאַנטשרוט אַ נעם טאָן די מעניו, ווי גלײַך ער זוכט עפּעס אַ מײַכל, און ביז וואָס ווען זיך אָנוואַרעמען, נאָר ווי נאָר ער איז אַריבערגעטראָטן די שוועל, האָט אַ ווערגעלעך, וואָס איז געשטאַנען בײַ דער טיר, אַ פרעג געטאָן:

— וואָס וועט איר עפּעס עסן, מיסטער? אַ ביפשטעקס מיט אַ מושטאַרד אָדער אַ הינדל, געפּרעגלט אַף פּוטער?

קעדיי ניט כאַפּן קיין קלעפּ, איז דזשייקאָב אַפּגיך אַרויס.

ביז דער פּופּציקסטער סטריט, ווו עס האָט זיך געפונען דזשייקאָבס מאָנאָפּאָליע, איז נאָך געווען ווײַט און, קעדיי כאָטש אַ ביסל פאַרגעסן אָן דער קעלט, האָט ער אָנגעווענדט דאָס לעצטע מיטל: טראַכטן פון עסן. אָט דער געדאַנק האָט אים אַ ביסל דערוואַרעמט.

אָט איז שוין די צוואַנציקסטע, די דרײַסיקסטע, די פערציקסטע סטריט. עס האָט אָנגעהויבן שאַרייִען אַף טאָג. אין די קאַפע און רעסטאָראַנען האָט געברענט שײַן. דאָרט האָט מען נאָך פאַר־געזעצט באַגעגענען דאָס נײַע יאָר. הונדערטער רעקלאַמעס האָבן פאַרבעטן אין ערטער, ווו מע קאָן זיך פריילעך מאַכן. נאָר וואָס האָט עס געקענט אָנגיין דזשייקאָבן? האָט ער געײַלט צו זײַן מאָנאָפּאָליע אַף דער פופציקסטער סטריט.

נאָך פון ווײַטן האָט דזשייקאָב דערזען די ליכטיקע פענצטער פונעם צווײשטאָקיקן מויערל, וואָס איז געשטאַנען, ווי אַ שפּילכל, צווישן צוויי הימלקראַצער. אַ וואַרעם געפיל האָט אים אַרומ־געכאַפּט. אָט די שײַן האָט אײדעס געזאָגט, אַז אין דעם מויערל מאַכט מען זיך נאָך פריילעך לעקאָווער נײַ־יאָר, און ער וועט, הייסט עס, אויך אָפּלעקן אַ ביינדל.

דזשייקאָבס מאָנאָפּאָליע האָט זיך געפונען אַף דער טעריטאָריע פון אָט דעם מויערל. דאָס איז געווען אַן אײַזערנער מיסטקאַסטן, וואָס איז געשטאַנען אין הויף, אין אַ ווינקל, סאַמע לעבן שטיינערנעם פּלויט.

געהערט האָט דאָס מויערל דעם געוועזענעם שעף פון דער האַפן־פּאָליציי וויליאַם מאַקמאַ־גאָן, וועלכער איז זיך אַמאָל קוינע־שעם געווען מיט זײַן אַכזאָריעס.

גראָד ער, דער דאָזיקער מאַקמאַגאָן, האָט עס בײַס אַ שטרײַק אין איין און פערציקסטן יאָר דערלאַנגט אַזאַ זעץ דזשייקאָבן איבער דער פּלייצע מיט אַ פּלאָקן, אַז יענער האָט לאַנג גע־קרענקט, באַקומען אַ הויקער און שוין מער אַרבעטן ניט געקענט. דעריבער טאַקע, ווען דער קרומער מאַק, וואָס האָט אַמאָל געהאַלטן די מאָנאָפּאָליע אַפן מיסטקאַסטן בײַ מאַקמאַגאָנען אין הויף, איז געשטאָרבן, האָבן כעוורע היימלאָזע באַשטימט, אַז דער געזעצלעכער יורעש פון אָט דעם מיסטקאַסטן באַדאַרף זײַן דזשייקאָב, און ער איז אַזויאַרום, גאָט צו דאַנקען, געוואָרן אַ מאָנאָפּאָליסט.

דאָס מויערל איז געשטאַנען אין דער טיף פונעם הויף. אַ ברייטע אַספאַלטירטע אַליי האָט געפירט צום פּאַראַד־אַרײַנגאַנג. פון ביידע זײַטן זײַנען געשטאַנען פאַרשנייטע ביימער. אונטער איינעם אַ בוים האָט געדרעמלט אַ סאַנטאַ קלאַוס[1] אין פּולער פּראַכט. לעבן דעם פּאַראַד־אַרײַנ־גאַנג האָבן געפינקלט מיט לאַק און מעטאַל עטלעכע מאַשינעס.

ווען דזשייקאָב איז אַרײַן אין הויף, האָט ער אינסטינקטיוו זיך אַ וואָרף געטאָן צו זײַן מאָ־נאָפּאָליע און כאָטש ער האָט געוווסט, אַז אין אַזאַ פרייִער שאָ איז דאָרט נאָך גאָרנישט ניטאָ, האָט ער דאָך זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן פונעם ניסאָיען אַן איבעריק מאָל אַ קוק טאָן אַהין. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם ליידיקן מיסטקאַסטן, געריבן אַ האַנט אין אַ האַנט, געזשמורעט די אויגן. זיך געוואָלט פאָרשטעלן, מיט וואָס זשע וועט ער זיך הײַנט פּאָזשיווען. פאַראַיאָרן אין דער צײַט, ווען עס איז דאָ ניט געווען קיין איין מאַשין, האָט ער פון זײַן מאָנאָפּאָליע אַרויסגענומען אַ גאַנצע טאָרבע מיט שטיקלעך געבראָטענעם אינדיק, וווּרשט, פרישע בולקע, אָמלעט, סאַלאַט, שפּינאַט אוכדוימע, שוין אָפּגערעדט פון היפּשע שטיקלעך האַוואַנישע סיגאַרן. ער געדענקט, ער האָט דעמלט אַליין גוט אָפּגעגעסן און נאָך מעכאַבעד געווען די כאַווײרים זײַנע, הײַנט איצט, אַז עס שטייען דאָ עטלעכע מאַשינעס מיט געסט, איז שוין אָפּגערעדט. עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס ער האָט מיט זיך אַזאַ קליינע טאָרבע.

ער האָט מיט אומגעדולד געקוקט צום מויערל, עפּשער טראָגט שוין דאָס דינסטמיידל דאָס מיסט? נאָר ניין. עס איז נאָך צו פרי. ביפראַט איצט, ווען אַלע מאָל פאָרט אַרײַן אַ נײַע מאַשין מיט געסט, וועט זי דאָך ניט אַראָפּכאַפּן פונעם טיש די שיראַיִם און טראָגן אַהער, נאָר דערפאַר, וואָס אים ווילט זיך אַזוי.

---

[1] זיידע פראָסט.

עמעס, צווישן די דינסטמיידלעך, וואָס דער אַלטער רועך האָט אַלעמאָל געביטן, זײַנען געווען גוטהאַרציקע, ווילדע. אָט געדענקט ער, צוריק מיט אַ פּאָר יאָר האָט דאָ געדינט אַ מורלאַטקע, אַ יעפּאַס־טויער. פֿון אירע אויגן האָבן אַרויסגעשײַנט צוויי זונען. זי פֿלעגט צווישן די אָפּשניצלעך בעקיוון אַרײַנלייגן גאַנצע אויצרעס: שטיקער ברויט, ריפּטלעך ווורשט. איין מאָל אַ יאָמטעוו האָט זי אין מיסטקאַסטן אַרײַנגעוואָרפֿן קימאַט אַ פֿערטל פֿלאַש וויסקי. נאָר דאָס האָט לאַנג ניט געדויערט. אינגיכן האָט די מולאַטקע ניט געשטײַעט.

פֿון לאַנג שטיין אויף איין אָרט זײַנען בײַ דזשייקאָבן די פֿיס פֿאַרקאַלייעט געוואָרן, און ער האָט באַשלאָסן דערווײַל זיך דורכשפּאַצירן. ווען ער איז אַרויס פֿון הויף, זײַנען אַרײַנגעפֿאָרן נאָך דרײַ מאַשינעס מיט געסט. צווישן זיי אַ סאַך אין פּאָליציייִשע מונדירן, געוויס מאַקמאַגאָנס אַלטע גוטע ברידער. הייסט עס, אַז דער יאָמטעוו איז אין פֿולן ברען און דאָס מיסט וועט מען נאָך אַזוי גיך ניט אַרויסטראָגן.

דזשייקאָב האָט פּאַמעלעך גענומען שפּאַנען לענגויס דער גאַס. עס איז געוואָרן ליכטיק. פֿונעם איסטריווער, וואָס איז געווען דערבײַ, האָט אומגעריכט אַ בלאָז געטאָן אַ וואַרעם ווינטל.

דזשייקאָב האָט זיך שטאַרק דערפֿרייט. ער האָט פֿאַרקערעוועט אויף דער צוויי און פֿופֿציקסטער גאַס. לענגויס דעם בעטאָנירטן ברעג טײַך האָבן שוין באַרעמהאַרציקע ברידער פֿונעם הינטישן שפּיטאָל, וואָס געפֿינט זיך אויף דער דאָזיקער גאַס, אַרומגעשפּאַצירט מיט זייערע פֿירפֿיסיקע פּאַציִענטן. עס איז געוואָרן אַלץ וואַרעמער, אַ גרויסע פֿײַערדיקע זון האָט זיך אַרויסגעקײַקלט און זיך גענומען שפּיגלען אין די פֿענצטער פֿונעם הינטישן שפּיטאָל. פֿון דאָרט האָבן אָנגעהויבן זיך באַווײַזן באַרעמהאַרציקע שוועסטער מיט הינטעלעך אויף די הענט, אײַנגעדעקטע מיט וואַרעמע זײַדענע קאָלדרעס.

ווען דזשייקאָב האָט זיך אומגעקערט צו זײַן מאַנאָפּאָליע, האָט ער אין הויף געטראָפֿן אָן אַ שיר מאַשינעס. ער האָט זיך אַזש פֿאַרכלינעט פֿון פֿאַרגעניגן. אַפּאָנעם דער אַלטער אַכזער פֿײַערט איצט זײַן געבורטס־טאָג. אַ שאָד, אַ שאָד, וואָס ער האָט אַזאַ קליינע טאָרבע. עס איז געוואָרן אַלץ וואַרעמער. דער סאַנטאַ קלאָוס, האָט זיך אויסגעוויזן דזשייקאָבן, האָט געשמייכלט צו אים, ווי ער וואָלט זאָגן:

— זאָרג זיך ניט, זון מײַנער, איך האָב דיך אין זינען באַגלײַך מיט אַלעמען.

אַ דערוואַרעמטער און אַ באַרויִקטער האָט דזשייקאָב אָוועקגעלייגט זײַן טאָרבע אויף אַ קופּע אָנגעוואַלגערטע שטיינער, זיך אָוועקגעזעצט און גענומען וואַרטן. ער האָט אַראָפּגערוקט העכער דעם הוט, צעשפּיליעט דאָס אייבערשטע קנעפּל פֿונעם רעגנמאַנטל, זיך צוגעשפּאַרט צום פּלויט און אויסגעשטרעקט די פֿיס. ווען ער האָט איצט אַ צײַטונג, וואָלט ער מיט פֿאַרגעניגן איבערגעלייענט. נאָר די צײַטונגען וואַרפֿט מען אַרײַן אינייִנעם מיטן מיסט. בײַ דזשייקאָבן האָבן די אויגן אַליין אָנגעהויבן זיך פֿאַרמאַכן, נאָר וואָס הייסט, ער וועט פֿאַרשלאָפֿן אַזאַ טאָג, — אַ טאָג מיט זון און שפּײַז. און קעדיי ניט אַנשלאָפֿן צו ווערן, האָט ער גענומען טראַכטן, אַז עס וואָלט געווען גאָרניט שלעכט זיך אַ ביסל צווײַלן. אָט, מע זאָל אַשטייגער אָפּן אָרט פֿון הינט אויף דער צוויי־און־פֿערציקסטער סטריט אָוועקלייגן מענטשן, היימלאָזע. און פּונקט בייס ער האָט וועגן דעם געטראַכט, האָבן זיך אין הויף אַרײַנגעיאָוועט צוויי באַרעמהאַרציקע ברידער. מע האָט אים, דזשייקאָבן, זייער געהיט אָוועקגעלייגט אויף אַ טראָגבעטל און אָוועקגעטראָגן צום הינטישן שפּיטאָל. דאָרט האָט אים באַטראַכט אַ דאָקטער. דערנאָך האָבן אים די באַרעמהאַרציקע ברידער אָוועקגעטראָגן אין אַ ליכטיקן וואַנע־צימער, אים געהאָלפֿן זיך אויסטאָן און אַרײַנקריכן אין אַן עמאַלירטער וואַנע. אין וואַנע־צימער האָט אויף אים שוין געוואַרט די שיינע מולאַטקע, וואָס האָט אַמאָל געדינט בײַ מאַקמאַגאָנען. זי האָט אים מאַסירט יעדן גליד. דזשייקאָב האָט געקרעכצט פֿון האַנאָע און זיך אַלץ באַמיט איר אַ קוש טאָן די הענט.

נאָך דער וואַנע האָט די מולאַטקע אים אָנגעטאָן אַ זײַדענע פּיזשאַמע און די באַרעמהאַרציקע ברידער האָבן אים ווידער אָוועקגעלייגט אויף אַ טראָגבעטל און אַרײַנגעטראָגן אין אַ גרויסן צימער מיט שפּיגלנע ווענט, וווּ אויף אַ קאַנאַפּע האָט געדרעמלט אַן אַלטער פּודל מיט אַ גאָלדענעם צאָן, אָפּגעשוירן לויט דער לעצטער מאָדע. די באַרעמהאַרציקע ברידער האָבן אים זייער איידל אויפֿגעהויבן, אים אָוועקגעטראָגן אין אַ צווייטן צימער, און דזשייקאָבן האָבן זיי באַלייגט אויף זײַן אָרט און אײַנגעדעקט מיט דער הינטישער זײַדענער קאָלדרע. דזשייקאָב האָט געוויינט פֿאַר פֿרייד. דער סאַנטאַ קלאָוס האָט אים טאַקע ניט אָפּגענאַרט.

אינגיכן האָט די מולאַטקע צו אים צוגעפֿירט אַ טישל אויף רעדלעך, פֿאַרשטעלט מיט אַלערליי געשמאַקע עסנס, בעסויכעם געפֿילטע פֿיש, וואָס ער האָט נאָך אַמאָל בײַ זײַן מאַמען אין כאַשטשעוואַטע געגעסן, און עפּעס אַ מין קוגל מיט ראָזשינקעס, וואָס נאָר אין כאָלעם קאָן מען אַזוינס זען. און פֿון געטראַנקען איז שוין ניטאָ וואָס צו שמועסן.

די מולאטקע איז געזעסן לעבן אים, געשמייכלט, און ער האָט אויסגעליידיקט די טעלער מיט גרויס אפּעטיט. עמעס, א ביסל האָט געשטערט, וואָס מע האָט ניט דערלאנגט קיין גאָפּל־מעסער, נאָר ער האָט זיך ניט געוווּנדערט, אין אזא מין אנשטאלט איז דאָס איבעריק. נאָך דעם מאָלצײַט איז דזשייקאָב אנדרעמלט געוואָרן. די מולאטקע האָט אים געזונגען עפּעס א טרויעריקן ניגן. א גאנצער אָרקעסטער האָט איר פּונקט אזוי טרויעריק אקאָמפּאנירט. די מוזיק האָט זיך געשטארקט, געוואָרן אלץ העכער, און פּלוצעם האָבן די טאצן און דער פּויק אים א זעץ געטאָן קימאט אונטער די אויערן. דזשייקאָב האָט זיך דערשראָקן און... אופגעכאַפּט פונעם שלאָף. די זון איז שוין געווען גאָר הויך. איבער דער אַליי האָבן פיר קוואָרעסמענער, אָנגעטאָן אין הויכע שווארצע קאַפּעליושן, געפירט בא די צוימען פיר פערד, אײַנגעדעקט מיט שווארצע איבערדעקן. די פערד זײַנען געווען אײַנגעשפּאנט אין א קאטאפאלק. אין א קאסטן איז אפן קאטאפאלק געלעגן אין זײַן בעסטן פּאָליצייישן מונדיר דער געוועזענער שעף פון דער האפן־פּאָליציי וויליאם מאקמאגאָן. מענטשן אין ציווילע און אין פּאָליצייישע קליידער האָבן נאָכגעפאָלגט נאָך דעם קאטאפאלק.

א צעטראָגענער האָט דזשייקאָב געכאַפּט א קוק אין דער מאָנאָפּאָליע. זי איז געווען ליידיק. אף מאָרגן, ווען ער איז אהער געקומען, האָט ער געטראָפן דעם גאנצן פּלאץ ארומגעצוימט מיט דראָט. דער דאך פונעם מויערל איז שוין געווען אראָפּגעריסן. אף דעם אָרט האָבן מאקמאגאָנס יאָרשים גענומען בויען א נײַעם הימלקראצער.



# אין דער לענינגראדער ביבליאָטעק אף סאלטיקאָוו־שטשעדרינס נאָמען

## אונדזערע לייענער

די לענינגראדער עפנטלעכע ביבליאָטעק אף סאלטיקאָוו־שטשעדרינס נאָמען פארמאָגט זעלטענע ליטעראַרישע אויצרעס, וועלכע ציִען צו זיך צו פיל לייענער. שטענדיקע באזוכער זײַנען דאָ סטודענטן פון היגן אוניווערסיטעט, וואָס שטודירן, לעמאָשל, די מעשאָלים פון בען־סירא אָדער די ווערק פון אגנאָן און פון אנדערע העברעיִשע שרײַבער. אין דער נאָענטסטער צײַט וועלן פון די דאָזיקע סטודענטן אויסוואקסן נײַע העבראַיִסטן און סעמיטאָלאָגן. דעם לייענזאַל באזוכן אויך געלערנטע פון דעם זעלבן אוניווערסיטעט און פון לענינגראדער פיליאַל פון דער אלפארבאנדישער וויסנשאפט־אקאדעמיע.

מיט אינטערעס לייענט מען דאָ די ייִדישע פעריאָדיק: דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד“, די אויסלענדישע פּראָגרעסיווע פרעסע אף ייִדיש און העברעיִש:

## צוויי אויסשטעלונגען

אין נאָיאבער האָט די ביבליאָטעק אָרגאניזירט אן אויסשטעלונג, געווידמעט דעם אָנדענק פון פּערעץ מארקיש. עס זײַנען דאָ פאָרגעשטעלט די ווערק פונעם שרײַבער, וועלכע זײַנען דערשינען אין סאָוועטנפארבאנד און אין אויסלאנד, ווי אויך אָפּהאנדלונגען וועגן זײַן לעבן און שאפן. אף די סטענדן קאָן מען זען איבערזעצונגען פון פּערעץ מארקישעס ווערק אין רוסיש און העברעיִש.

עס פונקציאָנירט דאָ אויך א צווייטע אויסשטעלונג אונטערן נאָמען „וויִאזוי זעלבשטענדיק דערלערנען העברעיִש“. אף אירע סטענדן קאָן מען זען פיל ווערטערביכער: העברעיִש־רוסישע, רוסיש־העברעיִשע, העברעיִש־ענגלישע, העברעיִש־פראנצויזישע, העברעיִש־דײַטשישע און אנדערע.

פארוואלטער פון די ייִדישע און סעמיטישע זאמלונגען פון לענינגראדער עפנטלעכער ביבליאָטעק.

ל. ווילסקער

# ערעוו הארבסט

נאָך איז פון די פעלדער די בלענדיקע היץ ניט אוועק,
נאָך בעט די גערעטעניש־שעפע אף העלן און טרוקענעם וועטער,
נאָר ס'איז שוין א מידקייט א שטילע אריין אינעם לייב פון די טעג —
זיי גייען אף נאכט־רו שוין פריִער און וועקן זיך שפּעטער און שפּעטער.

און ערגעץ אף ביימער, אינגאנצן געקליידט נאָך אין גרין,
גליט אוף שוין א בלעטל און ברענט, ווי געשייַערטער קופּער...
די דאָרעם־ווייַט וועט שוין באלד שפּאלטן א בושלשער קלין,
אין פּארק וועט פארבראָנזטע בלעטער דער וועכטער פארשארן אין קופּעס.

כ'האָב נעכטן פון אָוונט אין דאָרף אין א מיידלס א ליד
דערפילט אינעם אָפּקלאַנג פון קאַל ווי א טראָפּנדל אומעט.
צי האָט איר פארדראָסן דער טאָג, וואָס האָט נאָרוואָס פארבליט?
צי עפשער איז הייַנט דער געגארטער צו איר ניט געקומען?

אף גלאַטקייַט פון טייַכל געזען כ'האָב א קנייטשל א הארבס,
ווען ס'האָט זיך אין בענקשאפט צעווינטלט דער טאָג באם אוועקגיין...
...דורך טויזנט שפּארונעס שלייַכט דורך זיך דער שאָטן פון הארבסט,
נאָך איידער עס האָבן די הימלען אף לאנג זיך צערעגנט.

און ביסטו א דיכטער, באהאלט ניט אין הארבסט דייַן געדיכט
פון אָט דער עלעגישער צארטקייַט, וואָס טוליעט צו דיר זיך בישטיקע, —
אין אלע פיר צייַטן פון יאָר איז פאראנען אי שאָטן, אי ליכט,
און אלץ האָט זייַן כיין און זייַן זון, און אלץ איז אין לעבן אן איקער...

כ'האָב זיבעציק מאָל שוין געזען אָט די פּרעכטיקע שפּיל,
כ'בין זיבעציק מאָל דעם פילפארביקן קרייַז שוין געלאָפן...
און אויב ס'איז, ווי ייִנגלווייַז, יונג נאָך ביז איצט מייַן געפיל,
איז יונג עס דערפאר, ווייל מייַן הארץ איז געווען שטענדיק אָפן.

און יעדן באוועג פון דער זון, און יעדן באוועג פון דער ערד
האָב איך, ווי מייַן אייגענעם פּולס, געפילט אינעם לויף פון די בלוטן,
און כ'האָב אינעם טראָט פון מייַן מיטמענטש אָן אופהער געהערט,
דעם מונטערן מארש פון זייַן שפּאנען אלץ נענטער — צום גוטן!

# די ווערטער, וואָס ווערן ניט אלט

פאראן בא אונדז — בא די, וואָס זייַנען
געוואָרן אלט אף אונדזער ערד,
אזעלכע ווערטער, וועלכע שייַנען,
אזש ליכטיק אין די אויגן ווערט!
שוין זייער קלאנג אליין איז צויבער,
און ס'קען פון צייַט דער גרויער שטויב אים
נישט מאכן וואָכעדיק און אלט.
און ליבער פון דער מיי־זון מילדער,

און שענער פון די שענסטע בילדער
איז זייער פּראָסטע שפּראַך־געשטאלט...

ס'איז אלץ אין זיי, אין אָט די ווערטער:
דער אופפלי פון אָקטיאבער־דאָר,
דער קראַך פון טפיסעס פון צעשטערטע;
די פרייד פון טרוים, וואָס ווערט א וואָר;
די זון, די בלויע האָריזאָנטן,

די טויזנט בלוטנדיקע פראַנטן;
די פּײַן, דער זיגערשער געשריי;
די מוט, וואָס ווייסט ניט פון קיין מוירע
און בויט א וועלט פאר טויזנט דוירעס... —
ס'איז אלץ אין זיי, ס'איז אלץ אין זיי!

אין אָט די ווערטער און באגריפן,
וואָס זײַנען ווי רובינען רויט!
עס האָבן דוירעס זיי געשליפן
אין קייט פון טאטשקעס און פון נויט,
געשיצט מיט זיי די באריקאַדעס...
אין וויגלידער און אין באלאַדעס
האָט זיי דער הערלעכסטער פּאָעט —
דאָס פאָלק אליין! — ארײַנגעזונגען,
פון ריינעם הארץ ארויסגעדרונגען:
— „אָ, פרײַהײַט"... „רויטע פאָן"... „סאָוועט..."
און וויל איך זיי אין מײַנע לידער
באפוצן מיט אן אדיעקטיוו,
דערפיל איך ווידער, ווידער, ווידער,
ווי גרויס זיי זײַנען און ווי טיף,
ווי פריש די אלטע פארבן שײַנען,
ווי בילדעריש די אויסיעס זײַנען,
ווי ניי ס'איז זייער אלטער טאָן... —
און כ'לאָז זיי אָן באפוצונג איבער:
אָ, קלינגט מיר פּאַשעט, הארציק-ליבע, —
— סאָוועטן... פרײַהײַט... רויטע פאָן!..

# וואָס וועט ניאָמע זײַן

ניאָמע זיצט פארטאָן און מײַסטערט
טורעמס פון זײַן שפּיל-קאָמפּלעקט.
איז די מאמע גאָר באגײַסטערט:
— ער וועט זײַן אן ארכיטעקט...

ניאָמע זעט באנאכט די שטערן,
קוקט ער לאַנג אַף זיי פארגאַפט.
זאָגט דער טאטע: — איך וואָלט שווערן,
ער וועט זײַן א קאָסמאָנאַווט!

ניאָמע מאָלט, האלט אין איין גיסן
פארב און טינט אַף יעדן שפּאַן.
שײַנט די באָבע: — ווער קאָן וויסן,
עפּשער וואַקסט א לעוויטאַן...

הערט דער זיידע מיט א שמייכל
און ער זאָגט אין גוטן מוט:
— איר האָט אלע קינדערש סייכל.
זײַן א קינד איז גוט...

לאָמיר אים אליין א פרעג טאָן,
ער איז דאָך שוין אלט באלד פיר...
— דו ווילסט זײַן אן ארכיטעקט גאָר?
זײַן א מאָלער ווילט זיך דיר?

נאָר ס'איז ניאָמע גאָר „באשיידן",
און ער ענטפערט, נישט געטראכט:
— איך וויל זײַן, ווי דו, א זיידע,
וויסן מײַסעלעך א סאך...

◇

## הירש בלאַשטיין — א בען-שיווים



צו אײַער יוויול שיקן אײַך די רעדקאָלעגיע און רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד" און אלע אײַערע קאָלעגן-שרײַבער די סאמע הארציקע, פרײַנטלעכע באַגריסונגען. מיר ווינטשן אײַך, דעם אומדערמידלעכן שעפער פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור, אריכאס יאָמים און גרויסע שעפערישע דערפאָלגן לעטויוועס דער יידישער סאָוועטישער קולטור.

◇



איך גלייב, ווען מײַן הארץ וואָלט אין שטיין זיך פארוואנדלט,
די ליד, ווי א קוואל, וואָלט דעם שטיין דורכגעריסן
און ווערטער, ווי פלאַמיקע ליכטיקע שטראַלן,
די ווארעמע וועלט וואָלטן קומען באגריסן.

# זי וועט ניט דורך

כ׳גלייב ניט, כ׳גלייב ניט,
כ׳וויל ניט גלייבן,
אז די יוגנט איז אוועק,
כ׳וויל זיך אויספּאַטשן ביז ווייטעק,
ווען פאַרויס איך קוק מיט שרעק.

אָבער אלץ דאָך גייט פאַריבער —
אויב אמאָל כ׳וועל ווערן אלט,
כ׳וויל אין הארץ די יוגנט טראָגן,
אירע געננג און איר געשטאַלט.

# א טראָפּן שײַן

א טראָפּנדל טוי אף מײַן שויב איז געפאַלן,
באלויכט האָט דעם טראָפּן פון שטערן
א שטראַל.
און ס׳האָט זיך געדאכט שוין דעם טראָפּנדל
וואסער
דער שטערן אליין איז פון טראָפּנדל בלאַסער.

זײַן בלענדיקע שײַן צו דער זון קען זיך גלײַכן,
וואס שפּילט מיט די כוואַליעס פון רוישיקע טײַכן.
ער לויכט מיט דער הייליקסטער ליכט פון
בריליאנטן
און ס׳פינקלען און ברענען די גאָלדענע קאַנטן.
נאָר גלײַך ווי די זון האָט געטאָן נאָר א שמייכל,
איז קיין סימען געבליבן פון טראָפּן דעם בלייכן.



די זון באגעגנט זיך אף מיזרעך מיט דער ערד.
צוויי קײַלעכן, צוויי פלאַמענדיקע לעבנס.
דורך ליכטיק־שטראַליקע, דורך גאָלדענע געוועבן
א נײַער טאָג פון לאַנד געבוירן ווערט.

און ער — דער גרויסער וווּנדער פון דער
וועלט —
דער מענטש אלמעכטיקער, דאָס דריטע לעבן,
ער ווערט מיט אָט דער שײַן פון זון באהעלט
און קומט דעם טאָג זײַן פלאַם פון הארצן געבן.

מוישע גאָלדשטיין

# אין איינעם א פרילינג

1

איז פונקט דענסטמאָל, ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן אוועקגיין אַף א גוטן וועג, ווען די מענטשן, וואָס האָבן איבערגעלעבט א סאַך שווערע טעג, האָבן זיך דאָ ערנסט און אַף שטענדיק באַזעצט, ווען ער, בערקאָווער, דער פאָרזיצער פונעם קאָלווירט, האָט אויסגעגלײַכט דעם דאַשעק (וואָס דאָס אַליין איז שוין געווען א באַוויַז, אַז עס גייט צום בעסערן) און זיך געקליבן אָנקלינגען אין געגנטלעכן צענטער, אַז מע זאָל אים פון דאָרט צושיקן עפּעס א רעכט ביסל נײַע איבערוואַנדערער, — איז פונקט דענסטמאָל האָט ער דורכן פענצטער דערזען גרינס באַרויגעז פּאָנעם, וואָס האָט זיך געכמורעט און געקרימט. זײַן גאַנג, וואָס איז שטענדיק לײַכט און רירעוודיק, איז איצט געווען אָפּגעלאָזן און פויל.

א פאַרטראַכטער איז גרין צוגעקומען צו דער טיר פון קאָנטאָר, שווײַגנדיק האָט ער די טיר אויפגעמאַכט און האָט זיך אוועקגעזעצט אַנטקעגן בערקאָווערן און האָט אַף אים אָנגעשטעלט זײַנע מיד־געוואָרענע בליקן.

— וואָס איז געשען? — פרעגט בערקאָווער און סטאַרעט זיך אַרײַנצוקוקן טיף אין גרינס אויגן.

— גאָרניט.

— וואָס זשע?

— גאָרניט...

אַף בערקאָווערס שטערן איז מיטאָמאָל אויסגעוואַקסן א געלער פלעק, ווי מע וואָלט אים דערלאַנגט צווישן די אויגן מיט עפּעס א טעמפּער שווערער זאַך. דאָס געשעט מיט אים דאַן, ווען ער דערפילט א שטאַרקע אומרויִקײַט, א מורירע פאַר א מעגלעכער ניט אָנגענעמער געשעעניש. דאַן ציִען זיך אָן אַלע זײַנע מוסקולן, אַלע נערוון שטרענגען זיך אָן, ווי דער גאַנצער קערפּער זאָל זײַן גרייט אָפּצושלאָגן דעם אָנפאַל. בערקאָווער וואַרט. עפּעס וועט באַלד געשען אַזוינס, פאַר וואָס ער האָט שטאַרק מוירע. איצט טאָר עס ניט געשען. איצט, ווען די לייצעס זײַנען אַרומגעוויקלט אַרום די הענט און די פערד ציִען דעם וואָגן באַרג־אַרוף, טאָר מען אַף קיין האָרעלע ניט נאָכלאָזן, מע טאָר ניט לאָזן די רעדער דרייען זיך אַף צוריק...

גרין האַלט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און מיטן נאָגל פונעם גראָבן פינגער קראַצט ער די דעק פונעם טיש. אַרום דעם טיש הייבט אָן אַרומקריכן א נאָגנדיקע שטילקײַט. בערקאָווער קאָן עס ניט פאַרטראָגן. ער גיט זיך א הייב אויף און לייגט אַרויף די האַנט אַף גרינס אַקסל.

— רעד ווי צו א כאַווער.

גרין ענטפערט ניט. ער לאָזט זיך א ביסעלע אַראָפּ, ווי בערקאָווערס האַנט וואָלט אים געדריקט. ער בלײַבט אַזוי א ווײַלע זיצן. דערנאָך הייבט ער זיך אויף, קוקט אָן בערקאָווערן און זאָגט:

— שווער אַזוי צו לעבן...

בערקאָווערס אויגן זשמורען זיך צונויף. צוויי שאַרפע שפּעלטעלעך קוקן זיך אײַן אין גרינען, קריכן אין אים טיף. אַזוי האָט ער זיך צוגעוווינט אַרײַנקוקן אין די אויגן פון די מענטשן, וואָס קומען צו אים און סטראַשען מיט אוועקפאָרן. ער האָט זיך אויסגעלערנט דערגיין, צי וויל מען מיט דעם עפּעס אַרויסקריגן בא אים. אין גרינס אויגן זעט ער בלויז א מוטנע טונקלקײַט, און ער דערמאָנט זיך אין דעם שמועס, וואָס ער האָט מיט א צײַט צוריק געהאַט מיט אים, ווען דער זעלבער גרין איז געקומען און געזאָגט:

„ס'איז מיר שווער אַזוי...‟ און האָט געבעטן, מע זאָל אים באַפרײַען פון דער אַרבעט. דאַן האָט זיך עס אויסגעלאָזט צו א באַזונדער צימער פאַר גרינען אין דעם ערשטן הויז, וואָס איז פאַרטיק געוואָרן. איצט ווייסט בערקאָווער, אַז די שווערקײַט איז די אייגענע, נאָר העלפן גרינען קאָן ער ניט. און ער, בערקאָווער, וואָס לויטן אויסזען שאַצט מען אים אין העלפט יאָרן פון גרינס,

האָט זיך איצט דערפילט אין דער לאַגע פון אַ זון, וואָס עס קומט אים אויס צו ריידן דעם טאַטן אַ שידעך.

— איז וואָס זשע, — פרעגט ער מיט אַ געצוווּנגען שמייכעלע, — מיט נאַסטיען איז טאַקע גאָרניט?..

— עט... — גיט גרין אַ דריי דעם קאָפּ צום פענצטער. בערקאָווער ווייסט ניט, וואָס דער „עט" באַטײַט. ער ווייסט נאָר, אַז זינט גרין האָט זיך באַקאַנט מיט נאַסטיען, האָט ער אָנגעהויבן אויסזען יינגער, זאָגט ער דעריבער:

— פאַרקערט, זי איז דאָך זייער אַ ווױלע, נאַסטיע, — פונקט ווי גרין וואָלט מיט דעם „עט" געמיינט אָוועקצומאַכן זי מיט דער האַנט.

אויף דעם גיט גרין בלויז אַ שטאַרק אופגערעגטן דריי מיטן קאָפּ און רוקט זיך צו האַרטער צום פענצטער. הינטער די אויערן לויפט אים אָן אַ רויטקייט, ווי דאָס בלוט וואָלט אים צוגע־שפּאַרט צום קאָפּ.

— ניטאָ זיך וואָס צו שעמען, — באַרויקט אים בערקאָווער, — איך בין דאָך אויך אַ באָכער. מיינסטו, איך פיל ניט, אַז עס איז שווער אַזוי, און טאַקע אין דער עמעצן, וויפל איז דער שיר? מיר אַליין ווילט זיך שוין אויך אָנהייבן לעבן מענטשישער. אָט וועל איך אָנקלינגען, מע זאָל צו־שיקן נאָך איבערוואַנדערער, ווײַל איך טאַקע הייסן שיקן עפּעס אַ פּאָר לײַטישע מיידלעך...

אויף גרינס פּאָנעם צעגיסט זיך אַ ווייכער שמייכל. דערפילט אַ וואַרעמקײַט פון בערקאָווערס רייד, קערט ער אום דעם קאָפּ צו אים, און ווי ער וואָלט זיך פילן שולדיק, זאָגט ער מיט אַ מין מידקײַט אין דער שטים:

— ס'איז עפּשער ניט זייער לײַטיש. כ'ווייס, מע קאָן זאָגן: „אַ באָכער... ס'האָט זיך אים פאַרבענקט". נאָר דו, ווי אַ כאַווער, ווײַסט פאַרשטיין. אַלץ איז גוט, דאָס גאַנצע לעבן איז גוט. נאָר עפּעס פעלט, עס זאָל זײַן פולער, עס זאָל זײַן גאַנץ. דו לאַך ניט... כ'האָב קיינמאָל ערנסט וועגן דעם ניט געטראַכט. אָן אָוולע, זאָגסטו? עפּשער טאַקע אָן אָוולע... — ער האָט געקוקט אויף בערקאָווערן מיט אַ שמייכל פון איינעם, וואָס איז ביז גאָר אָפנהאַרציק, און פון דער אָפנהאַר־ציקײַט ווערט אים עפּעס ביז גאָר גרינג און גוט.

פאַר בערקאָווערן זײַנען גרינס רייד ניט קיין נײַס. עפּעס ענלעכס האָט ער שוין פון אים געהאַט געהערט. איצט האָט ער נאָר מוירע, טאָמער גיט גרין אַ זאָג, ווי אַמאָל: „ס'עט מיר אויסקומען אַוועקפאָרן". „דאָס, טראַכט בערקאָווער, וואָלט אויסגעזען, ווי מע וואָלט אַרויסנעמען אַ שטיק וואַנט אין דעם סאַמע פראָנט פון אַ פאַרענדיקטער געבײַדע".

דערפאַר טאַקע זאָגט ער צו גרינען אין דער הייך:

— וואַרט, ברודער, אָט וועט מען צושיקן נײַע איבערוואַנדערער.

און צו זיך אַליין זאָגט בערקאָווער: „ער איז פּאָרט אַ שלימאַזל, דער גרין. אַזויפיל מיידלעך זײַנען פאַר אָט דער צײַט געקומען..."

עס איז געווען אין פריִען פרילינג.

די טײַכן, וואָס זײַנען אַ לאַנגן ווינטער געלעגן אײַנגעפרעסט מיט שווערע אײַז־פּלאַסטן, האָבן זיך גערירט, דאָס אײַז האָט געלאָזט, זיך געשמאָלצן אונטער דער וואַרעמער זון, די פעל־דער האָבן זיך באַפרײַט פונעם ווייסן גליווער, און גרינע גרעזעלעך זײַנען אופגעגאַנגען מיט אַזאַ מעכײַעדיקער פרישקײַט, מיט אַזאַ ליבער צאַרטקײַט, אַז דאָס אויג איז אַזש פאַרלאָפן...

עס איז געווען אין פריִען פרילינג.

די לעוואָנע איז אַרומגעשוווּמען איבער דער טײַגע. און די שטילע פרילינג־נאַכט האָט גע־שמעקט מיט ביימער, וואָס האָבן שוין צעשפּרייט די צווײַגן און זייערע בלעטער האָבן זיך שוין אָנגעפילט מיט גרינעם זאַפט.

גרין זויגט אײַן אין זיך, זאַפט אײַן דעם פרילינגדיקן אופגאַנג. פונוויַיטנס זעען זיך די הײַזער פונעם שכײנישן אוקראַינישן דאָרף, דאָרט וווינט נאַסטיע. איצט איז נאַכט. קיין פײַערן ברענען שוין איצט דאָרטן ניט. דאָס דאָרף שלאָפט. אַלע מענטשן שלאָפן. נאַסטיע אויך? אָקאָרשט איז זי מיט אים געזעסן דאָ, אויף דעם אָרט, זי האָט געוואָרפן שטיינדלעך אין טײַך אַרײַן און האָט געלאַכט. זי האָט אַזוי הויך און האַרציק געלאַכט, אַז אים דוכט זיך, ער הערט נאָך איר געלעכ־טער. ער שטעלט אָן די אויערן, הערט זיך אײַן, נאָר עס איז שטיל אַרום אים. עס מורמלט בלויז דאָס טײַכל. די נאַכט איז דורכזיכטיק און שטיל.

גרין דערמאָנט זיך:

„דו ביסט אַן אַלטער" — האָט זי אים געזאָגט. און האָט געלאַכט, ווען ער האָט איר דערויף געענטפערט, אַז ער איז דאָ געוואָרן יינגער. „עלטער קאָן אַ מענטש ווערן. נאָר יינגער? דאָס האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהערט".

זי האָט פון אים געלאַכט, און אַזוי לאַכנדיק, איז זי אַרײַן אין שטוב.

„מער וועל איך ניט קומען“ — האָט זי צו אים דורכן אָפֿענעם פֿענצטער געשריגן.

וועט זי שוין טאַקע מער ניט קומען?.. — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען ער איז אַוועק פֿון טײַך, איז שוין געווען טיפֿע נאַכט. די פֿענצטער פֿון די הײַזער זײַנען געווען גרין פֿון לעוואָנע־שײַן און אויף די דעכער האָבן זיך געשאָקלט די שאָטנס פֿון די צווײַגן. מיט פֿוילע טריט איז ער אַרײַן צו זיך אין צימער און האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפֿן בעט. שלאָפֿן האָט ער ניט געוואָלט. ער האָט געקוקט אויף זײַנע צוויי טשעמאָדאַנעס, וואָס אין זיי איז געלעגן זײַן באַכאַריש ביסל פֿאַרמעגן, און זײַן בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די טאַמאַזשנע־פּאַפּירלעך.

גרין האָט פֿון זײַן פֿריִער יוגנט אָן געוואַנדערט איבער פֿאַרשיידענע לענדער. ווען ער איז אַוועק קיין פּאַלעסטינע, זײַנען נאָך זײַנע בעקלעך געווען מיידלש־ראָז און מיט אַ דינעם פּוך באַוואַקסן. ער איז אַהין אויף אַ פֿאַנטאַסטישן פֿערד געריטן — פּלאַנצן אין מידבער דעם „יידישן סאָציאַליזם“, נאָר גאָר גיך זיך אַוועקגעלאָזט צופֿוס איבער די זאַמדיקע וועגן זוכן אַרבעט. דאָס אַלץ געדענקט ער שוין, ווי דורך אַ כאָלעם. דאָס פּאַלעסטינער טאַמאַזשנע־פּאַפּירל איז שוין פֿון־לאַנג פֿאַרקלעפּט מיט די פּאַפּירלעך פֿון אורוגוואַי, בראַזיליע, פֿראַנקרײַך. יעדער שטיקל פּאַפּיר דערמאָנט אים אין שטיקער לעבן, וואָס ער האָט געלאָזט, אין יאָרן, וואָס זײַנען אויף זײַנע פּלייצעס געוואַקסן.

„דו ביסט אַן אַלטער“ — קלינגט אים אין די אויערן. ער איז טאַקע אַלט, נאָר ער פֿילט זיך, ווי ער וואָלט איצט ערשט אַרויסגעפֿאָרן פֿון דער היים, כאָטש זײַנע באַקן זײַנען שוין ניט מיידלש־ראָז און גאָלן גאָלט ער זיך לעצטנס יעדן טאָג...

**2** קיינמאָל האָט בערקאָווער אַזוי גוט זיך ניט געפֿילט באַם אויפֿנעמען איבער־וואַנדערער, ווי דאָס מאָל. ווען מע האָט פֿון דער סטאַנציע אָנגעקלונגען און אים געזאָגט, אַז די איבערוואַנדערער זײַנען אָנגעקומען, האָט ער זיך געלאָזט לויפֿן צו גרינען און דערבײַ פֿריילעך אונטערגעשפּרונגען, ווי אַ יינגל. עס איז שוין געווען גרויסער טאָג. שטענדיק אין דער צײַט טראָגט זיך שוין גרין אַרום איבער די שטאַלן, פֿאַרטיילט די אַרבעט. איצט איז ער געלעגן מיט צוויי ניט־אויסגעשלאָפֿענע אויגן און האָט געגענעצט אויפֿן קאָל.

— די איבערוואַנדערער זײַנען שוין אויף דער סטאַנציע, — שרײַט אויס בערקאָווער, — און דו ליגסט און גענעצסט! — ער גיט אַ שלעפּ פֿון גרינען די קאָלדרע. — שטיי אויף, מע דאַרף פֿאָרן.

גרין קוקט אים אָן מיט אַ פּאָר פֿאַרוווּנדערטע אויגן. ער ווייסט ניט, וואָס בערקאָווער שײַנט אַזוי, וואָס פֿרייט ער זיך הײַנט אַזוי מיט די איבערוואַנדערער מער ווי שטענדיק. ער נעמט זיך אָנטאָן, ער טוט עס אַזוי, ווי ער וואָלט געטראַכט, צי לוינט עס אים, צי ניט.

„ער וויל מאַכן דעם אײַנדרוק, אַז צוליב מיר ברענגט ער עס אַראָפּ די איבערוואַנדערער“, — טראַכט גרין וועגן בערקאָווערן, צוקוקנדיק, ווי יענער דרייט זיך אַרום אַ שמייכלדיקער איבערן צימער. „זי איז דאָך זייער אַ ווילע, נאַסטיע“, — דערמאָנט ער זיך בערקאָווערס רייד, און ער טראַכט: „ער מאַכט זיך געפּייגערט, גלײַך ער ווייסט ניט, אַז איך גיי אַהין, ווען מע דאַרף און ווען מע דאַרף ניט“...

— אײַל זיך צו אַ ביסל, — יאָגט אים בערקאָווער אונטער.

— וואָס? דו רעכנסט מיך שיקן צום באַן?

— ביידע פֿאָרן מיר, — ענטפֿערט בערקאָווער און גיט אַ פֿיר די האַנט איבערן גלאַטן, נאָר־וואָס אָפּגעגאָלטן פּאָנעם, — מאַך עס גיכער, איך וועל אַ גיי טאָן שפּאַנען.

ער איז אַרויס מיט גרינגע, פֿלינקע טריט און אַוועק צו די שטאַלן. גרין האָט אים נאָכגע־קוקט און זיך צעשמייכלט פֿונעם געדאַנק, אַז עס זעט אויס, ווי ביידע וואָלטן זיי פֿאָרן באַקוקן אַ קאַלע.

זיי זײַנען אַרויסגעפֿאָרן אויף צוויי פּאָר פֿערד, געשפּאַנט אין צוויי טיפֿע וועגענער, און זיך אַוועקגעלאָזט איבער דעם ערשט ניט לאַנג אויסגעקאָרטשעוועטן וועג דורך דער זוניקער טײַגע.

בערקאָווער איז געפֿאָרן פֿון פֿאָרנט. ער האָט פֿריילעך געטרייסלט די לייצעס און געטראַכט: „איצט דאַרף מען גוטע מענטשן. שוין גענוג האָט דער קאָלווירט מיט כאַרפּע געטראָגן דעם נאָמען „אַכסאַניע“, איצט זיצן שוין די געוויזענע איבערוואַנדערער פֿעסט אויף זייער ערד. און קיין דורכפֿאָרער, וואָס קומען אַ שמעק טאָן, פֿאַרטראָגן זיי ניט“. בערקאָווער שמײַסט אונטער די פֿערד. זיי טראָגן זיך מיט אויפֿגעהויבענע קעפּ. ער קוקט אויף זייערע קײַלעכיקע זײַטן, אויף זייערע שטאַלטנע העלדזער, ער הערט זיך אײַן אין זייער געזונטן אָטעמען און ער האָט האַנאָע פֿון זײַנע פֿערד, וואָס האָבן אַ שעם פֿאַר די בעסטע אין דער גאַנצער געגנט. די זון שײַנט. די וועלדער, די בערג, די טײַכן און די פֿעלדער זײַנען באַגאָסן מיט ליכט. די וועלט אַרום אים איז אַזוי פֿריש

און פריילעך, ווי זי וואָלט פאר זײַנע אויגן אופגעגאנגען א נײַ־געבוירענע. הינטער אים פּאַרט גרין, ער זיצט מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי ער וואָלט דרעמלען... בערקאָווער גיט מיט פּאַר־דראָס א דריי דעם קאָפּ: „די מויד האָט אים געפּאטערט, א טײַערער מענטש געווען"...

ארום דעם קליינעם וואָקזאלכל אף דער קליינער באן־סטאנציע, וואָס לאָזט יעדן טאָג דורך די צוגן איבער די קויכעס, האָבן ארומגעשפּאצירט די איבערוואנדערער. די זון האָט זיך שוין אופגעהויבן הויך איבער די בערג. אינעם נאָענטן דאָרף זײַנען די מענטשן פונלאנג אוועק צו זייערע ארבעטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן פּילן די מיטן־טאָגיקע היץ, און דאָס מיטן־טאָגיקע הוד־זשען און קלאַפּן האָט זיך ווײַט איבער דער טײַגע געטראָגן. די איבערוואנדערער האָבן געקוקט צום וועג, פונוואנען, ווי מע האָט זיי אָנגעוויזן, עס דאַרפן אָנקומען די פורן נאָך זיי. בא דער וואנט פונעם וואָקזאלכל איז געזעסן אן אלטיטשקע און האָט געהיט די זאכן. די זון האָט געוואַ־רעמט איר געקנייטשט פּאָנעם, און זי האָט געהאלטן אין איין איבערבינדן דאָס ווײַסע טיכל אפן קאָפּ און אָן אופהער זיך געבייזערט:

— וואָס האָט איר מיך באזעצט? איך וויל נאָך אויך אָנקוקן א וועלט. איך בין ניט קיין מייוון אף קיין שיינס, מיינט איר?..

ווי אפּצולאָכעס האָבן איבערן פּעראָן זיך געדרייט אוף־און־אָפּ צוויי באָכערים און צוויי מיידלעך. זיי האָבן זיך געהאלטן בא די הענט, ווי זיי וואָלטן מוירע האָבן זיך פארלירן אין טײַגע. די אלטע האָט געקוקט אף זיי מיט קאס און געוואָרטשעט:

— אליין גולײַעט עס ארום, און מיך האָט מען באזעצט...

און די צוויי פּאָרלעך, ווי זיי וואָלטן זיך געמיינט צו רייצן מיט דער אלטער, קומען אלע ווײַלע צו לויפן, כאפּן זי ארום און שרײַען פריילעך אויס:

— ס'א שיינקײַט, ס'א זון. ס'א שמעקעניש!..

באיאָרטע איבערוואנדערער כאפּן א קוק אין דאָרף, פּרוּוון א פרעג טאָן בא היגע אײַנוווינער וועגן לעבן אין דעם נײַעם לאנד. צי ווייסט מען עפּעס פון דעם נאָענטן קאָלווירט, וווהין זיי פּאָרן.

דערווײַל זײַנען מיט א טראסקערײַ אָנגעפּאָרן צום וואָקזאל בערקאָווער מיט גרינען. די איבערוואנדערער זײַנען זיך צונויפגעלאָפן און זיי ארומגערינגלט:

— דאָס זײַט איר נאָך אונדז געקומען?

— פון קאָלווירט?

די אלטיטשקע האָט זיך שוין געהאט אופגעהויבן. קוקנדיק הינטערווײַלעכס צו די זאכן, איז זי געגאנגען צו די וועגענער. קינדער זײַנען איר דעם וועג פארלאָפן מיט א געשריי:

— באָבעשי, מע איז געקומען, מ'עט באלד פּאָרן, די פערד וועלן זיך נאָר אָנעסן!

די איבערוואנדערער האָבן געקוקט אף בערקאָווערן און אף גרינען, זיי ווידער האָבן געקוקט אף די איבערוואנדערער, ווי מע וואָלט זיך טאקע געדאַרפט געפעלן ווערן. בערקאָווער האָט א קוק געטאָן אף די צוויי יונגע מיידלעך, און זײַנע בליקן האָבן זיך מיט גרינס אָנגעטראָפן...

— איר זײַט עס טאקע דער פּאָרזיצער פון קאָלווירט? — פרעגט איינער פון די איבער־וואנדערער.

— דאָס בין איך טאקע, — ענטפערט בערקאָווער און שמייכלט.

— דירעס האָט איר פארגרייט? — פרעגט א צווייטער.

— אף דער גאס וועט איר ניט שלאָפן.

— און א קלוב איז פאראן? — פרעגט א יונג בלאָנד מיידל, וואָס האלט א באָכער בא דער האנט.

— און א שול? — וויל וויסן א יאטל מיט א רויט טיכל אפן האלדז.

— פאראן. אלץ איז צוגעגרייט, — זאָגט בערקאָווער און וואַרפט א צעטראָגענעם בליק צו די צוויי מיידלעך, וואָס קלעפּן די גאנצע צײַט לעבן די צוויי באָכערים און האלטן זיך בא די הענט, ווי זיי וואָלטן מוירע האָבן זיך פארלירן דאָ, אין טײַגע...

צוריקוועגס זײַנען אלע געגאנגען בא די וועגענער. אף די וועגענער האָט מען נאָר באזעצט צוויי קליינע יאטן און די אלטיטשקע. זײַנען די יאטן אראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן און פארלאָפן בערקאָווערן דעם וועג:

— א טײַך איז בא אײַך פאראן?

— פיש כאפּט מען?

— אן אָסאָ־קרײַזל[1] איז פאראן?

---

[1] אָסאָ (ראָשעטייוועס) — געזעלשאפט מיטצוהעלפן דער לאנדשוץ, האָט אונטער דעם נאָמען עקזיסטירט ביז דער מילכאָמע. איצט הייסט די דאָזיקע געזעלשאפט „דאָסאאף".

— אף געיעג גייט מען?..

די אַלטיטשקע אפן וואָגן מאַכט מיט די ליפּן און רוקט מיט קאַס דאָס ווײַסע טיכל אפן קאָפּ:

— באַזעצט, ווי כ׳וואָלט שוין קיין פּיס ניט האָבן... גייט כאָטש צו נעענטער. לאָמיך אויך הערן א יידיש וואָרט...

גרין גייט באַם ערשטן וואָגן און שווײַגט. ער האַלט זיך אַזוי, ווי די גאַנצע זאַך וואָלט אים ניט אָנגעגאַנגען, ווי ער וואָלט זיך דאָ געפונען צופעליק. מיט בערקאָוועערס בליקן וויל ער זיך מער ניט אָנטרעפן. ער הערט, ווי בערקאָוועער פרעגט איינע פון די מיידלעך, וואָס האַלט זיך מיט א באָכער בא די הענט, צי זיי שטאַמען פון איין שטאָט.

— פון איין גאַס, — ענטפערט די בלאָנדע מיט א קלינגענדיק געלעכטער.

— פון איין שטוב אפילע, — גיט צו דער באָכער און כאַפּט דערפאַר פון דער בלאָנדער א פּאַטש איבער דעם מויל...

בערקאָוועער וואַרפט א בליק אפן צווייטן פּאָרל, וואָס איז אַוועק פאָרויס, ווי דער וועג וואָלט זיי פון לאַנג שוין געווען באַקאַנט, און ער גיט א מאַך מיט דער האַנט: „ביטאָ מער וואָס צו פרעגן"...

נאָך דעם אייגענעם טאָג, פאַרנאַכט, איז בערקאָוועער אַוועק אינעם שכיינישן אוקראַיִנישן דאָרף. קיין גאָר קלאָרע פאָרשטעלונג, וואָס עס שטייט אים דאָרט פאָר צו טאָן, האָט ער ניט געהאַט. ער האָט אַלץ ניט געקאָנט באַשטימען, צי דאַרף ער גיין צו נאַסטיען און אָנהייבן מיט איר אָט־אָ דעם מאָדנעם שמועס, וואָס ער קלײַבט זיך.

באַם עק דאָרף האָט ער אָנגעטראָפן אף סענזשאַרענקאָן, דעם פאַרזיצער פונעם היגן קאָל־ווירט. ער האָט זיך אומגעקערט פונעם פעלד. בערקאָוועער האָט זיך דערפרייט.

— גוט, וואָס כ׳האָב דיך געטראָפן, וועסטו מיר פאַרשפּאָרן א וועג, — זאָגט בערקאָוועער און איז צופרידן פונעם אײַנפאַל, וואָס איז אים געקומען אפן געדאַנק.

— וועגן וואָס האַנדלט זיך עס?

— וועגן זייער א מאָדנעם איניען.

— אַשטייגער?

— וועגן א שידעך...

סענזשאַרענקאָ קוקט אים אָן מיט צווי קלוגיטשקע אויגן און גיט א וויש די וואָנצעס:

— שוין צײַט...

— ניט פאַר מיר...

— נאָר?

און בערקאָוועער דערציילט אים וועגן גרינען:

— ...ער האָט שוין ווידער אראָפּגעלאָזט די הענט. כ׳האָב מוירע, ער זאָל מיר ווידער ניט א זאָג טאָן: „באַפרײַ מיך", און אָפּלאָזן טאָר איך אים ניט, דו ווייסט דאָך, דער בעסטער מענטש בא אונדז...

— איז וואָס קאָן איך דיר העלפן?

— איך וויל דיך בעטן, זאָלסט שיקן נאַסטיען צו אונדז אף אַרבעט.

— נאַסטיען? ווי קען איך זי אַוועקלאָזן?

— כאָטש אף א פּאָר וואָכן.

— וואָס וועט דערפון אַרויסקומען?

— עפּשער וועט דערפון עפּעס אַרויסקומען... זאָל ער דערווײַל אופהערן אַזוי אַרומגיין...

סענזשאַרענקאָ ציט א שפּיץ פון א וואָנצע און דרייט מיטן קאָפּ:

— איך קאָן זי גאָר איצט ניט אָפּלאָזן.

— טו עס צוליב מיר, — בעט זיך בערקאָוועער און דריקט אים ביידע הענט, — בא אונדז איז איצט די לאַגע זייער אָן אָנגעשטרענגטע. ס׳זײַנען אָנגעקומען נײַע מענטשן.

— כ׳וועל איבערריידן מיט איר, — זאָגט סענזשאַרענקאָ.

בערקאָוועער דריקט אים שטאַרק די האַנט און גייט אַוועק א צופרידענער...

דער קלוב איז יאָמטעוודיק פאַרפּוצט. די עלעקטרישע שײַן פילט אים אָן מיט פריילעכקײַט. א גרויסער רויטער לײַוונט שײַנט אַנטקעגן דער טיר, די ווײַסע ווערטער גיבן איבער:

„א גרוס די נײַע מיטגלידער פון אונדזער מישפּאָכע".

די נײַע איבערוואַנדערער זיצן צוזאַמען אויסגעזעצט אף די בענק און פילן זיך נאָך ווי געסט. די אוקראַיִנער פונעם שכיינישן דאָרף הייבן די פּיס און זײַנען גרייט אַוועקצולאָזן זיך אין א טאַנץ, ווי נאָר די האַרמאָשקע וועט זיי א רוף טאָן.

בערקאָווער איז ריין אָפּגעגאָלט. די האָר צוגעקעמט, נאָר ס'איז קאַנטיק, אַז ער האָט לאַנג זיך מיט זיי געמאַטערט: אַ בינטל האָר אויפן סאַמע מיט האָט זיך פּאַראַקשנט און געבליבן שטיין, ווי עס וואָלט זיך געפילט פרעמד בײַ אים אויפן קאָפּ.

גרין האָט אָנגעטאָן אַ טונקעלן אַנצוג. דער האַלדז איז אַרומגענומען מיט אַ האַרטן קאָל־נער, וואָס האַלט אים דעם קאָפּ, ווי אין אַ רייף. ווען ער איז אַרײַנגעקומען, האָט נאַסטיע אויף אים אַ באַהאַלטענעם בליק געוואָרפן און זיך אַ ביסל פאַרויטלט.

— דו זעסט דאָך אויס, ווי אַ כאָסן, — זאָגט זי אים, ווען ער זעצט זיך צו לעבן איר.

— און דו, ווי אַ קאַלע...

בערקאָווער שטייט פונוויַיטנס און קוקט אויף זיי. ער גלעט דאָס ביסל האָר אויפן קאָפּ, וואָס וויל זיך בעשום־אופן ניט אַוועקלייגן, און קוקט זיך אײַן אין נאַסטיען. אָט איצט זעט ער, אַז זי איז טאַקע אַ שיינע. דאָס בונטע אוקראַיִנישע קלייד און די רויטע קאָרעלן פּאַסן איר זייער צום רויטלעך־מאַטעווען פּנים. אויגן האָט זי אַש־קאָלירקע, נאָר עס שלאָגט אין זיי אַרײַן אַ שאָטנדל פון גרינקייט. ער כאַפּט זיך, אַז טאַקע אַזעלכע אויגן געפעלן אים בײַ אַ פרוי... און ווען זי לאַכט, קלינגט אויף איר געלעכטער מיט אַזאַ ווייכקייט. ער איז זיך מודה פאַר זיך אַליין, אַז ער וואָלט געוואָלט, זי זאָל אַזוי לאַכן און ער זאָל שטיין און הערן...

גרין זיצט שוין די גאַנצע צײַט לעבן די אוקראַיִנער שכנים. ער איז פריילעך, ער שײַנט. ער איז צוריק אופגעפרישט געוואָרן. ער האָט צוריק באַקומען זײַן רירעוודיקייט. בערקאָווער זעט עס, און ער איז צופרידן. ער טראַכט, אַז עס איז געווען אַ גוטער אײַנפאַל פון זײַן זײַט, וואָס ער האָט זי געבעטן אַהער, נאַסטיען. אויב זי וועט דאָ פאַרבלײַבן, קאָן זײַן, אַז גרין... יאָ, אַז גרין וועט מיט איר כאַסענע האָבן, וועט ער זיך אויף שטענדיק באַזעצן דאָ און עס וועט צוקומען אַ קראַפט אין קאָלווירט...

דער קאָלווירט מוז איצט אָנהייבן גיין באַרג־אַרוף.



# א פונק אונטער א בארג אש

1 אמאָל האָט ער געבליט, געוואַקסן און געשײַנט. ער האָט געהאַט די מעגלעכקײַט נאָך מער צו בליִען, נאָך מער צו וואַקסן און נאָך מער צו שײַנען. נאָר די זון האָט פאַר אים אופגעהערט לויכטן... האָט ער אופגעהערט האָבן מיט וואָס צו לעבן.

הײַנט שטעלט ער מיט זיך פאָר אַ כורווע —

נויעך ליבמאַן.

מע קאָן אים פאַרגלײַכן מיט אַ סאַך זאַכן:

מיט אַ בוים, אַשטייגער, וואָס איז געווען שיין, געזונט, הויך און ברייט צעוואַקסן און וואָס אַ וואָרעם האָט זיך אין אים אַרײַנגעכאַפּט און האָט אים צעפרעסן. שטייט ער אַזוי אין וואַלד צווישן פיל געזונטע ביימער און איז טויט.

אָדער טאַקע מיט אַ כורווע, מיט אַן אײַנגעפאַלן הויז, אָדער מיט אַן אָפּגעברענט הויז. אַ הויז, וואָס איז אין צענטער שטאָט געשטאַנען און אַרויסגעשײַנט פון צווישן פיל שיינע הײַזער, נאָר ס'איז ניט געווען גוט באַוואָרנט אַנטקעגן אַ שטורעם אָדער אַ פײַער, איז עס אומגעקומען. שטייט אַזוי אַ כורווע, וואָס טראָגט נאָך אין זיך דעם אָנדענק פון אַמאָליקן לעבן און בעט זיך: „לעבט מיך אויף“...

נאָר צו וואָס ריידן וועגן טויטע זאַכן, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ מענטשן, וואָס עסט, שלאָפט, ברענגט קינדער, פירט געשעפטן — און איז טויט. טויט, כאָטש אַ ביסל לעבט ער יאָ: דאָס איז דער אָנדענק פון אַמאָל, דער פונק, וואָס ליגט אונטער אַ בארג אַש.

אַמאָל... ווי לאַנג איז דען, אַז נויעך ליבמאַן איז געווען אַ ליבלינג פון אַ קלוב, וואָס האָט געציילט דרײַ הונדערט מיטגלידער? אַ פאָר יאָר אין דעם. ער איז געווען סעקרעטאַר פון קלוב. די גאַנצע אַרבעט איז דורכגעגאַנגען דורך אים. די בעסטע פאָרטרעגער האָט ער אײַנגעלאַדן, די טעמעס זײַנען געווען דורך אים באַשטימט. די רײַכע ביבליאָטעק, וואָס האָט פאַרמאָגט אַלע ביכער פון די ייִדישע קלאַסיקער און ביז דעם נײַסטן בוך, איז דורך אים געשאַפן געוואָרן. ער

האָט געקאָנט יעדן מיטגליד, ער האָט געוווּסט יעדנס גײַסטיקן באַגאַזש. ער האָט אַליין געהאַלטן רעפּעראַטן, געלייענט לעקציעס. צו אַלע וויכטיקע אַקציעס איז ער דעלעגירט געוואָרן. און דער איקער: דער קלוב אַליין איז געשאַפן געוואָרן אַדאַנק זײַן איניציאַטיוו, דורך אים איז ער געגרינדעט געוואָרן. און ס'איז קיין וווּנדער ניט, וואָס ער איז מיטגעוואַקסן מיטן קלוב, וואָס דער יאָמטעוו פון קלוב איז זײַן יאָמטעוו געווען.

מע דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז מיטלעבנדיק דאָס לעבן פון קלוב, טראַכטנדיק און קלערנדיק פון קלוב אין יעדער צײַט, סײַ באַטאָג אין דער סטאָליערײַ בײַ זײַן אַרבעט, סײַ באַנאַכט אַפילע, אין שלאָף, כאָלעמענדיק פון קלוב, האָט ער קיין פּריוואַט לעבן אינגאַנצן ניט פאַרמאָגט. דאָס וועט זײַן ניט ריכטיק. אַ באַזונדער ווינקעלע פאַר זיך איז געווען רעזערווירט.

אין די שפּעטע נאַכט־שאָען פלעגט אַ פײַערל לויכטן אין זײַן בוידעם־שטיבל, און ער, נויעך ליבמאַן, פלעגט לערנען און לייענען. אַמאָל פלעגט ער פאַרברענגען מיט די מיידלעך פון קלוב אין טעאַטער אָדער אויף שפּאַציר. ליב געהאַט האָבן אים אַלע פרויען, וואָס האָבן אים געקאָנט. אַ וויץ האָט מען געמאַכט, אַז ער איז אַ בראָכע פאַר אַ געזעלשאַפט, וואָס נייטיקט זיך אין פרויען־מיטגלידער...

קיין וווּנדער איז ניט, וואָס מע האָט אים אַזוי ליב געהאַט. ער האָט פאַרמאָגט אַלע מײַלעס צו געפעלן.

ער האָט געהאַט אַ געדיכטן שוואַרצן קאָפּ האָר, אַ מאַט לענגלעך פּאָנעם מיט אַ פּאָר שטענדיק פריילעכע אויגן און מיט אַ שמייכעלע, וואָס ווײַבער האָבן עס אַזוי ליב, אַ שמייכעלע פול מיט גוטסקײַט און צוזאָגעניש. פון זײַן געזונטן מיטלוווּקסיקן קערפּער האָט געשפּריצט מיט ענערגיע און טעמפּעראַמענט, מיט איין וואָרט: „אַ יונג אַ ברען מיט אַלע מײַלעס“...

אָט דאָס איז ער געווען אין זײַן וואַקסן און אין זײַן שטײַגן. און איצט הייבט זיך אָן זײַן יערידע.

## 2

ס'איז געקומען אַ צײַט, ווען פאַר אים האָט זיך אָוועקגעשטעלט אַ פראַגע, וואָס ער האָט ניט געקאָנט, ער איז ניט געווען צוגעגרייט אויף איר ענטפערן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער יונג מיט „אַלע מײַלעס“ האָט אַ גאָר גרויסן כיסאָרן. ער, וואָס איז געווען דער צוניפשמעלצער פון אַ פּאָר הונדערט מענטשן און וואָס האָט זיי געפירט (לויט ווי ער איז געווען פעסט איבערצײַגט) אויף דעם וועג, וואָס ער האָט געוואָלט, האָט פאַרמאָגט דעם כיסאָרן, וואָס ער האָט ניט געקאָנט און ניט געוואָלט גיין אויף דעם וועג, וואָס זיי האָבן אים געוואָלט פירן. ער האָט געהאַט די אַמביציע פון אַ פירער: „אַ פירער“ אָן אַ באַשטימטער ליניע און אויף אַ ניט באַשטימטן וועג. ער האָט געקאָנט אין איין וואָך מעכאַבעד זײַן די מיטגלידער פונעם קלוב מיט אַ רעפעראַט וועגן טערקישן אַלעפבייס און מיט אַ לעקציע וועגן לעבנס־שטייגער פון די האָטענטאָטן... ער איז געווען אַן אַרבעטער, וואָס האָט ניט געהאַלטן פון קלאַסנקאַמף. פּאַרטייען האָט ער פאַראַכטעט. און מיטאַמאָל האָבן די מיטגלידער פון זײַן קלוב פאַר אים מיט דער גאַנצער שטרענגקײַט אָוועקגעשטעלט די האַרבע פראַגע: „צו וועלכער פּאַרטיי געהערסטו?“

אויף דער פראַגע האָט ער ניט געענטפערט. ער האָט אַ סאַך געלערנט, נאָר די דאָמינירנדיקסטע לערע פון הײַנטיקער צײַט האָט ער ניט געלערנט. דער געביט איז אים אַבסאָליוט פרעמד געווען. זײַענדיק אַליין אַן אַרבעטער און לײַדנדיק אַלס אַזעלכער, האָט ער ניט געוואָלט מיטמאַכן דעם קאַמף, וואָס עס פירט זײַן קלאַס פאַר באַפרײַונג, און אַז עס איז געקומען צו דער דערמאָנטער פראַגע, האָט ער קיין ענטפער ניט געגעבן. ס'הייסט, ער האָט יאָ געגעבן אַן ענטפער, נאָר ניט קיין פּאָזיטיוון: „ער געהערט ניט צו קיין שום פּאַרטיי“.

נאָך דעם דאָזיקן ענטפער האָט מען געמאַכט פאַר אים אויס סעקרעטאַר, אויף זײַן אָרט איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פּראָסטער אַרבעטער, וואָס געלערנט קיין סאַך האָט ער אַוודע ניט, נאָר דערפאַר האָט ער פאַרשטאַנען די צילן פון זײַן קלאַס.

דאָס איז געווען דער ערשטער און שטאַרקסטער פאַל. דערנאָך האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אַנדערע. מע האָט אים שוין אין ערגעץ ניט דעלעגירט. פון דער ביבליאָטעק אַפילע, וואָס דאָס איז שוין פאַר אים געווען אינגאַנצן ניט פאַרשטענדלעך, האָט מען אים אויך באַזײַטיקט. רעפּעראַטן זײַנען שוין פון איצט אָן פאָרגעקומען גאָר אַנדערע. די טעמעס זײַנען אַלע געווען אין שײַכעס מיטן קאַמף, וואָס עס פירט דער אַרבעטער־קלאַס מיט דער בורזשואַזיע. ער, נויעך ליבמאַן, האָט די רעפעראַטן ניט באַזוכט, ער האָט שוין ביכלאַל ווייניקער באַזוכט דעם קלוב. פאַר אים האָט עס געהייסן, אַז אַ שטיף־מאַמע האָט אים פון זײַן היים פאַרטריבן, די כאַווײרים, וואָס האָבן אים אַזוי ליב געהאַט, וואָס ער איז אַמאָל זייער ליבלינג געווען, האָבן אים אויפגעהערט צו באַמערקן. אויך אַ סאַך מיידלעך האָבן אויפגעהערט וואַכן איבער אים. בלויז די יעניקע זײַנען מיט אים פאַרבליבן, וואָס צוליב אים זײַנען זיי געקומען אין קלוב.

שווער איז אים געווען איבערצוטראָגן דעם קלאַפּ. ס'האָט אַן אומעט פאַרצויגן זײַן שטענדיק שמייכלענדיק פּאָנעם. א פאַרטונקלטע בייזקייט האָט זיך אין זײַן בליק באַזעצט. צו קיין בוך האָט ער זיך מער ניט צוגערירט. גאַנצע אָוונטן פלעגט ער אָפּליגן אַף זײַן בעטל און קוקן שטאַר צו די וואָלקנס רויך, וועלכע האָבן זיך אַן אופהער געצויגן פון זײַן פּאַפּיראָס, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרלאָשן.

## 3

דאָס איז געוואָרן פון נויעך ליבמאַן:

א פּעטליײַביקער פוילער מענטש, וואָס האָט זײַן אייגנס א פליישיק ווײַב, מיט וועלכער מע האָט אים כאַסענע געמאַכט. צוויי קינדער, וואָס קאָנען אַזוי דעם טאַטן, פּונקט ווי זיי קאָנען דעם אומעט, וואָס קוקט אַרויס פון זײַנע אויגן. צו דעם — א גרויס געשעפט אַף א גאַס מיט א סאַך גרויסע געשעפטן.

וואָלט אַלץ גוט געווען, ווען ער פאַרשיט דעם קייווער פון זײַן פאַרגאַנגענהײַט און שטעלט אוועק א גרויסע מאַצייווע. האָט ער אָבער אַזוי ניט געטאָן. ער האָט דעם קייווער ניט פאַרשיט און קיין מאַצייווע ניט געשטעלט. זעט ער זיך, דעם אַמאָליקן נויעך ליבמאַן, ליגן א געשטאָרבע־נעם, און ער אַליין, דער הײַנטיקער, שטייט איבער זײַן קייווער און פאַרגיסט טרערן.

ער האָט ניט קיין האַנאָע פון זײַן לעבן און ער ווייסט, אַז ער וואָ'ט שוין פון דעם קיין האַנאָע ניט האָבן. זײַן לעבן איז איין גרויסער אומעטיקער טאָג, וואָס טיילט זיך אַף צײַטן פון עסן, לייזן געלט, גענעצן און שלאָפן אַן ווילן מיטן ווײַב...

און וואָלט ער פאַרגעסן אין זײַן פאַרגאַנגענהײַט, וואָלט ניט געטליִעט אין זײַן האַרץ א פּונק פון אַמאָליקן פײַער, וואָלט זיך דער פּונק פאַרלאָשן, וואָלט ער דאָך, צום טײַוול, געווען פון די צופרידנסטע מענטשן אַף דער ערד!..

איז אים דאָס אָבער ניט באַשערט. געדענקט ער אַלץ און דערמאָנט זיך אין אַלץ, פּונקט אין דער צײַט, ווען ער טאָר עס ניט געדענקען. אין דער מינוט, ווען ער מוז בלויז אין זינען האָבן זײַן ווײַב, דערמאָנט ער זיך גאָר אין די שיינע, האַרציקע מיידלעך פון זײַן ווײַטער פאַר־גאַנגענהײַט, און אין דער צײַט, וואָס ער טײַנעט אײַן מיט א קוינע און דאַרף אָנווענדן אַלע סאָכרישע מיטלען אַרויסצוצײַען בא אים א פּאָר פּענזעס, פּונקט אין דער מינוט רײַסט זיך אויף זײַן מויל און א לאַנגווײַליקער געגעץ פאַרטרײַבט דעם קוינע... כאַפּט ער דערפאַר א פאַרציע זידלעניש פון זײַן ווײַב און ער שוויַגט און קוקט אַף איר מיט כמורנע פאַרלאָפענע אויגן.

אַזוי ציִען זיך אַלע זײַנע טעג. כמורנע, גרוי און וואָכעדיק. אַרום און אַרום זעט ער אַן אײַנ־האַלטפּול לעבן, און די אַמאָליקע כאַווײרים זײַנע לעבן אין דעם דאָזיקן לעבן.

א כיישעק איבערצואַנדערשן זײַן לעבן האָט ער אַמאָל יאָ, נאָר דער כיישעק דויערט אַזוי קורץ, ווי א בליץ. דערנאָך ווערט ער כמורנע, ווי דער הימל פאַר א רעגן.

ס'טרעפט אויך אַמאָל א צײַט, ווען ער קאָן בא זיך אין דער היים ניט אײַנזײַן, ווען ער דער־פילט, אַז דער פּונק, וואָס איז אים פון אַמאָל פאַרבליבן, ברייט אים אין זײַן האַרץ. דעמלט רײַסט ער זיך מיט אַלע זײַנע קויכעס אוועק פון זײַן היים און קומט אין קלוב, וואָס אין זײַן צײַט האָט ער געהייסן „קולטור־קלוב" און הײַנט הייסט ער „קאָמוניסטישער אַרבעטער־קלוב". נאָר באַלד באַם איבערטרעטן די שוועל, טוט אים שוין באַנק, וואָס ער איז אַהער געקומען, ווײַל ווי א פרעמדער בלאָנדזשעט ער אַרום איבער די צימערן, ער טרעפט א סאַך פון זײַנע פריִערדיקע כאַווײרים, וואָס ער איז זייער „פּירער" געווען און וואָס איצט זעען זיי אים ניט. געשעט אַמאָל, אַז איינער שטעלט זיך אָפּ לעבן אים און טוט אים פאַרוווּנדערט א פרעג: „האָ, סעניאָר ליבמאַן, וואָס טוט איר דאָ?" — קלינגט פאַר אים די פראַגע מיט אַזויפיל כויזעק, און ענטפערן ענטפערט ער אַזוי נאַריש: „אָט געקומען א ביסל, אַזוי זיך", אַז ער גייט שוין גלײַך דערנאָך אוועק פון קלוב.

און שפּעט אין דער נאַכט ליגט ער בא דער זײַט פון זײַן געזעצלעך ווײַב און טראַכט, ווו נעמט מען א מענטשן אַראָפּצורעדן דאָס שווערקײַט און דאָס ביטערניש פון האַרץ. ס'איז אים דאָך אַזוי שווער און אַלץ אַרום אים איז דאָך אַזוי פרעמד, ווילד פרעמד. דערמאָנט ער זיך אין איינער פון זײַנע אַמאָליקע כאַווערטעס, אין דער סימפּאַטישער ליזא — און ער פאַרטראַכט א בריוול צו איר. זי איז דאָך אַזאַ האַרציקע, אַזאַ צאַרטע און אַזאַ פאַרשטאַנדיקע. זי וועט אים מיטפילן און פאַרשטיין. עמעס טאַקע, זי איז אינגאַנצן איבערגעגעבן דער פּאַרטיי, זי האָט זיך גלײַך מיט א סאַך אַנדערע אָפּגעקערט פון אים נאָך דאָן, אָבער בא אים זײַנען געבליבן די שענסטע דערינערונגען וועגן איר. און זי? זאָל ער זאָגן, אַז זי געדענקט אים שוין ניט? ניין, זי געדענקט אים גוט, ער וועט שרײַבן צו איר, ער וואָלט אַפילע געקאָנט ריידן מיט איר, נאָר ס'וועט אים שווער זײַן, בעסער שריפטלעך. און ער פאַרטראַכט איר צו שרײַבן פאָלגנדעס:

„כאַווערטע ליזא, זאָל אײַך ניט וווּנדערן, וואָס גאַנץ אומגעריכט דערהאַלט איר פון מיר א בריוו, און זאָל אײַך אויך ניט איבעראַשן, ווען איר וועט ווײַטער לייענען, וואָס פּונקט אײַך האָב

איך אויסדערוויילט פאר דער, פאר וועלכער איך וויל די שווערקייט פון מײַן הארץ אראָפּריידן און בא וועלכער איך וויל עפשער אויך א רעטונג געפינען. איר זײַט די איינציקע פארבליבענע אין מײַן זיקאָרן אלס צארטע, מיטפילנדיקע און פילפארשטייענדיקע כאוועריטע, דעריבער שרײַב איך צו אײַך און בין מיט דער איבערצײַגונג, אז איר וועט מיך אויסהערן, פארשטיין און ענטפערן.

כאוועריטע, אײַך איז גוט באקאנט דער גאנצער וועג, וואָס איך האָב דורכגעמאכט ביז יענער פאטאלער שאָ, ווען כ'בין געבליבן שטיין פאר א פראגע, אף וועלכער כ'האָב ניט געקאָנט ענטפערן... פון דאן אָן איז שוין אוועק א היפשע צײַט. כ'האָב פאר די יאָרן דורכגעמאכט א לעבן, וואָס קיינמאָל וואָלט איך ניט געגלייבט, אז איך וועל אזעלכס דורכמאכן... כ'האָב געמיינט, עפשער וועל איך געפינען א ווארעם היימיש ווינקעלע. אָבער... ס'האָט זיך ארויסגעוויזן אנדערש. איך לעב א פרעמד לעבן... אלץ, וואָס ארום מיר, איז מיר פרעמד... ווילד פרעמד... אלץ, וואָס איך טו, איז מעכאניש... מײַן גאנץ לעבן איז א בארג אש, און דאָך פיל איך, אז א פונק טליעט אונטערן אש...

טליעט, טליעט און וויל זיך ניט פארלעשן... נאָר ניין, זאָל ער זיך ניט פארלעשן. אז ניט, וועל איך שוין אינגאנצן זײַן טויט... דעם פונק דארף מען פאנאנדערבלאָזן... כ'דארף הילף... א שטארקע האנט זאָל מיך א שלעפּ טאָן... מײַן ווילן איז געבראָכן, דער מוט פארלוירן... ליזא טײַערע, ראטעוועט מיך ארויס... ס'איז מיר ענג, דערשטיקט צו ווערן"...

ער האָט שווער אָפּגעזיפצט. פונעם געדאנק, אז אזוי וועט ער איר שרײַבן, איז אים א ביסל גרינגער געוואָרן. ער האָט ניט געוואָלט אָפּלייגן דאָס שרײַבן, ער וועט עס באלד טאָן. ער וועט ארײַנגיין אין צווייטן צימער, דאָרט וועט ער שרײַבן. נאָר... וואָס טוט מען מיט דער האנט, וואָס זײַן ווײַב האָט איצט ארום זײַן האלדז פארלייגט? וויאזוי באפרײַט ער זיך פון איר? ער האָט גענומען געלאסן אוועקמאכן די האנט. די האנט איז זייער א שווערע, אן אָנגעפּרעסענע האנט. און ווי פּאָרזיכטיק ער האָט עס ניט געטאָן, איז עס אים ניט געלונגען... דאָס ווײַב האָט זיך אויפגעכאפּט און האָט אים איצט ארומגענומען מיטביידע הענט אזוי שטארק, אז ער איז געבליבן ליגן, ווי א פייגער...

אמאָל האָט ער געבליצט, געוואקסן און געשײַנט, ער האָט געהאט די מעגלעכקײַט נאָך מער צו בליען, נאָך מער צו וואקסן און נאָך מער צו שײַנען. נאָר די זון האָט פאר אים אויפגעהערט לויכטן... האָט ער אויפגעהערט האָבן מיט וואָס צו לעבן.

הײַנט שטעלט ער מיט זיך פאָר א כורווע — נויעך ליבמאן...

---



מיט די צוויי דערציילונגען, וואָס מיר דרוקן דאָ, ווילן מיר דערמאָנען אונדזערע לייענער וועגן דעם באגאבטן נאָוועליסט מוישע גאָלדשטיין, וואָס איז אין עלטער פון 42 יאָר אומגעקומען בײַס דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, אין די שלאכטן בא סמאָלענסק.

די דערציילונגען געהערן צו צוויי פארשיידענע פּעריאָדן אינעם לעבן און אין דער שאפונג פונעם שרײַבער. „א פונק אונטער א בארג אש" איז אָנגעשריבן אפן גרונט פון דעם שרײַבערס לעבנס־דערפארונג אין ארגענטינע, וו ער, א פוילישער עמיגראנט, האָט געארבעט אין א טריקאָטאזש־פאבריק און אָנטיילגענומען אין דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטערבאוועגונג. ווי אונדז איז באוווּסט, ווערט די דאָזיקע דערציילונג פארעפנטלעכט איצט צום ערשטן מאָל.

„אין איינעם א פרילינג" איז אָנגעשריבן אין סאָוועטנפארבאנד, וווּהין דער שרײַבער איז אין 1931 געקומען, קעדיי צו באזעצן זיך אין ביראָבידזשאן. גאָלדשטיין איז דער אווטאָר פון צוויי טאלאנטפולע ביכער וועגן דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט — „ביראָבידזשאנער אפן אמור" און „ביראָבידזשאנער דערציילונגען". „אין איינעם א פרילינג" איז אויך א דערציילונג וועגן ביראָבידזשאן. אין 1941 איז זי געווען פארעפנטלעכט. מיר גיבן זי אָבער דאָ אין א וואריאנט, וואָס שיידט זיך אונטער פונעם געדרוקטן.

# רײַזעס

## 2. פוילן

4

וועגן די עטלעכע טעג, וואָס איך בין נאָך געווען אין פוילן — וועגן דער רײַזע קיין וראַצלאַוו און וואַלבזשיק, וועגן טרעבלינקע, — וועל איך איצט ניט שרײַבן קיין נאַכאַנאַנדיקן רעפּאָרטאַזש. איך טראַכט, אַז בעסער וועט זײַן פאַרענדיקן די פוילישע רײַזע־פאַרצייכענונגען מיט דרײַ פאַרבליבענע פון יענע טעג פאַרנאָטירונגען.

### די ערשטע פאַרנאָטירונג. טרעבלינקע, 17 אַפּרעל 1965.

אַף אַט דער קליינער באַן־סטאַנציע אין דער פוילישער מאַזאָוויע בין איך אָנגעקומען אין אַן עסעריק־קאַלטן טאָג. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז דער פרילינג, וואָס האָט ערשט נעכטן אַזוי שפּרודלדיק געשפּילט, איז געווען ניט מער ווי אַן אויסדאַכטעניש.

איך בין דורכגעגאַנגען דעם וועג — פון דער באַן־ליניע און ביז דעם אָרט, ווו דער אייבערשטער שיכט ערד איז אַראָפּגענומען, און יעדער איינער, וואָס קוקט אהין אַראָפּ, בריט זיך אָפּ אין די פאַרשטיינערטע קוילן פון דער קרעמאַטאָריע. אין דעם טרעבלינקע־דענקמאָל ביז איך אַרײַן ווי אין אַ וואַלד. איך האָב קיין טאָעס ניט: כ׳בין אַרײַן אין דענקמאָל, דער דענקמאָל איז אַ וואַלד, אַ וואַלד פון שטיינער. די לעבעדיקע האָבן זיי געבראַכט אהער און אוועקגעשטעלט אלס אַ זייכער פון די דער־מאָרדעטע. וויפל שטיינער שטייען דאָ — הונדערטער, טויזנטער? איך ווייס ניט. דאָס גאַנצע טרעבלינקער פעלד, ווו עס איז געווען דער טויט־לאַגער, איז פאַרפולט מיט גרויע שטיינער. קליינע און גרויסע. שפּיציקע און פאַר־קײַלעכיקטע. שטיינער — זיידעס מיט אײַנגעבויגענע פּליי־צעס. שטיינער — טאַלייסים, שטיינער — פּויסטן, שטיינ־דעלעך — מיידעלעך מיט אויסגעוואַשענע צעפּעלעך. אָט איז אַ מאַמע מיט אַ צעלאָזט שאַלכל, זי לויפט, דוכט זיך, צו פאַרדעקן איר קינד. אָט איז אַ שטיין ווי אַ שטיינהעקער: געזונט און ברייט אין די אַקסלען, נאָר די הענט געבונדן. לעבן אים שטייט טאַקע זי, זײַן באַשערטע. עס טיילט זיי אָפּ ניט מער ווי דאָס שטיינערנע שווײַגן. שטיינער מיט אָפּגעהאַקטע צווײַגן און מיט אָפּגעהאַקטע קעפּ. מאַמעס מיט פאַרבראָכענע הענט. אַ יונג, וואָס הייבט אוף אַ שטיין. שטיינער — געהאַנגענע, שטיינער — אויס־געגאַנגענע פון הונגער. שטיינער, וואָס אַנטלויפן, און שטיינער, פאַרוווּנדעטע אין שלאַכט...

ניט געסטײַעט האָבן קיין שטיינער פאַר אַלע אַכט הונ־דערט טויזנט מענטשן — קאָרבאָנעס. האָט מען אַף יעדן שטיין אויסגעהאַקט דעם נאָמען פון אַ שטעטל.

דאָס איז דער טרעבלינקער דענקמאָל: אַ געדיכטער שטיינערנער וואַלד.

איך בין אַרומגעגאַנגען אין אָט דעם וואַלד און ניט געווען בעקויעך ניט פרעגן עפּעס, ניט זאָגן עפּעס, די ליפּן האָבן געשעפּטשעט — ס׳איז געווען אַ ליד. טאַקע דאָ, צווישן די שטיינער, האָב איך זי פאַרשריבן:

וואַלד... וואַלד... וואַלד...
גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד!

אַ וואַלד פון שטיינער אַף מענטשנס
ביינער.

אַ וואַלד אָן סאָסנעס,
אַ וואַלד אָן טאַנען.
אַ וואַלד פון כײַקעס,
אַ וואַלד פון כאַנעס.
אַ וואַלד אָן מאָכן
און אָן קוקאַוועס,
אַ וואַלד פון פייגעס,
אַ וואַלד פון כאַוועס.
ניטאָ קיין פייגל,
ניטאָ קיין צוויטשערס —
אַ וואַלד פון כאַיִמס,
אַ וואַלד פון איטשעס.
ניטאָ קיין קרוינען,
קיין אַלטע דאָרנס,
אַ וואַלד פון יוינעס,
אַ וואַלד פון זאָרעכס.
אַ וואַלד אָן גראָזן,
אפילע אָן סאָוועס.
אונטער די שטיינער
ליגן שפּינאָזעס.
אַ שטיין —
איינשטיין,
פון זײַן מארך און געביין,
אַ שטיין פון זײַן כיין,

---

סאַף. זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 11.

פון זײַנע ציין,
פון זײַן גיין, פון זײַן שטיין,
פון זײַן יאָ, פון זײַן ניין —
א שטיין!

שטיינער, שטיינער,
וואָס טוט איר מיט זיך פאַרדעקן?
א שטיין — א שטעטל?

א שטיין — א שטעטל!
לוקאָוו און זשאַרנאָוו —
שטיין... שטיין...
ווערזשבניק און סאַרנאָוו —
שטיין...
עפּשער געבליבן פּינטשאָוו? ניין...
עפּשער — א סימען פון ראַדזין? ניין...
פולאַוו — פאַרשטיינט,
ראַדאָם — פאַרשטיינט,
לוקאָוו — פאַרשטיינט,
יודנריין!
געבליבן בלויז שטאַרצן
ניסראַפּים־קוימענדלעך.
ניטאָ, ניטאָ שוין
די מוישעלעך, שלוימעלעך.
און דאָ, אין דעם וואַלד,
די שטיינער, פאַרווייִנט,
שטייען געבויגן אף מענטשנס געביין.

וואַלד, וואַלד, וואַלד...
גוואַלד, גוואַלד, גוואַלד!

א וואַלד שטייט פאַרגליווערט אף מענטשנס
ביינער.

די שטיינער
אין הימל ווארפן שטיינער!

## די צווייטע פאַרנאַטירונג.
## 19 אפּרעל 1965.

געטאָ... מע איז שוין צוגעווינט צום וואָרט „געטאָ“. עס דוכט זיך, אז צומאָל פאַרגעסט מען אפילע, וואָס געטאָ איז אזוינס. מע דערלויבט זיך צו זאָגן: „צוריק אין געטאָ“...

יִדן, די שטענדיק עקספּאַנסיווע יִדן, האָבן די ערשטע „פאַרכאַפּט“ פאַר זיך דאָס וואָרט ג ע ט אָ, כאָטש עס זײַנען דאָך געווען אויך אינדיִאַנער אין די רעזערוואַציעס, די נעגער־„שטאָט“ האַרלעם אין איינעם א בארעמהארציקן לאַנד. יִדן, קאָן מען מיינען, האָבן מיט זייער גוטן ווילן אליין זיך פאַרשפּאַרט אין די געטאָס...

יִדישע געטאָס ביז דער צווייטער וועלט־מילכאָמע זײַנען „בלויז“, אזוי צו זאָגן, א נאַציִאָנאַלער און סאָציִאַלער קאַרדאָן, א מיטל צו האַלטן די יִדן אין א זײַט פונעם לעבן. די יִדישע געטאָס בייס דער נאַצי־מעהומע — דאָס איז דער פּלאַץ לעבן שעכטהויז און דאָס שעכטהויז אליין.

איך טראַכט וועגן יִדישע געטאָס, שטייענדיק באַם וואַרשעווער געטאָ־דענקמאָל אין א טריבן אינדערפרי, אין צוויי און צוואַנציק יאָר ארום נאָך דעם, ווי די יִדישע געטאָ איז געוואָרן א שלאַכטפעלד, א טעריטאָריע פון אייביקן רום פאַר די פאַרשפּאַרטע און פאַרורטיילטע, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן מיט זייערע אויסגעשעפּטע קויכעס קעגן דעם קויעך פון די קוילערס.

נאָך דער וואַרשעווער געטאָ טאָרן דאָך שוין אוואדע ניט זײַן קיין געטאָס אף דער וועלט. ווען די וואַרשעווער געטאָ איז דערשטיקט געוואָרן, זײַנען די לעצטע מוירדים אירע דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן א ר ו י ס פון געטאָ אין וואַלד אַרײַן. ניט — אַרײַן אין געטאָ. ארויס פון געטאָ!

איך שטיי באַם וואַרשעווער דענקמאָל און טראַכט: סאַראַ נעס עס איז געשען! ס׳איז דאָך ניט קיין דענקמאָל, א שטיק וואַנט איז עס אין מוראַנאָוו. עס שטעלט זיך מיר פאָר: די פאַשיסטישע היישעריקן קריכן ווידער צו דער געטאָ. די לעבעדיקע קעמפער האָבן זיך אוועקגעשטעלט צו באַגעגענען זיי מיט פײַער. אָט שטייען די מוירדים צוגעדריקט צו דער וואַנט אין סאַמע ברען פון שלאַכט; א שרעקלאָזער יונג מיט אן איבערגעבונדענעם קאָפּ — די גראַנאַטע גרייט אין דער האַנט. לעבן אים, פון ביידע זײַטן, זײַנע שלאַכט־כאַווײרים, אינגאַנצן יונגע. א באַיאָרטער מענטש הייבט זיך אוף, שוין א פאַרוווּנדעטער, איבער דעם קערפּער פון א געפאַלענעם. הינטער זיי אלעמען און עטוואָס העכער פון זיי — א פרוי אין א צעפליקטן קלייד, די האָר צעלאָזט איבער די אקסלען. זי איז שווער פאַרוווּנדעט. מיט די לעצטע קויכעס דריקט זי צו צו דער ברוסט א קינד...

און עס ווילט זיך אויסשרײַען צו די הײַנטצײַטיקע פּאָליטיקאַנער, וואָס לאָזן זיך ווילגיין אפן כעזשבן פון נאַציִאָנאַלע טראַדיציעס פונעם יִדישן פּאָלק: איר, וואָס איר שרײַבט, אָנשפּאַרנדיק זיך אף קלויז־שטענדערס, רעצעפּטן פאַר דעם ווײַטערדיקן קיִעם אונדזערן, — קומט צו גיין צו אָט דער וואַנט און טראַכט זיך אַרײַן אין דעם, וואָס לעבן איר איז זיך פאַרלאָפן אין יענע טעג. הערט זיך אײַן אין דער שרויט־פײַקלערײַ פון די מיליטערישע פויקן בייס דער איצטיקער אָנדענק־צערעמאָניע און אין די ווערטער, וואָס דער ערן־באַטאַליאָן פוילישע סאָלדאַטן זאָגט הויך און פײַערלעך, ווען עס ווערן דערמאָנט די געטאָ־קעמפער. הערט, הערט: „געפאַלן אפן פעלד פון רום!...“

איר, וואָס איר ווארפט הײַנט שטיינער אין די שלאַכט־כאַווײרים פון די געטאָ־העלדן און, אויסרעכענענדיק, אז פון א העכער אָרט וועט גרינגער זײַן צו טרעפן, באַמיט איר זיך אפילע ארופצוקריכן אף די טרעפּ פונעם וואַשינגטאָנער ווײַסן הויז און פון דאָרט א ווארף טאָן פון מאָל צו מאָל א שטיין אויך אין דער שטיינערנער וואַנט אפן וואַרשעווער געטאָ־פּלאַץ, — פאַרוואָס זעט איר אין דער ביטערער שאָ פון דער אויסראָטונג פון אונדזער פּאָלק ניט געקראָכן אף די וואַשינגטאָנער טרעפּ צו פאָדערן הילף פאַר די געטאָ־מאַרטירער?

אזוי שטיי איך באַ דער וואַרשעווער דענקמאָל־וואַנט און טראַכט וועגן יִדישע געטאָס און וועגן די, וועלכע רופן אונדז צוריק אהין: פאַר די אויגן שווימט א טײַך פון מענטשן, א טײַך פון בלומען־קרענץ. הײַנט איז דער פּלאַץ פון די געטאָ־העלדן דער צענטראַלער אין וואַרשע. ניין, ניט נאָר יִדן — די גאַנצע באַפעלקערונג פון דער פוילישער הויפּטשטאָט שטראָמט הײַנט צו אָט דעם פּלאַץ.

נײַע, הויכע הײַזער שטייען אפן אָרט פון די געטאָ־כורוועס. א זיכערע רויִקײַט, כאָטש זי איז דורכגעזיפּט דורך דער שרויט־פײַקלערײַ פון סאָלדאַטישע פויקן, שפּרייט זיך אויס איבער דער געוועזענער געטאָ. און ניט געקוקט דערויף, וואָס דער מילכאָמע־אומרו איז אזוי ווײַט

פון אַט דער רויִקייט, איז מיר דאָך ניט שווער זיך אומצוקערן מיט די געדאַנקען צו דער פּאַנאָראַמע פונעם אופשטאַנד אין געטאָ.

פאַרנאַכט, אין פאַרטונקלטן זאַל פון דער וואַרשעווער פילהאַרמאָניע, אַף דער פייַערלעכער אָנדענק־פאַרזאַמלונג, וועל איך זאָגן אַזוי:

— די יידישע געטאָ פון וואַרשע, מע קאָן זי פאַרגלייַכן צו אַ ברענענדיקן טאַנק, דערצו נאָך אַן אַרומגערינגלטן פון די סאָנים, — צו אַ ברענענדיקן טאַנק, וועמעס שלאַכט־עקיפּאַזש האָט געשאָסן ביז דער לעצטער מינוט. דער מעטאַל פונעם טאַנק איז שוין צעשמאָלצן, די טאַנקיסטן זייַנען שוין פאַרקוילט, אָבער אַרום דעם טאַנק איז אַזוי גרויס די צאָל פונעם סוינעס פּעגירים, אַז דאָס דערלויבט די לעבן־געבליבענע אופצוהייבן איבער די קעפּ פון די דאַנקבאַרע דוירעס דעם טאַנק, ווי אַן אייביקן דענקמאָל...

## דריטע פאַרנאַטירונג.

בעשאַס איך גיי אַרום איבער די קולטור־אַנשטאַלטן פון וואַרשע, — צווישן יידישן היסטאָרישן מוזיי און דער רעדאַקציע פון דער „פאָלקס־שטימע“, צווישן אידע קאַמינסקעס טעאַטער און דעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד, — פאַלט מיר אייַן אַ געדאַנק, אַז אַנעם דימיען וואָלט עפּשער קעדיי געווען אַזוי־אָ מיטן שפּאַן אויסצומעסטן דעם מעהאַלעך צווישן נאַוואָגראָדזקע, 5 און דעם אָרט, ווו ס'איז פאַרן קריג געווען טלאָמאַצקע, 13.

גרויס איז דער מעהאַלעך צווישן אָט די צוויי צייַטאָפּשניטן אין יידישן קולטור־לעבן פון פוילן. זייַענדיק איצט דאָ, טראַכט איך, אַז ווען ס'וואָלט געשען אַזאַ נעס און איך וואָלט, לעמאָשל, שוין דעמלט, אין די דרייַסיקער יאָרן, געוווּסט דאָס, וואָס איך ווייס איצט, און געהאַט אַן אַרייַנפאַר־שייַן קיין פוילן, וואָלט איך, קאָן זייַן, אַרומגעגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט, ווו יידישע שרייַבער פון פוילן האָבן דאַן געוווינט, און צוזאַמען מיט יעדן איינעם פון זיי געפּרווט אַרייַנדרינגען אין דעם, וואָס עס וועט זייַן שפּעטער.

איך וואָלט געקומען אין וואַרשע צו מוישע בראָדערזאָנען און עפראַיִם קאַגאַנאָווסקין, וועלכע מיר האָבן נאָכן נייַן־און־דרייַסיקסטן שוין געהאַלטן פאַר אומזעריקע, סאָוועטישע. שיין און שווער איז געווען זייער וועג. רייַן און מוטיק — זייער געמיט. אויך דער אומרו זייערער און דער ווייטעק און אַלץ, וואָס שפּעטער איז זיי אויסגעקומען איבערלעבן, — אַלץ איז געווען באַהויכט מיט דער גרויזאַמער צייַט. טראַכטנדיק וועגן זיי און וועגן די בעסטע, וואָס האָבן צוזאַמען מיט זיי געשאַפן די דעמאָלטיקע יידישע ליטעראַטור אין פוילן, פאַרשטיי איך, פאַרוואָס מאָרדכע געבירטיג, דער וואַרשעווער פאָלקס־זינגער, וועמען איך האָב, לײדער, ניט געקענט, האָט מיט זייַן דערשיטערנדיקער ליד „עס ברענט“ אַרויסגעשריִען נאָך פאַרן קריג דעם פאַרגעפיל פונעם שפּעטערדיקן געטאָ־שוידער. איך וואָלט צווישן יענע, וועלכע האָבן אין דער טלאָמאַצקע־דרייַצן־וואַרשע געשאַפן ליטעראַטור פון פאַראַנטוואָרטלעכקייַט, געזען אויך אַלטער קאַציזנען, און נאָכאַמאָל וואָלט איך הייַנט איבערגעלייענט, לעמאָשל, זייַן דראַמע „דעם יידנס אַפּמאַך“ און דערזען אין איר די שילדערונג פון דער היטלער־מאַגייפע דורכן טיפּאַזש פון דער ווייַטער שפּאַנישער אינקוויזיציע. פונדאַנען זעט שוין מייַן אויג די ווערק פון די שעפער פון דער געהייליקטער געטאָ־ליטעראַטור.

איך וואָלט אַרייַנגעקומען אין די אָקופּאַציע־יאָרן, אין רינגעלבלומס אונטערערדישן אַרכיוו און אויסגעשריִען, ניט היטנדיק זיך פאַר פּאָליצייַען און עסעס־לייַט: „יאָ, זיי זייַנען דערגאַנגען, די קסאָווים אייַערע! אין וואַרשעווער יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, באַ בער מאַרקן, האָב איך געזען, וויִאַזוי דאָס אָפּגעקעמפטע און אופגעריכטע פוילן היט אָפּ יעדן אָס וועגן דער יידישער טראַגעדיע, וועלכן איר האָט איבערגעלאָזט פאַר דויר־דוירעס“.

זייַענדיק מיט די יידישע שרייַבער אין וואַרשעווער געטאָ, וואָלט איך נאָכאַמאָל איבערגעלעבט די פאַרלוסטן פון דער יידישער ליטעראַטור. עס וואָלט מיר ווי געטאָן דאָס, וואָס עס זייַנען צוזאַמען מיט די געטאָ־קעמפער פאַרשניטן געוואָרן די געטאָ־לידער פון יִיסראָעל שטערן, די פּאָעמע „יִזקער“ פון יִיצכאָק קאַצענעלסאָנען, יעהוישוע פּערלעס געטאָ־ראָמאַן. איך וואָלט צווישן אַנדערס געזאָגט די שרייַבער־קדוישים, אַז יִיצכאָק קאַצענעלסאָנס וועג צוריק פון דער העברעיִשער ליטעראַטור צו דער יידיש־„זשאַרגאָנישער“ איז פאַרשטענדלעך און קלאָר: אַפּן מוראַנאָווער שלאַכטפעלד האָט דאָס פאָלק גערעדט אַף פּראָסט יידיש. איך וואָלט זיי אויך געזאָגט, אַז יעהוישוע פּערלע האָט מיט זייַן כראָניק „כורבן־וואַרשע“ געבראַכט נאָך איין באַווייַז, אַז אַפילע אין דער צייַט, ווען דער כאַלעף ליגט אַפּן האַלדז פונעם לעבן, איז די ליטעראַטור דאָך אַ שפּיגל פון דעם לעבן.

פון וואַרשע וואָלט איך אַוועק איבער די שטעט פון דעמאָלטיקן פוילן.

געווען אַ גאַליציאַנער גרופּע יידישע שרייַבער. יאַנקעוו שודריך און מוישע שימל זייַנען אומגעקומען מיט אַ שוידער־טויט. ווען, לאָמיר זאָגן, איך טרעף נאָך שודריכן באַם לעבן, וואָלט איך מיט אים איינעם זיך דערמאָנט, וויִאַזוי ער האָט אין לוואָוו נאָך דער באַפרייַונג באַגעגנט זייַן ערשטן סאָוועטישן פרילינג און, ווענדנדיק זיך צו אים, האָט ער געשריבן:

איך עפן די פענצטער, — קום, גאַסט מייַנער
ליבער,
און רו זיך אַ ביסעלע אָפּ פון די וועגן.
און שפּעטער וועסט גיין אין די שכייניש
שטיבער,
אַף אַלטע באַקאַנטע און נאָענטע זיך פרעגן.

מיר האָבן דיר אַלע אַזויפיל צו זאָגן!
דו קאָנסט דאָך אונדז, ברודער, מיסטאָם,
ניט פאַרגעסן,
אוי, שווער איז די בענקשאַפט געווען אונדז
צו טראָגן,
און ס'איז שוין דער ווינטער געווען אונדז
דערעסן[1].

שודריך, שימל און אַנדערע זייַנען גלייַך פונעם קורצן, ביז גאָר קורצן סאָוועטישן פרילינג אַרייַנגעפאַלן אין סאַמע שרעקלעכסטן — אין פאַשיסטישן — ווינטער. און דאָרט זייַנען זיי אומגעקומען אין דער ברוינער וויוגע...

איך וואָלט אויך געקומען צו אַ גרופּע יידישע שרייַבער, וואָס זייַנען פאַרבליבן אין זיקאָרן פון דער ליטעראַטור ווי „יונג־ווילנע“. ס'וואָלט עפּשער ניט געשאַט, אַז דעמלט זאָל איינער פון זיי, אווראָם סוצקעווער, אַפריִער הערן

[1] זשורנאַל „פאָרפּאָסט“ נומ. 4—5, בירָאָבידזשאַן, 1940.

זײַנע אייגענע ווערטער, אין וועלכע עס האָט אין יאָרן ארום דערמאָנט בייס א „שמועס ארום רונדן טיש" אין רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד" מייער פּאָדאָלני, דער קאָמאנדיר פונעם סאָוועטישן פּארטיזאנישן אָטריאד, וואָס האָט געראטעוועט סוצקעווערן. דער פּארטיזאנער, איצט אן אָנפירער פון א בוי־טרעסט, האָט דערציילט: „ווען מיר האָבן סוצקעווערן ארײַנגעזעצט אין אן עראָפּלאן אף אָפּפירן אים פון דער אָקופּירטער טעריטאָריע קיין מאָסקווע, האָט ער אונדז פארזיכערט: קיינמאָל, ביז מײַן לעצטן אָטעם, וועל איך ניט טאָן קיין שלעכטס דעם לאנד, וואָס האָט מיך געראטעוועט".

אומגעפּער דאָס זעלבע וואָלט איך געקאָנט זאָגן א צווייטן באדײַטנדיקן „יונג־ווילנער" — כאַיִם גראדען...

דער יונגער ווילנער דיכטער הירש גליק האָט געשאפן דאָס אומשטערבלעכע „זאָג ניט קיינמאָל". ווען הירש גליק וואָלט לעבן געבליבן און אפילע ווען ער וואָלט הײַנט געלעבט אין די אויסלאנדס, אלציינס איז אומעגלעך זיך פאָרצושטעלן, אז זײַן פּען זאָל שרײַבן אנטיסאָוועטישע לידער. איך ווייס ניט, צי עס איז טאקע געווען פארטראכט ווי א סימבאָל, נאָר פאר מיר איז עס טיף סימבאָליש און פון גרויסן באדײַט — דאָס, וואָס „זאָג ניט קיינמאָל" איז אָנגעשריבן אפן מאָטיוו פון א סאָוועטישער ליד.

נאָך וועגן איין ווילנער פּאָעט — וועגן לייזער וואָלפן — טראכט איך. מיר זאָגן ל י י ז ע ר  ו ו אָ ל ף, און עס קומען אוף אין זיקאָרן: „די בלויע שוואלב", „אײַזיק־מייער דיק און די אלמאָנע ראָם", „עס זיצט דער יעיצערהאָרע מיט א יִינגל אונטער א בוים"...[1] אין 1943 איז אין אוזבעקיסטאן געשטאָרבן דער האָפענונגסלאָז־קראנקער לייזער וואָלף, זיך ניט דערוואַרט ביזן זיג, אין וועלכן ער האָט אזוי געגלייבט.

ניט לאנג פארן טויט האָט דער דיכטער געשריבן:

א לויב, א לויב די רויטע רעפּובליקן
פון פרײַ און פריידיק מעכטיקן פארבאנד![2]

מע קאָן זאָגן, אז די יִידישע ליטעראטור אין פּוילן האָט א סאָוועטישן פּעריאָד — זייער א פרוכטבארן. פאר איר איז דאָס א צײַט פון שארפע ווענדפּונקטן; זי איז ווי מיטאמאָל ארויס (קאָן זײַן, ניט אינגאנצן צוגעגרייט צו דעם) אף א בלענדיק־שנייִקן ראכוועס, איבער וועלכן עס האָט אינגיכן זיך אופגעהויבן דער שטארקער מילכאָמעווינט. ארויס איז זי פון איר שטוב, א פארפאָלגטע פון גאָרגלשנײַדער. און דאָ, אפן שנייִקן ראכוועס, האָט זי סײַ זיך פארהארטעוועט, סײַ ארײַנגעעטעמט פרישע לופט אין די לונגען; זי האָט סײַ, נאטירלעך, זיך אָפּגעהיט פון די גאָרגלשנײַדער און סײַ, זעט איר דאָך, איבערגעלאָזט א קייווער אין ווײַטן אוזבעקיסטאן...

נאָכן קריג האָט די יִידישע ליטעראטור פון פּוילן זיך אומגעקערט אהיים. קליין אין דער צאָל איז איצט איר געזינדל, נאָר זי האָט שוין ספּארדס, זאָנשטיינס, ציבולסקיס, שקליארס, רייזמאנס לידער, די פּראָזע פון לילי בערגער, קאלמען סעגאל, שטראוס־מארקאָ, די פּובליציסטישע ביכער, וואָס בער מארק, הערש סמאָליאר, מיכאל מירסקי האָבן געווידמעט דער ניט ווײַטער פארגאנגענהײַט, די טעמפּעראמענטפולע עסייִסטיק פון ש. בעליס. איך וויל ניט זײַן קיין נאָווי, נאָר כ'בין אויך ניט מעכוייעוו צו פארשווײַגן, אז דאָ, אף דער ערד פון פּוילן, האָט זיך געשטארקט בא מיר דער גלויבן, אז ס'וועט דורכגיין נאָך א יאָר און נאָך א יאָר — און די בינעם העלערס, די האדאסא רובינס — די יעניקע צווישן די אוועקגעגאנגענע, וואָס האָבן נאָך ביז הײַנט מער־ווייניקער פאורהיט דאָס געפיל פון אנאליִע, — זיי וועלן נאָך אוילע־רעגל זײַן צו דער אלטער היים, קעדיי צו טרעפן זיך מיט פּוילן, מיט פאָלקס־פּוילן, מיט דער נײַער יִידישער ליטעראטור אין פאָלקס־פּוילן. די יאָרן גייען, דאָס נײַע לעבן לעבט, און ס'איז א סאָפעק, צי ראָכל קאָרן, לעמאָשל, וועט אין קאנאדע קאָנען געפינען די לופט און די ערד פון פשעמישל...

ווײַל ליטעראטור — זי קאָן און זי דארף איבערגעזעצט ווערן פון איין שפּראך אף א צווייטער. נאָר זי קאָן ניט איבערגעזעצט ווערן פון איין באָדן אף א צווייטן, אומאָפּהענגיק פון דעם, צי אין דעם אָדער יענעם מאָמענט איז דער היימישער באָדן פרילינגדיק־פעט, צי ווינטערדיק־„מאָגער". שרײַבער זײַנען ניט ווי א געוויסער געוויקס (די באָטאניקער רופן אים סעלאַ־גינעלא), וועלכער, אויב אין דעם אָרט, ווו ער וואקסט, מאכט זיך א מאנגל אין פײַכטקײַט, רײַסט ער אליין זיך ארויס פונעם באָדן און, אָנגעבנדיק זיך אפן בארעט פון די צופעליקע ווינטן, טראָגט ער זיך איבער אף אן אנדער אָרט.

איך האָב עס בעכוש געפילט טאקע דאָ, אין פּוילן, ווו עס הערט ניט אוף צו קלאפּן דאָס הארץ פון דער אלט־יונגער יִידישער ליטעראטור, ניט געקוקט אף דעם, וואָס אין אזא גרויסער צאָל שרײַבער האָט זיך אין די שווערע נאָכמילכאָמעדיקע יאָרן ארײַנגעכאפּט דער סעלא־גינעלא־יעיצערהאָרע.

ווען לייב דאָמב, דער פּאָרזיצער פון דער פארוואלטונג פונעם קולטור־געזעלשאפטלעכן פארבאנד פון די יִידן אין פּוילן, האָט מיר באוויזן די אויסשטעלונג פון ביכער, וועלכע ס'האָט ארויסגעגעבן דער ווארשעווער פארלאג „יִידיש בוך", האָב איך אויסגעשריִען א פארכידעשטער:

— אזויפיל ביכער!

ניט לייב דאָמב, ניט דאָוויד ספּארד, וואָס איז געווען דערבײַ, און אויך ניט די איבעריקע כאַוויירים האָבן גאָרנישט ניט געזאָגט וועגן מײַנע היספּײַלעס, נאָר אפן צווייטן טאָג, ווען איך בין שפּעט אין דער נאכט געזעסן מיט ספּארדן בא אים אין שטוב, האָט ער מיטאמאָל א זאָג געטאָן:

— נו יאָ, ס'איז מאמעש צו כידעשן זיך: אין פּוילן לאָזן מיר איצט ארויס מער יִידישע ביכער, איידער אין דער מערהײַט טומלדיקע יִידישע יִשוווים אף מײַרעוו... אָבער מע דארף ניט פארגעסן, אז מיט גאנצע פיר הונדערט פינף און דרײַסיק יאָר צוריק האָט שוין אין קראָקע געארבעט א יִידישע דרוקערײַ, די האליטשער דרוקארניע...

דאָס געפיל פונעם דורכגעגאנגענעם היסטאָרישן וועג, וועמעס בוילעטסטער אויסדרוק עס איז דער פּערעץ־קולט אין הײַנטיקן פּוילן, ווערט בא די יִידישע קולטורטוער פון אָט דעם לאנד טראנספאָרמירט אין אן אכרײַעס־געפיל, און ניט נאָר די דאָרטיקע שרײַבער און זשורנאליסטן — ניט נאָר ספּארד און סמאָליאר, מירסקי, קאָרמאן, שטראוס־מארקאָ און אנדערע — האָבן בעשאס מײַן זײַן אין פּוילן אָן אופהער אונטערגעשטראָכן די באשטענדיקײַט פון אָט דעם געפיל. שמועסנדיק מיט רעפאָעל כוואָלעסן — א מאָלער, וועמעס פארוואָרצלטקײַט גיט צו גרויס אויסדויער זײַן קונסט, — זיצנדיק אין צושויער־

---

1 לייזער וואָלפס לידער.

2 לייזער וואָלף. לידער און סאטירע. מעלוכע־פארלאג „דער עמעס", מאָסקווע, 1940.

זאַל פון אידע קאַמינסקעס טעאַטער און אין דער היים (אין וראָצלאַוו) בא דער טעאַטראַלער דינאַסטיע פון די ראַטבוימס (סאַרע ראַטבוים האָט איר רום פון א „פאַרדינסטפולער אַרטיסטן פון דער רוסלענדישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפובליק" דערוואָרבן אין מאָסקווער גאָסעט, איצט וווינט זי און איז טעטיק אין פוילן; יאַנקעוו ראַטבוים איז איינער פון די בעסטע יידישע רעזשיסערן; ליע ראַטבוים איז אַלס רעזשיסער ארויס פון מאָסקווער טעאַטער־אינסטיטוט „גיטיס"), באַקאַנענדיק זיך מיט די גרויסע אויפטוען פונעם וואַרשעווער יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, — אומעטום האָב איך געזען, אַז די טוער פון דער יידישער קולטור אין פאָלקס־פוילן האָבן א ציל און האָבן א וועג, און אומאָפּהענגיק פון דעם, וואָס פאַר א מעהאַלעך און וואָסערע געשעענישן און ענדערונגען עס ליגן צווישן טלאָמאַצקע, 13 און נאַוואָגראַדזקע, 5, איז קיין סאָפעק ניט, אַז די היינטצײַטיקע נאַוואָגראַדזקע שטייט אף א באַדן, אין וועלכן דאָס יידישע פאָלק פון פוילן האָט אַלטע און נײַע וואָרצלען.

## כראָניק

# נײַע ביכער

נאַרוואָס איז ארויס פון דרוק און וועט אינגיכן אָנקומען אין פאַרקויף נאָטע לוריעס ראָמאַן „הימל און ערד", ארויסגעגעבן דורך „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" און „סאָוועטיש היימלאַנד". דאָס בוך האַלט 20 דרוקבויגן און איז אילוסטרירט דורכן קינסטלער גערשן קראַווצאָוו.

צו קענטעניש די לייענער: די יידישע אויסגאַבעס קאָן מען אויך אויסשרײַבן דורך פּאָטשט, לויטן אַדרעס: Москва, Рыбный пер., 2, отдел «Книга—почтой» книжного магазина № 64.

### דערשינען מאשע ראָלניקס בוך „איך מוז דערציילן"

אין וואַרשע איז דערשינען מאשע ראָלניקס טאָגבוך וועגן ווילנער געטאָ אונטערן נאָמען „איך מוז דערציילן". דאָס בוך האָבן ארויסגעגעבן געמיינזאַם דער פאַרלאַג פון דער סאָוועטישער פּרעסע־אַגענטור „נאָוואָסטי" און דער וואַרשעווער פאַרלאַג „יידיש בוך".

די אויסגאַבע ווערט באַגלייט מיט אַן אַרײַנפירוואָרט פונעם באַוווּסטן ליטווישן דיכטער עדוואַרדאַס מעזשעלײַטיס.

### אַשער שוואַרצמאַן אף אוקראַיִניש

אין דער ראָוונער געגנטלעכער צײַטונג „טשערוואָני פּראַפּאָר" („רויטע פּאָן") איז ניט לאַנג צוריק פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אַרטיקל פון וו. פּאָפּענקאָ „א דיכטער א שלאַכטמאַן" — אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אַשער שוואַרצמאַנס לידער־זאַמלונג, וואָס איז דערשינען אף אוקראַיִניש אין צוזאַמענהאַנג מיטן 75־טן געבורטסטאָג פונעם דיכטער.

די אויסגאַבע איז באַגלייט מיט אַן אַרײַנפיר־אַרטיקל פונעם באַוווּסטן אוקראַיִנישן דיכטער פּאַוולאָ אוסעניקאָ.



אין פאַרלאַג „פּאָליטישע ליטעראַטור" איז דערשינען א בוך „דער דײַטשיש־פאַשיסטישער אָקופּאַציע־רעזשים אין די יאָרן 1941—1944". די אויסגאַבע איז צוגעגרייט געוואָרן צום דרוק דורכן אינסטיטוט פון מאַרקסיזם־לעניניזם. אין אים ווערן געבראַכט פיל פאַקטן וועגן דעם טראַגישן אומקום פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן דורך די דײַטשישע אָקופּאַנטן אין ווײַסרוסלאַנד, לעטלאַנד, ליטע, אוקראַיִנע און אין פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּע.

### דאָקומענטן ריידן

עס איז ארויס פון דרוק דער ערשטער טייל פון דער גרויסער דאָקומענטאַלער זאַמלונג „די מאַסן־מאָרדן אין ליטע", צונויפגעשטעלט דורכן צענטראַלן אַרכיוו און דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון דער ליטווישער רעפובליק. די דאָקומענטן דעקן אוף פיל נײַע שוידערהאַפטע באַשולדיקונגס־מאַטעריאַלן קעגן מילכאָמע־פאַרברעכער, אָנווײַזנדיק די קאָנקרעטע אַדרעסן פון די דאָזיקע מערדער, וועלכע שפּאַצירן איצט ארום פראַנק־און־פרײַ אף די גאַסן פון פשא, קאַנאַדע, אויסטראַליע, עסטרײַך און מײַרעוו־דײַטשלאַנד.

### א ראָמאַן וועגן די קומראַנער מעגילעס

אין מאָסקווער פאַרלאַג „נאַוקא" („וויסנשאַפט") איז דערשינען אין דער רוסישער איבערזעצונג א בוך פונעם דײַטשישן שרײַבער היינריך שטאַל „די הייל באַם יאַם־האַמעלאַך".

ה. שטאַלס בוך איז אָנגעשריבן אין דער פאָרם פון א וויסנשאַפטלעך־קינסטלערישן ראָמאַן, אין וועלכן דער מעכאַבער גיט א געשיכטלעכן איבערבליק פון די אַנטדעקונגען אין די היילן פון קומראַן און פון די אַרכעאָלאָגישע אויסגראַבונגען אף דער טעריטאָריע פון דער געמיינדע כירבעט — קומראַן.

א ברייטע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם בוך ווערט געבראַכט אין דעם אַרײַנפיר־וואָרט פון י. ד. אַמוסין. דער געלערנטער אינפאָרמירט דעם לייענער וועגן די נײַסטע אַנטדעקונגען און אויסגראַבונגען, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן שוין נאָך דעם, ווי שטאַל האָט אָנגעשריבן זײַן ווערק.

באַרעך לעווינטאַוו

# ייִדישע סאַטירע אין די יאָרן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע (1905—1907)

די פרײַהײַט פון וואָרט, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס אין רוסלאַנד האָט זיך דעראַבערט אין דער עפּאָכע פון דער רעוואָליוציע פון 1905—1907, האָט געשאַפן גינסטיקע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון סאַטירע. אין רוסיש זײַנען דאַן דערשינען העכער 250 זשורנאַלן, וועלכע האָבן פאַרעפנטלעכט הויפּטזאַכלעך סאַטירישע, ליטעראַרישע ווערק און קאַריקאַטורן. אַזעלכע זשורנאַלן האָבן זיך געדרוקט אויך אין אוקראַיִניש, אַף די שפּראַכן פון די באַלטישע לענדער, פון די טראַנסקאַווקאַזער פעלקער און אייניקע אַנדערע.

אין ייִדיש איז געווען פּאָפּולער דער פּעטערבורגער סאַטירישער זשורנאַל „דער שײַגעץ". זײַנע 6 נומערן זײַנען דערשינען אין 1906—1907. אין וואַרשע זײַנען אין 1906 אַרויס 13 נומערן פון זשורנאַל „די בין". אין ווילנע, אָדעס, קיִעוו, וואַרשע און אין נאָך שטעט זײַנען דערשינען איינמאָליקע סאַטירישע אויסגאַבעס.

סאַטירע האָט פאַרנומען אַ בעקאַוועדיק אָרט אין דער מערהײַט ייִדישע צײַטונגען פון יענע יאָרן. עס איז אַזוי־אַרום געשאַפן געוואָרן אַ סאַטירישע ליטעראַטור, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן און די שטימונגען פון פאַרשיידענע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד.

אינעם לעבן פון די ייִדן בײַס דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע האָבן געשפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָליע צוויי גרונט־פאַקטאָרן: ערשטנס, דער העראָיִשער קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט קעגן דער צאַרישער טיראַניע, קעגן דער אַכזאָרישער עקספּלואַטאַציע פון די קאַפּיטאַליסטן, צווייטנס, די פּאָגראָם־כוואַליע, וואָס די צאַרישע מאַכט האָט אָרגאַניזירט, כּדי אָפּצושוואַכן דעם רעוואָליוציאָנערן דראַנג אין לאַנד.

דער קאַמף פונעם אַרבעטער־קלאַס קעגן דער זעלבסט־הערשונג איז, ווי באַוווּסט, הייס געשטיצט געוואָרן דורך דער דעמאָלטיקער דעמאָקראַטישער ליטעראַטור. אַפילו די שרײַבער, וועלכע זײַנען געווען גאַנץ ווײַט פונעם קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט, האָבן מיט אינטערעס באַגעגנט די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן. כאַראַקטעריסטיש אין דעם פּראַט איז ש. פרוגס ליד „די פאָן":

ניט פון גאָלד־שטאָף, ניט פון זײַדנס
איז די פאָן געמאַכט:
אין אַ שרעקלעכן געוויטער,
אין אַ שטורעם־נאַכט.
. . . . . . . . .
זעסט די פאָן — זי וויט, זי פלאַטערט
און צום הימל שטרעבט,
און די שאָטנס ווערן בלייכער
און עס קרייט דער האָן —
און עס שײַנט דער מאָרגנשטערן
אַף דער רויטער פאָן!
(„דער פרײַנד", 1 נאָיאַבער 1905, נומ. 230[1]).

די סאַטירע האָט באַלויכטן דעם אויפברויז פון קלאַסן־קאַמף אין לאַנד. דאָס עצם דערציילן דעם עמעס וועגן זעלבסטהערשער „ניקאָלײַ דעם בלוטיקן" איז געווען איינס פון די מיטלען פון קאַמף קעגן דעם פּרינציפּ פון מאָנאַרכיע, פון פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק. די ליבעראַלע בורזשואַזיע איז געווען קעגן סאַטירע אַפן קייסער. די צאַרישע מאַכט האָט פאַר סאַטירע שטרענג באַשטראָפט. דעריבער איז די סאַטירע געווען געצוווּנגען צו ריידן וועגן דעם צאַר ניקאָלײַ אומדירעקט, בעלאָשן סאַגינאַהער, אַנרופנדיק „סטאַם" אַ קייסער, פון פּאַרצײַטן, אָדער פון אַנדערע לענדער. דער דעמאָקראַטישער לייענער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט מען „ניקאָלקען". דעריבער טרעפן מיר אָפט אין דער דעמאָלטיקער פּרעסע אָריגינעלע און איבערזעצטע ווערק וועגן קייסאָרים פון ענגלאַנד, פראַנקרײַך, כינע, טערקײַ, וועגן פּאַרע מעלעך מיצראַיִם. אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמען די איבערזעצונגען פון היינריך היינעס „פּאָליטישע לידער", אין וועלכע עס רעדט זיך אויך וועגן דעם קומענדיקן גורל פונעם דײַטשישן קייסער, וואָס וועט האָבן אַ מיִעסן סאָף. וועגן אַזאַ סאָף האָט פיל מאָל געגעבן אָנצוהערעניש די רוסישע סאַטירע אין יענע יאָרן; דאָס האָט אויך געטאָן די ייִדישע.

די סאַטירע פאַרצייכנט די באַגרענעצטקייט פונעם קייסערס אינטעלעקט:

אַף מײַן קליין קעפּעלע
ליגט אַ גרויסער קרוין,
און ער דריקט מײַן מויעכל
ווי אַ שווערער שטיין.
(ה. היינע. דעם סולטאַנס יאָמער. „די צײַט", 1906, נומ. 53).

בײַסנדיק איז ש. פרוגס כאַראַקטעריסטיק פון ניקאָלײַ דעם צווייטן:

---

[1] די דאַטעס זײַנען דאָ און ווײַטער געבראַכט לויטן אַלטן סטיל.

קיין גיבער איז ער קיינמאָל ניט געווען
און קיין גרויסער כאַכעם אויך ניט.
(בילדער פון פאַרצײַטן. „דאָס לעבן", 27 יול 1906, נומ. 71).

די סאַטירע אָבער מאַכט ניט דעם קייסער פאַר א לע־מעלע. היסטאָריש ריכטיק ווײַזט זי אָן, אז דער קייסער ווייסט גאַנץ גוט, וואָס עס טוט זיך אין „זײַן" לאַנד און מיט וואָס „דאָס שמעקט":

מיינט איר, מײַנע פאַלאַצן
זײַנען גוט באַוואַכט?!
שווער איך אײַך, איך טרייסל זיך.
איך ציטער טאָג און נאַכט.

זע איך נאָר אַן ארבעטער
אָדער א סטודענט —
נעמט מיך אָן א פלאַטערניש,
ס'ציטערט פיס און הענט...

פון מוירדישע דיבורימלעך
איז ניט ווײַט צו בלײַ...
(ה. היינע. דעם סולטאַנס יאָמער. איבערזעצט פון ש. אַנ־סקי. „די צײַט", 10 אפּרעל 1906, נומ. 53).

אין דאַוויד פרישמאַנס איבערזעצונג פון ה. היינע ווערט דערציילט, ווי דאָס פאָלק איז זיך באַגאַנגען מיט די קיי־סאָרים אין רעוואָליוציע־צײַט:

די ענגלענדער האָבן זייער רויק זיך באַנומען,
ווען זיי זײַנען אלס שאָכטים צום מיילעך
געקומען;
אָן שלאָף האָט קיניג קאַרל פאַרבראַכט
בא זיך אין פאַלאַץ זײַן לעצטע נאַכט.
בא אים פאַרן פענצטער האָט געזונגען דער שפּאָט,
ווען זיי האָבן געבויט פאַר אים דעם שאַפּאָט.
אויך זײַנען פראַנצויזן ניט בעסער א סאַך —
אין א פראָסטן וואָגן און פאַרדעקט דעם דאַך
האָבן זיי לויען צום טויט־פּלאַץ געפירט...

די סאַטירע ווייסט אויך, אז כאָטש דער קייסער איז ניט קיין כאָכעם, נאָר די קלאַסן־אינטערעסן פאַרשטייט ער. ער ציטערט פאַר דער רעוואָליוציע, וויל זי אָפּנאַרן. ער „שענקט" דעם פאָלק א „קאָנסטיטוציע". אָבער

די קאָנסטיטוציע איז א פאַפירענע —
ניט קיין בילדונג, ניט קיין פרײַהײַט...
אלץ וועט בלײַבן הייליק,
ניט באַרירט און ניט געענדערט.
(סאַיקע עטעס. מידכאַס טאַליסמאַן אָדער די טערקישע קאָנסטיטוציע. זאַמלונג „דער שפּיגל", וואַרשע).

צוגעפּאַסט צו ניקאָלײַ דעם בלוטיקן איז די פיגור פון אוראַלטן פּאַרע, ראַמזעס דעם צווייטן, מיט דער מאַקע „דאַם" (בלוט):

מעלעך פּאַרע, ראַמזעס דער צווייטער,
דײַן האַרץ איז האַרט ווי אײַזן, שטיין,
און דו ווילסט פון לאַנד די צאָרעס,
פון פאָלק דאָס עלנט ניט פאַרשטיין.

זעעסט אליין — אין לאַנד דער אומגליק
איז גרויס און שרעקלעך, ווי דער יאַם:

אלע צאָרעס האָט באַשאַפן
די גרויסע שווערע מאַקע „דאַם".

און א מאַקע נאָך א מאַקע.
ס'איז אין לאַנד אויך א מאַגייפע.
דער האַמוין קאַכט ווי א קעסל,
ס'ברענט זײַן צאָרן, ווי א סריפע...

דער סאַטיריקער איז מאַסרע:

וואַרט נאָר, פּאַרע, צווייטער ראַמזעס,
קומען וועט אף דיר דער סאָף!
(י.ק. צו פּאַרע מעלעך מיצראַיִם. זאַמלונג „דער אפּיקוימען", וואַרשע, 1905).

דאָס צענטראַלע אָרט אין דער יידישער סאַטירע פאַר־נעמט ניט בלויז דער קייסער, נאָר אויך דעם קייסערס סאַטראַפּן. אין צענטער און אף די ערטער. אויך דאָ ווערן גענוצט פאַרגלײַכונגען מיט „היסטאָרישע נעמען", דער־הויפּט מיט האָמאָנען — דעם „פּרעמיער־מיניסטער בא אַכאַשווייראָשן":

געטראָגן האָט האָמאָן א נײַעם מונדיר,
מעדאַלן א פולע געטראָגן...
— דער גרעסטער מיניסטער בין איך אומעטום.
און ברייט איז מײַן אײַזערנע דייע...
איך הייס נאָר — און שווײַגן מוז יעדערער שטום,
כ'האָב „יויצער־מעשאָרסים" — א מייע.[1]
(מאָטעלע. א כאָלעם. „דער שייגעץ", 1906, נומ. 1).

אין אייניקע סאַטירישע ווערק ווערט די צאַרישע מאַכט געגלײַכן צו דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, צו סדאָם, צו נעוווכאַדנעצערן.

א ריי הויכגעשטעלטע צאַרישע טשינאָווניקעס, ווי וויטע, טרעפּאָוו, דורנאָוואָ, דובאַסאָוו אא., ווערן דורך דער ייִדי־שער סאַטירע דעמאַסקירט אלס אָרגאַניזאַטאָרן פון יידישע פּאָגראָמען. וויטע איז געווען דער פאַרפאַסער פונעם מאַ־ניפעסט פון 17 אָקטיאַבער 1905.

דער עמעסער וויטע:
שווײַגט א ביסל, לײַגט אפּולע,
זאָגט אַן עמעס אין א שמיטע...
. . . . . . . . . . .
און ער קוילעט לויט דער מאָדע
אין גאַנץ רוסלאַנד, פוילן, ליטע,
הייצט אויך אויס פון פעק און סמאָלע
אונדז א בלוט־באָד א געברייטע.
(דער טונקעלער. „דער שייגעץ", נומ. 4, 1906).

דורנאָוואָ — דער אינערן־מיניסטער אין וויטעס קאַבי־נעט, איינער פון די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן פון די בלו־טיקע רעפּרעסיעס קעגן די אָנטיילנעמער פון דער רעוואָ־ליוציע — קושט זיך מיט די פּאָגראָם־לײַט פון דער שוואַרצער מייע און זינגט:

כ'בין די שוואַרצע מייע,
כ'האָב א ברייטע דייע,
כ'טו מיר וואָס איך וויל!..
מאַך איך ווו פּאָגראָמען,
שרײַען אלע „אָמיין".
(נײַע לידער מיט אלטע ניגונים. „דער שיי־געץ", 1906, נומ. 1).

---

[1] אַן אָנצוהערעניש אף די רוסישע שוואַרצע מייעס.

סאַכאַראָוו, דער הענקער פון די סאַראַטאָווער פויערים, וואָס האָט געווילדעוועט אין דעם רעוואָליוציאָנערן דאָרף און האָט נאָכדעם אַליין געכאַפּט די קויל, באַווײַזט זיך אויף דער סצענע אין פאַרבלוטיקטע טאַכריכים און זינגט:

פלאַקער, פײַער, פלאַקער,
פײַערל, ניט שלאָף,
פון פויער מיט זײַן אַקער
מאַך אײַך אָפּגיך אַ סאָף!..
דער פויער אָנצינד
שטייט אויך צו צום בונט
און שרײַט אין איין קאָל: „גיב מיר ערד“...
טאָ זײַ זשע ניט פויל,
פאַרמאַך אים דאָס מויל,
און טיף זאָל ער ליגן אין דר'ערד.

דובאַסאָוו, דער הענקער פון די מאָסקווער אַרבעטער בײַם דעם באַוואָפנטן דעקאַבער־אויפשטאַנד אין 1905, איז אויפגערעגט:

גוואַלד, סאַקאַנעס —
רויטע פאַנעס!
כ'הער געשרייען און אַ קלאַנג!
שיקט סאָלדאַטן,
גיט האַרמאַטן —
כ'וועל אַלץ אײַנשטילן אויף לאַנג.
כ'בין אַ גרויסער העלד, נישקאָשע!
כ'בין אַ גרויסער אַדמיראַל.
כ'שווים גאַנץ גוט אויף דער יאַבאָשע,
כ'האָב געבראַכט דעם „נײַנטן וואַל“...
אוי, מיר ווילט זיך בלוט פאַרגיסן,
אוי, איך וויל אָן אויפהער שיסן, שיסן!
(מאָטעלע. נײַע לידער מיט אַלטע ניגונים. „דער שייגעץ“, 1906).

די ייִדישע סאַטירע האָט געהאַט נאָך אַ וויכטיקע אויפגאַבע: שטעלן צום שאַנד־סלופּ די שטאַדלאָנעס־פּאָליטיקער, די רעאַקציאָנערע גרויסבורזשואַזיע אין דער ייִדישער סוויווע. די שרעק פאַר די סאָציאַלע פאָלגן פון דער פאָלקס־רעוואָליוציע האָט געשטויסן די ייִדישע בורזשואַזיע אין די אָרעמס פון די צאַרישע פּאָליטיקער, אַפילו אין די אָרעמס פון די אַקטיווע פּאָגראָם־מאַכער. איינער פון די דאָזיקע אויסוואָרפן איז געווען דער אָדעסער ראַבינער (קאַזיאָנער ראָוו) קרעפּס. די צײַטונגען האָבן דערציילט, אַז ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַ שוואַרץ־מייעדיקער דעמאָנסטראַציע און נאָכדעם געפאָדערט בײַ ייִדן כסימעס אויף אַ דאַנק־אַדרעס פאַר דער אָדעסער אַדמיניסטראַציע, וואָס האָט אָרגאַניזירט די פּאָגראָמען.

אין קעשענעוו האָבן פינף ייִדן סאָכרים אונטערגעשריבן דעם אויפרוף פון דער שוואַרצער דומע.

די סאַטירע האָט מיט האַס און פאַראַכטונג געשריבן וועגן קרעפּסן:

נײַדהאַרט פאָרט. באָסיאַקעס טאַנצן...
אויף דער קעלניע זיצט הער קרעפּס.
דער ראַבינער דער אָדעסער
פילט זיך גוט, אָן פורכט, אָן שאַנד,
און ער האַלט מיט שטאָלץ און ליבע
אַ נאַהײַקע אין דער האַנט.
„איך בין, זאָגט ער, אַ „קאַזיאָנער“,
זיץ בײַ ייִדן אויבנאָן,
דאַרף איך הערן, מוז איך פאָלגן,
וואָס נאַטשאַלסטווע הייסט מיר טאָן!“
(ש. פרוג. סקיצן. „דער פרײַנד“, 17 נאָיאַבער 1905, נומ. 240).

קרעפּס האַלט, אַז ער איז אַ „שיצער פון דער ייִדישער באַפעלקערונג“. ער דערווײַזט דאָך דער שוואַרצער מייע, אַז ניט אַלע ייִדן זײַנען רעוואָליוציאָנערן. דערויף ענטפערט די סאַטירע:

שלאָף, מײַן קינד, ניט האָב קיין מוירע,
שלאָף און ניט פאַרגעס,
אַז, געלויבט זאָל זײַן דער בוירע,
קרעפּס לעבט אין אָדעס.

קרעפּס האָט אומעטום אַ דייע,
ווײַל ער איז אַ ראָוו.
אים איז טרײַ די שוואַרצע מייע,
שלאָף, מײַן לעבן, שלאָף...

קרעפּסן דאַרפן אַלע בענטשן,
ר'איז אַ פײַנער מאַן,
ס'זײַנען דאָ צוויי פײַנע מענטשן:
קרעפּס און קרושעוואַן...
(מאָרדכעלע. אָדעסער וויגליד. „דער שייגעץ“, נומ. 2).

די ייִדישע באַהעלפער פון דער פּאָגראָם־מאַכט האָבן געהאַט זייערע קאָלעגן אויך אין אויסלאַנד — די באַנקירן, וועלכע האָבן אויסגעהאָלפן דער צאַרישער מאַכט בײַצוקומען דעם שווערן פינאַנציעלן קריזיס און דערמיט געהאָלפן איר דערשטיקן די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג. איינער פון די פּראָמינענטניקעס איז געווען דער דײַטשישער באַנקיר פון ייִדישער אָפּשטאַמונג מענדעלסאָן. דער דאָזיקער פּאַרשוין איז געפאָרן קיין פּעטערבורג פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ האַלוואָע.

מענדעלסאָן איז געווען אַן אוריייניקל פון דעם באַוווּסטן אין דער ייִדישער געשיכטע פילאָסאָף און אויפקלערער מוישע מענדעלסאָן. דעם באַנקירס זיידע איז געווען דער באַוווּסטער קאָמפּאָזיטאָר מענדעלסאָן־באַרטאָלדי. דער סאַטיריקער ש. פרוג באַווײַזט זייערע פאַרדינסטן אין געביט פון וויסנשאַפט און קונסט. נאָך דעם קומט דאָס בילד פון וווּכערניק:

## דאָס אייניקל

וואָס מוזיק, ווער פילאָסאָפיע!..
אויף דער וועלט־אַרענע הײַנט
פירמע „מענדעלסאָן עט קאָמפּאַני“
פלאַמט און פינקלט, גלאַנצט און שײַנט...

ייִדן שלאָגט מען, ייִדן פּײַניקט מען,
ייִדן יאָגט מען פון דער וועלט?..
„ליבער „מענדעלסאָן עט קאָמפּאַני“,
אויף הויצאָעס דאַרף מען געלט.

גיט, זײַט מויכל, אַ האַלוואָעלע,
קווענקלט ניט און שעמט זיך ניט:
ייִדיש בלוט און טרערן ייִדישע?
ס'איז אַ גאָט־זאַך“... — און ער גיט!

ער, דעם דעסעווערס אַן אייניקל,
האלט, פארשטייט איר, אף דער וועלט
פון דער נײַער פילאָסאָפיע:
„בלוט איז בלוט, און געלט בלײַבט געלט“.

(ש. פרוג. דרײַ. „דער פרײַנד“, 6 דעקאַבער 1906, נומ. 102).

ס׳פּלעגט טרעפן, אַז אַ שטעטלדיקער גוויר פלעגט אויסבעטן — פאר געלט, פארשטייט זיך, — אַז אין פאַל פון אַ פּאָגראָם זאָל מען זײַן פאמיליע, זײַן האָב־און־גוטס ניט אָנרירן. אַ „העכערע מאדרייגע“ איז געווען פּרווון אָפּצוקויפן פון אַ פּאָגראָם דאָס גאנצע שטעטל. נאָך אַ „העכערע מאדרייגע“ — די שטאדלאָנעס אין צענטער, אין דער הויפּטשטאָט, בא דער צענטראַלער מאכט. אויב דער אָדער אנדערער גוויר פלעגט פאר אַ היפּשער מאטבייע אמאָל יאָ קאָנען אויסקויפן זיך, איז אָבער די שטאדלאָנעס פארן קלאַל, סײַ אין אָרטיקן מאסשטאַב, סײַ אין מעלוכישן, געווען נידערטרעכטיק און פרוכטלאָז. מיט שטאדלאָנעס קאָן מען קיין קלאסן־פּראָבלעמען ניט לייזן. און פּאָגראָמען זײַנען דאָך געווען אין די אינטערעסן פון צאריזם.

ש. פרוגן איז אויסגעקומען ניט איין מאָל צו שרײַבן מיט סארקאזם אף אָט דער טעמע. דעם 21 פעוראַל 1906 איז אַ ייִדישע דעפּוטאציע (די ראבינערס פון קיִעוו, ראָמען און ניעזשין, אַ דאָקטער און דער דעמלט באַוווסטער פּעטערבורגער אדוואָקאט סליאָזבערג) געקומען צו וויטען מישטאדל זײַן זיך, אַז די מעלוכע זאָל פארבאָטן פּאָגראָמען אף ייִדן. וויטע האָט געשטעלט דעם באַדינג, אַז ייִדן זאָלן זיך ניט באטייליקן אין דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. ער האָט געדראָעט: „אויב ייִדן וועלן זיך נעמען פאר פרעמדע אינטערעסן, וועלן זיי פארשפּילן די אייגענע אינטערעסן“.

אין פינף טעג ארום טרעט ארויס ש. פרוג מיט אַ בײַסנדיקן פּאמפלעט:

זיי זײַנען זיך מישטאדל, ס׳הייסט, זיי קריכן...
און קניִען און פּויזען פאר די פיס,
און קושן און לעקן יענע הענט, וואָס שלאָגן זיי,
און קוקן מיט אַ זיס כאניפע־כיינדל
אין יענעם מויל, וואָס שפּײַט אין פּאָנעם זיי!

(האָמאָן. בילדער פון פארצײַטן. „דאָס לעבן“, 26 פעוראַל 1906, נומ. 47).

מיט אַ שארפן פּאמפלעט איז אויך ארויסגעטראָטן קעגן שטאדלאָנעס „דער שייגעץ“:

### צו אונדזערע שטאדלאָנים

און ווידער די אלטע פארשימלטע גווירים!..
זיי בייגן נאָך טיפער דעם רוקן...
אין טאָן פון „מאיאָפעס“ פארפאסן זיי שירים
און רופן צום פאָלק: „קומט זיך קניִען און בוקן!“

באם טײַך פון די בלוטיקע ייִדישע טרערן
ס׳קלינגט שרעקלעך דער „טאשליך“ פון
אלטע שטאדלאָנים,
וואָס גייען זיך ווידער „אין ליבע דערקלערן“
צו אונדזערע ראָצכים און ווילדע טאליאָנים...
שטאדלאָנים אָן סייכל, שטאדלאָנים אָן בושע!

דער ארבעטער־קלאס פון לאַנד האָט אין פּראָצעס פון דער רעוואָליוציע זיך דערוווסט, ווער עס זײַנען די עמעסע סאָנים זײַנע. די רעוואָליוציאָנערע ייִדישע ארבעטער זײַנען געגאנגען נאָך דער באָלשעוויסטישער פּארטיי. עמעס, אַ טייל פון די ייִדישע האָרעפּאשנע מאסן האָט נאָך דאן ניט געקאָנט קלאָר זען דעם וועג צו דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, אף וויפל די ייִדישע סאָציאַליסטישע פּארטייען זײַנען געווען דורכגעדרונגען מיט נאציאָנאליסטישע פאָרורטיילן און האָבן זיך ניט דערהויבן צום געניאַלן לענינישן פּלאן, וואָס איז פארווירקלעכט געוואָרן אין צען יאָר ארום. אָבער די אידיי פון סאָציאַליזם איז זיי געוואָרן נעענטער און טײַערער. די ווירקונג פון דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע איז געוואָרן אלץ שוואכער. דאָס האָט באקומען אַ בוילעטע אָפּשפּיגלונג אין דער פּובליציסטישער פּאָעזיע און סאטירע אין די יאָרן 1905—1907.

די ארבעטער־טעמאטיק, די טעמע וועגן עקספּלואטאציע, קאמף פאר סאָציאַליזם, דער גלויבן אין דערפּאָלג פונעם אינטערנאציאָנאליזם — דאָס אלץ פארנעמט אַן אָנגעזעען אָרט אין דער פּובליציסטישער סאטירע.

צו דער צײַט איז געקומען די איבערזעצונג פון הײַנריך הײַנעס „די שלעזישע וועבער“. אקטועל האָבן געקלונגען די ווערטער:

א פלוך דעם גאָט, צו וועלכן אין נויט
מיר האָבן געבעטן אין קעלט און אָן ברויט;
מיר האָבן בעכינעם געהאָפט און געווארט,
מע האָט אונדז פארלאכט און באָשפּאָט און גענארט...

א פלוך דעם הער, דעם הער פון רײַך,
וואָס אונדזער צאָרע בלײַבט זיך אים גלײַך,
וואָס האָט דאָס לעצטע שטיק הויט אונדז געשינדט
און לאָזט אונדז אצינד דערשיסן ווי הינט.

(„די צײַט“, 5 מארט 1906, נומ. 27).

פון פּאסיוון פּראָטעסט צום אקטיווסטן שווערן קאמף — דעם דאָזיקן רוף הייבן אָן צו פארשטיין די באוווסטזיניקע ארבעטער און זייערע דיכטער. די לעגאַלע פּרעסע נוצט אויס דעם מאָמענט, ריזיקירנדיק מיט איר אָפענער עקזיסטענץ, און דרוקט ווערק, וואָס פריִער זײַנען זיי געווען מעגלעך נאָר אין אונטערערדישע אויסגאבן.

געדיכטער די רייען און ענגער געשלאָסן!
און מוטיקער, דרייסטער, און העלדיש
אנטשלאָסן...
צום לעצטן אנטשיידענעם שטרײַט.
און פײַפט נאָך דער קאנטשיק, קאנאָנען נאָך
קנאַלן,
און שניצט נאָך די שווערד און קאַרבאַנעס
נאָך פאַלן,
ניט שרעקט זיך! — איר זעט, ווי שוין
פינקלען די שטראַלן:
זי גייט שוין, די ליכטיקע צײַט...
געדיכטער די רייען. און מוטיק, אנטשלאָסן
הייבט אוף אונדזער בלוט־רויטע פאָן.

(י. אלפעראָוויטש. געדיכטער די רייען. „דער וועקער“, 20 יאנוואַר 1906, נומ. 22).

לענין האָט געשריבן, אַז די ערשטע רוסישע רעוואָליוציע איז געווען אַ גענעראַלע רעפּעטיציע פאר דער גרויסער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אין 1917. די ייִדישע ארבעטער און האָרעפּאשניקעס האָבן פיל געלערנט פון דער גענעראַלער רעפּעטיציע. אין צען יאָר ארום נאָך דער ערשטער רעוואָליוציע האָט זיך עס אנטפּלעקט אין דעם אקטיוון אָנטייל פון גרויסע מאסן ארבעטער אין קאמף פאר דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג.

## יאנקעוו שטערנבערג

# דער רומענישער עטאפּ אין גאָלדפאדענס טעאטער־שאפונג

(צו א. גאָלדפאדענס 125־טן געבורטסטאָג)

אווראָם גאָלדפאדען, זאָל גלײַך געזאָגט ווערן, איז באַשטימט איינער פון אונדזערע אינטערעסאנטסטע ייִדיש־מאָדערנע קולטור־פענאָמענען. זײַן נאָמען שײַנט אין דער סאמע מיזרעך־וואָנט פון די באשעפערס פון אונדזער פּראָגרעסיוור ייִדיש־וועלטלעכער קולטור. וועגן דעם רעדט די שוין גענוג רײַכע גאָלדפאדענאָלאָגיע.

וועלן מיר אויך פּרוּוון דאָ ארײַנטראָגן אונדזער, עפּשער ניט אזוי פאָרשונג, ווי גאָלדפאדען־באגײַסטערונג, אונדזערע מאכשאָוועס און סענטימענטן אין שײַכעס מיט דעם פאָטער פונעם ייִדישן טעאטער.

קעדיי צו דערקלערן דעם גאָלדפאדען־פענאָמען, האלטן מיר, מוז מען אומבאדינגט אויסטיילן פון גאָלדפאדענס סצענישער ביִאָגראפיע זײַן ערשטן, רומענישן עטאפּ, וואָס האָט ניט בלויז געפורעמט דעם בינע־סטיל פונעם ערשטן ייִדישן טעאטראָל, נאָר אויך מאזלדיק באווירקט זײַן גאנצע טעאטער־שאפונג. ווײַל רומעניע, שטרענג געשיכטלעך גערעדט, איז ניט אזוי דאָס „וויגעלע פונעם ייִדישן טעאטער“, ווי דאָס וויגעלע פון אווראָם גאָלדפאדענס טעאטער־וויזיע. און דעריבער: דערלערנען אלזײַטיק גאָלדפאדענען מיינט, פריִער פאר אלץ, דערלערנען דאָס גאָלדפאדענישע רומעניע, אופשטעלן, הייסט עס, די ייִדיש־רומענישע אטמאָספער בא גאָלדפאדענען און פארקערט: די גאָלדפאדענישע אטמאָספער אין רומעניע — דאָס לאנד, וווּ דער פאָלקס־דיכטער גאָלדפאדען איז געוואָרן גאָלדפאדען דער טעאטער־דיכטער.

די ייִדיש־רענדארסקע רומעניע, פארוקט צווישן צוויי גרענעץ־פּראָווינצן — פונעם גרויסן רוסלענדישן ייִדישן קיבעץ, פון איין זײַט, און פונעם עסטרײַך־גאליצישן ייִדישן ייִשעוו, פון דער צווייטער זײַט, — האָט זיך געפונען אונטער די צוגלופטן פון צוויי קעמפנדיקע האשפּאָעס: פונעם ייִדישן מיזרעך און פונעם ייִדישן מײַרעוו. ווײַל ניט געקוקט אף דעם, וואָס צו דער זאטער רומעניע האָבן זיך פון דער ייִדישער אָרעמער גאליציע געצויגן ניט סטאם גאליצישע איידעמס אף קעסט, נאָר אפילע א וועלוול זבארזשער און די „בראָדער זינגער“, האָט דער גאליצישער שטראָם געבראכט מיט זיך די אסימיליאציע, וועלכע האָט אף א פרימיטיוון באָדן נאָכגעמאלפּעוועט דער צילינדערדיקער טעמפּל־קולטור פון די מײַרעוו־אייראָפּעיִשע יאהודים. דער רעזולטאט איז געווען: גײַסטיקע פארגליװערטקײַט מיט דער גראָטעסקער באפארבונג פון כאָצי־ייִדיש — כאָצי־דײַטש, צי כאָצי־רומעניש. אָט די ייִדיש־רענדארסקע רומעניע איז נאָך פאר גאָלדפאדענס צײַטן געווען דער גײַסטיקער מידבער, וואָס אונטער זײַנע זאמדן איז אזויפיל שעפערישע פאָלקס־ענערגיע פארשאָטן געוואָרן אָן א שפּור.

דער ערשטער דאָרט באלויכטער איז געווען וועלוול זבארזשער. און נאָך אים, אין נאָך א גרעסערער מאָס — גאָלדפאדען, ווײַל ער האָט זיך אין נאָך א גרעסערער מאָס, ווי דער ערשטער, דאָרט באלד אידענטיפיצירט מיטן פאָלקס־אנאָנים — „דאָס ייִדישע פעבל אין דער מאָלדױ“, ווי גאָלדפאדען אליין רופט אָן זײַן ערשטע ייִדיש־רומענישע פאָלקס־אאודיטאָריע. גאָלדפאדען איז אין פארגלײַך מיט זבארזשערן געווען מער טעאטראָל, און טעאטער, ווי באוווּסט, איז לויט זײַן מעהוס פיל דעמאָקראטישער ווי פאָעזיע. פאר גאָלדפאדענען, דעם געניִאלן טעאטראָל, איז באלד געוואָרן קלאָר, אז טעאטער איז אָט דער ריזיקער, מעכטיקער פּראָזשעקטאָר, וועלכער נעמט ארײַן אין זײַן ליכט־קרײַז אלע שיכטן פון פאָלק — אפילע די פארשטויסענע פון דער קולטור, די סאָציִאל־אָפּגעשטופּטע ביזן סאמע הינטערגרונט. אין שפּיגל פון דער ליטעראטור וועלן מיר דעריבער אזוי בוילעט ניט זען דעם קולטור־מאצעוו פון א פאָלק, ווי אין שפּיגל פון טעאטער — פון טעאטער, וואָס איז ניט אָפּגעריסן, זעלבסטפארשטענדלעך, פון זײַן הייליקער „דרײַ־אייניקײַט“: דראמאטורג, אקטיאָר און פובליקום. אָט אין דער דערקענטעניש וואָרצלט טאקע דער גרויסער מוט פון גאָלדפאדענס טעאטער־אופטו, וועלכער באשטייט אין דער ערשטער ריי אין זײַן איינצײַטיקן ארויסרופן צום לעבן סײַ די גלײַכע שוטפים פון דער סצענישער „דרײַ־אייניקײַט“, סײַ די אומבאדינגטע הייליקע הארמאָניע צווישן זיי. מיר זײַנען דערפאר ניט אינגאנצן מאסקים מיט נ. בוכוואלדן, ווען ער שרײַבט אָן שום באוואָרענישן וועגן דעם פאָטער פון ייִדישן טעאטער: „אין זײַן אווטאָביִאָגראפיע און אין זײַנע בריוו נעמט ער אפילע אָן אן אידעאליסטישע פּאָזע און דערציילט, אז ער האָט געוואָלט שאפן א ייִדישן טעאטער, קעדיי ארויסצוברענגען די מאסן פון זייער פארגליווערטקײַט, קעדיי זיי צו לערנען די נאציִאָנאלע געשיכטע און וועקן בא זיי נאציִאָנאלן שטאָלץ. דאָס איז אָבער ניט מער ווי א פּאָזע, ווי אן אָנשטעל“.

מיר, פארקערט, האלטן, אז אפן ייִדיש־רומענישן באָדן האָט גאָלדפאדען דער פאָלקס־דיכטער בעפיירעש געזיגט איבער גאָלדפאדענען דעם אינטעליגענט, דעם טרוקענעם מאסקיל־ראציִאָנאליסט. דער פאָלקס־דיכטער אין אים האָט דאָס אים אידעאליסטיש געפירט אפן וועג פון אופריכטיקער פיִאָנערישקײַט — דער איינציקער וועג, אגעוו, פאר א ייִדישן פּראָגרעסיוון קולטור־בויער אין רומעניע אפילע פיל שפּעטער נאָך גאָלדפאדענען. בלויז „צופּאסן זיך צום געשמאק פון די מאסן“, ווי נ. בוכוואלד באהויפּט, וואָלט ניט געווען גענערט גאָלדפאדענס טעאטער־ענערגיע אף אזויפיל, ער זאָל ווערן דאָס, וואָס ער איז, נאָך אלע זײַנע שטרויכלונגען, סאָפּקאָלסאָף געוואָרן: אונדזער קולטור־נעס.

גאָלדפאדען שרײַבט טאקע אין זײַן אווטאָביִאָגראפיע: „די נײַע אווטאָרן מוז איך נאָך באקענען איין זאך, אז אין יענער צײַט, ווען איך בין געקומען קיין יאסי, בין איך שוין געווען געקומען פון דער גרויסער וועלט, און

האָב געהאט גענוג געלעגנהייט זיך אָנצוקוקן און אָנצוזען
מיט די בעסטע דראמען און אָפּערן, פּוילישע, רוסישע,
דייטשישע, פון אלע קלענסטע אָפּערעטן ביז די בא־
רימטסטע ווערדיס, מייערבערס, האליוויס, און אין ווין
האָב איך געהאט די געלעגנהייט צו זען אין אָפּערן־טעא־
טער אלע וואגנערישע שטיק". ער האָט שוין צו יענער
צייט אויך געהאט דערציילט זיין ערשטן אקטיאָר גראָד־
נערן „פילע אינטערעסאנטע סוזשעטן פון צוקינפטיקע
פיעסן, ווי צום ביישפיל פון „שולאמיס"...

וואָס זשע האָט אים געגעבן קויעך „בייגן זיך אונטער
די אומשטענדן" (בוכוואלדס אויסדרוק), און, ווי גאָלדפא־
דען דערציילט אליין אין זיין אווטאָביאָגראפיע, זיך לאָזן
איבער דער דעמלטיקער פארשטויסענער רומענישער פּראָ־
ווינץ, ווו: „אין דעם קליינעם, שמאָלן צימערל פון האָ־
טעל, ווו ס'איז געשטאנען צוויי בעטן, צוויי זעסל און א
טישל, האָט לאָזשירט דער גאנצער טעאטער־פּערסאָנאל:
דער דירעקטאָר מיט זיין טרופּע פון צוויי פּערזאָנען"?
ניין. ניט בלויז צופאסלעריי, און אפילע אויך ניט דאָס,
וואָס גאָלדפאדען, ווי בוכוואלד דריקט זיך אויס, „איז
אין זיין טעאטראלישקייט געווען קליגער און נוצלעכער,
ווי אין זיין אינטעליגענטיש־ליטערארישער פּאָזע". וואָרעם
פארוואָס האָט די זעלבע „קלוגע און נוצלעכע טעאטרא־
לישקייט" אים ניט אונטערגעזאָגט די זעלבע צופאסלעריי־
פּרווון אף זיינע וואנדערונגען איבער די אלע לענדער, ווו
ער האָט זיך, אייגנטלעך, אָנגעייגנט דעם גאנצן טעאטער־
באגאזש, מיט וועלכן ער איז שוין געקומען קיין רו־
מעניע? פארוואָס האָט זיין טעאטראלישקייט ערשט עקס־
פּלאָזירט באם באגעגענען זיך מיטן „יידישן פעבל אין
דער מאָלדווי", וואָס אין אלע הינזיכטן איז עס געווען
א סאך הינטערשטעליקער לעגאבע דעם „יידישן פעבל
אין רוסלאנד און אין גאליציע"? מוזן מיר זאָגן, אז אין
אָט דער גוירלדיקער באגעגעניש איז פאראן סיי א הוי־
כער פּאָעטישער און סיי א הויכער עטישער מאָמענט. פּא־
ראלעל מיט דעם אים באליבטן בענגאלישן פייער, וואָס
גאָלדפאדען האָט אונטערגעלייגט אונטער די ערשטע שפּע־
נער פון זיין „קלוגער טעאטראלישקייט" אף צו עפּאטירן
זיין פּרימיטיוון צושויער, — איז געווען אויך עכטער פּא־
טאָס — די „פלאקער־פלאקער"־פּאָעזיע, וואָס עס טראָגט
אין זיך אינספּירירטע פיאָנערישקייט. פונדאנען — אויך זיין
באוווסטזיין פון א טעאטער־קינסטלער, זיין זינגעוודיק בא־
וווסטזיין, ווי לעמאָשל: „איר דארפט אייך ניט שעמען גלייך
מיט מיר צו ריידן מיט אן איינפאך, אָרעם מיידל, ווייל באלד
וועט זי ווערן בא מיר א באסמאלקע מיט א גאָלדענער קרוין,
און וועט אייך איבעראשן מיט איר שפּילן און זינגען"...
„איר דארפט אויך זיך ניט זשענירן גלייך מיט מיר צו
דריקן די מוסקולעזע פארהארטעוועטע האנט פון אן אָרע־
מען בראוון ארבעטער, ווייל באלד וועט ער ווערן בא מיר
א היסטאָרישער העלד מיט פּאנצער און שווערד, און וועט
אזוי קונסטפול שפּילן זיין ראָל, אז איר וועט באדארפן
א זכיע האָבן, אז ער וועט מיט אייך טרינקען א גלאָז
ביר" (פון גאָלדפאדענס אווטאָביאָגראפיע). אָדער זיין ניט
וויניקער פּאָעטיש פילאָסאָפירן וועגן א סקולפּטאָר, וואָס
האָט א יונג קינד, פאר וועלכן ער וועט זיך ניט „שטעלן
אויסהאקן פון וויסן מארמאָר א קונסט־בילד פון נא־
פּאָלעאָנען אָדער וויקטאָר הוגאָ", נאָר ער וועט „גיכער
מאכן פון האָלץ אן אומגעלומפּערטע פּופּע. אין דעם
אָרט פונעם קאָפּ וועט ער אָנשמירן צוויי שווארצע פינט־
לען, וואָס וועט פאָרשטעלן א פּאָר אויגן... ער וועט גוט
אָנשמירן מיט רויטער פארב די ערטער, וואָס קאָנען הייסן
באקן אָדער ליפּן, — און דאָס קינד וועט זיך מיט דעם
בעסער אמוזירן, ווי מיט דער מארמאָרנער ווייסער היס־
טאָרישער פיגור, וועלכע וועט ערשט האָבן דאן אַן אינ־
טערעס פאר אים, ווען ער וועט שוין ווערן עלטער אויס־
געוואקסן, און וועט קאָנען פארשטיין די קונסט פון דער
פּלאסטיק, און וועט קענען די געשיכטע פון דער הויכער
פּערזאָן, וואָס די פיגור שטעלט פאָר"...

ווי אופריכטיק, עמאָציאָנעל און דערפאר איבערצייגנ־
דיק! ווייל אין דער נאָרוואָס געבראכטער ציטאטע פון
גאָלדפאדענס אווטאָביאָגראפיע באוווּנדערן מיר ניט בלויז
גאָלדפאדענס „אינטעליגענטיש־ליטערארישע" בארעכטי־
קונג פונעם פּרימיטיוו, נאָר אויך דעם איבערוועגנדיקן
עלעמענט פון דעם פאָלקס־דיכטערס טמימעס, ווי אויך
זיין באוווסטזיין פון שעליכעס, די עמאָציע פון אויס־
פילן א מיסיע, וואָס פון סאָפאָקלען ביז צו די מאָדערנע
האָבן אלע מיט זיך אין דער בינע־קונסט געטראָגן. דעם
גאנצן נאָכגאָלדפאדענישן עפּיגאָנענטום האָט טאקע גע־
פעלט סיי גאָלדפאדענס פּאָעטישע טמימעס, סיי זיין
עטישע באזע. ווייטער האָבן זיי אים קימאט אין אלעמען
זייער פיין נאָכגעמאלפּעוועט. גאָלדפאדען האָט עס זייער
גוט געוווסט און ער האָט אף די עלטערע יאָרן געשריבן
צו דינעזאָנען — דער „מאמע ראָכל" פון דער יידישער
ליטעראטור: „טייערס אָבער האָב איך, כאָטש איך ווייס
ניט צו וועמען, וואָס דאָס ליב קינד מיינס וואקסט אויס
א שייגעץ, אן אזעס־מעכוצעף־פּאָנעם, און איך מעג זיך
ריכטן, אז מע וועט מיך אמאָל שילטן אין טאטן אריין
פאר דעם טייערן טאכשיט, וואָס איך האָב אף דער וועלט
געבראכט".

דער פּיאָנערישער מאָמענט איז דעריבער, לויט אונדזער
מיינונג, איינער פון די וויכטיקסטע, ווען מיר פּרווון אויס־
שיילן די אלע מאָמענטן, וועלכע האָבן געהאָלפן גאָלד־
פאדענען ניסגאלע ווערן אלס טעאטראל. און א דירעק־
טער פויעל־יויצע איז דאָס געווען פון דער יידיש־רומע־
נישער סוויווע פון די 80־ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָר־
הונדערט.

• • •

דער צופאל, לויט ענגעלסן, איז די אויסדרוק־פאָרם
פון דער נויטווענדיקייט. גאָלדפאדענס „צופעליקע" נעמען
זיך צו טעאטער איז אויך געווען די אויסדרוק־פאָרם פון
אזא קאָנקרעטער היסטאָרישער נויטווענדיקייט: די נויט־
ווענדיקייט פון דער יידיש־רומענישער סוויווע. זי, די
דאָזיקע סוויווע, מיט וועלכער גאָלדפאדען האָט זיך צו־
פעליק באגעגנט, האָט דעם באהאלטענעם אין אים טע־
אטראלן שעם־האמפוירעש אין באוועגונג געבראכט. ווייל,
שטרענג געשיכטלעך, איז גאָלדפאדען געקומען פון
טשערנאָוויץ קיין יאסי מיט דער דייע, אָדער ווי ער אליין
שרייבט אין זיין אווטאָביאָגראפיע: „מיט דער האָפענונג
דאָרט ארויסצוגעבן א יידיש בלאט, ווייל יאסי איז א
יידן־באפעלקערטע שטאָט, וואָס אלעס רעדט דאָרט דעם
רוסישן זשארגאָן". נאָר נאָך דער בארימטער פיאסקאָ
אף דער ערשטער פאָנעם־על־פּאָנעם־באגעגעניש מיטן דאָר־
טיקן פּובליקום, פאר וועלכן ער איז ארויסגעטראָטן מיט
רעציטאציעס פון זיינע לידער, איז ער געוווּיר געוואָרן,
אז: „דער היזיקער אוילעם (ד.ה. דער יידיש־רומענישער)
איז נאָך ניט געוווינט, ווי אין רוסלאנד, צו הערן טרו־
קענע דעקלאמאציאָנען און אָנגעטאָן אין א פראק". גאָלד־
פאדען, וואָס איז אהין געקומען מיט ליטעראריש־געזעל־
שאפטלעכע פּלענער, האָט פון זיין דורכפאל, אָדער „ני־
דערלאגע", ווי ער דריקט זיך אויס, געצויגן די געהעריקע

קאָנסעקווענצן. „די גאנצע נאכט — דערציילט ער — האָבן מײַנע געהירן בא מיר שטארק געארבעט אין קאָפּ...״ ער איז געבליבן שטיין פאר א פּראָבלעם: די פּראָבלעם פון זײַן אייגענער „נידערלאגע״ און די „נידערלאגע״ פונעם „היזיקן״ פּובליקום. הייסט עס, האָט ער זיך אפּגעטאָן געזאָגט, אז דער ביז אהעריקער שאבלאָן טויג דאָ ניט. דאָ איז פאר גאָלדפאדענען צום ערשטן מאָל עפּשער אין זײַן לעבן געשאפן געוואָרן אזא אינטערעסאנטע קאָליזיע: א פּסיכאָלאָגישע און אן אידייִשע. אָט די קאָליזיע, אָט דער אינהאלטרײַכער קאָנפליקט, דארף מען זיך מעשײַער זײַן, האָט דאָס גוירעם געווען, אז דער אויסגעפּיפענער, שטאָלצער גאָלדפאדען זאָל ניט אויקער זײַנ פון יאסי, נאָר פּארקערט: בלײַבן צוגעשמידט צום דאָרטיקן — אוילעם״? צי „גוילעם״? ווי ער אליין האָט זיך נאַיוו און טיף־באלײדיקט געפרעגט. און ער האָט אײַנגעזען, אז דער שליסל צום הארצן פון די „היזיקע״ מאסן שטעקט ניט בא אים, דעם בארימטן, באליבטן פאָלקס־דיכטער, דעם „עלעגאנטן פּאָרעץ אין שווארצן פראק, ווײַסע גלאטע האנטשן, ווײַסע קראוואטן״, ווי אויך ניט מיסטאם אין דעם „יִדישן בלאט״, וואָס ער האָט געפּלאנעוועט דאָ ארויסצוגעבן. דער שליסל צום הארצן פון די „היזיקע״ מאסן, האָט ער זיך געזאָגט, געפינט זיך גאָר בא די „בראָדער זינגער״...

בלײַבנדיק אף אָט דער פּאָזיציע, האָט ער אפן אָרט זײַן סכאר באקומען. ער איז דעמלט באלוינט געוואָרן מיט דער וויזיע פון יִדישן טעאטער: יִדישן טעאטער מאמעש, אף אן עמעס, צו לײַטן גלײַך, מיט אלע היס־כײַוועסן און קאָנסעקווענצן דערפון. עס איז ניטאָ דערי־בער קיין ראָמאניזירן אין זײַן פײַערלעך דערציילן: „פון דעם שווארצן סאָף, וואָס איך האָב געכאפּט, איז ארויס דער ליכטיקער אָנפאנג צו א פריילעכער צוקונפט!״

* * *

פון זײַנע ערשטע שריט מערקט מען שוין דעם גאָט־געבענטשטן, אפילע רײַפן טעאטראל. דאָס איז צו זען פון דער לײַכטקײַט, מיט וועלכער ער האָט זיך גענומען צו זײַן טעאטער־ארבעט. גלײַך אלץ אין אים האָט ביז דעמלט זיך געהיים געצײַטיקט און אויסגעצײַטיקט זיך מיט אלע פּראָטים, און געוואַרט נאָר אפן באפעל פון דער שאָ. און ווען די שאָ האָט געשלאָגן, האָט ער געגווי גע־ווּסט, וואָס פאר א מעטאָד און וואָס פאר א טעכניק ער דארף געברויכן אין געגעבענער צײַט און רוים. ער האָט באלד אָנגעטאפּט, וואָס ער האָט צו טאָן, ווי יעדער איי־נער, וואָס מיט פארמאכטע אויגן אפילע טרעפט אלץ, וואָס ער דארף בא זיך אין אייגענעם צימער. עס איז מאמעש צו שטוינען, ווי ווײַט פון דילעטאנטישער באָנ־דזשעניש, ווי פאכמענעריש אין פולן זין פון וואָרט, עס איז געווען, לעמאשל, זײַן ערשטע דראמאטורגיש־רעזשי־סערישע האמצאָע. זי איז באשטאנען, ווי באוווּסט, אין ניט קיין געשריבענע סצענאריומס אפילע, נאָר אין א פּאָר איקערדיקע, מינדלעכע אייצעס, בלויז ארײַנגערעדטע אין זײַנע ערשטע צווי אקטיאָרן יִסראָעל גראָדנער און סאָכער גאָלדשטיין, וועלכע ער האָט געגעבן די אומבא־שרענקטע פרייַהייט צו אימפּראָוויזירן די גאנצע פּראָזע ארום דער פיקסירטער ליד, וואָס איז געווען, אזוי צו זאָגן, דער כוט־האשעדרע פון זייער סצענישער אופגאבע, פון זייער סצענישן עטיוד. אזוי־ווי אונטער דעם אלעמען איז ער אליין שוין געשטאנען ווי א דירעקטער נעגייע־בעדאָוועך, איז אין דעם צו זען מער ווי עקספּערימענט;

דאָ איז שוין געווען דעם מײַסטערס קארטבלאנש: סײַ ער אליין, דער נאָך אין באהעלטעניש שטייענדיקער דראַ־מאטורג־רעזשיסער, סײַ זײַן ערשטער אקטיאָר, און סײַ זײַן ערשט פּובליקום.

דערווײַל, דארף מען זאָגן, האָט נאָך מיט אים אָנגע־פירט דער דידאקט. אזוי האָט זיך בעהאדראָגע אין אים צעזונגען דאָס פאָלקסטימלעכע מאראליזירנדיקע פון וועלוול זבארזשערן, וועלכער האָט נאָך פאר אים אין די זעלבע מעקוימעס געפּראוועט „טעאטער״, ווען אפילע נאָר מיט דער הילף פון אוועקשטעלן צווי ברענענדיקע ליכט אף א טיש אין קרעטשמע, ווו ער פלעגט פאָר־טראָגן זײַנע לידער. די אײדעלע שײַן פון זבארזשערס ליכט, וואָס איז אף גאָלדפאדענען געפאלן, איז געווען די שײַן כאטש פון עפּעס א קולטור־טראדיציע אין דער ארומיקער טראדיציעלאָזער פאָלקס־סוויווע, אין וועלכער ער איז צופעליק ארײַנגעפאלן, — זײַן אײנציקער מאראַ־לישער אָנשפּאר; זי איז געווען דעריבער סײַ דער ערש־טער אויסיידלערונגס־מאָמענט, וואָס ער האָט ארײַנגע־טראָגן אין דער סצענישער „אוווידע״ פון די „בראָדער זינגער״, סײַ זײַן, גאָלדפאדענס, פּארקערוועגן פון „פּאַ־טריאָטישער״ דיכטונג, ווי ער פלעגט ליב האָבן צו זאָגן, צו סאטירע.

אָט פון דעם סינטעז טאקע: זבארזשערס ליד־אטמאָ־ספער בא א גלעזל ווײַן אין קרעטשמע, וואָס האָט באטײַט אוילעמהאבע (לײען: אידיי) און אוילעמהאזע צוזאַ־מען; אָט פון דעם סינטעז, וועלכער האָט זיך פאר גאָלד־פאדענען אזוי קלאָר אנטפּלעקט נאָך אלע זײַנע דיכטער־וואנגלענישן אין יאסי; אָט פון דעם ביז גאָר טשיקאווע סינטעז אפן באָדן פון א פּרימיטיוו־געזונטן יִדישן קי־בעץ — דעם „לײַכטזיניקסטן״ לעגאבע אלע אנדערע נאָך דעמלט יִדישע שטרענגע יִישוּווים מיט טראדיציע און אידעאָלאָגיע איבערגעלאָדענע סײַ אף דער ליניע פון „דאָס״ (רעליגיע) און סײַ אף דער ליניע פון אופקלערע־רישקײַט אפילע, — האָט געקאָנט געבוירן ווערן די זויכ־טיקסטע פּראָגרעסיווע יִדיש־וועלטלעכע קולטור־אינסטי־טוציע, ווי דער מאָדערנער יִדישער פאָלקס־טעאטער.

„דאָס יִדישע פּעבל אין דער מאָלדוי אין יענער צײַט, — שרײַבט א. גאָלדפאדען אין זײַן אווטאָביאָגראַ־פיע, — איז געשטאנען אין א פיל נידעריקער שטופע פון בילדונג און גײַסטיקער אנטוויקלונג פון דעם יִדישן פּעבל אין רוסלאנד און גאליציע. מייניסטנס איז דאָס בא־שטאנען פון רויע אויסגעוואקסענע באלמעלאָכעס, וואָס מע האָט זיי יונגערהייט אריבערגעשטעלט איבער דער רוסישער גרענעץ פון רומעניע. קיין יעשיוועס איז ניט געווען און קיין שולן אויך ניט. אזוי איז אויסגעוואקסן דאָ א דאָר פון בראווע, טיכטיקע, אָבער רויע, אומגעביל־דעטע באלמעלאָכעס, און זייער גאנצע גײַסט־נארונג איז געווען א לידל אין דעם זשארגאָן, וואָס זיי האָבן גע־דענקט נאָך פון רוסלאנד״.

די באגעגעניש פון גאָלדפאדענען מיט אָט דער „רויער״ יִדישער פאָלקסמאסע מיט איר ווייך־לירישן נעשאָמע־געמיט; זײַן ארײַנפאלן אין יאסער קרעטשמע פון שימען מארק, אין זײַן זומער־גאָרטן „פּאָמול ווערדע״ (דער גרינער בוים), ווו עס פלעגן זיך, לויט ווי גאָלדפאדען דערציילט, „צונויפקומען יינגלעך, מיידלעך, ווײַבלעך פון דער נידעריקער שיכטע דעם פאָלקס, וואָס האָט גע־הייסן „פון דער רויטער בריק״, הערן די „בראָדער זינ־גער״, — איז געווען ווי דאָס דערשײַנען פון עלײַאָהו־

האַנאָווי אין אונדזערע פאָלקס־מײַסעס. פון דעם דיכטערס באַריר מיט די ליפּן דעם קאָס „ווײַן און געזאַנג" אין דער יאַסער קרעטשמע אײנײנעם מיטן גאַנצן פּאַשעטן באַלמעלאָכעס־פאָלק איז געשען דער נעס פון גאָלדפאַדענס טעאַטער. דאָס איז אַ פאַקט פאַר יעדן, ווער עס וועט זיך נאָר טיפער אַרײַנטראַכטן אין גאָלדפאַדענס ביאָגראַפיע.

יאַסי אַלס „דאָס וויגעלע פונעם ייִדישן טעאַטער" איז בעשום־אויפן ניט קיין צופעליקער עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון אונדזער בינע־קונסט. ווי ס'איז אויך ניט קיין צופאַל, וואָס דאָ האָבן אויפגעשטעלט זייער געצעלט אונדזערע מינען־זינגער, די ייִדישע טרובאַדורן זבאַרזשער, די „בראָדער זינגער" און אַלע זייערע שפּעטערע נאָכפאָלגער. ווי ס'איז אויך ניט קיין צופאַל פאַר יאַסי די ווונדערבאַרע פאָלקס־פיגור פונעם ערשטן ייִדיש־רומעניש[ן] כראָניקער, דעם פּאַשעטן פאָלקס־קלעזמער יאַנקעוו פּסאַנטער. און ווי ס'איז אַוואַדע ניט קיין צופאַל אַף דעם זעלבן באָדן די דערשײַנונג — איציק מאַנגער.

יאַסי איז געווען פאַרביק רײַך ניט בלויז מיט אירע טשיקאַווע ייִדישע פאָלקס־מענטשן, נאָר אויך מיט איר פאָלקס־אינטעליגענץ — מיט אירע פאָלקס־דאָקטוירים, אַרום וועלכע עס זײַנען אין די ייִדישע אָרעמע קוואַרטאַלן אַרומגעגאַנגען לעגענדעס, ווי אַרום פּערעצעס נעמיראָווער; יאַסי, די אַלטע ייִדיש־מאָלדאַווישע הויפּטשטאָט, איז, ווי אַ קוואָקע אַף אירע הינדעלעך, געזעסן אַפן גאַנצן אַרכיפּעלאַג ייִדיש־מאָלדאַווישע שטעטלעך, וואָס מיט זייער אייגנאַרטיקן קאָלאָריט און קערנדיקן ייִדיש לאָשן האָבן זיי זיך קעגנגעשטעלט דער ייִדיש־בורזשואַזער אַסימיליאַציע, וועלכע איז געגאַנגען פון בוקאַרעשט; אָט די אייגנטימלעכע ייִדיש־רומענישע מיליע — „אָן יעשיוועס, אָן שולן", ווי גאָלדפאַדען דערציילט, און אָן ייִדישע רעדאַקציעס און וואָסער־ניט־איז ייִדיש־ליטעראַרישער סוויווע — האָט גאָלדפאַדענען עמאַנציפּירט, פולשטענדיק באַפרײַט פונעם שטרענגן אויטאָריטעט פון די מאַסקילישע קאַרפּן־קעפּ פון זײַן דאָר, וועלכע זײַנען געזעסן אַפן העברעיִש־ליטעראַרישן באַרג סיני. בײַס זיי האָבן זיך דאָרט, אַף די הויכע מאַסקילישע מעליצע־וואָלקנס פאַרזאַמט, האָט ער דערווײַל אונטן, אין טאָל, אַרומגערינגלט פונעם פּראָסטן פאָלק, וואָס האָט זיך געלאַנגווײַלט, אויפגעשטעלט... ניט קיין „גאָלדענעם קאַלב", כאַסוועכאָלילע, נאָר דאָס „גאָלדענע ציגעלע" — דער פרומער סימבאָל פון דער ייִדישער פאָלקסליד, וואָס אַף זײַן באַזע איז אַנטשטאַנען דער ייִדישער פאָלקס־טעאַטער. און געטאָן, ווי געזאָגט, האָט ער עס מיט דער הילף פון יענע פאָלקס־שיכטן, וועלכע, פרײַ פון דער טוירע פאַר „קול באשה ערוה"[1] און פאַר אַנדערע ענלעכע קלעריקאַלע פסוקים, האָבן נאָך די איינציקע אין יענער צײַט געוואַגט זינגען — די איינציקע אין דער דעמאָלטיקער ייִדישער שטרענג רעליגיעזער אָדער שטרענג באַלעבאַטישער סוויווע — און זײַנען אַזוי־אַרום געווען די היסטאָרישע באַרופענע צו באַפרײַען און דערנאָך אײַנצובירגערן די ייִדישע פאָלקסליד אין ייִדישן לעבנסשטייגער. און גאָלדפאַדען האָט מיטאַמאָל דערזען, אַז גראָד זיי, „די נידעריקע שיכטע דעם פאָלקס", פון וועלכע ער האָט רעקרוטירט סײַ זײַנע ערשטע אַקטיאָרן און סײַ זײַן ערשט פּובליקום, האָבן צום ערשטן מאָל געשאַפן „גײַסטיקע נאַרונג" אויך פאַר די „העכערע שיכטן דעם פאָלקס".

[1] קויל באִישאָ ערוואָ — ס'איז אַ זינד צו הערן זינגען אַ פרוי.

איז דאָס דען ניט קיין גײַסטיקע רעוואָליוציע אין ייִדישן פאָלקס־לעבן? — האָט ער זיך מיסטאָמע געזאָגט. און די פרומע פרייד מיט זײַן ווערק איז אָרגאַניש געוואָרן אויך זײַן פאַרשײַטער סצענישער דראַנג צו פרייד און שפּיל. פון זײַן טעאַטער־נוסעך, פון זײַן פאָלקס־טעאַטראַליק האָט אַ שמעק געטאָן מיט די ערשטע רויטע „בלימעלעך פון זינד", פון סענסאַציע; עס האָט אַ שמעק געטאָן מיט דעם זעלבן צאַרטן בעז און מיט דעם זעלבן ווילדן, שטאַרקן אַקאַציע־רייעך, וואָס עס האָט פאַרשפּרייט דעמאָלט אַרום זיך, אין רעאַלן ייִדישן לעבן, די ראָמאַנטישע טעאַטראַליק פון די ערשטע ייִדישע מאַסקילים, וועלכע פלעגן זיך — איעדער באַ זיך אין זײַן שטעטל — אוועקשטעלן אַף לעהאַכעס רייכערן אַ פּאַפּיראָס אום שאַבעס אַקעגן די פענצטער פון אַ קלויז מיט ייִדן... די דאָזיקע שפּרודלדיקע אַמכאָדיקע טעאַטער־פרייד האָט אָנגעשטעקט. גאָלדפאַדענס טעאַטער איז אַזוי־אַרום געוואָרן דער יאָמטעוו פונעם גאַנצן פאָלק. דערציילט דאָך ציטראָן אין זײַנע זיכרוינעס, אַז אַ דאָקטער, צו וועלכן גאָלדפאַדען איז געקומען היילן זײַנע צעשרויפטע נערוון, האָט אים געייצעט צו באַזוכן גאָלדפאַדענס טעאַטער. דאָס רופט זיך נאָר איבער מיט דער פּאָפּולאַריטעט, מיט דער ברייטער פאָלקס־פרייד, וואָס עס האָט אַרויסגערופן (ווען אַפילע אַף אַן אַנדער קולטור־באָדן) דער טעאַטער פון גאָלדפאַדענס נאָענטסטן גײַסטיקן ברודער, מיר מיינען דעם גרויסן בינע־מעכאַשעף, דעם ייִד־פראַנצויז זשאַק האָפנבאַך — דעם פראַנצויזישן גאָלדפאַדען אין אַ געוויסן זין. אַלע אונדזערע מאָדערנע רעזשי־פּרווון, אַגעוו, אַף מעכײַע־מייסים זײַן גאָלדפאַדענען אַלס טעאַטער־אָנרעגונג (די מיטלען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, זײַנען געווען פאַרשיידענע — נעענטערע אָדער ווײַטערע צו גאָלדפאַדענס טעקסט), האָבן אין טאָך פאַרפאָלגט איין ציל: צוריק פאַרפלאַנצן די גאָלדפאַדען־פרייד אַף אונדזערע אָפּגעקילטע בינע־ברעטער; באַזיגן, הייסט עס, די דיסטאַנץ, וועלכע טיילט אונדז אָפּ פונעם גליקלעכן דאָר, וואָס האָט זי גענאָסן, און אַזוי מעגלעך מאַכן אַ נעאָ־גאָלדפאַדענישע האַנאָע. נאָר אַזויווי אַבסטראַקטע עסטעטישע קאַוואָנעס העלפן בעדערעך־קלאַל זייער ווייניק, דאַרף מען זאָגן, אַז באַזונדערס איז דעם סאָוועטישן ייִדישן טעאַטער פון דעם ערשטן פּעריִאָד פולשטענדיק און אומיטלבאַר געלונגען צו שאַפן אַן עכטע נײַע גאָלדפאַדענישע האַנאָע, ווײַל די גרויסע אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט אים דערצו געגעבן אַלע פּאָרהאַנאָכעס: די סאָציִאַלע, מאָראַלישע און קינסטלערישע.

נאָר דאָס איז ניט מער ווי אַ פּאַראַנטעז[1]. שליסנדיק אים, ווילן מיר נאָר אונטערשטרײַכן, אַז דאָס באַדכאָנעדיק־שפּילמאַנישע, די אַמכאָ־טעאַטראַליק, דער פאָלקס־טימלעכער קאָמיזם און דאָס דידאַקטיש־מאָראַליזירנדיקע באַ גאָלדפאַדענען זײַנען דאָך די קענצייכנס פון זײַן רומענישן פּעריִאָד. גאָלדפאַדען אַף זײַנע מידע אָפּרו־ אָדער איבערגאַנגס־עטאַפּן האָט זיך ניט איין מאָל פאַרענטפערט פאַר די דאָזיקע „כאַטאָס־נעורים"[2]. ער האָט בעפיירעש געשריבן, אַז ווען ער זאָל געווען שאַפן דעם ייִדישן טעאַטער אין רוסלאַנד, וואָלט זײַן טעאַטער געווען געהאַט אַן אַנדער פּאָנעם. אוןווירקלעך, ווען גאָלדפאַדען האָט זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד, האָט ער מיט זײַנע היסטאָרישע פּיעסן געוויזן די צווייטע, די ערנסטע באַק, אַזוי

[1] אַגעוואָרכע־געדאַנק.

[2] יוגנט־זינד.

צו זאָגן, פון זײַן טעאטער־מאסקע. אים האָט זיך אף אן עמעס געדאכט, אז ער זעט אויס ניט נאָר רײַפער, נאָר אויך אָנשטענדיקער, „פּאטריאָטישער“. אָט וואָס מיר לייענען אין שײַכעס מיט די דאָזיקע שטימונגען זײַנע בא נ. אויסלענדער און אורי פינקעל: „דער פאָלקסטימלעכער קאָמיזם פון זײַנע פריִערדיקע פּיעסן, וואָס גייען אזוי גרינג איבער פון סאָציאַלער סאטירע צו וואָדעוויל און פארס, די אויסלאכונג פון די נעגאטיווע געשטאלטן פון ייִדישן לעבנסשטייגער, וואָס איז ביז אהער געווען דער לעבעדיקער נערוו פון גאָלדפאדענס טעאטער־שפּיל, דאָס אלץ האָט איצט גלײַך ווי אָנגעווירן אין גאָלדפאדענס אויגן די בארעכטיקונג“.

אָבער ווען מיר אנאליזירן אויך זײַנע ביבלישע פּיעסן, זעען מיר, אז ער האָט זײַן סצעניש פאָלקס־נוסעך, וועלכן ער האָט געשאפן אין רומעניע אין קאָנטאקט מיט זײַנע טמימעסדיקע „רויע באלמעלאָכעס“, קיינמאָל ניט פארראטן. ער האָט מיט זיך פון רומעניע מיטגענומען ניט בלויז דעם מוזיקאלישן אָריענטאלישן עלעמענט, וועלכן ער האָט מיט א סאך פאָלקס־געשמאק, אף ניט צו דערקענען, מעגײַער געווען, נאָר אויך זײַן פאָלקסטימלעכן בינע־סטיל. די שפּילמאנישע וועלטלעך־פארווײַלערישע מאניר פון פרײַען איבערדיכטן ביבלישע עפּיזאָדן בא אונדזערע פורים־שפּילער; דאָס שטיפערישע ארײַנרײַסן זיך פון דער לעבעדיקער פאָלקס־פאנטאזיע אויך אין די קאנאָניזירטע הייליקע שריפטן, פון איין זײַט, און דאָס פרום־דידאקטישע פון א מאסקיל א קולטור־טרעגער, פון דער צווייטער זײַט, וואָס גאָלדפאדען האָט ארײַנגעטראָגן אין זײַנע „היסטאָרישע פּיעסן“, האָט געמאכט פון זיי — ניט אזוי „כיבאס־ציִען“־דראמאטורגיע, ווי א טעאטראליזירטן פּאַשעטן פּאָסעק כומעש מיט ראשע, א טעאטראליזירטן פּאָסעק אלטייִדישע געשיכטע, וועלכן ער האָט אײַנגעלערנט אָדער איבערגעכאזערט אף זײַן אייגענעם סצענישן איוורע־טײַטש מיט די ברייטסטע פאָלקס־שיכטן. עס הערט דעמלט אוף צו זײַן קאָשע, וואָס אווישאָלעם זינגט אין „שולאַמיס“ „ראָזשינקעס מיט מאנדלען“. דאָס פּאָרן זיך פון „פּאטריאָטישער“ דיכטונג מיט פאָלקסטימלעכן שטייגער־קאָמיזם און שטייגער־ליריזם, — דאָס ליגט דאָך אין יעסאָד פון גאָלדפאדענס רומענישן טעאטער־פּעריאָד. איינע פון זײַנע שפּעטסטע אויסטערלישסטע בינע־שאפונגען, ווי דאָס „צענטע געבאָט“, איז דער בעסטער באווײַז, אז ער האָט זיך אפילע נאָך „באר־קאָכבא“ פון דעם דאָזיקן וועג ניט אָפּגעזאָגט. בא זײַן גאנצן טשוווע טאָן, האָט ער גלײַכצײַטיק ניט אופגעהערט צו פּארטיידיקן דאָס קאפּיטל „רומעניע“ אין זײַן טעאטער־ביִאָגראפיע — צו פּארטיידיקן עס מיט א סאך טעמפּעראמענט און גלאנץ. ער האָט גוט געוווּסט, אף וויפל ער, דער גרויסער יוירעש פון אונדזערע באדכאָנים־אימפּראָוויזאטאָרס, איז שולדיק דעם רומענישן עטאפּ, וועלכער האָט אנטדעקט פאר זײַן וואכן, ניכטערן קינסטלער־באוווסטזײַן דאָס ברויזנדיק־אימפּראָוויזאטאָרישע אין אים. דער סקעלעט פונעם מאָדערנעם ייִדישן פאָלקס־טעאטער, וואָס ער האָט געשאפן, איז דאָך אין טאָך דער גליקלעכער רעזולטאט פון זײַן געניאַלער אימפּראָוויזאציע. דאָס פרום־אנאָנימע פון דער ייִדיש־רומענישער „רויע באלמעלאָכעס“־אטמאָספער, מיט וועלכער גאָלדפאדען האָט זיך טיף דורכגעדרונגען ביז צו פארלירן זיך אין איר, האָט אף אזוי פיל געשטעמפּלט דעם כאראקטער פון זײַן סצענישן שאפן, אז ס׳ווערט דערנעענטערט צו דער אנאָנימער פאָלקס־שאפונג. און דעריבער: בא זײַן גאנצן דײַטשמעריזם און בא אלע זײַנע פרעמדע סוזשעטן, און פון פרעמדע קוואלן געבאָרגטער מוזיק, איז גאָלדפאדען, אדאנק זײַן אָרגאנישער פאָלקישקײַט, געבליבן אין ייִדישן טעאטער דער פארפלאנצער פון אלץ, וואָס עס קומט פון ייִדיש, בייס דער שאָמעריזם האָט ארײַנגעבראכט ניט נאָר אין אונדזער ליטעראטור, נאָר אויך אין אונדזער טעאטער די ליניע פון „זשארגאָן“. „ייִדיש“ און „זשארגאָן“ — אזוי פארשטאנען — בילדן דערפאר אדהײַעם דיביידע פּאָליוסן פונעם ייִדישן טעאטער: דעם קינסטלערישן און דעם שונדישן.

° ° °

ביז אהער האָבן מיר הויפּטזאכלעך געשילדערט די ייִדיש־רומענישע אטמאָספער בא גאָלדפאדענען. וואָס איז שײַעך אָבער דער גאָלדפאדענישער אטמאָספער אין רומעניע, דארפן מיר זאָגן, אז דאָס גאָלדפאדענישע טעאטער איז געווען דער לעגענדארישער בען־מעלעך־קוש, וואָס האָט אופגערודערט דאָס גײַסטיק־אײַנגעדרעמלטע אלט־רומענישע ייִדנטום. און וויפל מאָל די דאָזיקע ייִדישע מאסע, אין רעזולטאט פון די ייִדיש־רומענישע ספּעציפישע אָביעקטיווע באדינגונגען, איז צוריק ארײַנגעפאלן אין א לעטארגישן שלאָף, האָט מען זי געקאָנט דערוועקן נאָר מיט אָנצינדן ארום איר א נײַ גאָלדפאדען־פײַער. גאָלדפאדען איז דערפאר אדהײַעם א קולטור־אָריִענטאציע אין דער ייִדישער רומעניע — די איינציקע אָריִענטאציע דאָרט פאר אירע פאָלקס־דעמאָקראטישע ייִדישע קולטור־בויער, ווען זיי זוכן דעם סינטעז צווישן די קולטור־ניוואָס פון אירע פארשיידענע פּראָווינצן. עס איז עפּשער אויך כאראקטעריסטיש, וואָס דאפקע אין דער אָפּגעשטאנענער רומעניע איז כראָנאָלאָגיש פריִער, ווי אין אלע אנדערע פיל פאָרגעשריטענערע ייִדישע ייִשוווים, נאָך אין 1917 (אין מײַן דעמלטיקן ערשטן ייִדישן טעאטער־רעוויו, געשריבענעם נאָך בעשוטפעס מיט י. באָטשאנסקין), פּראָקלאמירט געוואָרן דאָס אומקערן זיך מיטן פּאָנעם צו גאָלדפאדענען. ווײַל גאָלדפאדענס אומבאשטרײַטבארע יערושע איז דאָך די גרויסע ייִדישע אמכאָדיקע טעאטער־פרייד, וועלכע האָט זיך דאָרט צום ערשטן מאָל צעבליט און שוועבט נאָך ביז הײַנט אין דער ייִדיש־רומענישער קולטור־לופט. עס איז זייער לײַכט אָנצוווײַזן אפילע אף דער גאָלדפאדענישער האשפּאָע אויך אף דער מאָדערנער ייִדישער רומענישער דיכטונג. אזוי ווײַט — זײַן קינסטלערישע ווירקונג. וואָס איז שײַעך זײַן מאָראלישער, דריקט זי זיך אויס, באנאנד מיט וועלוול זבארזשערס, אין דעם דורכויסיקן פּיאָנערישן גײַסט, מיט וועלכן עס איז געווען דורכגעדרונגען די גאנצע פּראָגרעסיווע ייִדיש־ליטערארישע און קולטור־געזעלשאפטלעכע טעטיקײַט אין רומעניע פאר די לעצטע צענדליקער יאָרן.

דאָס הייסט אָבער ניט, אז גאָלדפאדען האָט ניט געהאט אויך אן אָפּאָזיציע אין רומעניע. דאָס זעט מען באלד ווי מע באקאנט זיך נאָר מיט די ערשטע רעצענזיעס פון גאָלדפאדען־טעאטער. די דאָזיקע רעצענזיעס, אָנהייבנדיק שוין פון 1876, זײַנען געשריבן געוואָרן אין דרײַ שפּראכן: אין ייִדיש, ייִדיש־רומעניש און רומעניש. און מערקווירדיק, די פּאָזיטיווסטע זײַנען געווען די רומענישע. דאָס דערקלערט זיך צווישן אנדערן אויך דערמיט, וואָס דער רומענישער טעאטער איז אופגעקומען ניט אף קיין סאך פריִער פונעם ייִדישן. די מידאס־האָראכמים־מאָס צום אייגענעם יונגן נאציאָנאלן טעאטער האָט זיך איבערגעטראָגן אויך אפן ערשטן שפּראָץ פון ייִדישער סצענישער

קונסט, וואָס האָט זיך פאר זייערע אויגן אף זייער באָדן צעבליט. מע קאָן זאָגן, אז עס איז אפילע פאָרגעקומען א סטיכיייִשער קאָנטאקט צווישן דיביידע יונגע טעאַטער־אינסטיטוציעס. מיט דעם איז צו דערקלערן, וואָס אייניקע גרויסע רומענישע אקטיאָרן האָבן אָנגעהויבן אלס כאָריסטן אין ייִדישן טעאַטער, ווי אויך דאָס, וואָס אונדזער בערטא קאַליש און דער יאסער איציקל גאָלדענבערג (ביידע פון גאָלדפאַדענס אקטיאָרן־פּלעיאַדע) זייַנען אף איין סעזאָן אנגאזשירט געוואָרן אין רומענישן נאַציאָנאל־טעאַטער.

אזוי איז געוואָרן מעגלעך, וואָס כראָנאָלאָגיש האָט די ערשטע רעצענזיע וועגן גאָלדפאַדענס טעאַטער געשריבן דער גרעסטער רומענישער דיכטער מיכאיל עמינעסקו.

דערצויגן אף דער דייַטשישער קולטור, געבוירן אין באָטאָשאַן און א יאסער טוישעוו, האָט עמינעסקו זייער פייַן געקענט ייִדיש. פון זייַן רעצענזיע איז צו זען, אז ער האָט געזען איינע פון די ערשטע גאָלדפאַדענישע פאָרשטעלונגען, ווען עס האָבן נאָך געשפּילט בלויז מענער. עמינעסקו האָט זיך הויפּטזאַכלעך אָפּגערופן וועגן די שוישפּילער, און אין אלגעמיין מער געלויבט ווי געטאדלט. פון די ייִדישע רעצענזיעס, ס׳ראָוו „גוטברודערישע" און פרימיטיווע, ווי די, וועלכע זייַנען דערשינען אין בוקארעשטער „טעלעגראף" און „האיועץ", דארף מען באזונדערס אויסטיילן א בראָשור (1876, בוקארעשט), דער מעכאַבער פון וועלכער ג. אבראַמסקי איז, ווי מע זעט פון זייַן שרייַבן, גאָלדפאַדענס א לאנדסמאן, אויך, הייסט עס, א רוסיש־ייִדישער מאַסקיל, וואָס איז מעגולגל געוואָרן קיין רומעניע.

אבסטראַהירנדיק זיך פון איר צייַט־סטיל, דארף מען זאָגן, אז ג. אבראַמסקיס שטרענגע קריטיק שטייט אף א הויך־אינטעלעקטועלן ניוואָ. זי איז אין א באַשטימטער מאָס אזא איבעראַשונג, ווי דער אָביעקט, וועלכן זי קריטיקירט. עס איז דעריבער מער ווי טשיקאַווע, וואָס סייַ דער שעפער פונעם ייִדישן טעאַטער און סייַ זייַן ערשטער ערנסטער קריטיקער אין רומעניע זייַנען ביידע געווען רוסיש־ייִדישע פאָלקס־אינטעליגענטן.

„בעפאָר איך וועל באַשרייַבן אייגנטלעך דעם טעאַטער און זייַנע שוישפּילער, — זאָגט נ. אבראַמסקי אין זייַן האקדאָמע, — מוז איך שטעלן צוויי פראַגן, אף וועלכע איך וועל מיך באַמיִען געבן אף זיי אַן ענטפער לויט מייַן באַגריף, וואָס איך האָב פון טעאַטער. די ערשטע פראַגע: וויִאזוי דארף א ייִדישער טעאַטער זייַן? דאָס צווייטע: וואָס שפּילט מען און וויִאזוי דארף מען שפּילן?" און ג. אבראַמסקי זעצט פאָר: „ווען מיר זאָגן א „ייִדישער טעאַטער", פארשטייט זיך פון זיך זעלבסט, אז דאָרט דארפן ייִדישע סצענעס פונעם ייִדישן לעבן פאָרגעשטעלט ווערן. דעריקער איז, אז דער ייִד זאָל, אזוי ווי אין אויסערלעכן, אזוי ווי אין אינערלעכן לעבן, ריכטיק פאָרגעשטעלט זייַן. עס דארף אזוי ריכטיק זייַן, אז אלע זייַנע פעלערן, אלע זייַנע טוגנדן זאָלן זיך ריכטיק אויס דעם אינהאלט דער קאָמעדיע אָדער וואָדעוויל אָפּשפּיגלען, אזוי דאָס דער צושויער זאָל עטוואָס מיט זיך פון דעם טעאַטער צו הויז אוועקטראָגן, דאָס געזעענע זאָל זיך אין זייַנע געהירן אָפּדרוקן, און זאָל קאָנען אנאליזירן דאָס געהערטע, און צום שלוס זאָל עטוואָס פון דעם טעאַטער זייַן אייגנס ווערן". „דער דראַמאטורג, שרייַבט ווייַטער אונדזער ערשטער טעאַטער־קריטיקער, דארף גוט באַקאַנט זייַן מיט זייַן פאָלק, פאר וועלכן ער שרייַבט, מיט זייַנע זיטן, און מיטן מענטשלעכן האַרץ אין אלע זייַנע פאַזיסן, ווי מיט דער גוטער, ווי מיט דער שלעכטער זייַט, אין אלע אומשטענדן, וועלכע דערוועקן זייַן טאָן און האַנדלען. אויך דארף ער האָבן פאר די אויגן די צייַט, אין וועלכער ער שרייַבט". ארויסגייענדיק, הייסט עס, פון דער פאָדערונג „הייַנטצייַטיקייַט", קומט אבראַמסקי אָן צו זייער אינטערעסאַנטע פאר אים באַטראַכטונגען איבער קאָמעדיע און דראַמע. ער שרייַבט: „א וואָדעוויל אָדער קאָמעדיע שאַפט די צייַט, ניט די היסטאָריע. א דראַמע איז עטוואָס אנדערש: א דראַמע קאָן היסטאָריש אָדער צייַטלעך זייַן, דען א דראַמע האָט נאָר די מענטשהייַט פאר די אויגן. שעקספּירס ווערק וועלן אייביק און אימער יונג בלייַבן, ווייַל ער האָט אנאליזירט דעם מענטשנס האַרץ. ער האָט ניט נאַציאָנאַל־טיפּן פאָרגעשטעלט, ער האָט דעם מענטשן־טיפּ געשאַפן. דאַרום פינדן מיר שטענדיק זייַנע ווערק יונג און לער־רייַך. ניט אזוי דער וואָדעוויליסט. ער דארף נאָר זייַן צייַט, זייַן נאַציאָן פאר די אויגן האָבן, זיין עמפּינדלעכקייַט דארף ער מעסטן מיט דער ספּערע, אין וועלכער ער דרייט זיך ארום, און זייַן כאַראַקטער ליכטיק שילדערן. דאַן ערשט, ווען דאָס אלעס האָט ער באַרעכנט, קאָן ער האָפן, אז זייַן שרייַבן קאָן עטוואָס נוצן ברענגען דעם צושויער".

ווי איר זעט, פּאַסט אויף נ. אבראַמסקי די זשאַנרען־דראַמע (לייען: טראַגעדיע) און וואָדעוויל (לייען: קאָמעדיע) אין קלאַסישן גריכישן זין. די דראַמע, די טראַגעדיע, הייסט עס, שפּיגלט אָפּ די קלוימערשטע „אייביקייַט", און די קאָמעדיע — דעם פּראָצעס פון ענדערונגען אין דער געזעלשאַפט, די הייַנטצייַטיקייַט און שטייגערישקייַט, ווי ס׳איז נאָך אָנגעצייכנט פון אריסטאָטעלן. שטייענדיק אף דער פּאָזיציע, פרעגט אבראַמסקי: „יעצט שטעלט זיך די פראַגע: פינדן מיר עס אלעס אין ה׳ גאָלדפאַדענס ווערק, וועלכע ער האָט פאר דעם טעאַטער געשאַפן?"

וואָס זשע פאר א גאָלדפאַדענישע פאָרשטעלונגען האָט אבראַמסקי געהאַט פאר די אויגן, ווען ער האָט שוין צו גאָלדפאַדענען אזוינע שטרענגע פאָדערונגען געשטעלט? דאָס זייַנען אין דער ערשטער ריי „איקס־מיקס־דריקס", „דער קאָטער", „שוסטער און שנייַדער", „א גלאָז וואַסער" און דער „לעבעדיקער שוסטער", וועגן וועלכע אבראַמסקי שרייַבט: „דאָס זייַנען ניט אפן ייִדישן באָדן געוואַקסן. מיר שייַנט, אז דער פּאַרפאַסער האָט עס גענאַשט פון אָפּגעשמאַקטע פּראָנצויזישע וואָדעווילן. אז כ׳האָב בייַגעוווינט בעשאַס מע האָט געשפּילט, האָב איך מיך דערמאָנט אין צירק, וווּ מע שטעלט פאָר פּאַנטאָמימעס, פּאַנטאַזיע־בילדער און ניט מער". דאָס הייסט אָבער ניט, אז אונדזער קריטיקער איז א פארשטאַרצטער פּעדאַנט אָדער א אין זיך פארליבטער טעאָרעטיקער. ווייַל באַלד גיט ער צו: „די מומע סאָסיע" איז דאָס בעסטע דערווייַל, וואָס גאָלדפאַדען האָט געשאַפן פאר דער סצענע. דאָ באַגעגענען מיר שוין מענטשלעכע געשטאַלטן, נאָענטע צו דערווירקלעכקייַט, אָבוואָל עס זייַנען ניט ריין־ייִדישע כאַראַקטערן. און די אקטריסע האָט זי, די מומע סאָסיע, צימלעך פאָרגעשטעלט, אָבוואָל א ביסל איבערגעזאַלצן. נאָר נישקאָשע, מע קאָן שוין מיט אזא שפּיל צופרידן זייַן".

ניט ווייניקער אינטערעסאַנט זייַנען אבראַמסקיס ארויסזאָגונגען אף דער טעמע: ווי דארף מען שפּילן?

„דער צוועק פונעם שפּילער, — שרייַבט צווישן אנדערן נ. אבראַמסקי, — דארף זייַן: ווירקן אפן צושויער,

אז יעדער זאָל זיך פיל־ווייניק דערקענען און זאָל פארײדלען זײַנע געפילן. שטעלט מען פאָר א ייִדן, דארף עס זײַן א ייִד מיטן פולן מויל, אין וועלכן גראד ער איז. שטעלט מען אים פאָר אלס פּראָגרעסיסט, דארף מען עס באם שפּילן ארויסזען. שטעלט מען אים פאָר אלס כאָסיד, דארף עס זײַן א כאָסיד". ווײַל אנדערש, — קומט אונדזער קריטיקער צום אויספיר, — „ווערט אויך דער פארפאסער קאָמפּראָמעטירט דורך דעם, דען פיל דענקען, אז ער האָט ניט געקאָנט בעסער כאראקטעריזירן, און עס קאָן גראָד אומגערעכט זײַן". אָדער אזא ציטאטע: „עס איז נאָך ניט גענוג אויסלערנען די ווערטער פון דער ראָל. מען דארף די ראָל זיך צוויגענען און שפּילן, אז זי זאָל ווערן דער צווייטער איך (א סטאניסלאווסקישע פאָדערונג! — י. ש.) און פאסן דעם פארפאסערס אידיי. און דער גוטער שוישפּילער מאכט אויך פון דער אָרעמער אידיי עפּעס גרויסעס און ווירקט אף דעם צושויער. וואָס זעען מיר אָבער בא די שפּילער פון גאָלדפאדענס טעאטער? אין „שמענדריק" שפּילט די מוטער איר ראָל, ווי מע זאָגט, מיט צופיל זאלץ. מיר זעען דאָ ניט נאטירלעכעס. נאָר עס איז קיין כידעש ניט: א מאנספארשוין שפּילט די ראָל און ער איז קיינמאָל ניט קיין מוטער געווען. פון „שמענדריק" אליין איז ווייניק וואָס צו רײדן. אויך די זעלבע מײַסע: א מיידל איז ניט קיין ייִנגל און ביפּראט נאָך א בעניאָכיד. דער שאדכן איז איבערגעטריבן. דער פאָטער פון דער קאלע איז קאלט ווי אײַז, און בא דער סצענע קאָן א גוטער שפּילער אונדז פיל זאָגן. א פאָטער, וועלכער האָט אן איינציק קינד און וויל מיט דעם אָפּערן וועגן מאטעריעלע נוצן, איז איינס פון די ביידע: אָדער די נויט איז אים שוין אזוי צוגעטראָטן, אז ער קאָן עס ניט אנדערש, אָדער ער איז אזוי אומענטשלעך, אז דאָס קינד דינט אים נאָר צו זײַן צוועק. נאָר דאָס איז אָבער בא ייִדן זייער זעלטן. און דאָ זעען מיר, אז דער פאָטער רעדט אָן די טאָכטער, זי זאָל כאסענע האָבן פאר אן אידיאָט, און רעדט זיך מיט אזא קאלטן לונג־און־לעבער, גלײַך ווי עס קער זיך דאָס מיט אים גאָרניט אָן, גלײַך ווי ער פארקויפט א מין סכוירע. נאָר אפּילע א סויכער ווענדט אויך מער גײַסט אָן באם האנדלען, ווען ער רעדט אײַן דעם קויפער, ער זאָל אים די סכוירע אָפּקויפן! די טאָכטער שטרײַט אויך ניט פיל דאגעגן. מיר זעען אין איר ניט קיין יוגנט־שטרײַט, ווי ליבע, פליכט, און אז די שרעקלעכע צוקונפט צו פארברענגען אירע יאָרן מיט אזא בריִע זאָל אף איר גרויזאם ווירקן. זי זאָגט פון יויצע־וועגן עטלעכע ווערטער, זינגט א ליד און דערנאָך גיט זי איר וואָרט. הייסט עס נאטור? הייסט עס כאראקטער? דעם שאדכן אין דער „מומע סאָסיע" מאך איך אופמערקזאם, ער זאָל ניט זײַן אזא נאַשער, און איידער ער שפּילט זאָל ער אָנטאָן א ווײַס העמד, וועט ער זיך פארשפּאָרן צו קראצן. זאָ שפּילן איינע סאטירע אף דער מענטשהײַט!"

און אבראמסקי פארענדיקט אזוי זײַן אויספירלעכע קריטישע אָפּהאנדלונג: „דערווײַל, אדיע, מײַנע ליבע לעזער, אינגיכן האָף איך רײדן מיט אייך פון די נוצן, וואָס הער גאָלדפאדען ברענגט דעם פובליקום מיט זײַן שפּילן".

מיר האָבן זיך א ביסל לענגער אָפּגעשטעלט אף דער דאָזיקער קריטישער ארבעט, ווײַל מיר האלטן, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א ביז גאָר אינטערעסאנטן באַאָבאכטער פון גאָלדפאדענס ערשטע טעאטער־שריט. די דאָזיקע בראָשור מוז, לויט אונדזער מיינונג, אינגאנצן איבערגעדרוקט און אײַנגעשלאָסן ווערן אין ארסענאל פון אונד־

זער טעאטער־פאָרשונג. נ. אבראמסקי קען — בא אלע זײַנע אייניקע טיפּיש־מאסקילישע אָנשויונגען — מיט רעכט אָנגערופן ווערן: אונדזער ערשטער ייִדישער טעאטער־קריטיקער. ער פארדינט עס ניט נאָר אלס גאָלדפאדענס צײַט־גענאָסע, נאָר מיט זײַן קולטור־ניוואָ, מע מעג זאָגן, אז דער ערשטער ייִדישער טעאטער־קריטיקער איז קאָנגעניאָל דעם ערשטן ייִדישן טעאטער־קינסטלער, וואָס גאָלדפאדען איז געווען.

כאראקטעריסטיש ביז גאָר איז די פּאָזיציע פון די ערשטע גאָלדפאדענישע ייִדיש־רומענישע רעצענזענטן. די גײַסטיקע פאָרשטייערס פון די רעפאָרמירטע יאהודים, פון דעם ייִדיש־בורזשואזן אסימיליאטאָרישן פליגל, האָבן באלד אײַנגעזען א געפאר אין ייִדישן פאָלקס־טעאטער און עס העפטיק אטאקירט. עס האָבן זיך אין די דאָזיקע קרײַזן באלד אויסגעקריסטאליזירט צוויי שטאנדפונקטן: איינער אן אָפן־אגרעסיווער, וועלכער האָט דערזען אין גאָלדפאדענס טעאטער „פינצטערע רעאקציע": א מיטל אופצולעבן דעם „עקלהאפטן זשארגאָן" און מיט זײַן הילף פארהאלטן די ייִדישע מאסן פון „עמאנציפירן זיך", לייען: צו אסימילירן זיך. דער צווייטער שטאנדפונקט, וואָס איז הויפּטזאכלעך פארטראָטן געוואָרן פונעם ייִדיש־רומענישן היסטאָריקער־אפּאָלאָגעטיקער מוישע שווארצפעלד, איז געווען אין א געוויסער מאָס א מילדערער, א פשאָרעסדיקער. ער האָט אָפּגעוואָרפן דעם שטאנדפונקט פון קאָמפּראָמעטאציע, ווײַל ער האָט זיך און אנדערע געטרייסט מיט דעם, אז עס איז קלוימערשט יעדן באוווּסט, אז די אלע „באבאדניקעס", ייִדישע קלעריקאלע געשטאלטן פון גאָלדפאדענס טעאטער, באציִען זיך צו די רוסישע און גאליצישע ייִדן, אָבער ניט צו די אײַנגעזעסענע, אלט־רומענישע, וועלכע אסימילירן זיך באָרעכהאשעם. ער האָט דערפאר אין טאָך באגריסט די דערשײַנונג פון ייִדישן טעאטער, אָבער מיט איין באדינג: ער דארף געשפּילט ווערן אף רומעניש. ביז די גאנצע ייִדישע באפעלקערונג אָבער וועט דערלערנען רומעניש, שאדט ניט דער איבערגאנגס־פּעריאָד אף „זשארגאָן". דער דאָזיקער טעאטער דארף נאָר העלפן די רומענישע ייִדישע מאסן איבערגיין בעהאדראָגע צו דער רומענישער קולטור. דאָס דארף ווערן זײַן אידייִשע אופגאבע. אָט דער שטאנדפונקט האָט אָבער איינצײַטיק ניט אָפּגעהאלטן דעם זעלביקן געדולדיקן אסימיליאציע־פּריידיקער פון שרײַבן לאנגע, אויספירלעכע רעצענזיעס וועגן גאָלדפאדענס פאָרשטעלונגען, אנאליזירן די שפּיל פון די אקטיאָרן און די פּיעסן.

זײַן דעביוט־טעזיס, אז א ייִדיש־רומענישער טעאטער דארף יארשענען דעם ייִדיש־פאָלקסטימלעכן, איז אויך אומבאמערקט פארשווונדן. און געשען איז, אז אין זײַן ייִדיש־רומענישן זשורנאל „עגאליטאטע"[1], וועלכן ער האָט רעדאקטירט אריבער 50 יאָר, זײַנען קעסיידער מיט לאטײַנישע בוכשטאבן פארעפנטלעכט געוואָרן אויך עטלעכע טויזנט ייִדישע שפּריכווערטער, פון אים אליין געזאמלטע. דאָס איז געווען דער זיג פון דער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור איבער גאָלדפאדענס ערשטן קריטיקער־אסימיליאטאָר — דער זיג פון דער פּראָגרעסיווער ייִדיש־וועלטלעכער פאָלקס־קולטור, צו וועלכן עס האָט אין דער גאנצער ייִדישער וועלט אין א גאָר גרויסער מאָס בײַגעטראָגן גאָלדפאדען — דער פאָטער פונעם מאָדערנעם ייִדישן טעאטער.

---

[1] „גלײַכהײַט".

א. לעבעדיעוו

# אנאַטאָלי וואַסיליעוויטש לונאַטשאַרסקי

(צום 90־טן געבורטסטאָג)

אין דער סאָוועטישער קולטור און ליטעראַטור, וואָס איז אַנטשטאַנען אינעם פלאַם פון אָקטיאַבער, טיילט זיך אויס די אייגנאַרטיקע פיגור פון לונאַטשאַרסקין — „אַן אינטעליגענט צווישן די באָלשעוויקעס און אַ באָלשעוויק צווישן די אינטעליגענטן", ווי ער האָט זיך אַליין כאַראַקטעריזירט[1]. לונאַטשאַרסקיס שאַפן באַטראַכטן מיר אַלס איינע פון די באַדײַטנדיקע דערשײַנונגען פון אונדזער סאָציאַליסטישער קולטור.

דער ערשטער פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר בילדונג פון דער יונגער סאָוועטן־רעפּובליק, וו. אי. לעני‌נס אַ מיטקעמפער — אַזאַ איז געבליבן לונאַטשאַרסקי אינעם באַוווּסטזײַן פון עם דאָר, וואָס האָט דורכגעמאַכט די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און פאַרלייגט דעם פונדאַמענט פון עם סאָציאַליזם בײַ אונדז אין לאַנד.

אַנאַטאָלי וואַסיליעוויטש לונאַטשאַרסקי האָט פון דער פריִער יוגנט אָן זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט אַקטיווער פּאָליטישער טעטיקייט. שוין אין די שול־יאָרן פירט אָן לונאַטשאַרסקי אין קיִעוו מיט אַן אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע פון קימאַט צוויי הונדערט שילער. מיט צוויי יאָר שפּעטער הייבט ער אָן פירן אַ רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע אין אַן אַרבעטער־פאָרשטאָט פון קיִעוו. אין 1893 יאָר טרעט ער אַרײַן אין דער רסדאַפּ. דער פּראָצעס פון אידייִשן רײַף ווערן איז בײַ לונאַטשאַרסקין געגאַנגען זייער גיך. פון דער צווייטער זײַט, איז באַוווּסט, אַז לונאַטשאַרסקיס וועג צום מאַרקסיזם־לעניניזם און צו דער באָלשעוויסטישער פּאַרטייִשקײַט איז געווען אַ קאָמפּליצירטער, מיט באַשטימטע וואַקלונגען און פעלערן.

אינעם ביזאָקטיאַבערישן פּעריאָד האָט לונאַטשאַרסקי באַנאַנד מיט מאַרקסיסטישע אַרטיקלען געשריבן אויך אַזעלכע, וועלכע לענין האָט שאַרף קריטיקירט. די סאַמע וויכטיקע פון אָט די ביזאָקטיאַבערישע פעלערן לונאַטשאַרסקיס זײַנען דער מאַכיזם און גאָטזוכערײַ, וואָס ער האָט אַ געוויסע צײַט געפּרעדיקט אין דער פילאָסאָפיע, עסטעטיק און קריטיק איבער קונסט־פראַגן, ווי אויך פּאָליטישע פעלערן, איבער וועלכע ער האָט געמוזט פאַרלאָזן די פּאַרטיי; אומגעקערט זיך אין אירע רייען האָט ער בלויז אין 1917. לענין האָט קיינמאָל ניט פאַרלאָרן די זיכערקײַט אין דעם, אַז לונאַטשאַרסקי „וועט זיך אומקערן אין דער פּאַרטיי"[2], בײַקומענדיק סאָפקאָלסאָף זײַנע פעלערן.

אין איינעם פון זײַנע בעסטע אַרטיקלען וועגן מוזיק — „דער וועג פון ריכאַרד וואַגנערן" (1933) — האָט לונאַטשאַרסקי באַמערקט: „וולאַדימיר איליטש האָט אַמאָל געזאָגט, אַז מענטשן פון פאַרשיידענע סאָציאַלע גרופּעס און שיכטן גייען צו דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע מיט פאַרשיידענע וועגן... וואַגנער איז געגאַנגען ניט פון דער רעוואָליוציע צו דער קונסט, נאָר פון דער קונסט צו דער רעוואָליוציע. און דאָס, — גיט צו לונאַטשאַרסקי, — איז גוט. דאָס האָט באַטײַט, אַז ער איז געגאַנגען צו דער



רעוואָליוציע אַדאַנק די אינערלעכע באַדערפענישן פון זײַן טאַלאַנט און ספּעציאַליטעט"[1]. לונאַטשאַרסקי גופא איז געגאַנגען צו דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע „אַדאַנק די אינערלעכע באַדערפענישן פון זײַן טאַלאַנט און ספּעציאַליטעט", אַדאַנק זײַן באַנעמען די ראָל פון דער קונסט אינעם קאַמף פאַרן ראַדיקאַלן איבערבויען די געזעלשאַפט.

לונאַטשאַרסקי האָט איבערגעלאָזט אַ קאָלאָסאַלע ליטעראַרישע ירושה. ס'איז מאַמעש צו באַוווּנדערן די פילאַרטיקע אינטערעסן פון אָט דער, לויט לענינס אויסדרוק, „זעלטן רײַך באַגאַבטער נאַטור". באַזונדערס פיל האָט לונאַטשאַרסקי אָנגעשריבן אינעם נאָכאָקטיאַבער־פּעריאָד, ווען זײַן גאַנצע אויפמערקזאַמקײַט איז געווען געווענדט אויף די פראַגן פון קולטור און קונסט. פראַגן פון עסטעטיק, עטיק, פּעדאַגאָגיק, געשיכטע פון פילאָסאָפיע, פאָרשונגען אין געביט פון ליטעראַטור־געשיכטע און אַנדערע

[1] א. וו. לונאַטשאַרסקי. אין דער וועלט פון מוזיק. מאָסקווע, 1958, ז. 8.

[2] וו. אי. לענין און א. מ. גאָרקי. בריוו. זיכרוינעס. דאָקומענטן. מאָסקווע, 1961, ז. 254.

[1] א. וו. לונאַטשאַרסקי. אין דער וועלט פון מוזיק. מאָסקווע, 1958, ז. 421.

קונסט־געביטן, בראָשורן, געווידמעט פארשיידענע פראָבלעמען פון סאָציאַליסטישער קולטור־בויונג, — אָט דאָס איז דער דיאַפאזאָן פון לונאטשארסקיס שרײַבערישער טעטיקייט, מיט וועלכער ס'איז באקאנט געווען דער לייענער פון יענע יאָרן.

לונאטשארסקי דער קריטיקער האָט געלעבט אין אן עפאָכע, ווען די קונסט פון דער אלטער רוסישער געזעלשאפט האָט אָנגעהויבן פארביטן ווערן מיט דער נײַער קונסט. אין לונאטשארסקיס באוווּסטזײַן האָט זיך אײַנגעהיט דאָס סאמע ליכטיקע און דאָס סאמע ווערטפולע פון דעם רײַכטום, וואָס די מענטשהײַט האָט געשאפן דורך אירע גרעסטע קינסטלער. אָבער אין אים האָט שטענדיק געלעבט אן אומרויִקער טרוים וועגן דער נאָך אומבאוווּסטער שיינקײַט פון דער צוקינפטיקער קונסט. גאָרקי און מארסעל פרוסט, שאָו און מאיאקאָווסקי, קאָראָלענקאָ, ראָלאן און יעסענין האָבן נאָך בא זייער לעבן געפונען אין לונאטשארסקיס אָפהאנדלונגען א גלענצנדיקע קריטישע אינטערפרעטאציע און אָפשאצונג.

באם לייענען די ארטיקלען פון אָט דעם קריטיקער טרעפן מיר זיך ווי אפסנײַ מיט די העלדן פון די קינסטלערישע ווערק פון דער פארגאנגענהײַט און פון דער קעגנוואַרט. מיר דערזעען מיטאמאָל אויסערגעוויינלעך קלאָר די געשטאלטן פון קלים סאמגין און מארקיז פאָזא, די טראגיש־קאָמישע און שטאָלצע פיגור פון דאָן־קיכאָטן און די הויך אופגעהויבענע טשאפײַעווישע שווערד. מיר זעען פאר זיך טיציאַנען, וואָס האָט „אין זײַן קימאט איבערמענטשלעכער קונסט" אומשטערבלעך געמאכט זײַנע מיטצײַטלער, וועלכע האָבן אופגעלעבט פאר אונדז אין די פריש־צאפלדיקע „טיציאַנישע ווענערעס", אײַנגעהילטע אין אן אטמאָספער פון אזא פריידפולן פארגעניגן. מיר הערן, ווי סוויפטס בייזער געלעכטער פארניכטעט מעפיסטאָפעליש־אזעסדיק און אָפשפעטנדיק די טרעגער פון בײַז, די ווײַטע פאָרגייער פון די אמערסטן קאָשמארע הײַנטצײַטיקע פאָליטישע און מאָראלישע קריפלען. „שטאָלצע און באשיידענע, איינזאמע און שטארקע" אנטפלעקן זיך פאר אונדז אין זייער טראגישער גרויסקײַט טשערנישעווסקיס העלדן, עס גייען דורך די פערסאָנאזשן פון דער רוסישער ליטעראטור פון די 80־ער און 90־ער יאָרן; מיט א שוידערלעך שמייכעלע פארשפיליעט זײַן שלאָפראָק דער שטשעדרינישער טיפ; ס'לאכן די מייסים פון לעאָניד אנדרייעווס מעלאָדראמע... און דער מיסטער פיקוויק פאריכט מיט א געווינטן זשעסט דאָס קעלנערל פון זײַן אלטמאָדישן, נאָר שטענדיק ווײַס ווי שניי — ווי דער געוויסן פונעם העלד — העמדל. און מוזיק, אָט די באזונדערע, פאר דער גרעסטער מערהײַט מענטשן נאָך אין פיל הינזיכטן סוידעספולע וועלט פון קלאנגלעכע געפילן און אומזעבארער שיינקײַט, — די פלאמיקע קראפט פון בעטהאָווענס געני און טשײַקאָווסקיס קלאָרקײַט, וואגנערס שטאָלצע לײַדנשאפט און מוסאָרגסקיס געוואגטקײַט, אימפעט, אנטוישונג, זאָרגלאָזיקײַט; טאנייעווס מאטעמאטישע גראָדליניקײַט; די סקריאבינישע אָנגעשטרענגטע נערוועזקײַט; שאָפען, וואָס פאראייניקט אין זיך „די וואקכישע פריילעכקײַט מיט דעם טרויער פון דער מאזורקע"... א מערקווירדיקע גאלעריי פון אָט די וווּנדערבארע העלדן גייען דורך פארן לייענער. און פאר יעדן פון זיי געפינט לונאטשארסקי באזונדערע, נײַע, פינקלענדיקע ווערטער. שעקספיר, דאָסטאָיעווסקי, ראָלאן, דאנטע, פיקאסאָ, סעזאן, וואן־גאָג, טאָרוואלדסען, פושקין, שעווטשענקאָ, געטע, אראגאָן, רימסקי־קאָרסאקאָוו, שא־

ליאפין, בערליאָז, מארק שאגאל, ריכארד שטראוס, וואסנעצאָוו, מייערכאָלד, שאָלעם־אליי כעם... די געשטאלטן פון קימאט אלע קינסטלערישע ווערק, וואָס האָבן אָנגעריירט די נעשאָמע־סטרונעס פון די מיטצײַטלער, זײַנען ארײַנגעצויגן אין דער ספערע פון לונאטשארסקיס קינסטלערישן אנאליז.

לונאטשארסקי איז אָבער ניט געווען קיין „גלענצנדער דילעטאנט", וואָס איז גרייט אין א באליביקן מאָמענט „ארויסזאָגן" זיך שיר ניט איבער יעדער פראגע. די קאָלאָסאלע, ווירקלעך ענציקלאָפעדישע ערודיציע זײַנע פלעגט מאָביליזירן אף באשטעטיקן איין גרונט־געדאנק, איין גרונט־אידיי: „די קולטור און די רעוואָליוציע", „די קונסט און די רעוואָליוציע" — אָט דאָס זײַנען די טעמעס, ארום וועלכע ער פלעגט אָרגאניזירן זײַנע סאמע וויכטיקע ארויסטרעטונגען. אזוי זײַנען אָנגעשריבן לונאטשארסקיס בעסטע ארטיקלען וועגן די ווערק פון די אמערסטנס באדײַטנדיקע קינסטלער פון יענער צײַט. „בריוסאָוו און די רעוואָליוציע", „בלאָק און די רעוואָליוציע", „דער טעאטער און די רעוואָליוציע", „סטאניסלאווסקי, דער טעאטער און די רעוואָליוציע", „די מוזיק און די רעוואָליוציע" — אזוי מערקט אָן לונאטשארסקי די הויפטריכטונג פון זײַן צוגאנג צו די סאמע פארשיידענע פראָבלעמען פון קולטור און קונסט. אזא איז אויך דער אידייִשער אינהאלט, דער פאטאָס פון זײַנע מער באדײַטנדיקע ארויסטרעטונגען. און פונדעסטוועגן איז די אידיי פון „פאראייניקן די רעוואָליוציע מיט דער קונסט" בא לונאטשארסקין קיינמאָל ניט אריבערגעוואקסן אין דער אידיי פון ברענגען די קונסט „אלס קאָרבן" דער רעוואָליוציע (אזא געדאנק האָבן ארויסגעזאָגט אייניקע וווּלגארע טעאָרעטיקער אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָליוציע). יאָ, לונאטשארסקי איז געגאנגען צו דער רעוואָליוציע פונעם פארשטיין די עמעסע נויטן פון דער קונסט.

אין לונאטשארסקיס גלענצנדע אָפהאנדלונגען וועגן די שעדעווערן פון דער וועלט־קולטור געפינט אן אָרט אויך זײַן אָפשאצונג פון דער יידישער פאָלקס־קונסט. אין דעם איצט נאָך ווייניק באקאנטן קריטישן עסיי וועגן דעם קאָנצערט פון יידישער מוזיק אין פאריזש אין 1914 שרײַבט לונאטשארסקי:

„וווּנדערבאר זײַנען אָט די לידער, רעליגיִעזע און וועלטלעכע, פײַערלעכע, אומעטיקע און שפאסיקע... אָבער פריִער פאר אלץ — וואָס פאר א גראציִעזע, וואָס פאר א נײַע מוזיק! זעלטן ווער עס ווייסט ניט, — זעצט פאָר לונאטשארסקי, — דעם טראגיזם פון אזעלכע לידער, ווי איילי־איילי. נאָר אן עמעסע אנטדעקונג פאר א סאך מענטשן איז די פאָלקס־מוזיק. איז דען ניט ענלעך אף היינעס א ליד דאָס לידעלע „אמאָל איז געווען א יידעלע" מיט זײַן גרויסער פאשטעס און מיט דער אומעטיקער מעלאָדיע!" אָדער, באמערקט לונאטשארסקי, „דער לימעד פון אלעפבייס" — „דאָס איז א וווּנדערשיינער הומאָריסטישער זשאנער. „דאָס קינד אין וויגעלע" — א מעלאָדראמאטיש אופטרייסלענדיק בילד"... „ס'איז פאָשעט צו באוווּנדערן, — ענדיקט לונאטשארסקי, — וויפל מוזיקאלישע טאלאנטן עס פארמאָגט דאָס גרויסע קליינע יידישע פאָלק!"[1]

וועגן „דער איידעלער און שארפער קונסט" פונעם יידישן טעאטער שרײַבט לונאטשארסקי אין איינעם פון

[1] „דער טאָג" (*«День»*), 1914 יאָר, נומ. 135 פארן 20 מײַ, ז. 3.

זײַנע אַרטיקלען פֿון סאָוועטישן פּעריִאָד („די צוקונפֿט פֿונעם גאַסעט")[1].

ביז הײַנט־צו־טאָג שרײַבט מען בײַ אונדז ווייניק וועגן דער שרײַב־מאַניר, וועגן דער שעפֿערישער אייגנאַרט פֿון לונאַטשאַרסקין דעם קריטיקער. און פֿונדעסטוועגן, ווען ס׳קומט אויס כאָטש דערעך־אגב צו ריידן וועגן דעם, ווערט שטענדיק אָנגעוויזן אויף דעם באַזונדערן גלאַנץ און אויף דער שיינקייט פֿון זײַן קריטישן „קסאַוו".

„זײַנע בעסטע רעדעס, אַרטיקלען און רעצענזיעס, — שרײַבט, צום בײַשפּיל, ק. טשוקאָווסקי, — האָבן שטענדיק מיך צוגעצויגן — כּוח אַנדערע אויסגעצייכנטע אייגנשאַפֿטן — מיט זייער שיינקייט, איך וואָלט אַפֿילו געזאָגט: עלעגאַנטקייט, ווען דאָס וואָרט זאָל ניט האָבן באַקומען בײַ אונדז אַ גרינגשעצערישן ניואַנס. ס׳איז אָבער אַ פֿאַקט, אַז גראָד דער גלאַנץ פֿון לונאַטשאַרסקיס אַרטיקלען איז געווען די סיבה פֿון זייער פּאָפּולערקײַט... די גײַסטיקע גראַציע — אַן אײדעס פֿון אינערלעכער קראַפֿט — איז אים געווען פּונקט אַזוי אייגנטימלעך, ווי זײַן גאַנג, זײַן שטים און קסאַוו"[2].

די קונסט־געשטאַלטן ווערן ווי אָפּסנײַ געבוירן אין זײַנע ווערק. און דער לייענער הייבט אָן באַמערקן אין זיי עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט פֿריִער ניט געזען. מיטאַמאָל הייבן זיך אָן באַווײַזן נײַע שטריכן אין דעם שוין לאַנג באַקאַנטן געשטאַלט, און דאָס, וואָס ס׳האָט פֿריִער אויסגעזען ווי אַ שאָטן, ווײַזט זיך אַרויס אַלס אַ זייער וויכטיקער שטריך, אַלס אַ וועזנטלעכע דעטאַל פֿון דעם גאַנצן בילד, וואָס פֿאַרפֿינקטלעכט אָפּט אונדזער פֿאַרשטעלונג וועגן אים.

לונאַטשאַרסקי גופֿא האָט אַזוי דערציילט וועגן דעם פּראָצעס, וואָס ס׳קומט פֿאָר בײַ דער באַרירונג פֿונעם קריטישן טאַלאַנט מיט דער קינסטלערישער קראַפֿט פֿון אַ קונסט־ווערק: „אָט איז פֿאַר אײַך אַ גרויסער קונסט־קריטיקער. ער לאָזט אַרויס פֿון זײַן אַנטענע בעהאַדראָגעדיק די גאַנצע צײַט שטראָמען פֿון הויכן וואָלטאַזש, וואָס קומען אין קאָנטאַקט מיט אַלץ, לאָמיר זאָגן, וואָס ס׳קומט פֿאָר אינעם קולטור־עפֿיר... דעם קריטיקערס פֿליוִידן קומען אין אַ גלענצנדן קאָנטאַקט מיט די פּאָזיטיווע קויכעס פֿונעם קינסטלערס ווערק. די שײַן פֿון זײַנע געשטאַלטן, די קראַפֿט פֿון זײַנע געפֿילן, די פּינקטלעכקײַט פֿון זײַנע פֿאָרמולן צינדן זיך אָן פֿונעם קאָנטאַקט מיט דער קריטיק מיט דער העלסטער שײַן... און באַנאַנד מיט דעם, — גיט צו לונאַטשאַרסקי, — באַמערקט איר פּוסטקײַטן, גרויע גריבער, נעבעכדיק, געמעלאָכעוועט פֿאַלשגאָלד"[3].

אָט פֿאַרוואָס ס׳איז אַזוי פֿאַראַנטוואָרטלעך די ראָל פֿונעם קריטיקער אין דער נײַער געזעלשאַפֿט, אָט פֿאַרוואָס ער דאַרף פֿאַרמאָגן אַ הויכע קולטור, גרויסע קענטענישן. „פֿאַרפֿלאַכונג, אומוויסן, — האָט געשריבן לונאַטשאַרסקי, — איז זייער שרעקלעך פֿאַרן נײַעם קלאַס, ווײַל דער נײַער קלאַס, וואָס האָט זיך נאָך ניט פֿאַנאַנדערגעקליבן אין דער אַלטער קולטור, קאָן דאָך גרינג אָפּגענאַרט ווערן: מע קאָן אים געבן אַ מײַכל פֿון פֿוילע פּראָדוקטן, און ער, אַ הונגעריקער, וועט עס אויפֿעסן. אויב

[1] „דער נײַער צושויער" («Новый зритель»), 1928 יאָר, נומ. 42 פֿאַרן 14 אָקטיאַבער, ז. 5.

[2] ק. טשוקאָווסקי. מענטשן און ביכער. 2־טע אויפֿלאַגע, מאָסקווע, 1960. ז. 575.

[3] א. וו. לונאַטשאַרסקי. אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור. מאָסקווע, 1957, ז. 123.

מע וועט אים זאָגן, אַז דאָס איז אַ רעוואָלוציאָנער מײַכל און נאָך דערלאַנגען עס אין אַ רויטער קיילע, וועט ער עס אויפֿעסן מיט אַ באַזונדער פֿאַרגעניגן; ער וועט אַ טראַכט טאָן, אַז אָט דאָס איז זײַן פּראָלעטאַרישע קולטור. דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, זייער אַ טרויעריקע דערשײַנונג, און קעגן איר, — ענדיקט לונאַטשאַרסקי, — דאַרף מען מיט אַלע מיטלען קעמפֿן"[1].

„זייער אָפּט, — האָט געשריבן לונאַטשאַרסקי, — ניט גענוג אַרײַנטראַכטנדיק זיך אין לענינס ווערטער וועגן דעם, אַז די ליטעראַטור דאַרף זײַן אַ פּאַרטייִשע, זאָגט מען, אַז די שרײַבער דאַרפֿן קלומערשט זײַן הויפּטזאַכלעך אילוסטראַטאָרן פֿון די פּאַרטייִשע לאָזונגען. ניין, דער שרײַבער איז ניט בלויז אַן אילוסטראַטאָר, און ער איז ניט דער מינערוועס סאָווע, וואָס, ווי העגעל זאָגט, פֿליט אַרויס צום סאָף טאָג. ניין, דער שרײַבער גייט אַרויס אויף דער סצענע ניט דאַן, ווען אַלע סאָציאַלע שטרײַטן זײַנען שוין געלייזט, און ניט בלויז צוליב דעם, ער זאָל זאָגן: איצט וועל איך אײַך אויסזינגען אַ ליד, וואָס וועט אײַך ענדגילטיק באַווײַזן, אַז די פֿראַגע איז ריכטיק געלייזט.

דער שרײַבער איז אַ פּיִאָנער, אַן עקספּערימענטאַטאָר, ער דאַרף גיין אין אַוואַנגאַרד פֿון אונדזער אַרמיי, אַרײַנדרינגען אין אַלע זײַטן פֿון פּראָלעטאַרישן לעבן און דערפֿאַרונג, סומירן זיי מיט זײַן באַזונדערן מעטאָד פֿון דענקען, געבן אונדז פֿולבלוטיקע, בוילעטע פֿאַראַלגעמיינערונגען וועגן די פּראָצעסן, וואָס קומען פֿאָר, וועגן דעם דיִאַלעקטישן קאַמף, וואָס ברויזט אינעם אַרומיקן זיגרײַכן לעבן, וועגן זײַנע אַנטוויקלונגס־טענדענצן"[2].

אייניקע לונאַטשאַרסקיס האַנאַכעס, וואָס זײַנען דאָ דערמאָנט געוואָרן, האָבן ביז הײַנט־צו־טאָג אײַנגעהיט זייער פּרינציפּיִעלן ווערט, ווי לונאַטשאַרסקיס שאַפֿונג אינגאַנצן גענומען. ווײַל מיט זײַן נאָמען איז פֿאַרבונדן דער וויכטיקסטער עטאַפּ אינעם שאַפֿן די מאַרקסיסטישע עסטעטיק און קונסט־קריטיק.

פֿאַר לונאַטשאַרסקין איז געווען „זעלבסטפֿאַרשטענדלעך", אַז אונדזער מעלוכע קאָן זיך ניט שטעלן קיין ציל „מיט גוואַלד אָנבינדן די קינסטלער רעוואָלוציאָנערע אידייען און געשמאַקן. פֿון אַזאַ געצוווּנגענעם אָנבינדן, — האָט ער געזאָגט, — קאָנען זיך באַקומען בלויז פֿאַלסיפֿיקאַטן פֿון רעוואָלוציאָנערער קונסט, אָבער די מיטלען פֿון אויפֿווירקן אויף די קינסטלער זײַנען אַנדערע: איבערצײַגונג, פֿאַראינטערעסירונג, דערציִונג פֿון די נײַע קינסטלער. אָט די מאָסמיטלען דאַרפֿן אָנגעווענדט ווערן אין דער אַרבעט פֿונעם רעוואָלוציאָנערן באַגײַסטערן די קונסט"[3].

לונאַטשאַרסקיס אָנדענק איז אונדז טײַער ניט בלויז ווי אַן אָנדענק פֿון יעדן עכט טאַלאַנטפֿולן מענטשן, נאָר אויך דערפֿאַר, ווײַל, דערמאָנענדיק לונאַטשאַרסקין, טראַכטן מיר פֿריִער פֿאַר אַלץ וועגן דעם וועג, לויט וועלכן עס דאַרפֿן זיך אַנטוויקלען די סאָוועטישע קולטור און קונסט, — דעם לענינישן וועג, לויט די לענינישע נאָרמעס און פּרינציפּן, וועלכע אונדזער ערשטער פֿאָלקסקאָמיסאַר פֿאַר בילדונג איז שטענדיק געבליבן טרײַ.

[1] א. וו. לונאַטשאַרסקי. אין דער וועלט פֿון מוזיק. מאָסקווע, 1957, ז. 190.

[2] א. וו. לונאַטשאַרסקי. די רוסישע ליטעראַטור. מאָסקווע, 1957, זז. 315—316.

[3] א. וו. לונאַטשאַרסקי. אַרטיקלען וועגן קונסט. מ.־ל. 1941, ז. 492.

הירש בעריאַזקין

# א מענטש צווישן מענטשן

(וועגן כאַים מאַלטינסקיס ליריק)

## 1

כאַים מאַלטינסקי אַלס דיכטער באַזיצט די ביז גאָר וויכטיקע און ווערטפולע אייגנשאַפט, וועלכע איז אָבליגאַטאָריש פאַר יעדן וואָרט־מײַסטער: אומיטלבאַרקײַט און אָרגאַנישקײַט.

וועלכע טעמע עס זאָל ניט אָנרעגן מאַלטינסקין, מיט וואָס פאַר א לעבנס־דערשײַנונג ער זאָל ניט קומען אין שעפּערישן באַריר, איז זי שטענדיק אין א גרעסערער אָדער קלענערער מאָס ענג פאַרבונדן מיט א רעאַלער פּערזענלעכער איבערלעבונג. מאַלטינסקי איז ניט קיין באַלן צו שאַפן סיטואַציעס אין צײַט און רוים, וועלכע זאָלן ניט טראָגן אַף זיך א בוילעטן סימען, א כאַראַקטעריסטישן מערק־צייכן פון זײַן אייגענער אינדיווידואַליטעט. אין זײַן ליד איז ליריק און איראָניע, ווייטעק און שמייכל, רעפלעקסיע און פּאַטאָס פאַראַן אַקוראַט אַזויפיל, וויפל דאָס איז איצט, אין געגעבענעם מאָמענט, פאַראַן באַם דיכטער גופא. דער מעהאַלעך צווישן דעם אויסגעבראַכטן געפיל און זײַן פּראָטאָטיפּ איז באַם דיכטער ניט גרויס, צומאָל אפילע צו קורץ.

דאָס אַלץ זײַנען אָבער ניט מער ווי בײַהויצאָעס פון אינערלעכער עכטקײַט, פון נאַטירלעכן גאַנג, וואָס לייקנט אַלדאָס ריטאָרישע און פּרעטענציִעזע. אין מאַלטינסקיס נײַע לידער פילן זיך די דערפאָלגרײַכע באַמיִונגען צו גויווער זײַן די באַגרענעצטקײַט, ווערן מאַמאַשעסדיקער און פּאַרטיפּטער.

עס פאַרשטייט זיך, אַז באַ דער פּאָעטישער אײַנשטעלונג, באַ וועלכער עס האַלט זיך מאַלטינסקי, באַ אַזאַ פּערזאָניפיצירונג פון דיכטער און מענטש אין דער ליריק באַקומט אַן אויסשליסלעכע באַדײַטונג די פּראָבלעם פונעם דיכטערס פאַרפולקומונג און זעלבסטדערציִונג. אויב דער דיכטער איז רײַך אין געפיל און געדאַנק, אויב ער איז פרײַ פון אַלץ, וואָס דערנידעריקט און פאַרפלעקט דעם מענטשן־באַרוף, ער ווײַזט אַרויס גענוג פאַרשטאַנד פאַר דעם, ווי עס לעבן, טרוימען, פרייען זיך און לײַדן א נ ד ע ר ע, — דאַן וועט זײַן ליד, באַ דער גאַנצער איבערגעלאָדנקײַט מיט „פּריוואַטן“ אינהאַלט און שטאָף, געוויס קריגן די געגאַרטע פאַראַלגעמיינערונגס־קראַפט, דעם ברייטן טיקן פון א ליד פ א ר א ל ע מ ע ן.

מאַלטינסקיס שעפערישער וועג, וואָס ציילט שוין קימאַט פערציק יאָר, איז פאַקטיש א קעסיידערדיקער פּראָצעס פון וואַקסן און רײַף ווערן אַלס מענטש, אַלס בירגער, אַלס דיכטער.

## 2

איך געדענק ביז איצט: מאַלטינסקי האָט נאָך ניט פאַרנומען קיין אָרט אין דער ליטעראַטור, פאַר די לייענער איז זײַן נאָמען נאָך ניט געווען באַקאַנט, נאָר יאַטן און מיידלעך פון מינסקער ייִדפּעדטעכניקום פלעגן באַ א באַגעגעניש לייענען א האַלב־פאָלקלאָריזירטע, פול מיט כיין, מיט דיכטערישער ניט־דערזאָגטקײַט, א ווילינגערישע דיאַלאָג־ליד: „הער זיך אײַנעט, הער זיך אײַנעט. נו, איך הער שוין. נו, איך הער שוין...“

אין א פּאָר יאָר אַרום האָט מאַלטינסקי אַרויסגעגעבן אין קיִעוו זײַן ערשט ביכל — „ווי דאָס לעבן טײַער“ (1931), וואָס האָט באַ דעם זעלבן יונגן לייענער, לעמײַ זאָלן מיר ליגן זאָגן, ניט שטאַרק אויסגענומען. מינאַסטאַם צוליב דעם, וואָס די לידער זײַנען געווען א היפּשער מישמאַש פון אייגנס און געבאָרגטס, פון עמעס און אָנשטעל, פון פרישער בילדערישקײַט און אויסגעכאָלעמטע „פּוסטע רוימען“, הימלס „טונקעלן בלויען געזיכט“.

יאָ, דאָס איז געווען א ביכל פון אַן אָנפאַנגער, נאָר אין אים האָט שוין געריזלט א קוועלכל ריינקײַט, געמישט מיט סקעפּסיס און פאַרצווייפלונג.

ווען איז דאָס געווען? מיט א דרײַ צענדליק יאָר צוריק. איבער די מינסקער גאַסן האָט זיך אַרומגעטראָגן א קליינוואוקסיקער צעפּאַטלטער יונג, און זײַן געלעכטער האָט געקנאַלט, ווי א האַרמאַט פון מיטעלן קאַליבער.

מאַלטינסקיס לידער פון יענער צײַט זײַנען ענג פאַרבונדן מיטן פּאַטאָס פון דעם נײַעם סאָוועטישן לעבן און פון דער נאָך ניט־אָפּגעפּרעגטער נאַיִוויטעט און אינטימקײַט פון פאָלקס־מעלאָדיע:

כ׳זע שוין, מאמע, ווי דו קוועלסט,
ווען דו האַלטסט מײַן בריוול.
ס׳טראָגט דײַן זון שוין א שינעל
און געזונטע שטיוול.

ס׳איז דײַן זון דאָס טראָגן ווערט!
מעגסט מיט אים שטאָלצירן.
ער וועט פאָרן אַף א פערד
צווישן קאָמאַנדירן.

די גרויסע, גרינטלעכע פאַרענדערונג פון דער וועלט האָט זיך אָרגאַניש געבונדן מיט דעם הערלעכסטן און דעם שענסטן אין דער פאָלקס־נעשאָמע. אָט די נאַטירלעכע געבונדנקײַט, וועמעס בעסטע אויסדריקער אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג זײַנען געווען כאַריק, פעפער, קוויטקאָ, האָט אַף זײַן אויפן אָפּגעשפּיגלט אויך כאַים מאַלטינסקי. דאָס האָט מען געפילט סײַ אין זײַנע לידער וועגן דער רויטער אַרמיי, וועגן פעלקער־פרײַנטשאַפט, וועגן פּאַרטיי און קאָמיוג, סײַ אין די לידער אַף געזעלשאַפטלעך־„נייטראַלע“ טעמעס, וועגן שטייגער און טראַדיציע. אָט, לעמאָשל, איז זײַנע א ליד וועגן א ליבעבאַגעגעניש, א ליד, וואָס איז דורכויס פאָלקסטימלעך אין יעדער קער פון איר שטימונג, אין יעטווידן קלאַנג און וואָרט:

אין א טאָג א ליכטיקן,
אין א טאָג א העלן
האָב איך זי באַגעגנט,
איז זי מיר געפעלן!

איז זי מיר געפעלן,
בין איך איר געפעלן,
וועלן מיר דאָך ביידע איצט
קיין כּופּע שוין ניט שטעלן...

עס וואָלט געווען, פאַרשטייט זיך, ניט ריכטיק, ווען מיר זאָלן פון אונדזער הײַנטיקן שטאַנדפּונקט פּרוּוון כּוישעד זײַן מאַלטינסקין פון יענער צײַט אין וועלן פאַרבעסערן, צופּוצן די ווירקלעכקײַט. ניין, מיר האָבן דעמלט טאַקע אַזוי געפילט. אַזאַ איז טאַקע געווען דעמלט די לופט, מיט וועלכער מיר האָבן געאָטעמט, — די לופט פון א נײַער, גערעכטער מענטשלעכער וועלט.

דער כיסאָרן פונעם דעמלטיקן מאַלטינסקין איז — די איבנופּיקײַט, די געוויסע גערדאַנקלאָזיקײַט, דער מאַנגל אין א פאַרטיפטער וועלט־אָנשוי‍ונג.

ווען מאַלטינסקי האָט געשריבן אין איינער א ליד (איך ציטיר די לידער־זאַמלונג „אָן א שאָטן“, מינסק, 1936): „אַלע זוניקע שפּיזן כ׳דערשלינג מיטן ווינט, מיטן פרישן, געשמאַקן“, אין א צווייטער: „קומען אונדז מענטשן אַנט־קעגן צו גיין, האָבן זיי אַלע דעם זיבעטן כיין“ און אין א דריטער: „מיר האָבן די זון־שײַן, ווי סטענגעס, גע־צויגן, גלײַך אין די גלידער, גלײַך אין די אויגן“, — האָט מען דאָס אַלץ געקאָנט אויפנעמען (און טאַקע אויפגע־נומען) אַלס אויסדרוק פון לעבנס־באַשטעטיקונג, פון אויפריכטיקער, געזונטער שטעלונג צו א נײַ־געבוירענער וועלט. נאָר אָט לייענען מיר נאָך א ליד פון דעם זעלבן נוסעך, און א פּינפּטע, א זעקסטע — אומעטום דאָס איי־גענע: בלומען, קווייטן, שטראַלן, געזאַנג, ווערט אונדז מיטאַמאָל ניט פרייַלעך, פּאַשעט אומעטיק אַפן האַרצן, גלײַך ווי מע וואָלט אונדז מעכאַבעד געווען אַפילע ניט מיט צוקער, נאָר מיט צוקער־עסענץ, וואָס האָט, ווי באַ־וווּסט, א ביטערן טאַם.

און נאָך. זײַענדיק בעעמעס גוט און פרײַנטלעך אויפ־געלייגט צו וועלט און מענטשן ביכלאַל, האָט נאָך מאַל־טינסקי צו יענער צײַט ניט דערגרייכט אין זײַן מאָראַ־לישער אויסבילדונג אַזאַ מאַדרייגע, ווען אַן אינערלעך מענטשלעך קאָל באַפוילט און צווינגט דיך צו זײַן אויפ־מערקזאַם און פולשטענדיק ערלעך סײַ בענוגייע זיך אַליין, סײַ בענוגייע אַנדערע. אין דער האַפּערדיקײַט פונעם דיכטער, אין זײַן באַוווּסטזיניקער טענדענץ צו אויסמײַדן „שאָטן“ האָט זיך אויסבאַהאַלטן א גלײַכ־גילט, הינטער זײַן שמייכל — א טרוקנקײַט. און נאָר דאָס קלײנע, אָבער גלענצנדיקע הײַפעלע לידער וועגן ווײַב און קינד, די לידער וועגן דער רויטער אַרמיי, וועגן „דעם מיידל, וואָס איז אַלט זיבעצן יאָר“, וועגן טרײַשאַפט צו א זוניקער, א ווילער ערד, — נאָר אָט דאָס איז געווען דער אָנזאָג אַף ווײַטערדיקער אַנטוויק־לונג און וווּקס. און טאַקע אין דער נײַטיקער ריכטונג, וואָס פירט צו סינטעז פון סאָציאַלן און עטישן, פון יאָכיד און קלאָל, פון צאַפּלדיקע טאָג־פּראַגן מיט אײביקע מענטשלעכע ווערטן.

3

לידער וועגן ווײַב און קינד... אָט איז איינע פון זיי — שפּילעוודיקײַט, צאַרטקײַט און פּאַשטעס, וואָס יעדער דיכטער מעג זיך ווינטשן:

פריי זיך, זונעלע, צוויטשע, פּײַף!
נעם איך דיך אַרומעט שטײַף,
וואַרף מיט פיסלעך, בריקע זיך,
מיט די הענטלעך דראַפּע מיך...

פאַר די שיינע שוועסטערלעך,
פאַר די קליינע ברידערלעך
זינגט דײַן טאַטע לידעלעך,
און די לידעלעך לעזט מען פיל —
צוויטשע, זונעלע, פריי זיך, שפּיל,
ווי די פייגעלעך באַגינען.

וועל איך קויפן אַפּעלסינען,
אַפּעלסינען זיסינקע,
שפּיל זיך נאָך א ביסינקע...

און ווער האָט זיך דעמלט, אינעם כּיִעסדיק־שיינעם זומער, ווען עס זײַנען געזונגען געוואָרן די דאָזיקע שו־רעס, געקאָנט ריכטן, אַז עס וועט דורכגיין גאָר ניט קיין סאַך צײַט און דאָס קינד וועלן באַפאַלן, פּאַרטיליקן פינצ־טערע ברוּיִם מיט אַן „אידיי“. די ליד, וואָס האָט אַרויס־געשטראַלט אַזויפיל וואַרעמקײַט, אַזויפיל זון, וועט זיך אָפּרופן מיט א גרויליק־טראַגישן ווידערקאָל פון א דער־מאָנונג: „עך, דולער קאָפּ, האָסט זיך אַזש אָנגעשפּאַרט צו דײַן פאַרמילכאָמעדיקער דירע, ווּ יעדן אָוונט האָט אַף דיר געוואַרט דײַן זון, דאָס צוויטשערל...“

ס׳איז אַבסאָליוט, ניט ריכטיק צו באַהויפּטן, ווי עס טוט, אַשטייגער, י. סערעבריאַני אין זײַן אינטערעסאַנטן אַרטיקל וועגן מאַלטינסקין („פאָלקס־שטימע“, 1961, נומ. 48), אַז באַם דיכטער ווערט דאָס „טראַגיש־פּערזענלעכע... באַזיגט דורכן מעכטיקן קויעך פונעם קלאַל“. ניין, עס ווערט ניט באַזיגט. און עס דאַרף ניט באַזיגט ווערן — דער „קויעך פונעם קלאַל“ נייטיקט זיך בעשום־אויפן ניט אין אַזעלכע „ניצכוינעס“. און אויב עס איז פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס האַרגעט אַוועק פּאָעזיע, איז עס קוידעמקאָל שטרעבונג צו גלײַכגעוויכט, צו מינערן די שאַרפקײַט פונעם „טראַגיש־פּערזענלעכן“.

אין מאַלטינסקיס לידער פון מילכאָמע און וועגן מיל־כאָמע ווערט די שאַרפקײַט פונעם „טראַגיש־פּערזענלעכן“ אַף קיין האָר ניט געמינערט. דאָס פּײַנפולע, דאָס דראַ־מאַטישע קרעפּטיקט און נערט דעם דיכטערס אַקשאָנעס און ווילן אין שלאַכט, זײַן העלדנמוט אַלס זעלנער: „ווען ס׳נעמען מיך מאַכשאָוועס עגבערן, זיך קנוילן, דאַן האָב איך ליב אַרײַנצופּרעסן אין אָבאַימע קוילן און פון טראַנשיי אין סוינעס זײַט אַרויסלאָזן זיי...“ אַזוי ווערט ווייטעק איבערגעשמאָלצן אין האַס און נעקאָמע — אין טאַט...

די ייִדישע סאָוועטישע דיכטונג ווייסט פון א ראָמאַנ־טיש־דערהויבענער שוואַרצמאַן־טראַדיציע באַם שילדערן אויפשטאַנד און קריג. שוואַרצמאַנס האַשפּאָע לאָזט זיך מערקן אין דער שאַפונג פון דיכטער — אַקטיווע אָנ־טײלנעמער פון דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע, אָבער אין גרונט איז זייער צוגאַנג צו מילכאָמע־טעמע אַן אַנ־דערער — א שטרענג־ראַעליסטישער.

דאָס מערקווירדיקסטע אין מאַלטינסקיס מילכאָמע־לידער איז זײַן נעטיע צו ווײַזן לעבעדיקע דעטאַלן, פּראַטים, שטייגער פון קריג. אַז מאַלטינסקי דערציילט וועגן אַ פײַנטלעכן פײַער־אָנגריף („איז גראָד אַזאַ גלאַטקייט אַרום, כאָטש פאַרקריך אונטער אייגענעם שאָטן"), לאָזן איבער די שורעס אַ טיפן אײַנדרוק, ווײַל אין זיי איז אופגעהיט די אָנגעגליטקייט, דער אָטעם פון איבערגעלעבטן. אין אַ צווייטער ליד שרײַבט מאַלטינסקי, אַז דאָס ברויט אין שוצגראָבן בעשאַס אַ פראָסט איז „האַרט, ווי אַ גראַנאַטע", און ווידער פילן מיר: אַזוינס וואָלט קיינמאָל ניט קומען אין זינען דעם, וואָס האָט ניט פאַרזוכט דאָס פאַרפרוירענע סאָלדאַטסקע ברויט. און אָט איז נאָך אַ ליד — „סאָף צוויי־און־פערציקסטער יאָר" — וועגן דעם, ווי „אין רוסישע סטעפּעס פאַרשנייטע בא סטאַלינגראַד" שלעפן סאָלדאַטן שליטלעך, געלאָדענע מיט געווער:

ס׳איז שווער, אוי, ווי ס׳איז שווער.
ווי די פערד אין האָלאָבליעס מיר פאַלן.
מיט אַ רוסישער בראָכע,
אַזוי ווי מיט בײַטשן,
די פראָסטיקע לופט מיר צעקנאַלן.
אין שליטלעך געשפאַנט אַן עפּאָכע!
אָף נעשאָמע איז קרירעדיק־קאַלט,
מיר הייבן אַליין זיך שוין אופּעט מיט גוואַלד
און שטופּן, און שלעפּן, און ציִען
מיט פאַרכאַלעשטע הענט
און מיט אויגן, וואָס גליִען...

ס׳איז שווער צו זאָגן מעווינעס אָף לידער, וווּ יעטווידע שורע איז בלוטיקע וואָר. נאָך שווערער איז אַזוינע לידער צו „קריטיקירן". נאָר טאַקע דער עמעס פאַרפליכטעט, אַז, אָפּשאַצנדיק מאַלטינסקיס לידער וועגן מילכאָמע, אָפּמערקנדיק די בעפיירעשע מײַלעס זייערע, זאָל מען ניט פאַרבײַגיין זייערע בלויזן: צעצויגנקײַט, טענדענץ צו פראָזאַאַרטיקער דערציילערישקײַט, אָפּטמאָל אײַנרײַס צווישן סטיל און טעמע.

ווו, אין וועלכע פאַלן ווערט מאַלטינסקי אַמווייניקסטן געשטרויכלט פון איבעריקער לאָקאַלער באַשרײַבערײַ? דאָרט, וווּ דאָס אויסערלעכע, דאָס אָביעקטיווע איז געשטעלט צו דינסט דעם כ א ר א ק ט ע ר, ווען די ליד אַנטהאַלט אין זיך פסיכאָלאָגישע האַנדלונג. צום בײַשפּיל, „געזעגענונג" — וועגן אַ שטורעם־אָנגריף אָף די פּאָזיציעס פונעם סוינע און וועגן אַ יונגן סאָלדאַט, וואָס איז מיט אַ צעלעכערטן שלייף געפאַלן אין שניי:

מיר האָבן זיך מיט אים באַגעגנט בליק צו בליק,
נאָר כ׳האָב זײַן טויטן קוק ניט אויסגעהאַלטן.
— פאָרויס! — שרײַט דער קאָמבאַט. —
אין דאָרף אַרײַן מיט גליק.
איך גיב מײַן קאָפּ אַ קער אויס אָף צוריק
זיך זעגענען מיט דעם, וואָס בלײַבט אין
שניי אין קאַלטן.

ס׳איז אַ דערשיטערנדיקע דעטאַל — אָט דער קאָפּ, וואָס איז אין ברען פון אַטאַקע אויסגעקערעוועט אָף אַהינטער, צום רויטלעכן שניי, אָט דער טרויעריקער בליק פון אַ שלאַכטמאַן, וואָס זעגנט זיך שטילערהייט מיט זײַן אומגעקומענעם כאַווער...

די אָנוועזנהײַט פון אַ געזעלשאַפטלעך און נאַציאָנאַל באַדינגטן כאַראַקטער, וואָס איז גלײַכצײַטיק אויסגעשפּראָכן אינדיווידועל און אייגנאַרטיק, ווירקט אַמשטאַרקסטן אין כאַים מאַלטינסקיס בעסטע לידער וועגן מילכאָמע.

ס׳איז איינער און דער זעלבער כאַראַקטער סײַ דאָרט, ווו ער לאָדט אויס מיט אַן אַבאָימע קוילן זײַן צאַר און זײַן ייִעש און איז איבערן האַלדז אין סינע, אין פלאַם, אין טויט; סײַ דאָרט, ווו ער טרעפט זיך פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט אַ געפאַנגענעם דײַטש און איז אַליין די מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע ווירדע, די באַרעמהאַרציקײַט, וואָס קומט אים אָן, פאַרשטייט זיך, שווער:

אַז ס׳האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט,
אַז כ׳האָב מיט מײַנע הענט אין שלאַכט
געפּאַקט אַ לעבעדיקן דײַטש אין ברילן,
האָב איך מיט טרערן אין די אויגן
געלאָזט מײַן סינע שטילן...
און דורכגעזיפּט כ׳האָב דורך די ציינער:
— זאָל ער בא אונדז שלעפּן שטיינער!
און בין אַוועק פאָרויס מיט מײַנע וווזוואָדן,
מיט פרייד און סינע אָנגעלאָדן.

און אָט איז נאָך אַ ליד, און זי איז אויך ניט ווייניק כאַראַקטעריסטיש פאַר מאַלטינסקין, פאַר זײַן קענען צונויפפּאָרן און באַהעפטן אַ צילבאַוווסטן, אַ וויכטיקן ערנסט מיט אַ פריילעכער, אַ לײַכטער „זעלבסטקריטיק", וואָס ראַטעוועט, אַכוץ אַלעמען, דעם דיכטער פון אָנגעצויגנקײַט און דידאַקטיק. די ליד האָט אַ מאָטאָ פון שאָלעם אַשן: „מוירע פאַר אַ הונט האָט עס, נאָר אין פײַער קריכט עס". און די פּאָרזעצונג בא מאַלטינסקין:

די ווערטער קלינגען מיר איצט
פרישער, נײַער —
איך האָב דאָך טאַקע מוירע פאַר אַ הונט
און בין געקראָכן דאָך אין פײַער.
און כאָטש פאַרהיילט איז שוין מײַן וווּנד,
נאָר כ׳פיל נאָך אַלץ פון טויט דעם טאַם,
פון זײַן אין גרויסן פלאַם:
דאָס האַרץ פאַרלויפט מיט בלוט
און נאָגנדיק נעמט קלעמען.
איך קריך אַזש פון דער הויט זיך שלאָגן גוט,
מײַן פאָלק ניט צו פאַרשעמען.

זעט, ווי ס׳האָבן זיך דאָ איבערגעפלאָכטן גוטמוטיקער שפּאַס און שטרענג־געצוימטע פּאַטעטיק פון ווען זיך אײַנהאַלטן אָף דער הייך פונעם פאָלקס העראָיִזם. די דאָזיקע איבערגעפלאָכטנקײַט פון פּאַטאָס און שמייכל איז בא מאַלטינסקין ניט קיין פאָרמעלע שרײַב־מאַניר, ניט קיין שטריך פון דיכטערישער „טעכנאָלאָגיע", נאָר פריִער פאַר אַלץ אַן אויסדרוק פון אַן אינערלעך אָנגעזאַמלטער דערפאַרונג, איר שטים, איר רייד־נוסעך, — קורץ, אַן אייגנטימלעכקײַט פונעם דיכטערס נאַטור. און די פאָרם, וואָס ווערט דערבײַ געברויכט, אָט דער מאָשלאַרטיקער פרײַער פערז, באַרײַכערט און טראַנספאָרמירט דורך אַ פײַערלעכער, ווי אַ שוווּע, פּאַטעטישער נאָטע, איז אויך מאַלטינסקי, זײַן אייגנאַרט, דער „קסאַוו" פון זײַן לעבן־דערקענטעניש.

מאַלטינסקי איז ניט קיין „נישטיקער שרײַער", ניט קיין „גרילצנדיקער גראַגער" (ווי עזראָ פיניִנבערג וואָלט געזאָגט) אויך דאַן, ווען ער איז בלויז פּובליציסטיש, בלויז באַשעפּטיקט מיט „הוילער" פּאָליטישער טעמע. די דאָזיקע טעמע קומט אַרויף בא אים אין אַרומרינגלונג פון פּריוואַטע פאַקטן און רעגונגען, ווי, אַשטייגער, אין „דער ליד וועגן דער רויטער פאָן":

איך דארף ניט, ליבער פרײַנט, קיין קאמערטאָן
און קיין שום טנועס כ׳דארף דערבײַ ניט מאכן,
ווען כ׳זינג די ליד, וואָס קלינגט אף אלע שפראכן,
די ליד וועגן דער רויטער פאָן.

און ווען אין שלאכט פאר אונדזער ערד
האָט פון מײַן וווּנד דאָס הייסע בלוט
גענומען שלאָגן,
און ווען מע האָט מיך אף די הענט געטראָגן,
האָב איך דאָס רוישן פון דער רויטער פאָן
געהערט.

צי ניט פון דער אַלטער, אָפט נאָמענלאָזער, ייִדישער ארבעטער־ליד ציט זיך דאָס ייִכעס־פעדעמל אזש צו מאלטינסקין און אנדערע אונדזערע דיכטער, וועלכע האָבן „אין ווירבלדיקן פלאם, אין טויט־געוויטער" פונעם לעצטן קריג, בעשאס דער שוידערלעכער נאציאָנאלער טראגעדיע פון ייִדישן פאָלק, פארהיט אן אויסערסט שטארק יערושע־געפיל לעגאבע דער הייליק־ריינער פראָלעטאריש־אינטערנאציאָנאלער טראדיציע?..

די מערהײַט מאלטינסקיס לידער וועגן מילכאָמע איז געשאפן געוואָרן אין די ערשטע יאָרן פון פרידן. רעטראָספעקציע און דערמאָנונג („אזויפיל פרײַנט האָב איך אין שלאכט פארלאָרן, אזויפיל אויסגעגאנגען שטיל אף מײַנע הענט") גייען דאָ האנט־בא־האנט מיט נײַע זעונגען פון א לעבן, וואָס ווערט אפדאָסנײַ געבויט און געפורעמט אף אש און רויִנען: „אין ליכטיקער נאכט גייט א פאָרל פארבײַ". א מוטער באָדט איר אייפעלע. דאָרט, ווּ ס׳האָט זיך געשפּילט דער זון, דער יוירעש, שפילן זיך אנדערע קינדער. און כאָטש די וווּנד האָט זיך נאָך ניט פארהיילט, כאָטש דאָס הארץ איז נאָך פארכלינעט פון ווייטעק, נאָר א לויטער־העל געפיל פון צוטרוי און ליבע צו נײַ־לעבן, צו יונג־לעבן פארפילט שוין דאָס הארץ פונעם דיכטער, פונעם צעקאליעטשעטן שלאכטמאן. און אז ער וויל, אז ער נעמט זיך אָן מיט קויעך, — זעט ער זיך אָן א ביסל פון דער זײַט, אָפּגעפרעמדט און עטוואָס איראָניש, — אן אָרעמער בושעל מיט מיליצעס אָנשטאָט פליגל...

4

אין אלץ, וואָס כאַיִם מאלטינסקי האָט אָנגעשריבן די לעצטע יאָרן, איז דאָס וויכטיקסטע, דאָס צענטראלסטע — דער שעמעוודיקער נײַגער און צוטרוי צום לעבן, טיפער אָפּשײַ צו דעם, גרייטקײַט צו מאקריוו זײַן זיך פאר דעם.

מאלטינסקי איז ניט קיין פילאָסאָף, און דער ראציאָ־עלעמענט לאָזט זיך בא אים ניט אויסשיילן, ווי דאָס יאָדערל פון א נוס. ער איז ניט קיין מוסערזאָגער, ניט קיין מאָראליסט, וואָס קליידט זײַנע פאָרשטעלונגען און געדאנקען אין מאלבושים פון סימבאָל און אלעגאָריע. ער איז אויך ניט קיין ספּעציפיש פּאָליטישער דיכטער.

מאלטינסקי איז א ל י ר י ק ע ר. אף דער אומענדלעכקײַט פונעם לעבן רעאגירט ער מיט דער אומיטלבארקײַט פון זײַנע מענטשלעכע כושים, מיט זײַן אינערלעכער געפילן־ און געדאנקען־וועלט. נאָר אף וויפל די דאָזיקע וועלט איז פרײַ פון קליינלעכן עגאָיִזם, זי איז אָנגעשלאָסן צו אלעמענס וועלט, צו דער הײַנטצײַטיקײַט, צום ניט לאנג פארגאנגענעם נעכטן, איז זי שוין סובסטאנציאָנעל אין פילאָסאָפישן זין פון וואָרט און מ אָ ר א ל י ש. ניט געקוקט אף זייער „פריוואטן" אינהאלט, באפרידיקן

מאלטינסקיס בעסטע לידער אונדזער באדערפעניש אין א גרויסן מענטשלעכן צוזאמענלעבן, אונדזער שטרעבן צו אים. זיי באפרידיקן אונדז אויך פּ אָ ל י ט י ש. דער דיכטער איז טרײַ דעם זײַן, ער ווייסט די עמעסע פרײַז פון פרייד און גליק. ער האָט פארהיט אין זיקאָרן אָשווענטשים, באבי־יאר און היראָשימא. דעריבער איז ער שטענדיק וואכזאם בענעגייע די פּלענער פון נײַע פארברעכער, פון נײַע מילכאָמע־אוואנטוריסטן.

זאָל עס ניט אויסזען גוזמעדיק, נאָר כ׳מיין, כאַיִם מאלטינסקי וואָלט הײַנט מיט פולן רעכט געקאָנט איבערכאזערן די ווערטער פון אָשער שווארצמאנען, געווענדט צו „ערגעץ ווײַטן ברודער": „איך האָב באהעפט זיך צו דײַן לייד, איך בין דער שוטעף פון דײַן פרייד". דאָס באלערעוודיקסטע בא מאלטינסקין הײַנט איז אָט דאָס אכרײַעספולע וויסן, אז דאָ, בא דײַן אקסל, גאנץ דערנעבן, אין נאָענטסטער קרויווּעשאפט, איז דאָ נאָך א מענטש, נאָך א וועלט, וואָס אָן איר ביסטו אליין באאוולט, ניט גאנץ, ניט אויסגעדריקט אין דער פולער מאָס.

„בלויז נאָר איין טראָפּעלע, וואָלט פול געווען מײַן וועלט", — שרײַבט אין איינער זײַנער א ליד מאלטינסקי, און גיט צו: „אן איין־און־איינציק שטריכעלע — דער בליאסק פון גאָלדן צויבער־שיכעלע, וואָס ס׳האָט די ליבע זאָלושקע פארלאָרן..." און ס׳מאכט לאכלוטן ניט אויס, ס׳איז אפילע גוט, וואָס מאלטינסקי זעצט פאָר דאָס, וואָס איז אים אמנאָענסטן, פון קינד און װײַב, — ס׳האָבן זיך, דוכט מיר, שוין לאנג געפעלט די צײַטן, ווען מע פלעגט כויזעק מאכן פון „שטוביקער געמיטלעכקײַט", געשטעמפּלט עס אלס „קליינבירגערלעכן אינדיווידואליזם". מיר האָבן אלע געהאט די טרויעריקע מעגלעכקײַט זיך איבערצײַגן, אז פון די גיפטיקע קוילן, וואָס צילן אין די אידעאלן פון אונדזער לעבן, קומען אום אונדזערע קינדער און מאמעס...

מאלטינסקיס לידער וועגן די נאָענטסטע פארמאָגן איך זיך אי פראָסטע, ניט געקינצלטע מילדקײַט און ווארעמקײַט („כ׳פאל ארײַן אין כיין־גריבעלעך דײַנע"), אי שארפע דראמאטיק (אין די קנייטשן אף דעם געזיכט פון דער פרוי זעט ער „פײַן און גרויל"), אי זיי זײַנען באהויכט מיט דער אטמאָספער פון א פריידיקן און גאָר ניט קיין לײַכטן אָנהייב־לעבן, אָנהייב־וועלט, ווען דאָס וואָגיקסטע, דאָס ערשטע וואָרט געהערט דעם בלויזן עצעם, דעם סאמע יעסאָד:

די באלקנס זײַנען נאָך,
ווי כוואָיע, פריש,
נאָך שטארצט פון ווענט
די פאקליע און די שטרוי.
אבי אינמיטן שטוב
איז שוין א טיש
און לעבן אויוון
שטייט צעפלאמט א פרוי.

און נאָך בעסער, נאָך דורכדרינגלעכער און שטארקער איז א צווייטע ליד, ווּ דער מענטשלעכער צוזאמענהאנג פון „אים" און „איר" איז אפן נאטירלעכסטן אויפן, דורך אן איין־איינציקן זשעסט, צניִעסדיק, שפּאָרזאם און דין אײַנגעגלידערט אין אומופהערלעכן און ענדלאָזן לעבן־ און נאטור־פארקער, אין דער סאמע באוועגונג פון פארגאנגענהײַט צו צוקונפט:

ווען ס׳האָבן נאָכן קריג
די ווונדן מײַנע זיך פארהיילט,

כ'האָב ניט געשווירן דיר,
אז כ'וועל דיך אייביק ליבן, —
און עפּל כ'האָב אף העלפטן צוויי
צעטיילט
און אין דײַן העלפט זײַנען די קערנדלעך
געבליבן...

דער דיכטער שפּירט די דאָזיקע באַוועגונג, די דאָזיקע אומויסשעפּלעכע שאַפונגס־קראַפט אין מענטשן־וועלט און אין נאַטור, ער וויל איר מיטהעלפן, ווי, לעמאָשל, אין יענער ליד, וווּ ער דערציילט, ווי ס'האָט זיך פאַרוואָלט אונטערשטעלן אן אקסל דער יונגיטשקער יאָדלע, וואָס איז נאָך ניט בעקויעך אין אָנהייב מארט אראָפּוואַרפן פון זיך „גוואַלדיקע שטיקער" שניי. ניין, ס'איז ניט קיין מאָשל־ליד מיט א דידאַקטישן מוסער־האַסקל; ס'איז לעבעדיקער וואַלד און פרילינג, ס'איז ציטעריקער מענטשן־געפיל, וואָס יוירט און פליצט אריבער די אייגענע דאַלעד־אַמעס.

ביכלאַל דאַרף מען זאָגן, אז מאַלטינסקין גיבן זיך אײַן זײַנע פרילינג־געמעלן: די ערד, וואָס איז, ווי א דייזשע, „ווען ס'גייט אוף דאָס טייג", דאָס פרייד־געשריי, דאָס געהילך פון קראָען, וואָס קײַקלט זיך מיט אומרו און לײַדנשאַפט אזש ביזן בלויען הימל, דעם וואַלדס געדולדיק וואַרטן אף זון, אף וואַרעמקײַט, ביז אין אים אליין, אין זײַנע וואָרצלען און שטאַמען, קומט פאָר א טיף פאַרבאָרגענע אַרבעט פון אַלע ערדישע זאַפטן.

דער דיכטער פאַרשטייט די געשאָמע פון דער נאַטור, ווײַל ביידע — אי ער, אי זי — זײַנען פאַרטאָן אין האָרעוואַניע:

און זײַן ביזן סאָף, ווי א בין, וויל איך מיזאַם
(איר אַרט ניט, וואָס ס'ברענען די פליגעלעך אויס),
אבי נאָר דער קוואַל זאָל אומופהערלעך ריזלען
און שלאָגן דאָס בלוט
זאָל א שטויס נאָך א שטויס.

מאַלטינסקי איז פילבאַר צו בונטער פילפאַרביקײַט פון נאַטור, צו רײַכקײַט און איבערפלוס פון שאַטירונגען און ניואַנסן, ער איז אן אנטשיידענער קעגנער פון טיילן די וועלט אף אויבערפלעכלעך־סכעמאַטישע שוואַרץ און ווײַס:

ס'איז שוואַרץ און ווײַס — פאַרשיידן, טאָג צי נאַכט,
נאָר ביידע צו פאַרטיליקונג זיי שטרעבן.
ווײַס, ווי דער טויט, סײַ פאַר, סײַ נאָך דער שלאַכט
און שוואַרץ איז דאָך אוואַדע ניט דאָס לעבן.

אן אויסגעצייכנטע, קורץ געפאַסטע ליריש־פילאָסאָפישע מיניאַטיור!

דער דיכטער, וואָס האָט אנומלטן אָנגערופן זײַן לידערזאַמלונג „אָן א שאָטן" און איז מיסטאָמע געווען איבערצײַגט, אז גראָד די דאָזיקע „שאָטנלאָזיקײַט" איז דער בעסטער באַווײַז פון זײַן פאַרליבטקײַט אין לעבן, פון זײַן אָפּטימיזם, איז הײַנט אָן אן ערעך אָפּטימיסטישער, ווען ער שרײַבט אזוינע שורעס: „סײַ אין פריידן, סײַ אין פּײַן — שײַן און שאָטן, שאָטן — שײַן". און סטאַרעט זיך, אז אין יעטווידער שורע, וועגן וואָס זי זאָל ניט דערציילן, — וועגן צײַטמעסיקן אָדער אייביקן, — זאָל פּולסירן פאַרשטאַנד פאַר אַלגעמיינער פאַרבונדנקײַט פון פּראָסטע מענטשן, פאַר זייער מעסירעסנעפעשדיקן ווידערשטאַנד צו פינצטערקײַט, צו קריג און פאַשיזם, ווײַל „נאָר אין גרוב האָט טויט פאַרבאָטן סײַ די שײַן און סײַ דעם שאָטן".

מענטשלעכע סאָלידאַריטעט, וואָס אין גרונט אירן ליגט דער געפּרוווטער אין קאַמף לעניניש־הומאַניסטישער פּרינציפּ, איז דער הויפּט־מאָטיוו און די הויפּט־אידיי באַם הײַנטיקן מאַלטינסקין.

אָט איז א שורע פון מאַלטינסקיס א ליד, וואָס קלינגט ווי אן אַפּאָריזם: „אן עפּל ווען איך ווער א צײַטיקער, מיט פרייד צו מענטשנס פּיס א קײַקל טאָן וואָלט איך זיך געוואָלט". און א צווייטע — געצילט קעגן באַלאָגים צו זײַן אף שטענדיקן אויסהאַלט באַ אַנדערע: „דו ביסט ניט קיין געבער, ניט זײַ אויך קיין נעמער". א דריטע — אין א ליד וועגן פרעמדע מענטשן, וואָס טרעפן זיך צופעליק דעם דיכטער אונטערוועגנס און וואָס קאָנען ווערן „די בעסטע גוטעפרײַנט" באַ א נײַעם אויספּרוּוו, „אין פלאַמען, אין געוויטער".

ווער געדענקט ניט דאָס אַלטע קינדער־מײַסעלע וועגן דער ציג, וואָס זאָגט אָן אירע ציגעלעך, זיי זאָלן קיינעם ניט גלייבן און קיינעם ניט אופעפענען די טיר פון הויז. באַ מאַלטינסקין האָט דאָס מײַסעלע א בלאַנק געטאָן מיט אומגעריכט־נײַעם אין זייער הײַנטצײַטיקן זין און באַטײַט: „הייבן ציגעלעך אוף א געוויין, הייבן ציגעלעך אוף א געיאָמער — שטענדיק ציטערן, טרייסלען זיך טאָמיד, ווי־זשע וועלן מיר דעם עמעס דערגיין?.."

איך זוך ניט אויס קיין „פּערל" באַ מאַלטינסקין, כ'פאַרנעם זיך ניט מיט אויסטיילן קינסטלעך באַזונדערע שטעלן, וואָס זײַנען מיר פאַרשטענדלעכער און ליבער, — איך רייד וועגן א דערגרייכטן עטישן ניוואָ באַם דיכטער, וועגן א מענטשן צווישן מענטשן, וואָס אין זײַן טרײַשאַפט צו זיך אליין („אנטשיידן און געוואָגט זײַן זיך געטרײַ, פון זיך באַ קיין ניסאָיען ניט אנטלויפן") איז שוין אײַנגעשלאָסן עמפינדלעכקײַט פאַר אַלעמענס זײַן, צוטרוי און גלויבן צו מיליאָנען און מיליאָנען „פּראָסטע", „אומבאַמערקבאַרע" מענטשן. באַ מאַלטינסקין איז פאַראַן א ליד וועגן דעם, וויאַזוי א פישעלע האָט פאַרלאָזן דעם דעק פון יאַם, ווײַל עס האָט פריִער פון אַלע סייסמאָגראַפן אין דער וועלט דערפילט די דערנעענטערונג פון אן ערדציטערניש...

איך מיין, אז די דאָזיקע עמפינדלעכקײַט מאַלטינסקיס פאַר פרעמדס, זײַן טיפּישע „דורכשניטלעכקײַט" („איך אַרבעט, זאָרג זיך וועגן דער מישפּאָכע, כ'לעז בלעטער, אף פאַרזאַמלונגען איך גיי"), דאָס פּרינציפּיעלע ניט אָנעמען אַלץ, וואָס איז אויסטערליש און ניט פּראָסט, באַווירקט דעם סטיל פונעם דיכטער, די גאַנצע פאָרם פון זײַן ליד, וואָס איבעראַשט ניט קיינמאָל מיט אופרײַסן פון אָריגינעלער מעטאַפאָריסטיק, איז שטענדיק צוריקגעהאַלטן און באַדאַכט.

ס'איז מיר אויסגעקומען צו הערן, ווי איין דיכטער האָט זיך אָפּגערופן וועגן א צווייטן: „ווייס איך וואָס, נאָרמאַלע טעמפּעראַטור, זעקס און דרײַסיק מיט זעקס..." כאָטש מאַלטינסקי געהערט גראָד צו יענער דיכטערישער טראַדיציע, וואָס „פּיבערט" ניט, וואָס קען באַהערשן דעם נעשאָמע־צאַפּל, וואָס פאַרוואַנדלט אין פּאָעזיע די „נאָרמאַלקײַט" גופע, די אויסגעשטאַנענקײַט, דעם טײַך און די הערבליע גלײַכצײַטיק. אין אונדזער דיכטונג איז עס א האָפשטייניש־האַלקינישע טראַדיציע.

מאַלטינסקי איז ווי די קוקאַווע אין איינער זײַנער א ליד, וואָס ווייסט, אז „אין אָפּהילך פון איר קו־קו שטעקט איר כיין". דער דיכטער הערט זיך אײַן מיט דער גרעסטער אופמערקזאַמקײַט צו דעם, ווי עס קלינגט זײַן ליד, מיט וואָס פאַר אן עכאָ זי רופט זיך אָפּ, ווײַל דאָס וויכ־

טיקסטע פאר אים איז דערגייז צום מענטשן, ווערן אים נאָענט און פאַרשטענדלעך. פונדאַנען איז די קלאָרע דײַטלעכקייט, וואָס עס פאַרמאָגט מאַלטינסקיס פּאָעטישע דיקציע, די יאָדערדיקע שטײַפקייט און ניט־צעשרויפטקייט פון ליד און סטראָפע:

איך לעב אצינד בישכיינעס מיטן יאם,
און כאָטש ער הערט ניט אוף צו זידן און צו קאָכן,
נאָר כ׳פיל ניט אין זײַן שוים קיין טראָפן סאם —
א גאָלדענער, א וווּנדערלעכער שאָכן.

און נאָך:

ס׳איז דער גלי און בראַנד פון בייזער שלאַכט
אין געביין אַרײַן, אין יעדן אָדער.
און די כוואַליעס פונעם ווײַטן אָדער
קלאַפּן אין מײַן הארצן טאָג און נאַכט...

עס טרעפט, צום באַדויערן, אַז מאַלטינסקי איז ניט גענוג שטרענג צו זיך, לאָזט זיך פירן פון ניט געצאַמטן שטייגער־מאַטעריאַל, און דאַן ווערט ער פלאַך אין אינ־האַלט, עפּעס ווי קופּלעטנאַרטיק אין פאָרם. כ׳פאַרשטיי ניט, צוליב וואָס האָט מען געדאַרפט שרײַבן א לאַנגע ליד, ווו עס ווערט אויסגערעכנט אַלץ, וואָס מע קאָן זען אַף א שטאָטישער לאַסטמאַשין: טרויבן, מעל, פּאָמידאָרן, שטולן, דראָט, וועלאָסיפּעדן, אַפּילע... באַמיסטיקונג. די געפאַר צו אָנווערן דעם פּאָעטישן געדאַנק איז נאָך, לײַ־דער, פאַר מאַלטינסקין א רעאַלע...

מאַלטינסקי „באַשפּילט" אין זײַנע לידער שטאַנדהאַפּ־טיקע שפּראַך־פאָרמען, אידיאָמען, שפּריכווערטער. אין איינער א ליד איז ער זיך מודיע, אַז ער האָט גראָד ליב „צו וואַרפן ווערטער אַפן ווינט", אין א צווייטער ווענדט ער זיך צום קאָסמאָנאַווט מיט א פראַגע, צי דאָרט, אין דער מעשונעדיקער הייך, ווו אַלע קערפּערס פאַרלירן די וואָג, וואָלט אַראָפּ א שטיין פונעם האַרצן. אין א דריטער נוצט ער אויס נאָך איינעם א פאַרשפּרייטן, אַלגעמיין־באַוווּסטן אויסדרוק:

וואָס קריכסטו דורך זומפּיקע סטעזשקעס און דערנער? —
גיי גלײַך מיטן וועג, נעם דעם אַקס פאַר די הערנער!..
און טאָמער דער אָקס אין א ריפּ ט׳דיר דערלאַנגען,
ביסטו אָבער ריכטיק צום עמעס דערגאַנגען...

הײַנט קאָן מען זאָגן מיט דער פולער זיכערקייט, אַז כאָטש מאַלטינסקי איז געגאַנגען צום עמעס מיטן גלײַכן וועג פון בירגערלעכער אָכרײַעס, מענטשלעכן געוויסן און שעפערישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר וואָרט און ליד, וואָס ווערן געבוירן אין האַרצן פון דיכטער, נאָר געהערן זײַן דאָר, זײַן פאָלק, זײַן צײַט.

•

# פאָלקס־טאַלאַנטן

(וועגן דעם קאָוונער יידישן קאָלעקטיוו פון קינסטלערישער זעלבסטעטיקייט)

די יידישע זעלבסטעטיקע קאָלעקטיוון פון ווילנע און קאָוונע האָבן זיך שוין לאַנג קוינע־שעם געווען ווי קינ־סטלעריש רײַפע אַנסאַמבלען. הײַנט ווילן מיר א שמועס טאָן וועגן קאָוונער קאָלעקטיוו. וועגן אים איז ביז איצט ווייניק געשריבן, כאָטש עס איז שוין געוואָרן פינף יאָר זינט ער טרעט אַרויס אין די ליטווישע שטעט און קאָ־ראַרט־יישווים.

דער רעפּערטואַר פונעם כאָר, וואָס גייט אַרײַן אין אָט דעם קאָלעקטיוו, צייכנט זיך אויס מיט אָפּטימיזם און אינטערנאַציאָנאַלן אינהאַלט. „די אַלטע יידישע כאַסענע", „דער קובינער טאַנץ", די „רוסישע פּליאַסקע", די יידישע לידער און די לידער אין רוסיש און ליטוויש דערפרייען און ווירקן אַזוי, אַז ס׳ווילט זיך מיטזינגען, מיטטאַנצן.

דער רעפּערטואַר איז אין איינקלאַנג מיט די גײַסטיקע באַדערפענישן פון אונדזער ערנסטן סאָוועטישן צושויער. ער פאַרמאָגט אין זיך די „ראָזינקע" פון דער שיינער יידישער פאָלקסליד, די ענערגיע פון דער הײַנטצײַטיקער מונטערער קאַמפּסליד און אויך די הייליקע טרער, וואָס דערמאָנט און מאָביליזירט: „קיינמאָל ניט פאַרגעסן, קיינ־מאָל ניט מויכל זײַן!.."

ניט ווייניקער פונעם רעפּערטואַר זײַנען אינטערע־סאַנט די אָנטיילנעמער פונעם קאָלעקטיוו גופא, וועלכער ציילט אָן ערעך 120 מענטשן. צווישן זיי — אַרבעטער, דאָקטוירים, סטודענטן, שילער. די עלטערע אָנטיילנעמער זײַנען לאַנגיאָריקע ליבהאָבער פון קונסט, אָן ספּעציע־לער טעאַטראַלער און מוזיקאַלער בילדונג; די יינגערע — דאָסראָוו שוין שילער פון דער מוזיקאַלער שול און פון מוזיקאַלן טעכניקום.

ס׳וואָלט אַוואַדע קעדײַ געווען צו דערציילן וועגן יעדן איינעם באַזונדער, אָבער אונדז איז געלונגען צו באַקענען זיך בלויז מיט איינקע.

הערשל קאָוואַלסקי (אַרבעט אַלס מײַסטער אין א היטל־פאַבריק) איז דער הויפּט־סאָליסט אין קאָלעקטיוו. ליריש־צאַרט הייבט זיך אָן זײַנע א פאָלקסליד:

אָט דאָ פליסט דאָס טײַכעלע
מיט זײַן גלאַנץ,
אָט דאָ וואַקסט דאָס ביימעלע,
וואָס איך האָב פאַרפלאַנצט.

מיט קינסטלערישן טאַקט פילט קאָוואַלסקי אויס די ליד „דאָס שטעטעלע בעלץ". ניט געקוקט דערויף, וואָס ער זינגט לידער פון דער פאַרגאַנגענהייט, איז אים פרעמד אידעאַליזאַציע פון דעם אַמאָל... סײַ די אַלטע פאָלקסלי־דער, סײַ די הײַנטצײַטיקע קלינגען בא אים אָפּטימיסטיש. איינקע פאָלקס־מעלאָדיעס פילט ער אָן מיט נײַעם אינ־האַלט:

לעכאַיִם פאַר אונדזערע קאָסמאָנאַווטן,
לעכאַיִם פאַר די, וואָס פליִען דאַרפן,
לאָמיר אַלע צו שאָלעם שטרעבן,
לעכאַיִם פאַר גליק, פרייד און לעבן!

די צוהערער נעמען אויף קאָוואַלסקין זייער וואַרעם, לאָזן אים לאַנג ניט אַראָפּ פון דער בינע.

ליובע בלאָק איז א יונגע אַרבעטערן אַף דער ניי־פאַב־

ריק. זי זינגט אין כאָר און שפּילט אין דראַמקרײַז. כאָטש זי איז יונג, פאַרמאָגט זי יענע לעבנס־דערפאַרונג, וואָס העלפט איר איבערגעבן דעם טיפן צער פון דעם דאָר, וועלכער האָט איבערגעלעבט די היטלערישע אָקופּאַציע.

אַף איר אייגענער דערפאַרונג האָט ליובע אין קאָוונער געטאָ איבערגעטראָגן דעם שווידער פון דעם נאַציזם. און נאָר אַלפּי נעס, אַדאַנק דער הילף פון ליטווישע מישפּאָכעס, האָט זי דערלעבט דעם טאָג פון דער באַפרײַונג.

ליובעס באַליבטע ליד „אין ליטווישן דערפל" איז געבוירן געוואָרן אין געטאָ. ליובע בלאָק זינגט אָבער ניט נאָר וועגן איר טרויעריקער און גרויזאַמער קינדהײַט, וועלכע זי קאָן ניט און טאָר ניט פאַרגעסן. זי זינגט אויך פריילעכע לידער. זייער געלונגען פילט זי אויס די ליד וועגן זאָרגלאָזן און האָפערדיקן פאַריזשער יינגל, בא וועמען לאַטעס אַף די הויזן זײַנען א סאַך מער, ווי מאַטבייעס אין קעשענע.

איינע פון די אַקטיווע אָנטיילנעמער פון קאָוונער כאָר איז ליובע קאַהאַן, אַן אַרבעטערן פון דער זאָקן־פאַבריק „קאָטאָן". ליובע קאַהאַן איז פאַרליבט אין מוזיק. א פּאָשעטע פאַבריק־אַרבעטערן, האָט זי פון אירע אָפּשפּאָרונגען ניט געמאַכט זיך קיין מאָדע־קליידער, נאָר געקויפט א פּיאַנע...

זי דערציילט: „מיר אַלע האָבן שטאַרק ליב דעם קאָלעקטיוו, אונדז פרייט די גוטע, האַרציקע באַציִונג צו אונדז פון די צוהערער. געווען א צײַט, ווען מיר פלעגן זיך פאַרזאַמלען אין גאָרטן, אין פּריוואַטע דירעס, אבי זינגען... איצט פאַרזאַמלען מיר זיך אין קולטור־פּאַלאַץ, אין די בעסטע זאַלן, מיר האָבן גוטע אינסטרומענטן, דער קולטור־פּאַלאַץ בא די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען באַזאָרגט אונדז מיט אַלץ. אינעם אויסקלײַבן לידער צום זינגען העלפט אונדז מיט אונדזער אָנפירער פון כאָר כאַווער זינגערמאַן. ער איז א געבילדעטער מענטש — פאַרענדיקט די קאָנסערוואַטאָריע. א לאַנגע צײַט האָט ער געדינט אין דער סאָוועטישער אַרמיי, ווו ער האָט אָנגעפירט מיט אָרקעסטערס. איצט איז ער א לערער פון מוזיק.

— מיר זינגען, — דערציילט זי ווײַטער, — סײַ פאָלקסלידער, סײַ פּאָפּולערע סאָוועטישע לידער, וועלכע עס זעצט פאַר אונדז איבער דער לערער און ביבליאָטעקער בערל לאַנדאָן. מיר פּרוּוון אַפילע אַליין שאַפן לידער און פּאַרפּאַסן צו זיי מוזיק. אונדזער כאָר האָט שטאַרק ליב געקראָגן די לירישע ליד „טײַבעלע", ווערטער און מוזיק פון אונדזער כאָר־מיטגליד — כאַיִם סוראַסקין".

מיט גרויס ליבע און דערעכערעץ דערמאָנט ליובע קאַהאַן דעם כאַווער יאַקאָוו יערמאַלײַעווסקי, וועלכער האָט אין עלטער פון 72 יאָר געזונגען סאָלאָ מיט א קרעפּטיקער יונגער שטים די ליד „דער בוכענוואַלדער גלאָק". זינגען ביזן לעצטן אָטעם איז, ווײַזט אויס, פאַר אים, פאַר דעם אַלטן רעוואָליוציאָנער, געווען א באַדערפעניש.

אַז מע שמועסט מיט די קאָוונער זעלבסטעטיקע זינגער, קומען אַפן זינען לעגינס אַרויסזאָגונגען וועגן דער גרויסער באַדײַטונג פון די אַרבעטער־כאָרן, וועגן דער פּראָפּאַגאַנדע פון סאָציאַליזם דורך לידער.

דער קאָוונער קאָלעקטיוו גרויסט זיך ניט נאָר מיט זײַנע זינגער, נאָר אויך מיט די מוזיקאַנטן, טענצער און אָנטיילנעמער פונעם דראַמקרײַז.

די מוזיקאַלע גרופּע האָט זעלבשטענדיק צונויפגעשטעלט א פּאָפּורי פון יידישע פאָלקסלידער. און דאָס איז געמאַכט געוואָרן אַזוי טאַלאַנטפול, אַז אין דעם אַלשטאָטישן פאַרמעסט האָט דער אָרקעסטער פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט און אין דעם רעפּובליקאַנישן פאַרמעסט — דאָס צווייטע.

עטעלע מיסעוויטש איז אַלט 17 יאָר. אין קאָלעקטיוו איז זי שוין דרײַ יאָר „סטאַראָסטע". זי איז דער שטענדיקער אַקאָמפּאַניאַטאָר פון אַלע קאָנצערטן און ספּעקטאַקלען.

מיר פרעגן זי:

— איר ווערט ניט מיד פון אַזויפיל אַרבעטן אין קאָלעקטיוו? עס שטערט אײַך ניט צו לערנען אין דער מוזיקאַלער שול?

— פון זינגען און שפּילן ווערט מען ניט מיד, ס'ברענגט נאָר פאַרגעניגן... דער אָנפירער פון אונדזער כאָר איסאַק זינגערמאַן איז א הויך־קוואַליפיצירטער מוזיקער. עס קומט אויס, אַז איך לערן ניט נאָר אין דער שול, נאָר אויך אין זעלבסטעטיקן קאָלעקטיוו, — ענטפערט עטעלע.

די גאַנצע מוזיקאַלע גרופּע באַשטייט אויסשליסלעך פון יונגע. אין עסטראַדע־קווינטעט גייען אַרײַן 4 סטודענטן פונעם מוזיקאַלן טעכניקום (מולי סאַיעוויטש, עוויק נעכמאַן, יאַשע קוקסין, מולי גלאַזמאַן) און א יונגער רוסישער אַרבעטער וויקטאָר סאַווטשוק. סאַווטשוק איז דער אָנפירער פון קווינטעט.

דער עסטראַדע־קווינטעט איז נאָר א טייל פון דעם פיל גרעסערן אָרקעסטער. איינער פון זײַנע אָנטיילנעמער איז דער 18־יאָריקער באָכער סעגאַל. ער אַרבעט אַף א ראַדיאָ־זאַוואָד, לערנט אין אַן אָוונטשול, זינגט אין כאָר און שפּילט אין אָרקעסטער אַף אַן אַקאָרדעאָן און אַף א גיטאַרע.

ווו נעמען זיי נאָר צײַט?!

ניט אַנדערש, אַז מוזיק און געזאַנג, וואָס פאָדערן ניט נאָר טאַלאַנט, נאָר אויך גרויסע מי, היטן פונדעסטוועגן אָפּ פון מידקײַט.

אין דעם איז איבערצײַגט, לעמאָשל, דער קאָוונער דאָקטער ליוושין, וועמעס זון באַטייליקט זיך אויך אין קאָלעקטיוו אַלס פידלער.

דער דאָקטער האָט אונדז דערציילט:

— מײַן זון, אָסיאַ, איז איצט אַלט 17 יאָר. ער האָט פאַרענדיקט די זיבניאָריקע מוזיקאַלע שול.

עס איז געוויס ניט לײַכט צו פאַרייניקן דרײַ זאַכן: מײַן זון לערנט אין דער אָוונטשול, אַרבעט אין דער מעדיציניש ער „גיכער הילף" און שפּילט אין אָרקעסטער. אָבער, צום גליק, באַווײַזט ער זיך מיט אַלץ ספּראַווען, גלײַך ווי זײַנע כאַווײרים און כאַווערטעס בערעלע גלאָזמאַן, מולי סאַיעוויטש, כאַסיע קאָטליאַר און דאָס ליטווישע יינגל ווידאַס קאַספּאַרײַטיס.

שטאַרק נעמען אויס באַם אוילעם די טענץ, באַזונדערס געלונגען איז „די אַלטע יידישע כאַסענע". די צושויער זײַנען מאַמעש אַנציקט פון דעם טאַנץ. דאָס געשטאַלט פון שאַדכן רופט אַרויס פאַרוווּנדערונג: ווי קומט עס, אַז א יונגער באָכער, וואָס האָט, מיסטאַמע, קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען קיין לעבעדיקן שאַדכן, זאָל אַזוי געלונגען איבערגעבן אָט דאָס געשטאַלט. און נאָך גרעסער איז דער ווונדער, ווען מע דערוויסט זיך, אַז דעם שאַדכן שפּילט דאַפקע ניט קיין יידישער באָכער, נאָר דער ליטווינער ווידאַס קאַספּאַרײַטיס.

ווידאַס איז אַן אַרבעטער פון דער אָרטיקער שנײַדערפאַבריק. ער האָט ליב יידישע מעלאָדיעס און טענץ, האָט

זיך אויסגעלערנט ייִדיש ריידן און איז איינער פון די באַגאַבטסטע מיטגלידער פונעם קאָוונער ייִדישן זעלבסטעטיקן קאָלעקטיוו.

פיל אנדערע טענץ זײַנען געשטעלט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון מאָטל סאיעוויטשן.

מיר האָבן זיך באַקאַנט מיט מאָטל סאיעוויטשן נעענטער. ער איז ניט קיין פּראָפעסיאָנעלער אַרטיסט, זײַן פאַך איז שנײַדערײַ. ער האָט ליב מוזיק און טענץ פון קינדווײַז אָן, נאָר אין דער אַלטער ליטע האָט ער ניט געהאַט קיין מעגלעכקײַט צו באַקומען ספּעציעלע מוזיקאַלע בילדונג.

די פאַשיסטן האָבן סאיעוויטשן פאַרשפּאַרט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דאַכאַו. ער האָט פאַרלאָרן צוויי קינדער, די מוטער, דעם פאָטער, די שוועסטער. זיי זײַנען אומגעקומען אין קאָוונער געטאָ...

נאָך דער באַפרײַונג פון ליטע האָט מאָטל סאיעוויטש אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס עלטערער מײַסטער אין דער שנײַדער־פאַבריק „דוביסאַ“.

— ביזן 1949 יאָר, — דערציילט ער, — האָב איך ניט געטאַנצט, — איך האָב ניט געקענט זיך באַפרײַען פון דעם גרויסן צאַר... אָבער קונסט איז פאַר מיר, ווי ברויט, דאָס איז מײַן באַדערפעניש... און אָט, אין 1949, האָב איך אָרגאַניזירט א זעלבסטעטיקן ליטווישן קאָלעקטיוו פון געזאַנג און טענץ אף דער פאַבריק, וווּ איך אַרבעט.

פון 1960 באַטייליקט זיך סאיעוויטש אין דער אַרבעט פון ייִדישן זעלבסטעטיקן אַלשטאָטישן קאָלעקטיוו אַלס טאַנץ־אָנפירער און פאָרזיצער פון קינסטלערישן ראַט פון דעם גאַנצן קאָלעקטיוו. דאָס טאַנץ־קרײַזל איז לעכאַטכילע אויפגעקומען, ווי א „צוגאָב־זאַך“. דער רעזשיסער יאַקאָוו בעלצער האָט אין זײַן שטעלונג „מירעלע עפראָס“ באַשלאָסן אַרײַנפירן טענץ. ער האָט זיך געווענדט צו מאָטל סאיעוויטשן, יענער האָט די באַקאָשע פון בעלצערן אויסגעפילט זייער געלונגען. באַ דעם צושויער האָבן די טענץ שטאַרק אויסגענומען. ביסלעכווײַז איז דער טאַנץ־קרײַז געוואָרן א וויכטיקער אָרגאַנישער באַשטאַנד־טייל פונעם קאָלעקטיוו.

אין 1963 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויך א קינדערשע טאַנץ־גרופּע, וועלכע האָט באַוויזן צוויי טענץ: „פלאַקער־פײַער“ און „גרינינקע ביימעלעך“.

שוין אין מעשעך פון א פּאָר יאָר ווערט מיט גרויס דערפאָלג אויפגעפירט דאָס גרעסערע כאָרעאָגראַפישע בילד — „די אַלטע ייִדישע כאַסענע“, וואָס איז לויט דער רעקאָמענדאַציע פון די קאָוונער און רעפּובליקאַנישע קולטור־אַנשטאַלטן אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין די אַלגעמיינע קאָנצערטן, אָרגאַניזירטע דורכן קולטור־מיניסטעריום.

מאָטל סאיעוויטש איז ניט בלויז אַן אויספירער פון טענץ. ער שאַפט אויך אייגענע כאָרעאָגראַפישע קאָמפּאָזיציעס.

א סאַך אינטערעסאַנטע אײַנפאַלן, נײַע שעפערישע פּלענער ווערן געבוירן אין דעם טאַנץ־קרײַז. די ייִדישע יוגנט טאַנצט אויך רוסישע, ליטווישע, פּוילישע, מאָלדאַווישע טענץ. און די ליטווישע און רוסישע יוגנט באַזוכט גערן די קאָנצערטן פון דעם ייִדישן זעלבסטעטיקן קאָלעקטיוו.

באַם וויגעלע פון דעם קאָוונער זעלבסטעטיקײַט־קאָלעקטיוו איז געשטאַנען דער באַקאַנטער אַקטיאָר יאַקאָוו בעלצער. דאָס האָט ער געגרינדעט דאָס ערשטע קעמערל פונעם קאָלעקטיוו — דעם דראַמאַטישן קרײַז. יאַקאָוו בעלצער אַרבעט שוין 50 יאָר אף דער בינע. נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן האָט ער געשאַפן ייִדישע טעאַטער־קאָלעקטיוון אין בערדיטשעוו, זשיטאָמיר און אין אַנדערע שטעט, וווּ ער איז געווען דער רעזשיסער און האָט אויסגעפילט מיט דערפאָלג די הויפּט־ראָלן אין א ריי פּיעסן. יאַקאָוו בעלצער איז אויך איצט שעפעריש טעטיק.

דער דראַמאַטישער קרײַז (20 מיטגלידער) גרייט נײַע פאָרשטעלונגען: „דער בלוטיקער שפּאַס“ פון שאָלעם־אַלייכעמען, „לעבעדיק און לוסטיק“, דזשעקסאָנס א קאָמעדיע, איבערזעצט פון ענגליש דורך בעלצערן. איצט קלײַבט מען זיך איבערזעצן און שטעלן א. אָסטראָווסקיס פּיעסע „אָן שולד שולדיקע“.

יאַקאָוו בעלצער טרעט אויך אַרויס מיט קינסטלערישע פאָרלעזונגען; ער לייענט די ווערק פון שאָלעם־אַלייכעמען, ל. טאָלסטאָיען און טשעכאָוון, אויסצוגן פון די ווערק, וואָס זײַנען געדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד“.

צום 5־יאָריקן יובילײ פונעם קאָוונער זעלבסטעטיקײַט־קאָלעקטיוו ווינטשן מיר זײַנע טאַלאַנטפולע אָנטיילנעמער און זײַן גרינדער און אָנפירער יאַקאָוו בעלצער נײַע דערגרייכונגען און דערפאָלגן.

סאָניע פרײַ,
בער גרונטפעסט.

# א פאַרדינטע באַלוינונג

סידי טאַל — פאַרדינסטפולע אַרטיסטן פון אוקראַינע!

מיט וואָס פאַר אַ קינסטלערישן באַגאַזש איז סידי טאַל געקומען צו אָט דער הויכער באַלוינונג? אייניקע שטריכן פון איר ביאָגראַפיע, מיין איך, קאָנען ענטפערן אַף אָט דער פראַגע.

געבוירן איז סידי דעם 7 סעפטעמבער 1912, דאָס פינפטע קינד באַם בעקער לייב בירקענטאַל, אין טשערנאָוויץ, אַף פראַנצאָס־גאַס, 14. אין הויף, ווו די בעקערײַ האָט זיך געפונען, האָבן געוווינט ייִדישע אַקטיאָרן, וועלכע פלעגן דאָ באַטאָג דורכפירן זייערע רעפּעטיציעס.

לייב בירקענטאַלן זײַנען געפעלן געוווען די לידלעך, וואָס זײַן טאָכטער האָט איבערגענומען באַ די אַקטיאָרן, און ער פלעגט זי מיטנעמען אין בעקערײַ, אים און די איבעריקע בעקער־געזעלן זאָל זײַן פריילעכער און מע זאָל ניט אײַנשלאָפן באַ דער אַרבעט.

אָט דער קאָנטאַקט מיט די באַלאַנדזשנדע שטערן פון ייִדישן טעאַטער האָט באַשטימט דעם גורל פון אונדזער סידי טאַל.

אינגיכן הייבט זי אָן זינגען אין קינדער־כאָר פון ראָכל אַקסעלראָדס טעאַטער. דערנאָך איז זי אַ שטיקל צײַט דאָס וווּנדערקינד אין דער טרופּע פון סאָרע קאַנער. צו 15—16 יאָר איז זי שוין דער ליבלינג פונעם צושויער. עס איז גענוג, אַז עס זאָל זיך באַווײַזן אַ פּאָר־אַפּישע מיטן קורצן טעקסט „אינגיכן קומט סידי טאַל", אַז עס זאָלן זײַן אויספאַרקויפט די בילעטן.

שוין דאָ, אין די וואַנדער־טרופּעס, האָט סידי אַרויסגעוויזן איר אַלזײַטיקע באַגאַבטקייט. דער עולם האָט מיטגעוווינט מיט אירע מעלאָדראַמאַטישע העלדנס און זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער פון אירע קאָמישע געשטאַלטן. דער זאַל האָט מיטגעזונגען די באַם האַרצן צופּנדיקע לידלעך. נאָר סידי טאַל איז געווען אַ צו באַגאַבטע אַקטריסע, עס זאָל זי באַפרידיקן דער דערפאָלג באַם צושויער, וואָס האָט זיך געקוויקט מיטן טעאַטער־רעפּערטואַר פון דער סעריע „אָ, פאָטער, איך האָב געגלייבט, ביזט מײַנע מוטער". אָן איבערבראָך האָט געמוזט קומען, און אַזוי איז טאַקע געווען.

צו יענער צײַט האָט יאַנקעוו שטערנבערג מיט זײַנע שטעלונגען אין דער „ווילנער טרופּע" און שפּעטער אין דער „בוקאַרעשטער ייִדישער טעאַטער־סטודיע" שוין צוגעגרייט דעם באָדן פאַר אַ קינסטלערישן פאָלקס־טעאַטער, נאָך וועלכן עס האָט געגאַרט די פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ און דעריקער די ייִדישע אַרבעטערשאַפט אין רומעניע.

סידי טאַל האָט זיך דערפילט אויפן שיידוועג: אָדער ווײַטער זײַן אַ „סטאַר" און אויפטרעטן אין אַזוינע „שטיק", ווי „דאָס כאַזנדל" און „מאַמעלע", אָדער אַוועקגיין אין ערנסטן טעאַטער.

סידי איז אַריבער אין טעאַטער צו שטערנבערגן, וועלכער איז ניט נאָר געוואָרן איר רעזשיסער, נאָר אויך איר אייגנטלעכער טעאַטער־לערער.

ערשט דעמלט האָט אין סידי טאַל אויפגעוואַכט דאָס, וואָס האָט פריִער אין איר געדרעמלט. זי האָט זיך אַנטפּלעקט ווי אַן אַקטריסע פון ברייטן דיאַפּאַזאָן. קליינ־



קונסט, דראַמע, קאָמעדיע — אומעטום איז זי אויפן אָרט, אומעטום געפינט זי אַ נײַע אייגנאַרטיקע אינטערפּרעטאַציע פון אירע ראָלן.

רייזעלע־ראָזיטאַ אין שטערנבערגס באַאַרבעטונג פון ל. מאַלעכס „דער געלער שאָטן", עלקע און עסטער אין שאָלעם־אליכעמס „אויצער", מאַלקעלע און ציווע אין י. זינגערס „יאָשע קאַלב", כאַסיע אין י. גאָרדינס „כאַסיע פון קאַראַטשאַקראַק" — דאָס אַלץ זײַנען ניט פּאַשעט אָפּגעשפּילטע ראָלן, נאָר געשטאַלטן, רעליעפע, ווי סקולפּטורן.

ווען ס'רעדט זיך שוין וועגן אָט דעם פּעריאָד אין סידי טאַלס שאַפן, טאָרן ניט פאַרשוויגן ווערן די אַזויגערופענע „ליטעראַרישע פּרימיערעס" — אַלע זונטיק מיט פריִען אַרײַנגאַנג פאַר דער אַרבעטערשאַפט.

ניט לײַכט איז אָנגעקומען סידי טאַל צו שפּילן אין אַ פּראָגרעסיוון טעאַטער אין דער באָיאַרישער רומעניע. עס דערמאָנען זיך אירע גאַסטראָלן אין באַקאַו, ווו זי איז אויפגעטראָטן אין שטערנבערגס „שפּאַנישער טאַנגאָ", וואָס איז געווען אַ באַשולדיקונגס־אַקט דער פאַשיסטישער שפּאַניע. דאָס האָט אַרויסגעבראַכט די רומענישע פאַשיסטן פון די קיילים, און זיי האָבן געוואָרפן אַף דער בינע טרערן־באָמבעס. דעם 26 נאָיאַבער 1938 בײַס סידי טאַלס גאַסטראָלן אין גרעסטן טעאַטער פון טימישאַרע האָבן די „אײַזערנע גוואַרדיסטן" געוואָרפן אין זאַל אַ באָמבע און פאַרוווּנדעט אייניקע באַזוכער.

אין יוני 1940, ווען צפון־בוקאָווינע און בעסאַראַביע זײַנען באַפרײַט געוואָרן און בירגער, אָפּשטאַמיקע פון אָט די געגנטן, האָבן זיך געלאָזט מאַסנווײַז אַהיים, האָט

די אקטריסע פארלאָזט די קוזיסטישע רומעניע און אין איינעם אן אויסגעכאָלעמטן טאָג פון כוידעש יון באטראָטן דעם סאָוועטישן באָדן.

אין די צײַטן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע באגעגענען מיר סידי טאל אין טאשקענטער קינאָ־סטודיע, וועלכע באדינט דעמלט הויפּטזאכלעך מיליטער־שפּיטאָלן און קאזארמעס. צוזאמען מיט אנדערע באוווּסטע סאָוועטישע אקטיאָרן טרעט זי אוף צוויי און אמאָל אויך דרײַ מאָל אין טאָג און געווינט אזויארום די סימפּאטיעס פון א נײַעם צושויער — נעמלעך, פון דעם סאָוועטישן שלאכטמאן.

זי ברענגט אויך די ליד און דעם מאָנאָלאָג אין די פארוואָרפנסטע ווינקעלעך פונעם סאָוועטנפארבאנד, ווו נאָר עס געפינען זיך עוואקויִרטע. שטייענדיק אין דער שפּיץ פון א קאָלעקטיוו בא דער טאשקענטער פילהארמאָניע, נוצט זי אויס אן אויסגעפרווּוטן, אָבער דאנקבארן זשאנער — דעם טעאטראליזירטן קאָנצערט, ריכטיקער — טעאטער־מיניִאטורן.

אין דעם דאָזיקן זשאנער ארבעט זי ביז הײַנט־צו־טאָג אין דער טשערנאָוויצער פילהארמאָניע. דער קאָלעקטיוו, מיט וועלכן זי פירט אָן, איז שטארק פּאָפּולער און באליבט אין אלע עקן לאנד.

דער פאָלקס־ארטיסט פון קאזאכסטאן, דער פארדינסט־פולער ארטיסט פון רספסר מוישע גאָלדבלאט — דער רעזשיסער פון דער ערשטער נאָכמילכאָמע־פּראָגראם אין סידי טאלס אנסאמבל — האָט מיט רעכט געזאָגט, אז סידי טאל געהערט צו דער קאטעגאָריע קינסטלער, וואָס אין א קליינעם עפּיזאָד זאָגן זיי א סאך מער, איידער אנדערע, אָפּשפּילנדיק גאנצע דראמעס.

סידי טאל שעפּט איר סצענישן מאטעריאל פון אונדזער קלאסיק. אָבער אין צענטער פון אירע פּראָגראמען שטייט די הײַנטצײַטיקע טעמע. איר טרײַער בינע־שוטעף, דער הויפּט־מעכאבער פון די טעקסטן פון אירע קאָנצערטן, איז יאָרנלאנג דער באקאנטער סאָוועטישער ייִדישער דיכטער מאָטל סאקציִער.

די אקטריסע געפינט זיך אצינד אין סאמע בלי פון איר טאלאנט. דער הויכער טיטל, מיט וועלכן זי איז איצט באערט געוואָרן און מיט וועלכן מיר באגריסן זי הארציק, איז אין א גלײַכער מאָס די אנערקענונג פון אירע בידאיצטיקע קינסטלערישע אופטועך און א סטימול פאר ווײַטערדיקע קינסטלערישע דערגרייכונגען.

סידי טאל וועט נאָך געוויס פארשאפן אירע צושויער א סאך פרייד און קינסטלערישן געניוס.

מעשולעם סורקיס

---

# כראָניק

## געשיכטע פון די בולגארישע ייִדן

די היסטאָרישע קאָמיסיע באם קולטור־ און בילדונגס־פארבאנד פון די ייִדן אין בולגאריע פירט א פארצווײַגטע וויסנשאפטלעכע ארבעט אין שײַכעס מיט דער געשיכטע פון די היגע ייִדן. די קאָמיסיע זאמלט וויסנשאפטלעכע און קינסטלערישע ווערק, וועלכע זײַנען געשאפן געוואָרן דורך בולגארישע ייִדן. עס ווערט איצט געגרייט צום דרוק דאָס ערשטע יאָרבוך מיט פאָלגנדיקן אינהאלט: „די רעכטלעכע לאגע פון די ייִדן אין בולגאריע", „די ייִדישע באפעלקערונג און איר אָרגאניזאציע אין די יאָרן ביזן שאפן די ערשטע פעאָדאלע בולגארישע מעלוכע", „דער אָנטייל פון די ייִדן אין דער אנטוויקלונג פון דער עקאָנאָמיק פון באלקאנישן האלבאינדזל אין מעשעך פון XVI יאָרהונדערט", „די היסטאָרישע וואָרצלען פון דער ייִדיש־בולגארישער פרײַנטשאפט" און אנדערע מאטעריאלן. אינעם יאָרבוך וועלן אויך געבראכט ווערן ביִאָגראפיעס פון בולגארישע ייִדן, וועלכע נעמען אן אָנגעזעענעם אָנטייל אינעם געזעלשאפטלעכן לעבן פון לאנד.

## א נײַ בוך וועגן דעם אייכמאן־פּראָצעס

דער געוועזענער גענעראל־פּראָקוראָר פון ייִסראָעל ג. האוזנער, וועלכער איז ארויסגעטראָטן אלס הויפּט־באשולדיקער אפן אייכמאן־פּראָצעס, האָט אָנגעשריבן א בוך וועגן דעם דאָזיקן געריכט.

אינעם בוך ווערן אויך אויסגענוצט פיל פּראָטים פון די זיכרוינעס, וועלכע אייכמאן האָט געשריבן אין דער צײַט, ווען ער איז געזעסן אין טפיסע.

## צום אָנדענק פון די קאָרבאָנעס פון דער „קריסטאלנאכט"

אפן ייִדישן בעסוילעם אין ווײַסענזע (דײַטשישע דעמאָקראטישע רעפּובליק) האָבן דעם 10 נאָיאבער זיך פארזאמלט פיל מענטשן, קעדיי באערן די קדושים, וועלכע זײַנען אומגעבראכט געוואָרן דורך די נאציסטישע מערדער אין דער אזויגערופענער „קריסטאל־נאכט". אין דער דאָזיקער נאכט האָבן די היטלעריסטן דערמאָרדעט אין דײַטשלאנד פיל ייִדן און אויך פארברענט 177 סינאגאָגעס, פארניכטעט א גרויסע צאָל ייִדישע וווינונגען. אין די קאָנצענטראציע־לאגערן זײַנען פארשפּארט געוואָרן 12 טויזנט ייִדן.

דער פאָרזיצער פון דער קעהילע פון דעמאָקראטישן בערלין הײנץ שענק האָט אין זײַן ארויסטרעטונג דערקלערט, אז פיל פון יענע נאציסטישע מערדער און אויך זייערע יאָרשים ווילדעווען אויך הײַנט אין דער דײַטשישער פעדעראטיווער רעפּובליק.

## געשטאָרבן נאָכעם סטוטשקאָוו

אין בראָנסק (פשא) איז געשטאָרבן דער באקאנטער דראמאטורג און פאָרשער פון דער ייִדישער שפּראך נאָכעם סטוטשקאָוו. ער איז באזונדערס בארימט געוואָרן מיט זײַן מאָנומענטאלן ווערק „דער אוצער פון דער ייִדישער שפּראך".

---

## פון דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע

מייער כאראץ:

# אין א שטענדיקער עקספּעדיציע...

דערלויבט מיר אָנצוהייבן פון א פארגלײַך, און ווײַל איך בין אן אָפּשטאמיקער פון מאָלדאוויע, דערלויבט מיר אויך דעם פארגלײַך אָנצוהייבן מיט א מאָלדאווישן אויסדרוק „קאסא מארע", וואָס איך דארף אים אײַך פריִער פארטײַטשן. בוכשטעבלעך באטײַט דער אויסדרוק „דאָס גרויסע הויז". מיינען מיינט עס, ערשטנס, דאָס גרעסערע, דאָס יאָמטעוודיקע הויז, אין אמאָליקן דאָרפישן פויערישן הויף. די קאסא מארע ווערט געעפנט נאָר אין א יאָמטעוו־טאָג, און א גאנץ יאָר ווינט די מישפּאָכע, ווי גרויס זי זאָל ניט זײַן, לעבן שטאל, אין דער אזויגערופענער קאסא מיקע, דאָס הייסט אין קלײנעם שטיבל מיט ערדענע דילן, שלאָפט אפן ברייטן, נאָר הארטן און איינציקן פאר אלע געלעגער, עסט בא א קליין, נאקעט, נידעריק טישל די וואָכעדיקע מאמעליגע. דאָ שפּינט מען, דאָ זײַנען אָפטע געסט די הינער פון הויף.

צו דער קאסא מארע וויל איך פארגלײַכן מײַן שרײַבטיש מיטן קאלענדאר, שרײַבגעצײַג און טישלאָמפּ. אין א יאָמטעוו־טאָג, אז ס'קומט א גאסט, בין איך אים דאָ מעכאבעד מיט לידער. דאָ איז שיין זיך צו פאָטאָגראפירן, מיט דער פען אין דער רעכטער האנט, איבער א ווײַסן בויגן פאפיר און א פארטראכטער, מיטן לאנגן פינגער פון דער לינקער האנט אונטערגעשפּארט דעם קאָפּ, ווי איינער רעדט: שטיל זאָל זײַן, דער דיכטער דיכטעט!

די אויבן דערמאָנטע קאסא מיקע, דאָס קליינע הײַזל דעם פויערס, איז ניט דאָס הײַזל אליין. ס'איז, אויסער דער קאסא מארע, דער גאנצער הויף זײַנער, די שטאל, די לאָנקע און דאָס פעלד, דער וואלד און דער טײַך, זײַנע כאדאָשים און טעג, זײַן גאנץ לעבן. דעם דיכטערס הארץ איז אויך אזא קאסא מיקע, א מין פּאָרטאטיווע שעפערישע לאבאָראטאָריע, וואָס נעמט אין זיך ארײַן דעם הויף, די גאס, דאָס לאנד, די וועלט מיט אלע אירע העלדן און מאריאָנעטקעס, ניסטאָרים, בויער און מערדער, ליבעס און באָמבעס. ווי א פאָנטאן זעצט ארויף א שלאל מיט איבערלעבונגען, וויזיעס צום דיכטערישן מויעך, וואָס הערט ניט אויף צו שפּינען און וועבן זײַן דיכטעריש ווערק. דער דיכטער באנוגנט זיך ניט, פארשטייט זיך, מיט דער אזויגערופענער „גאָטס מאטאָנע", מיט דער נאטירלעכער באגאבונג. ער נעמט אויך צוהילף, אין דער מאָס, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן, קולטור און וויסן, געשמאק און איבערקלײַבערישקײַט און דאָס געפיל פון אכרײַעס לעגאבע דער צײַט, אין וועלכער ער לעבט, און לעגאבע דעם לייענער, פאר וועלכן ער שרײַבט. דער דיכטער, אויב ער איז עס, סטארעט זיך קוידעמקאָל ניט קאליע מאכן, ניט פארדארבן אין זיך דעם לייענער, וואָס איז עלטער פון אים מיט עטלעכע יאָר, כאָטש וועגן עכטן פּאָעט זאָגט מען „א געבוירענער פּאָעט".

מיך האָט מען אמאָל געשמיסן פאר אן ארויסזאָגונג, אז דער דיכטער מוז ניט פריִער וויסן, וואָס ער גייט דיכטן. געמיינט האָב איך דערמיט צו זאָגן, אז אויב ריידן צום לייענער, וואָס ווייסט דאָך ביזן לייענען נאָך גאָרניט, ווי צו זיך אליין, צו דעם אווטאָר, וואָס ווייסט פון פריִער אלץ, וועט ער זיך מיט דעם לייענער ניט פארשטענדיקן; פארקערט, מע מוז ריידן צו זיך ווי צום לייענער. בלויז דעמלט קאָן זיך באקומען דיכטערישע אנטפּלעקונג, וואָס וועט זיך איבערכאזערן, וויפל מאָל דו וועסט דאָס ווערק לייענען. אויב דער שמײַסער האָט מיך דעמלט ניט פארשטאנען, בין איך אויווער געווען אפן אייגענעם קלאל. עפּשער וועט ער מיך איצטער בעסער פארשטיין.

א הויז, לעמאָשל, ווערט געבויט פון בוי־מאטעריאל — ציגל, קלעצער, ברעטער, שויבן און אנד. עס ווערט געבויט לויט א פּלאן, געצייכנט אין ליניעס אף פּאפּיר. דער בוי־מאטעריאל פאר א ליטעראריש ווערק איז די שפּראך, דער וואָרט־אויצער. קיין פּלאן און ליניעס וועסטו פאר דעם ניט צייכענען, און א פּלאן אין ווערטער וועט זיך שטעלן ווי א וואנט צווישן דעם דיכטער און דער שפּראך פון ווערק גופע. איך פערזענלעך בין ניט בעקויעך צו געבן דאָס וואָרט אי דעם פּלאן, אי דער ליד, נעם איך מיך גלײַך צום לעצטן. דערפאר עפּשער באקומען זיך בא מיר אָפט פארשיידנפּלאניקע וואריִאנטן פון איין מאָטיוו. פארשיידנפּלאניק, מיין איך — פארשיידן געבויט און ניט פארשיידן פארטראכט.

דער דיכטער געפינט זיך אין א שטענדיקער עקספּעדיציע פון זוכן די פּאסיקסטע ווערטער און די פּאסיקסטע ערטער פאר די ווערטער אין ליד, וואָס זאָלן שטימען, לעמאָשל, ניט בלויז מיט דער אויסערלעכער האַרמאָניע פון פארבן און ריטמען, נאָר דעריקער מיטן פּולס פון לעבן, וועלכן מע טאָר ניט אויסמײַדן, אויב מע וויל ניט שאפן קיין טויטע פערזן.

קימאט בא יעדן פּאָעט זײַנען פאראן לידער, אין וועלכע ער זאָגט אויס פונעם כיידער, אין וועלכע ער דערציילט דעם סאָד פון זײַן שרײַבן. דערלויבט מיר צו ענדיקן מיט מײַנער אזא ליד:

מײַן הויז איז פול מיט קוילעס פון די קינדער,
וואָס קאָנען זיך אין זייער שפּיל ניט שטילן.
מײַן הויז איז ליידיק און איז אויסגעפּלינדערט
פון אלע מײַנע נעכטיקע געפילן.
איך הער דעם רויש מיט צאָרן און מיט ווייטעק,
די שטילקײַט קומט ערשט, ווען די קינדער שלאָפן,
די שטילקײַט קומט, איך פיל, ווי זי איז ליידיק
און בילדעט בלויז א וואקוום אין די סטראָפן.
אומזיסט זיך ווי מיט שטערונגען געשלאָגן
מיט יעדן זונג און שפּרונג פון קידער־ווידער,
די שטילקײַט האָט ניט גאָרנישט וואָס צו זאָגן,
פון קידער־ווידער בויען זיך די לידער.

# הומאָרעסקעס

יעווע בעקער

# עפשער דארפט איר אַן אייצע?

— מיזאנטראָפּ! דו ביסט א מיזאנטראָפּ, — אזוי זאָגט דער טאטע און וויל מיט מיר ניט ריידן. ער אײַלט זיך, ער פארשפעטיקט שוין אזוי אויך אף עטלעכע מינוט צו דער ארבעט איבער דעם, וואָס ער האָט געמוזט (אזוי ווײַזט זיך אים אויס) מיך לערנען, ווי אופצוהאלטן זיך מיט מענטשן. נאָר בא דער סאמע שוועל גיט ער גאָר א ברום:

— א קאָמסאָמאָלעץ, א קאָמוניסטיטשעסקע בריגאדיר!..

ער פארהאקט די טיר, און איך הער, ווי ער לויפט אפגיך אראָפּ פון די טרעפּ. ער ווארט שוין אפילע ניט, ביז דער ליפט וועט זיך אופהייבן צו אונדז אפן פינפטן שטאָק. אצינד הייבט אָן די מאמע מיך לערנען מענטשלעכקײַט. מיט איר איז מיר גרינגער, זי טוט עס א סאך ווייכער, ווי דער טאטע:

— וויִאזוי איז דיר קיין ביזויען ניט, ליאָווע? וויִאזוי רעדסטו מיט הענריִעטע בענעדיקטאָוונען? אן עלטערער מענטש, און דו רעדסט מיט איר, ווי מיט דײַנס א גלײַכן. אָט דאָס לערנט מען אײַך אין דער בריגאדע?

די מאמע רעדט, און איך טו מיר מײַנס. איך אײַל זיך אין ערגעץ ניט. איך ארבעט הײַנט אף דער צווייטער וואכטע, האָב איך מיר צײַט צו גריבלען זיך אינעם ווערטערבוך און זיך דערוויסן, וואָס הייסט עס אזוינס א מיזאנטראָפּ.

ס'איז ניטאָ דער טאָג, דער טאטע זאָל ניט קומען פון דער ארבעט מיט עפּעס א נײַ אויסלענדיש וואָרט, וואָס ער האָט אונטערגעכאפּט בא עמעצן פון די געלערנטע אין אינסטיטוט. און אלע ווערטער פּרווט ער אויס אף מיר, דעריקער ווען עס קומט אים אויס מיך אויסזידלען. צוערשט, ווען ער האָט באקומען די טעווע צו נוצן אויסלענדישע ווערטער, האָט מיך ניט געארט, וואָס איך פארשטיי זיי ניט, סע פלעגט מיר אין איין אויער ארײַן און פון אנדערן ארויס. סײַווי, האָב איך געטראכט, וועט ער מיך אָנהייבן זידלען אף ייִדיש, ייִדיש פארשטיי איך גוט, ווײַל אין שטוב רעדן טאטע־מאמע אף ייִדיש. הער איך אויס און ענטפער אָפּ אף רוסיש. נאָכדעם האָב איך אָבער דערזען, אז דער טאטע פארשטייט דאפקע יאָ די אויסלענדישע ווערטער, וואָס ער באנוצט, און איך, מיט אלע מײַנע אכט קלאסן, שטיי ווי א גוילעם און ווייס ניט, וואָס ער מיינט. בין איך אוועק און געקויפט אלע דרײַ בענדער פונעם ענציקלאָפּעדישן ווערטערבוך, און ווען איך דערוויס זיך, וואָס סע באטײַט זײַן אויסלענדיש וואָרט, קאָן איך אים שוין באווײַזן, אז ס'איז ניט קעסיידער דאָס, וואָס ער מיינט. נאָר מיט מיזאנטראָפּ האָט ער גראָד געטראָפן, מיסטאמע האָט ער טאקע געמיינט מיר צו זאָגן, אז איך בין א מענטשן־פײַנט. א סימען, איך האָב פײַנט הענריִעטע בענעדיקטאָוונען. וואָס עמעס, איז עמעס. כ'קאָן זי טאקע ניט אָנקוקן.

הענריִעטע בענעדיקטאָוונע איז אונדזער שכיינע. מיר וווינען א טיר לעם א טיר. און דער באלקאָן איז בא אונדז א געמיינזאמער. ווינטער, ווען דער באלקאָן איז פארמאכט, איז הענריִעטע בענעדיקטאָוונע א שכיינע, ווי אלע שכיינעס. זומער אָבער איז ניט אויסצוהאלטן פון איר. זי איז פון יענעם סאָרט מענטשן, וואָס קאָנען אליין ניט לעבן, אויב זיי לערנען ניט יענעם וויִאזוי צו לעבן. איבער איר האָב איך פײַנט געקראָגן טאכלעס סינע אפילע די ארכיטעקטאָרס, וועלכע האָבן צוגעטראכט אָט די לאנגע באלקאָנען, וואָס ציִען זיך קימאט איבערן גאנצן פאסאד. עמעס, די באלקאָנען זײַנען איבערגעצוימט מיט פאניער־ברעטלעך פון פארשיידענע מעשונעדיקע פאָרמען. נאָר פאר אזעלכע, ווי הענריִעטע בענעדיקטאָוונע, איז דאָס דען א מעכיצע? דאָס פאניערל, וואָס צעטיילט אף צווייען אונדזער באלקאָן, האָט די פאָרם פון אן איבערגעקערטן פרעג־צייכן, און דאָס אָרט, וווּ דער פרעג־צייכן גיט זיך א פארדריי, געפינט זיך פונקט אף דער הייך פון מענטשלעכן וווּקס. דאָס איז גאנץ גענוג, אז הענריִעטע בענעדיקטאָוונע זאָל קאָנען דורכרוקן דעם קאָפּ און אָנטייל נעמען אין אלע דיסקוסיעס, וואָס קומען פאָר אף אונדזער טייל פונעם באלקאָן. אונדזער שכיינע לערנט אונדז וויִאזוי צו לעבן. זי איז קעסיידער גרייט דיר געבן אן אייצע און דיר אונטערזאָגן, וואָס דו האָסט צו טאָן אף דער וועלט, — כאָטש גיי ניט ארויס א גאנצן זומער אפן באלקאָן. וואָס האָבן מיר שוין ניט געטאָן, קעדיי צו ראטעווען זיך פון אירע אייצעס? פארפלאנצט ווילדע ווײַנטרויבן, וואָס זײַנען זיך וווּנדערלעך צעוואקסן איבערן שייד־ווענטל, דער טאטע האָט געמאכט א הילצערנע גראטע, מיט וועלכער ער האָט געפּרווט פארפילן די אויסגעהוילטקײַט פונעם איבערגעקערטן פרעג־צייכן. נאָר הענריִעטע בענעדיקטאָוונע איז דאָך ניט אָן קיין הענט: זי צערוקט די הענגלעך פון די ווײַנטרויבן און גיט אונדז א שפּאָגל־נײַע אייצע...

אָט אזוי לעבן מיר שוין פופצן יאָר. און דאָך האָבן מיר ביז הײַנט, דאכט זיך, נאָך קיינמאָל זיך ניט געקריגט. פארקערט, מיר באמיִען זיך לעבן גאנץ פרײַנטלעך. ניט מער, יעדער מאָל, ווען מיר האָבן צאָרעס איבער דעם, וואָס מיר האָבן ניט באטראכטערהייט געפאָלגט הענריִעטע בענעדיקטאָוונען, גיבן מיר א פײַערלעכע שוווּע א צווייט מאָל טאָן קאפויר.

מיר קריגן זיך ניט. און וויִאזוי קאָן מען זיך קריגן, אז מײַן טאטע ארבעט אין אינסטיטוט, וווּ הענריִעטע בענעדיקטאָוונעס מאן איז א פּראָפעסאָר. דערצו איז ער

דער סאמע סימפאטישער מענטש אין אונדזער הויז. דער טאטע זאָגט, אז אין אינסטיטוט אויך.

מיינט נאָר ניט, אז מײַן טאטע איז אויך א געלערנטער. מײַן טאטע איז א פאָשעטער מעכאניקער. נאָר אין אינסטיטוט רופט מען אים „יאָסיף מיט די גאָלדענע הענט". פאר מײַן טאטן שלאָגן זיך צווישן זיך אלע געלערנטע. פארשטייט זיך, איך האָב אין זינען יענע, וואָס ארבעטן אין די לאבאָראטאָריעס. פאר זיי דארף מען אלע מאָל מאכן אויסטערלישע מאכשירים, וואָס זײַנען נייטיק צוליב די עקספערימענטן, און ווער קאָן עס בעסער טאָן פון מײַן טאטן? אין אונדזער אינסטיטוט — קיינער ניט. צערײַסט מען טאקע דעם טאטן אף שטיקלעך. אפילע אין דער היים לאָזט מען אים ניט צורו. דער טעלעפאָן קלינגט פאר דער ארבעט און נאָך דער ארבעט, און אמאָל אפילע באנאכט. דאָס טרעפט מיינסטנס דעמלט, ווען דער טאטע מאטערט זיך איבער עפעס א נײַעם אפאראט און דעם געלערנטן איז אײַנגעפאלן א גוטער געדאנק, — איז אקעגן וואָס ווארטן מיט אים ביז אינדערפרי? פאר דער נאכט וועט שוין יאָסיף דעם געדאנק „דערטראכטן" און אינדערפרי וועט איינס און צוויי דאָס שטיקל ארבעט ווערן פארטיק, און מע וועט קאָנען גלײַך אָנהייבן דעם עקספערימענט און ניט ארומלויפן ארום דעם „גענִיאלן טעכניקער" — אזוי רופט מען אויך דעם טאטן, דערפאר וואָס א סאך מאכשירים טראכט דער טאטע אליין צו, גענוג, אז מע זאָל אים זאָגן, צוליב וואָס פאר אן עקספערימענט.

נאָר הענריִעטע בענעדיקטאָוונע גיט אייצעס אויך דעם טאטן, כאָטש אלע ווייסן, אז פארן גאנצן לעבן האָט זי אין די הענט ניט געהאלטן קיין איין אינסטרומענט. דער טאטע הערט שטענדיק רויִק אויס אירע אייצעס, באדאנקט זי אפילע און זאָגט איר צו אלץ באטראכטן.

מער פון אלעמען קומט אויס צו לײַדן פון הענריִעטע בענעדיקטאָוונעס אייצעס דער מאמען. הענריִעטע בענעדיקטאָוונע האָט קיינמאָל קיין קינדער ניט געהאט, נאָר וויפל איך לעב, געדענק איך, אז זי לערנט די מאמע, וויִאזוי מע דארף מיך דערציִען. הענריִעטע בענעדיקטאָוונעס שטוב־ארבעטערן שווערט זיך, אז איר באלעבאָסטע האָט אין לעבן ניט אָפגעקאָכט קיין מיטיק, נאָר מײַן מאמע באקומט פון איר אלע טאָג א גענויע אינסטרוקציע, וואָס און וויִאזוי מע דארף קאָכן, אז איך און דער טאטע זאָלן באקומען די פולע נאָרמע וויטאמינען.

איין אייצע פאָלגט ניט די מאמע: זי בײַט ניט איר נאָמען, כאָטש הענריִעטע בענעדיקטאָוונע טײַנעט מיט איר אלע טאָג אײַן, אז אין אונדזער עפאָכע איז באסיע ניט דער פאסיקער נאָמען. א סאך מאָדערנער וואָלט געווען, ווען מע רופט זי בענעדיקטינא. נאָר די מאמע האלט זיך אײַזן־פעסט און זי שטעלט זיך אפילע אײַן צו זאָגן דער שכיינע, אז איר געפעלט בעסער צו רופן זי העניע בענציִאָנאָוונע, ווי הענריִעטע בענעדיקטאָוונע. איך מיין, אז דער נאָמען הענריִעטע איז אופגעקומען בא אונדזער שכיינע פונעם לייענען פראנצויזישע ראָמאנען. ס'האָט זיך איר מיסטאמע געכאָלעמט, אז פונעם נאָמען אליין וועט זי ווערן אי שענער, אי שטאלטנער, אי עפעס אָנווערן אין דער טאליע...

דאָס אלץ וואָלט געווען צו דערלײַדן, ווען הענריִעטע בענעדיקטאָוונע זאָל זיך ניט געווען ארײַנמישן אין מײַנע ספאָרט־געשעפטן.

נעכטן האָט מען מיך ארויסגערופן אין קאָמיוגישן קאָמיטעט.

— ליאָווע, — האָט מען מיר געזאָגט, — דו ביסט א קאָמיוגיסט, א פאָרגעשריטענער ארבעטער, דארפסטו פארשטיין, וואָס ס'באטײַט אפן איצטיקן עטאפ כימיע?

צום אָנהייב האָב איך ניט געקענט פארשטיין, צוליב וואָס האָט מען פארפירט מיט מיר אזא שמועס. איך טו, דאכט זיך אלץ, וואָס כ'דארף טאָן. די נאָרמעס פיל איך אויס אף אלע הונדערט פראָצענט און אמאָל נאָך מער, אין טעכניקום לערן איך זיך אף פינפען, אין זאוואָדישן פיזקולטור־קאָמיטעט ארבעט איך אקטיוו...

— אקטיוו, פאסיוו, — האָט דער סעקרעטאר איבערגעריסן מײַנע רייד, — ניט וועגן דעם האנדלט זיך, ליאָווע. אף אזא גרויסער כימישער אונטערנעמונג, ווי אונדזערע, פארנעמט מען זיך נאָך ניט ביז הײַנטיקן טאָג מיט קיין פראָדוציר־גימנאסטיק. איז אָט, ווילן מיר, אז דו זאָלסט עס אָרגאניזירן. דו ביסט בא אונדז דער איינציקער ספאָרטסמען פונעם ערשטן ראזריאד.

וויִאזוי איך האָב דעם טאָג אָפגעארבעט, איז א ביזויען צו דערציילן. איך האָב געטראכט, און די גאנצע בריגאדע האָט געארבעט פאר מיר, ס'זאָל זיך ניט אָפרופן אפן פלאן, און אז די וואכטע האָט זיך געענדיקט, זײַנען אלע כעוורע אוועק צו מיר צוזאמען „באמויעכן" דעם איניען. אזוי טוען מיר קעסיידער, ווען בא עמעצן פון אונדז קומט אוף עפעס א שוועריקײַט.

אָנהייב הארבסט איז בא אונדז אפן באלקאָן אן עמעסער גאניידן. די בלעטער פון די ווײַנטרויבן בײַטן דעם קאָליר. זיי ווערן צונטער־רויט, געל, ברוין, — נו, מאַמעש, ווי קווייטן. נאטירלעך, אז מיר זײַנען אלע ארויס אפן באלקאָן. ניט נאטירלעך איז אָבער געווען, וואָס איך האָב דערלאָזט, אז מיר זאָלן די באהאנדלונג פירן אפן באלקאָן. איך האָב דאָך געמעגט וויסן, אז הענריִעטע בענעדיקטאָוונע וועט טייקעף נעמען א וואָרט אין אונדזערע דעבאטן.

און אזוי איז טאקע געשען. ווי נאָר ס'איז צו איר דערגאנגען דאָס וואָרט גימנאסטיק, האָט זי אונדז איבערגעלייענט א גאנצע לעקציע וועגן דער באדײַטונג פון פיזקולטור. די ארבעטער, האָט זי אונדז דערקלערט, דארף מען צווינגען מאכן גימנאסטיק, און דעריבער איז די בעסטע אייצע אויסארבעטן א סיסטעם פון שטראָפן. די, וואָס ווילן זיך אויסדרייען דערפון, — האָט הענריִעטע בענעדיקטאָוונע קאטעגאָריש געמאָלדן, — דארף מען דאָס ערשטע מאָל געבן אן אויסרייד, דאָס צווייטע מאָל אָבער דארף מען בא זיי אראָפרעכענען פונעם געהאלט א געוויסן פראָצענט. וויפל — וויל זי ניט זאָגן, ווײַל דאָס איז שוין די קאָמפעטענץ פון אונדזער דירעקטאָר...

דער טאטע, אז ער האָט אין דער מינוט א קוק געטאָן אף מײַן פּאָנעם, האָט ער זיך, ווײַזט אויס, שטארק דערשראָקן, אז איך וועל באלד צעשמעטערן דעם פאניערענעם פרעג־צייכן מיטן גאנצן הארבסטיקן גאניידן, און ער האָט אונדז אלעמען געהייסן ארײַנגיין אין צימער: „די הארבסטיקע אָוונטן זײַנען קילע, און מע דארף פארמאכן די באלקאָן־טיר". הענריִעטע בענעדיקטאָוונען האָט ער, פארשטייט זיך, ווי זײַן טעווע איז, באדאנקט פאר די גוטע אייצעס, וואָס וועלן העלפן דער יוגנט.

דערפאר האָב איך זי שוין הײַנט אינדערפרי באדאנקט:

— הענריִעטע בענעדיקטאָוונע, — האָב איך איר געזאָגט, ווען זי האָט מיך אינדערפרי, אז איך בין ארויס אפן באלקאָן מאכן פיזקולטור־איבונגען, א פרעג געטאָן, צי איך האָב אלץ פארגעדענקט, וואָס זי האָט אונדז נעכטן אָנגעזאָגט, — הענריִעטע בענעדיקטאָוונע, איר זײַט אף

אײַער לעבן קיין איין מאָל ניט געווען אפֿן סטאַדיאָן, איר ווייסט ניט דעם כּילעק פֿון פֿוטבאָל ביז באַסקעט־באָל, — וויאַזוי זשע...

אָט דאָ האָט מיך דער טאַטע אָפּגעשטעלט און אָנגע־רופֿן מיך מיזאַנטראָפּ...

* * *

ס'איז פֿונדעסטוועגן גוט, וואָס ס'איז שוין איצט טי־פֿער הארבסט, און מיר גייען שוין קימאַט אפֿן באַלקאָן ניט ארויס. אַניט ווער ווייסט? עפּשער וואָלט איך זיך אזוי אָנגעהערט מיט הענריַעטע בענעדיקטאָוונעס אייצעס, אז איך וואָלט ניט־ווילנדיק עפּעס געטאָן, ווי זי זאָגט. איך שטעל זיך פֿאָר, וואָס פֿאַר א פּאָנעם אונדזער גימנאַסטיק וואָלט דעמלט געהאַט.

אז ס'וועט ווידער קומען דער פֿרילינג און מיר וועלן עפֿענען די באַלקאָן־טיר, וועט הענריַעטע בענעדיקטאָוונע אומבאדינגט פֿאַנאַנדערוקן די הענגלעך פֿון די ווײַנטרויבן און זיך נעמען דערווײַזן, אז אויב ס'האָט זיך עפּעס באַקומען בא מיר מיט דער גימנאַסטיק, איז נאָר ווײַל זי האָט מיר געגעבן א גוטע אייצע...

עפּשער דאַרפֿט איר אויך אן אייצע?

ליובע קושניראָוו

# וויאַזוי קומט מען צו ליטעראַטור

אַן אַנדערש מאָל א וואָרט, אַן אומדערוואַרטער שטויס, אפֿילע א נאַרישקייט, פֿירט דיך אַראָפּ פֿון גלײַכן וועג. מיך האָט אַראָפּגעפֿירט א באַקאַנטשאַפֿט מיט א טשיקאַווער פֿרוי. זי פֿלעגט קענען אונטערהאַלטן א געשפּרעך. איין מאָל האָט זי דערציילט, ווי זי פֿלעגט אויסשפּילן אין א געוועט. אין דער שול פֿאַר פּריצישע מיידלעך, ווו זי האָט זיך געלערנט, איז געווען בא די שילערנס א שפּיל — שרײַבן איינע די אַנדערע בריוו. נאָר ניט פּאַשעטע בריוו. דער קונץ איז באַשטאַנען אין קענען אָנשרײַבן וואָס מער ווערטער, און דערבײַ גאָרנישט ניט זאָגן.

— נו, ווי קען דאָס זײַן, אָנשרײַבן א סאך און דערבײַ גאָרנישט זאָגן? — האָב איך ניט געגלייבט אין דער מײַסע.

— וואָס וווּנדערט איר זיך, — האָט די פֿרוי געענטפֿערט, — איר ווייסט דען ניט? גיט א קוק אין א בוך, אין א צײַטונג... איז דאָס ניט קיין פּלאַץ פֿאַר א פֿאַרמעסט אָף גאָרנישט זאָגן?

— און דאָך פּאַסירט אָפּט, אז עמעצער זאָגט עפּעס, — האָט ארײַנגעשטעלט א רעפּליקע מײַן שכיינע.

אויב אזוי, האָב איך א טראַכט געטאָן, איז פֿאַרוואָס זאָל איך טאַקע ניט א פּרווו טאָן דאָס זעלבע? און גלײַך גענומען אימפּראָוויזירן וועגן מײַנע באַקאַנטשאַפֿטן, וועגן באַגעגענישן מיט מענטשן. דערבײַ האָב איך געטראַכט איינס: „גאָרנישט זאָגן".

איצט האָט מײַן שכיינע מיר איבערגעשלאָגן די רייד:

— פֿונוואַנען האָט איר אָנגעשלעפּט די טיפּן אײַערע?

איך האָב פֿאַרשטאַנען: זי גלייבט מיר ניט. האָב איך געזאָגט:

— וואָס הייסט פֿונוואַנען? פֿון בוידעם.

— און בא אײַך איז דאָרט דאָ א סאך?

— אַזויפֿיל, וויפֿל איך דאַרף.

— און וויאַזוי נעמט איר זיי אַראָפּ?

— זייער פּאַשעט. זיי קוקן דאָך ארויס אָף מײַנעם א רוף. נעם איך איינעם אַראָפּ און הייב אָן אַרבעטן מיט אים.

א מאַנצבל, וואָס איז געזעסן בא אונדזער שמועס, האָט געזאָגט:

— איך ווייס, דאָס איז זייער שווער...

— אײַך אויך? — האָב איך זיך דערפֿרייט. — יאָ, דאָס איז זייער שווער... אָפּט נעמסטו דאָך אַראָפּ א נאַקעטן, א הוילינקן און דאַרפֿסט גלײַך אָנהייבן טראַכטן, ווי צו אָנטאָן אים. נאָר דאָס וויכטיקסטע איז — וויאַזוי זיך ספּראַווען דערנאָך מיטן פּערסאָנאַזש? אָט ווו ס'הייבט זיך אַלץ אָן. עס טרעפֿט א פּערסאָנאַזש א נאָכגיביקער: „נאַ, טו מיט מיר, וואָס דו ווילסט". און ער טוט טאַקע, וואָס דו ווילסט. אָבער דערפֿאַר פֿאַלט די גאַנצע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט אָף דיר. ס'איז אויך ניט גרינג, ווען ס'טרעפֿט א פּערסאָנאַזש א גלײַכגילטיקער. דער קען טאָן הײַנט אזוי און מאָרגן פֿאַרקערט, ווײַל אַלץ איז אים אַלציינס. און פֿאַנאַנדערקלײַבן זיך, ווער איז א וועלכער, איז אויך ניט פּראָסט. מע האָט געגנוג אויסצושטיין, ווען עס טרעפֿט א פּערסאָנאַזש אַן אײַנגעשפּאַרטער, א פֿאַרשלעפּטע קרענק! אזא אַמפּערט זיך מיט דיר: „וואָס שלעפּסטו מיך אַהין, ווו איך טויג ניט!" האַלטסטו ניט אויס, און ווילסט אים פֿאַרוואַרפֿן צוריק אפֿן בוידעם. נאָר ער באַהאַלט זיך, פֿאַרטײַעט זיך. דוכט זיך, אז ער איז שוין ניטאָ, אָבער דו פֿילסט, ער גייט דיר נאָך פּוס־טריט. און עס טרעפֿט, אז ער גיט דיך נאָך א קער אין אַן אַנדער ריכטונג. איך האָב א לאַנגע צײַט ניט געקענט פֿאַרשטיין, וויאַזוי האָט טאַטיאַנע פֿון „יעווגעני אָנעגין" אָן פּושקינס ווילן כאַסענע געהאַט. איצט איז פֿאַר מיר קלאָר — ס'איז זיך ניט באַגאַנגען אָן עמעצן פֿון „בוידעם".

מײַן שכיינע, וואָס האָט מיך אויפֿמערקזאַם געהערט, נאָר ווען ס'האָט, אַפּאָנעם, גוט דערעסן מײַן פּלוידערײַ, האָט געזאָגט:

— אזוי־אָ קאָן מען אָנריידן וואָס מע דאַרף און וואָס מע דאַרף ניט. מע וויל דאָך, מע זאָל גלייבן...

— איך גלייב, — האָט ארײַנגעשטעלט דער מאַנצבל, וואָס איז געזעסן בא אונדזער שמועס.

— מאַרט אויס! — האָב איך פֿאַרגעזעצט, — הערט בעסער, וואָס מיט מיר איז אַנומלטן פֿאַרלאָפֿן... ס'איז געווען א שטילער אָוונט, שטערנדלעך האָבן באַפּוצט דעם הימל ערטערווײַז. איך האָב באַשלאָסן אַראָפּנעמען א

פערסאָנאזש פון בוידעם... און מיטאמאָל איך זע: נאָך א י ם קריכט אראָפּ א יי נ ע, און נאָך איר נאָך א יי נ ע ר... איך האָב זיך געכאפּט: דער נימעס געוואָרענער דרײַעק: ער — זי — ער!

— וואָס טוט איר דאָרטן אפן בוידעם? — האָב איך אויסגעשריִען. זי, די פרוי, האָט מיט א גראָבער שטים געענטפערט:

— מיר רייכערן! וואָס ווילט איר נאָך?!

זי האָט מיר געגעבן צו פארשטיין, אז מיט אזעלכע פערזאָנען, ווי זי און אירע פרײַנט, דארף מעןריידן פאמעלעך, דעליקאטנע, וועל איך זיך אלץ דערוויסן. איך האָב זיך געווענדט צו איר, ווי א פרוי צו א פרוי:

— איך בעט אײַך... איך בין א נײַגעריקער מענטש. דערציילט מיר וועגן אײַערע צווישנבאציִונגען, וועגן אייפערזוכט בא אײַך, וועגן דער בוידעם־ליבע... ווער איז דאָ דער מאן, ווער דער געליבטער? איר מעגט דאָס מיר זאָגן אפן אויער...

— וואָס איז מיט אײַך! — האָט זי א זאָג געטאָן מיט קאס, — מירריידן וועגן קונסט, ליטעראטור!

— מיר ריידן וועגן דעם אָפן!..

— און אף א הויכן ניוואָ...

— איר, די פרוי, אויך? — האָב איך זי שטיל א פרעג געטאָן.

— ווי אנדערש! פרויען אזוי ווי מענער...

— מיט וועלכע ווערטער דערגרייכט איר דאָס? זאָגט, פארשווײַגט ניט.

— סארא אָפּגעשטאנענע פרוי איר זײַט! ווײַזט אויס, ס'איז שוין צײַט אײַך אונטערציִען העכער צום בוידעם.

געשיקט זיך, האָט איר ניט געהערט: קונסט ווייסט ניט פון קיין געזעצן. ס'איז נייטיק פרײַהײַט אין דער קונסט...

איצט זײַנען ארויס די מאנצבלען. זיי האָבן גערעדט יעדערער באזונדער און אלע צוזאמען און איך האָב זיך געפילט, ווי ס'הייבט מיך אוף אלץ העכער און נאָך א האָר, גיב איך א פאל ארוף אפן בוידעם. איך האָב גענומען אָפּטראָגן זיך פון מײַנע געשטאלטן, נאָר זיי זײַנען ניט אָפּגעשטאנען. אין פּאַנעם האָט מיר געהויכט זייער הייסער אָטעם און אין די אויערן האָט געהילכט: „מיר רייכערן... אָפן... פרײַהײַט...“

זיי זײַנען געלאָפן נאָך מיר און איך פון זיי אלץ האסטיקער, ביז כ'האָב זיך, איר זאָלט מיר מויכל זײַן, ארײַנגעכאפּט אין א פוסטן בוטל. יאָ, יאָ, אין א פוסטן בוטל, וואָס איז איבערגעבליבן בא איינעם א שרײַבער אפן טיש. יעדער אייווער מײַנער האָט געקווע‎לט, ווען איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, וויִאזוי אויך זיי, מײַנע געשטאלטן, וועלן זיך אראָפּגליטשן אף די גלאטע, גלעזערנע ווענטלעך פונעם בוטל. אָבער אין הארצן האָב איך דאָס ניט געוואָלט. כ'וואָלט עפּעס אָפּגעטאָן נאָך, נאָר דאָס העלדזל פונעם בוטל איז געווען צו שמאָל, קעדיי צונויפלעכטן דרײַ פינגער, האָב איך פארשטעקט דעם בוטל מיט דעם טײַטל־פינגער פון דער רעכטער האנט — און זיך פארמאכט.

איצט, אויסבאהאלטנדיק זיך פון מײַנע בוידעם־געשטאלטן, בין איך געווען רויִק און כ'האָב אלץ פארשריבן, וואָס דאָס לעבן האָט מיר אונטערגעזאָגט.

אָט אזוי קומט מען צו ליטעראטור...

## בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען

# די לעצטע פאַרטיידיקער פון דער פעסטונג מאַסאַדע וואַרפן גורל

אין יאַנוואַר 1965 איז אין דער פעסטונג, וואָס געפינט זיך אַפן פעלדז מאַסאַדע[1], געמאַכט געוואָרן אַן אינטערעסאַנטע אַנטדעקונג. 2 מעטער ווײַטער פון דעם אָרט, ווו מע האָט געפירט די אויסגראָבונגען פון דער אוראַלטער פעסטונג, האָבן די אַרכעאָלאָגן געפונען אין אַ גרויסן הויפן מיסט צען שערבלעך מיט פאַרשריבענע נעמען. אָנגעשריבן זײַנען די נעמען געווען אַ ביסל מאָדנע: אָדער בלויז אַ נאָמען, אָן דעם פאָטערנאָמען, לעמאָשל, יואב (יויעוו), אָדער בלויז דער פאָטערנאָמען — בנחני (בען כאָני), בניעיר[2] (בען יאיִר), אָדער ניט מער ווי אַ צונעמעניש — עמקי (אַמאַקי — אַ מענטש פון טאָל, פונעם וואָרט עמק — אײמעק — טאָל). עס שאַפט זיך דער אײַנדרוק, אַז די נעמען זײַנען געשריבן געוואָרן אין אײַלעניש, ווען עס איז ניט געווען נייטיק צו געבן דעם פולן נאָמען.

אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט ציט צו דער נאָמען „בניעיר“. ער דערמאָנט, נאַטירלעך, דעם באַוווּסטן פירער פון די סיקאַרים (קעמפער קעגן די רוימישע דעראָבערער), דעם שעף פון דער פעסטונג אליעזר בן יעיר (עליאָזאָר בען יאיִר). אין דער באַוווּסטער רעדע, וועלכע יויסעף פלאַוויִוס שרײַבט צו עליאָזאָר בען יאיִרן („די מילכאָמע פון יעהודע“, VII, 8), האָט דער לעצטער גערופן אַלע קעמפער פון מאַסאַדע, וועלכע זײַנען געבליבן לעבן (960 מענטשן), זיי זאָלן טייטן זייערע פרויען און קינדער און דערנאָך אומברענגען זיך אַליין, קעדיי ניט אַרײַנפאַלן לעבעדיקערהייט אין די הענט פון די רוימער. ווען די מענער האָבן געטייט די פרויען און קינדער, האָבן זיי געוואָרפן גורל, קעדיי אויסקלײַבן צען מענטשן, וואָס זאָלן טייטן אַלע איבעריקע. די צען מענטשן, פון זייער זײַט, האָבן „אויף די זעלבע באַדינגונגען געוואָרפן גורל צווישן זיך, קעדיי איינער פון זיי זאָל טייטן די איבעריקע נײַן און נאָכדעם זאָל ער באַגיין זעלבסטמאָרד... און אָט האָבן די נײַן מענטשן אונטערגעשטעלט זייערע העלדזער אונטער דער האַק, און דער לעצטער, נאָך אַ לעבעדיקער, האָט באַקוקט די פּילצאָליקע טויטע קערפּערס אַרום זיך — ער האָט געוואָלט איבערצײַגן זיך, צי איז בײַס אָט דער אַלגעמיינער האַריגע עמעצער ניט געבליבן לעבן און נייטיקט זיך אין זײַן הילף, קעדיי אומקומען. דערזען, אַז אַלע זײַנען טויט, האָט ער אונטערגעצונדן דעם פּאַלאַץ און, אָנשטרענגענדיק אַלע קויכעס, זיך דערשטאָכן מיט דער אייגענער שווערד“[1].

עס זעט אויס צו זײַן רעאַל די השערה, אַז די געפונענע שערבלעך מיט די נעמען באַשטעטיקן די ריכטיקײַט פון פלאַוויִוסעס דערציילונג וועגן דעם לעצטן אַקט פון דער דראַמע אין מאַסאַדע. לאָמיר צוגעבן, אַז די פילצאָליקע אַנטדעקונגען אין מאַסאַדע, וועלכע זײַנען געמאַכט געוואָרן פריִער, אַנטשפּרעכן מיט די קלענסטע דעטאַלן פלאַוויִוסעס מיטיילונגען, און זײַן באַשרײַבונג, לעמאָשל, וועגן די אונטערערדישע אײַנריכטונגען און סקלאַדן קאָן דינען (און דינט) אַלס עמעסער וועגווײַזער פאַר די אַרכעאָלאָגן.

יויסעף פלאַוויִוסעס ווערק האָבן צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקײַט אין משך פון הונדערטער יאָרן. זיי האָבן צײַטנווײַז אַרויסגערופן אומצוטרוי צו זיך און געבוירן אַ שלאַל מיט קאָנטראָווערסיעס און ווידערשפּרעכלעכע כאַראַקטעריסטיקעס. די נײַע מאַטעריאַלן, וועלכע מע האָט געפונען אין מאַסאַדע (דער הורדוס־פּאַלאַץ און די פעסטונג, די געלט־צייכנס און אַנד.), באַשטעטיקן אין פיל הינזיכטן דאָס, וואָס עס האָט געשריבן יויסעף פלאַוויִוס. אַזוי־אַרום איז יויסעף פלאַוויִוס דורכגעגאַנגען נאָך איין היסטאָרישן קאָנטראָל און האָט אים אויסגעהאַלטן.

י. ד. אַמוסין

זשורנאַל „וואָפּראָסי איסטאָריִי“, נומ. 8 פון 1965.

[1] י. פלאַוויִוס. די מילכאָמע פון יעהודע. VII, 9.

[1] מאַסאַדע שטאַמט פונעם העברעיִשן וואָרט מצודה (מעצודאָ — פעסטונג). די אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען פון דער דאָזיקער פעסטונג (זי איז געווען דער לעצטער אָנשפּאַר־פּונקט פון די סיקאָרים — „מעסער־יונגען“ — אין 70—73 יאָר, נאָך דעם, ווי די רוימער האָבן דערשטיקט דעם אויפשטאַנד אין יעהודע אין 66—70 יאָר) האָבן זיך אָנגעהויבן אין האַרבסט 1963 און זיך געענדיקט אין אַפּרעל 1965. די פאָרלויפיקע ידיעות וועגן די אויסגראָבונגען אין מאַסאַדע זײַנען געבראַכט אין י. ד. אַמוסינס בוך „אַנטדעקונגען בײַם ים־המלח“ (מאָסקווע, 1964, ז. 93—99, רוסיש).

[2] דער אויסלייג שיידט זיך אונטער פונעם אָנגענומענעם דערמיט, וואָס דאָס וואָרט בן (בען — דער זון) איז געשריבן מיט אַ קליינעם נון און גיסט זיך צונויף מיטן וואָרט חני אָדער יעיר.

# כראָניק

## דער צענטער „טאָג פון פּאָעזיע"

האיאַר ווערט אין סאָוועטנפאַרבאַנד צום צענטן מאָל אָפּגעמערקט דער „טאָג פון פּאָעזיע". עס איז שוין דערשינען די ספּעציעלע זאַמלונג „טאָג פון פּאָעזיע, 1965". זי אַנטהאַלט דרײַ גרויסע אָפּטיילן: „דער יאָמטעוו פון דער ליד", „אַרבעט", „דער נייער־טאָמיד". אין דער זאַמלונג באַטייליקן זיך העכער הונדערט פּופּציק סאָוועטישע דיכטער.

## אונדזערע געסט

די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן באַזוכט די אָנפירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ייִסראָעל — די כאַווײרים ש. מיקוניס און מ. סנע און דער כאַווער מ. ווילנער.

דער הויפּט־רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל א. ווערגעליס האָט דערציילט וועגן דעם צושטאַנד פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

אין דעם פרײַנטלעכן שמועס האָבן זיך באַטייליקט די מיטגלידער פון רעדקאָלעגיע און מיטאַרבעטער פון זשורנאַל א. גאָנטאַר, ב. קאָטיק, מ. לעוו, ה. רעמעניק, מ. שולמאַן און דער דיכטער י. שטערנבערג.

## ראַדיאָ־טראַנסליאַציע צום 75־טן געבורטסטאָג פון לייב קוויטקאָ

דעם 22 נאָיאַבער האָט די צענטראַלע ראַדיאָ אָרגאַניזירט א ספּעציעלע טראַנסליאַציע, געווידמעט דעם 75־טן געבורטסטאָג פון לייב קוויטקאָ.

די פּראָגראַם האָט זיך אָנגעהויבן מיט א ליטעראַרישן איבערזיכט פון ווערא וואַרטאַנאָווא וועגן קוויטקאָס שאַפונג. עס זײַנען אויסגעפּילט געוואָרן אין רוסיש לייב קוויטקאָס פּאָפּולערע קינדער־לידער „לעמעלע", „צוגאַסט", „אַליין זיך פאַרפּלאָנטערט" אא. די סאָליסטן נינא פּאָסטאַווניטשעווא האָט געזונגען קוויטקאָס לידער „צו דער זון" און „פײַפעלעך" (מוזיק פון קאָמפּאָזיטאָר מילמאַן).

## אין דער היימשטאָט פון פּערעץ מאַרקיש

צו פּערעץ מאַרקישעס 70־טן געבורטסטאָג איז אין דער שטאָט פּאָלאָנע, וווּ דער דיכטער איז געבוירן געוואָרן, פאָרגעקומען א גרויסער אָנדענק־אָוונט.

דער זאַל פונעם קולטור־הויז אף שטשאָרס נאָמען איז געווען פול געפּאַקט. אין פּרעזידיום האָט זיך געפונען די דעלעגאַציע פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון אוקראַיִנע — די דיכטער ריווע באַליאַסנע, לעאָניד ווישעסלאַווסקי, פּאַוולאָ אוסענקאָ און דער פּראָזאַיִקער הערשל פּאָליאַנקער. צוזאַמען מיט זיי זײַנען אין פּרעזידיום געזעסן די אַלמאָנע פונעם דיכטער עסטער מאַרקיש און זײַנע צוויי זין — שימען און דאָוויד.

דעם אָוונט האָט געעפנט דער פּאָרזיצער פון פּאָלאָנער שטאָט־סאָוועט כ' אי. מײַסטערטשוק. מיט א פּאָרטראָג וועגן פּערעץ מאַרקישעס שאַפונג איז אַרויסגעטראָטן ה. פּאָליאַנקער. דער אוקראַיִנישער דיכטער פּאַוולאָ אוסענקאָ און דער רוסישער דיכטער לעאָניד ווישעסלאַווסקי האָבן זיך געטיילט מיט זייערע זיכרוינעס און געלייענט לידער, געווידמעט מאַרקישן. א ליד וועגן פּערעץ מאַרקישן האָט געלייענט ריווע באַליאַסנע. דאָוויד מאַרקיש האָט געלייענט זײַנע א ליד און אן אויסצוג פון זײַן איבערזעצונג פונעם פּאָטערס פּאָעמע „מילכאָמע". מיט א וואַרעם וואָרט איז אַרויסגעטראָטן דער פּאָרשטייער פון די פּאָלאָנער אַרבעטנדיקע ס. בענציאָנאָוו.

דער פּאָרזיצער האָט מיטגעטיילט וועגן דעם באַשלוס פונעם שטאָט־סאָוועט אָנצורופן די גאַס נאַבערעזשנאַיא אפן נאָמען פון פּערעץ מאַרקיש. דעם דיכטערס מישפּאָכע איז אונטערגעטראָגן געוואָרן א יובילײ־וואַזע און סוווענירן, וועלכע דער היגער פּאָרצעלײַ־זאַוואָד האָט געמאַכט צום 70־טן געבורטסטאָג פון זייער גרויסן לאַנדסמאַן.

אפן אָוונט איז דערהאַלטן געוואָרן א גרויסע צאָל באַגריסונגס־טעלעגראַמעס, דערונטער פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון פסםר, פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אא.

אין די פּאָלאָנער שולן זײַנען פּאָרגעקומען אָנדענק־באַגעגענישן, געווידמעט פּערעץ מאַרקישן.

ברייט האָבן אָפּגעמערקט דעם יובילײ די אָרטיקע צײַטונגען — די כמעלניצקער „ראַדיאַנסקאַ פּאָדיליאַ", די שעפּעטאָווקער „שליאַכאָם זשאָווטניאַ" אא. אין טאָג פונעם יובילײ האָט מען אין די וואָלינער שטעט און שטעטלעך געהערט לויט דער מאָסקווער ראַדיאָ די ספּעציעלע טראַנסליאַציע, געווידמעט פּערעץ מאַרקישעס געבורטסטאָג. מיט א פּאָרטראָג וועגן דער שאַפונג פונעם גרויסן ייִדישן דיכטער איז אַרויסגעטראָטן דער רוסישער דיכטער סערגײ נאַראָווטשאַטאָוו.



די געזעלשאַפטלעכע פּרעסע־פאַרשפּרייטערן ר. מיסטיסלאַווסקאַיאַ אין טשערנאָוויץ נעמט אָן די אַבאָנירונג אף „סאָוועטיש היימלאַנד" אפן 1966 יאָר.



## א מאצייווע אפן קייווער פון די רודניער קדושים

אינעם שטעטל רודני, סמאָלענסקער געגנט, האָבן ביזן קריג געוווינט בא 5000 ייִדן. אין אָנהייב פון דער מילכאָמע האָבן די סאָוועטישע מאכט־אָרגאנען עוואקויִרט דעם גרעסטן טייל פון זיי אין טיפן הינטערלאנד. אין אָקטיאבער 1941, ווען די היטלער־האָרדעס האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין שטעטל, האָבן זיי אומגעבראכט אף אן אכזאָריעסדיקן אויפן 1200 ייִדן, וועלכע זיי האָבן דאָ געטראָפן.

די קרויווים פון די אומגעבראכטע האָבן מיט דער הילף פונעם רודניער שטאָט־סאָוועט באשלאָסן אָפּצומערקן דעם 24־טן יאָרטאָג פון דער טראגישער געשעעניש מיט אופשטעלן א מאצייווע אפן ברודער־קייווער פון די קדוישים.

דער אווטאָר פון דער מאצייווע איז דער באוווּסטער סקולפּטאָר, לאורעאט פון דער לענין־פּרעמיע פּראָפעסאָר לעוו קערבעל, וואָס איז א געבוירענער פון סמאָלענסק.

אף דער אנטהילונג פון דער מאצייווע זײַנען פון אלע עקן לאנד זיך צונויפגעפאָרן קרויווים פון די קדוישים, פאָרשטייער פון דער פּרעסע, ראדיִאָ און טעלעוויזיע.

די טרויער־פארזאמלונג האָט געעפנט דער פאָרזיצער פון רודניער ראיוויספּירקאָם כ׳ יע. אנאדענקאָוו. מיט ווער־טער, פול מיט צאר און טרויער, זײַנען ארויסגעטראָטן דער רודניער טוישעוו — העלד פונעם סאָוועטנפארבאנד מיכאיִל יעגאָראָוו, וועלכער האָט אין מײַ 1945 אופגעהויבן, צוזאמען מיט זײַנע שלאכט־כאווירים, די ניצאָכן־פאָן איבערן בערלינער רײַכסטאג, דער סעקרעטאר פון סמאָלענסקער געגנטקאָם פון דער פארטיי כ־טע יאראָוואיא, די קרויווים פון די דערמאָרדעטעביילע ברוק, שימען ציפקין און דאָוויד פייגלין.

די שילער פון רודניער שולן האָבן דעקלאמירט אפן קייווער דעם רעקוויִעם פון ראָבערט ראָזשדעסטווענסקי. באם צופוסנס פון דער מאצייווע איז אויסגעוואקסן א בארג לעבעדיקע בלומען.

אף דער פאָטאָ — די עפענונג פונעם דענקמאָל.

---

## אָוונטן פון ייִדישע זינגלידער

אינעם קאָנצערט־זאל פונעם מאָס־קווער האָטעל „סאָוועטסקאיא“ איז אין נאָיאבער אופגעטראָטן מיט רײַכע קאָנצערט־פּראָגראמען דער פאָר־דינסטפולער ארטיסט פון דער ליט־ווישער רעפּובליק ביניאָמין כאיאטאו־סקאס. דער זינגער האָט אויסגעפילט ייִדישע פאָלקסלידער און לידער פון הײַנטצײַטיקע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

דער לאורעאט פונעם קאָנקורס פון קינסטלערישע פאָרלעזונגען סאָפיע סײַטאַן האָט אף די קאָנצערטן מײַ־סטערהאפט פאָרגעלייענט די ווערק פון די ייִדישע סאָוועטישע דיכטער פ. מארקיש, ש. האלקין, אי. פעפער, מ. טײַף.

די קאָנצערטן זײַנען דורכגעגאנגען בא פולגעפאקטע זאלן.

# אינהאַלט פֿונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ פֿאַרן יאָר 1965

## ראָמאַנען, דערציילונגען, נאָוועלן, פּיעסן

פֿון דער אוקראַיִנישער ליטעראַטור (מיט אַן אַרײַנפֿירוואָרט פֿון יורי סמאָליטש אױף דער לייענער־קאָנפֿערענץ פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“ דעם 8 אָקטיאַבער 1964). דערציילונגען פֿון אָלעס גאָנטשאַר און סעמען זשוראַכאָוויטש. נומ. 2, ז. 72.

מוישע אַלטמאַן. מאָניש. אַ פֿאָלקס־שפּיל. נומ. 5, ז. 62; נאָוועלן. נומ. 12, ז. 70.

ריווע באַליאַסנע. נאָך דער גאָלדענער פּאַווע (דערציילונג). נומ. 6, ז. 44.

הערשל באַראַז. דרײַ נאָוועלעטן. נומ. 10, ז. 115.

סאַלוואַדאָר באָרזשעס. אַ נײַער אויפֿגאַנג (נאָוועלע). נומ. 12, ז. 93.

מוישע גאָלדשטיין. צוויי נאָוועלן. נומ. 12, ז. 110.

רעפֿאָעל גאָלדענבערג. די באָבע מיט איר אייניקל. — באַם טעלעוויזאָר (נאָוועלעטן). נומ. 2, ז. 121.

שמועל גאָרדאָן. פֿרילינג (ראָמאַן). איליוסטרירט פֿון י. ק ו פּ פֿ ע ר מ אַ ן. נומ. 4, ז. 20; נומ. 5, ז. 31; נומ. 6, ז. 88; נומ. 7, ז. 3.

אַלעקסאַנדער גובניצקי. די „יִדישע שטוב“ (דערציילונג). איליוסטרירט פֿון ה. אַ י נ ג ע ר. נומ. 7, ז. 105.

טעוויע גען. אַ פּאָשעטע געשיכטע (דערציילונג). נומ. 6, ז. 3.

אירמע דרוקער. זינגען מוזן אַלע (נאָוועלע). נומ. 12, ז. 84.

ה. האַלפּערין. מאָניע דער פּראָראָב (נאָוועלע). נומ. 2, ז. 117.

אויזער וואַרשאַווסקי. דער טויט פֿון כאַנאַניע דעם טרעגער. — אַ קאָנטראַקט (נאָוועלן). נומ. 8, ז. 116.

אַנאַטאָלי ווערביצקי. דרײַ דערציילונגען וועגן לעונינען. נומ. 4, ז. 3.

ס. ווערִיטע. צי וועט ער קומען? (נאָוועלע). נומ. 6, ז. 122.

נאַטאַן זאַבאַרע. הײַנט ווערט געבוירן אַ וועלט (ראָמאַן). נומ. 3, ז. 3; אַ סעזאָן אויף דאַטשע (אַ קינעמאַטאָגראַפֿישע דערציילונג). נומ. 9, ז. 52.

כאַיִם זילבערמאַן. דער טײַטש פֿון זעלבסטווירדע (נאָוועלע). נומ. 10, ז. 75.

כאַסקל טאַבאַטשניקאָוו. אַליין, זונעניו, אַליין... (דערציילונג). נומ. 4, ז. 90.

מוישע־דאָוויד כאַיעט. געראַטעוועט (נאָוועלע). נומ. 10, ז. 108.

מייער יעלין. שטאַבס־פֿעלדפֿעבל האַנס פּפֿאַנקוך (דערציילונג). נומ. 2, ז. 90; פֿינף מינוט נאָך צוועלף (נאָוועלע). נומ. 4, ז. 76.

נויעך לוריע. די אונטערשטע שורע (דערציילונג). נומ. 5, ז. 103.

מישע לעוו. די לעבנס־געשיכטע פֿון זשאַק אַלבראָ (דערציילונג). איליוסטרירט פֿון ד. ל י אַ ן. נומ. 7, ז. 45.

בוזי מילער. פּערל נויעכס (דערציילונג). נומ. 3, ז. 94.

כאַיִם מעלאַמוד. פּרײַנטשאַפֿט (דערציילונג). נומ. 8, ז. 25.

כאַיִם סלאָוועס. באָרוך פֿון אַמסטערדאַם (דראַמע). נומ. 9, ז. 3.

הערשל פּאָליאַנקער. דער בעקער פֿון קאָלאָמייע (ראָמאַן. צווייטער טייל). נומ. 11, ז. 4.

אַווראָם קאַהאַן. פֿאַרברעכן און געוויסן (היסטאָרישער ראָמאַן). נומ. 9, ז. 98; נומ. 10, ז. 9; נומ. 11, ז. 54.

גדאַליע קאַסאָי. דער מאָנאָפּאָליסט (נאָוועלע). נומ. 12, ז. 103.

זענאָן קאָסידאָווסקי. ביבלישע לעגענדעס. נומ. 10, ז. 84.

איציק קיפּניס. פֿון מײַנע טאָגביכער. נומ. 1, ז. 68.

יוסעף ראַבין. כאַוועלע געפֿען (ראָמאַן). נומ. 1, ז. 12.

מאַרק ראַזומני. נאָוועלעטן. נומ. 12, ז. 99.

יאָשע רוביאַן. נאָוועלן. נומ. 10, ז. 102.

ריווקע רובין. דער שלאָס פֿון דעם פֿירשט בערגער. — זון אויף די דעכער (נאָוועלן). נומ. 12, ז. 51.

י. ריוועס. דער וועג צום זיג (ראָמאַן). איליוסטרירט פֿון ה. אַ י נ ג ע ר. נומ. 2, ז. 8.

יעכיִעל שרײַבמאַן. נאָוועלן און מיניאַטורן. נומ. 3, ז. 109; אַ קאַפּיטל ראַשקעוו. — מעלאָכע — מעלוכע (דערציילונגען). נומ. 8, ז. 94.

## לידער און פּאָעמעס

פֿון דער אוקראַיִנישער ליטעראַטור. לידער פֿון מיקאָלאַ אופּעניק, לעאָניד ווישעסלאַווסקי, פּעטראָ דאָראָשקאָ. נומ. 2, ז. 79 און 89.

יוסעף אַלבירט. צוויי מעשאָלים. נומ. 10, ז. 101.

הירש אָשעראָוויטש. מוילעך (פּאָעמע). נומ. 3, ז. 125; זײַ פֿאַרשאָלטן, מענגעלע... (פּאָעמע). נומ. 8, ז. 17.

איטשע באָרוכאָוויטש. אינדערפֿרי (לידער). נומ. 4, ז. 84; פֿאַרוווּנדערונג (לידער). נומ. 12, ז. 81.

יאָסל בוכבינדער. בײַ דעם טאָפּאָל. נומ. 11, ז. 109.

ראָכל בוימוואָל. דאָס מיידעלע (פּאָעמע). נומ. 5, ז. 95.

פּייסעך בינעצקי (ייִסראָעל). ניט קיין גאַסט בין איך... (לידער). נומ. 11, ז. 104.

הירש בלאָשטיין. דריטע קינדהײַט (לידער). נומ. 9, ז. 127; פֿאַרשיידענע לידער. נומ. 12, ז. 107.

דאָוויד בראָמבערג. אַ מײַסעלע וועגן דעם נעכטיקן טאָג און אַנד. לידער. נומ. 2, ז. 127; נומ. 4, ז. 11; נומ. 11, ז. 125.

אַווראָם גאָנטאַר. דער בויער און אַנד. לידער. נומ. 1, ז. 60; נײַע לידער. נומ. 7, ז. 42.

מאָטל גרוביאַן. צוויי לידער־ציקלען. נומ. 2, ז. 68; נומ. 7, ז. 102.

וולאַדימיר דאַנקאָ. לירישע לידער. נומ. 3, ז. 89.

שיקע דריז. אויף דער עלטער און אַנד. לידער. נומ. 2, ז. 125; נומ. 7, ז. 126.

שמועל האַלקין. לידער, וואָס ווערן פֿאַרעפֿנטלעכט צום ערשטן מאָל. נומ. 2, ז. 3.

העברעיִשע דיכטער פֿון דער שפּאַנישער טקופֿע. לידער פֿון יעהודע האַלייווי, שלוימע איבן גווירואָל, מוישע איבן עזראָ, אַווראָם איבן עזראָ, אימאַנועל פֿון רוים (פֿון העברעיִש — ל י פּ ע ר ע ז נ י ק). נומ. 6, ז. 35.

כאָנע ווײַנערמאַן. סאַטירישע לידער. נומ. 6, ז. 133.

אַרן ווערגעליס. פּאָעמע פֿון אַלע פּאָעמעס און אַנד. לידער. נומ. 1, ז. 118.

זיי האָבן אָפּגעגעבן דאָס לעבן פֿאַרן היימלאַנד. לידער פֿון שמועל ראָסין, מוישע כאַשטשעוואַצקי, בוזי אָליעווסקי, מאָטל האַרצמאַן, הערשל דיאַמאַנט, יאָשע זעלדין, לייב טאַלאַלײַ, שמועל העלמאָנד, שימען גאָלדענבערג,

רוווע רייזין, זכאַריע באַרסוק, שלומיע לאַפּאַטע, אַרן באַ־ראַדיאַנסקי, שימען לעלטשוק, בערל קאַראַביינייק, העניעך שוועדיק, העניעך קויפמאַן, כאַים דושאַצקי, אַרל האַפּשטיין, וועלוול רעדקאַ, שמועל אײַזנוואַרג. נומ. 5, ז. 3.

מאַטל טאַלאַלאַיעווסקי. ערעוו ניי־יאַר און אַנד. לידער. נומ. 1, ז. 65.

דאָרע טייטלבוים. לידער. נומ. 9, ז. 47.

מוישע טײַף. לידער און באַלאַדעס. נומ. 5, ז. 29; נומ. 10, ז. 79.

זיאַמע טעלעסין. א צופאַל אין מעטראָ. — פּאַרוואָס זאָגן מיר אַזוי? און אַנד. לידער. נומ. 8, ז. 112; נומ. 11, ז. 107.

שלומיע טשערניאַווסקי. לירישע לידער. נומ. 6, ז. 120.

מייער כאַראַץ. פון בויונג צו בויונג און אַנד. לידער. נומ. 3, ז. 106; נומ. 10, ז. 99.

שיפרע כאַלאַדענקאָ. ליריק. נומ. 6, ז. 86.

דווירע כאַראַל. קינדער־לידער. נומ. 6, ז. 136.

דאָרע כײַקינע. צוויי לידער־ציקלען. נומ. 6, ז. 83; נומ. 12, ז. 66.

מענדל ליפשיץ. א באַגעגעניש. — סאָנעט און אַנד. לי־דער. נומ. 3, ז. 91; נומ. 10, ז. 82.

כאַנע לעווין. עלטער. — אין א מײַ־טאָג. — דאָס האַרץ... (לידער). נומ. 8, ז. 91.

יאָסל לערנער. דער טאָג איז שוין מיד... — רוף מיך ניט מער. — „דער וועג איז לאַנג...“ (לידער). נומ. 8, ז. 93.

כאַים מאַלטינסקי. מיט ברויט און ווײַן (לידער). נומ. 4, ז. 16; מײַנע שליסעלעך (לידער). נומ. 9, ז. 95.

מישע מאַגילעוויטש. לידער. נומ. 4, ז. 122; נומ. 12, ז. 109.

ל. מילער (פּאַריז). געזאַנג פון מענטשנס זײַן און לעבן. — דאָס געלעכטער פון כוואַליעס (לידער). נומ. 9, ז. 49.

בראָניע סינעלניקאָווא. דער פרילינג גייט. נומ. 10, ז. 114.

אײַזיק פלאַטנער. לידער (פון דעם דיכטערס יערושע). נומ. 11, ז. 120.

איציק פעפער. דרײַ לידער (פונעם דיכטערס יערושע). נומ. 10, ז. 73.

יויסעף קאַטליאַר. לידער (פונעם דיכטערס יערושע). נומ. 9, ז. 125.

יעפים קאַלטעניוק. א נײַער טאָג. נומ. 10, ז. 114.

ל. קוויטקאָ. לידער. נומ. 12, ז. 35.

יויסעף קערלער. בלעטערפאַל. — א וואָרט וועגן לייב קוויטקאָ. — מיט דיר. — באַם וואַסער (לידער). נומ. 4, ז. 119.

נאָסן ראָס. געטאָ־מאָטיוון. נומ. 10, ז. 107.

ייִצכאָק־עלכאָנאָן ראָנטש. געסט. — נעפּל (לידער). נומ. 9, ז. 50.

פון דער הײַנטצײַטיקער רוסישער סאָוועטישער דיכ־טונג. לידער פון סערגיי נאַראָווטשאַטאָוו, יעווגעני יעווטו־שענקאָ, אַלעקסאַנדער מעזשיראָוו, באָריס סלוצקי. נומ. 10, ז. 3.

שלוימע רויטמאַן. דאָס וואָרט וועגן וואָלגע־זון איגאָרן (פּאָעמע). נומ. 1, ז. 4; לידער־ציקל. נומ. 12, ז. 46.

הירש רעלעס. אין סאָד. — ווינטער אין פעלד. (לידער). נומ. 7, ז. 129.

מאָטל שטורמאַן. קינד. — ליבשאַפט. — פײַער (לידער). נומ. 6, ז. 120.

יאַנקעוו שטערנבערג. שוועסטער מײַנע (פּאָעמע). נומ. 4, ז. 70.

אוראָם שעכטמאַן. עפּעלעך און באַרעלעך. נומ. 10, ז. 114.

## טריבונע פון לעבן

ניקאָלײַ באַבאַשין. קאַרגע הונדערט. איליוסטרירט פון ג. פּ אָ נ ד אַ פּ ו ל אָ. נומ. 12, ז. 11.

מאַרק גאַלײַ. נאָטיצן פון אַן אויספּרווו־פּליִער (נאָכוואָרט פון ש. ג אָ ר ד אָ ן). יידיש ב. ק אָ ט י ק. נומ. 11, ז. 111.

אַלעקסאַנדער גוביניצקי. סטעפּעס בליִען. איליוסטרירט פון ג. פּ אָ נ ד אַ פּ ו ל אָ. נומ. 12, ז. 20.

מאָטל גרוביאַן. אויף דער סיבירער ערד. איליוסטרירט פון ג. פּ אָ נ ד אַ פּ ו ל אָ. נומ. 12, ז. 3.

שירע גאָרשמאַן. אין סיבירער קאַנט (רײַזע־נאָטיצן). נומ. 5, ז. 120.

זאַכאַר דיטשאַראָוו. א רײַזע איבערן וואָלגאָ־באַלט. נומ. 4, ז. 123; באַם שוואַרצן יאַם. איליוסטרירט פון ג. פּ אָ נ־ד אַ פּ ו ל אָ. נומ. 12, ז. 28.

אַרן וווערגעליס. רײַזעס. 1. פּאַריזש. נומ. 7, ז. 130; נומ. 8, ז. 124. 2. פּוילן. נומ. 11, ז. 128; נומ. 12, ז. 119.

וואַלענטין טאָמין. דער געריכט ווערט פאַרגעזעצט. נומ. 9, ז. 128.

זלאַטע נעמיק. א ביסל פון מײַן לעבן. נומ. 1, ז. 123.

אַלעקסאַנדער פּעטשערסקי. וועגן דעם עמעסן און דעם פאַלשן באָריס ציבולסקי. נומ. 1, ז. 128.

יאַנקעוו פייגין. פרײַנט באַגעגענען זיך ווידער. נומ. 10, ז. 136.

## ליטעראַרישע פּאָרטרעטן, זיכרוינעס, אַרויסטרעטונגען פון פּובליציסטן

שמועל אַרטענבערג. מיט מאָריס ווינטשעווסקין. נומ. 6, ז. 137.

פּיאָטער באַלאַשאָוו. איציק פעפער (פון רוסיש — מ. א י ט ק אָ ו ו י ט ש). נומ. 9, ז. 133.

צאַלעל בליץ. דער קאָמאַנדיר אַרן קושניראָוו. נומ. 1, ז. 149.

ל. בעדער, מ. יעלין. די לעצטע יאָרן פון נויעך פּרי־לוצקי. נומ. 3, ז. 146.

מוישע גאָלדבלאַט. מיכאָעלס אויף דער בינע און אין לעבן. נומ. 3, ז. 128.

גוויִעס־איידעס (פון אי. ע ר ע נ ב ו ר ג ס מילכאָמע־אַרכיוו). נומ. 5, ז. 24.

דאָוויד דיאַמאַנט (פּאַריזש). אין די רייען פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פראַנקרײַך. נומ. 10, ז. 117.

וווּלף ווילענסקי. לאָמיר זיך דערמאָנען... נומ. 5, ז. 16.

יויסעף וולאַדימיראָוו. ווי אַזוי מיר האָבן געדרוקט דעם ערשטן נומער „וופּעריאָד“ אין פּאַריזש (אַרײַנפיר־וואָרט פון י. שאַפּיראָ). נומ. 4, ז. 12.

בעסאַ זשגענטי. הערצל באַזאָוו. נומ. 1, ז. 151.

ליובע טשערניאַק. מיט אָפענער ברוסט אין אַטאַקע (צום 75־טן געבורטסטאָג פון שמועל ראָסין). נומ. 8, ז. 143.

כאַים לויצקער. אײַזיק זאַרעצקי — דער מענטש און דער געלערנטער. נומ. 9, ז. 138.

כ. לויצקער, מ. מײַדאַנסקי. דער שפּראַכפאָרשער עליע ספּיוואַק. נומ. 10, ז. 145.

יעשוע ליובאָמירסקי. פאַרבליבן אין זיקאָרן. נומ. 1, ז. 133.

מוישע נאַטאַוויטש. יאַשע בראַנשטיין. נומ. 5, ז. 150; נאָך קוויטקאָס טריט. נומ. 12, ז. 38.

מאָטל סאַקציִער. מוישע אַלטמאַן. נומ. 8, ז. 133.

לייב פּולווער. א פּיליִיטיקער קאָמפּאָזיטאָר. נומ. 5, ז. 159.

ג. קאַסאָי. מאָריס ראָזענפעלד און אייב קאַהאַן. נומ. 6, ז. 138.

ג. קעניג (שעף־רעדאַקטאָר פון דער פּאַריזשער „נײַע פּרעסע“). אונדזערע באַפרײַער. נומ. 5, ז. 21.

ה. ראָזען. מיכאַיִל שאָלאָכאָוו. נומ. 5, ז. 143.

הירש רעלעס. מיט אײַזיק פּלאַטנער. נומ. 11, ז. 123.

פּראָפ. מ. שאַץ־אַנין. וו. מאַיאַקאָווסקי אין ריגע. נומ. 4, ז. 136.

## הומאָר און סאַטירע

יעווע בעקער. עפּשער דאַרפט איר אַן אייצע? נומ. 12, ז. 149.

ליובע קושניראָוו. ווי אַזוי קומט מען צו ליטעראַטור. נומ. 12, ז. 150.

## ליטעראַטור און קונסט

אף די וועגן פון היינטצײַטיקייט (באַראַטונג פון די סאָוועטישע יידישע פּראָזאיקער). נומ. 8, ז. 3.

כ. אָסטראָווסקי. מאָריס נאַרוויד. נומ. 8, ז. 153.

ה. אָשעראָוויטש. מ. גערשענזאָנס „כעלמער כאַכאָמים“. נומ. 7, ז. 152.

באַראַטונג פון קריטיקער. נומ. 4, ז. 143.

אויזער האָלדעס. ליטעראַרישע נאָטיצן. נומ. 1, ז. 153.

יעשוע ליובאָמירסקי. באַמערקונגען וועגן דראַמאַטורגיע. נומ. 10, ז. 150.

מ. נאַכימאָווסקי. א רוף צו שאָלעם. נומ. 6, ז. 152.

פּייסעך נאָוויק (שעף־רעדאַקטאָר פון ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרײַהײַט“). ס'איז דאָ א וועלט מיט אַרבעט. נומ. 2, ז. 130.

מוישע נאַטאַוויטש. באַמערקונגען וועגן אונדזער קריטיק. נומ. 10, ז. 149; פאַר קליין און גרויס. נומ. 11, ז. 151.

הערש סמאָליאַר. דער כעזשבן שטימט (וועגן יידישן ליטעראַרישן שאַפן אין פאָלקס־פּוילן). נומ. 4, ז. 139.

ייִסראָעל סערעבריאַני. דער גוטער נאָמען. נומ. 10, ז. 139.

ל. פּאָדריאַדטשיק. צו דער פראַגע וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור. נומ. 8, ז. 139.

אַרן ראַסקין. שעפערישע רײַפקייט. נומ. 9, ז. 149.

שלוימע רויטמאַן. בא די קוואַלן פון לעבן. נומ. 3, ז. 135.

הערש רעמעניק. נאָטיצן וועגן אונדזער פּראָזע. נומ. 1, ז. 143; פּערעץ מאַרקיש. נומ. 11, ז. 138.

## 50־טער יאָרצײַט פון י.־ל. פּערעץ

נ. אויסלענדער. פּערעצעס פּאָעמעס. נומ. 8, ז. 145.

מוישע אַלטמאַן. מײַן געכאַלעמטער גאַנײדן. נומ. 2, ז. 133.

אויזער האָלדעס. אונדזער פּערעץ. נומ. 4, ז. 128.

יעשוע ליובאָמירסקי. י.־ל. פּערעץ און דער יידישער טעאַטער. נומ. 11, ז. 146.

כ. נאַדעל. צו דער פּערעץ־ביבליאָגראַפיע. נומ. 5, ז. 140.

ייִסראָעל סערעבריאַני. א וויכטיקער בײַטראַג אין דער פּערעץ־פאָרשונג. נומ. 5, ז. 130.

עליע ספּיוואַק. פּערעץ און די יידישע ליטעראַרישע שפּראַך. נומ. 7, ז. 138.

אַרן ראַסקין. א בלעטל פּערעץ־פּובליציסטיק. נומ. 1, ז. 137.

הערש רעמעניק. י.־ל. פּערעץ און שאָלעם־אַליכעם. נומ. 5, ז. 133; נומ. 6, ז. 141.

## ביבליאָגראַפיע און רעצענזיעס

מוישע אַלטשולער. „מילכאָמע“. נומ. 5, ז. 145.

הילעל אַלעקסאַנדראָוו. ייִסראָעל צינבערג און זײַן אַרכיוו. נומ. 2, ז. 135; פון י. צינבערגס אַרכיוו. נומ. 3, ז. 138.

מ. איטקאָוויטש. ביז די שטערן. נומ. 2, ז. 150.

ש. גאָרדאָן. „האָריזאָנטן“. נומ. 2, ז. 146.

מ. דאַלינסקי, ש. טשערטאָק. דאָס מיידעלע און דער פאַשיזם. נומ. 2, ז. 152.

אַלעקסאַנדער דראַבינסקי. מוישע בעגון. נומ. 6, ז. 150.

אי. טרעמבאָוליא. אייכמאַן אין יערושאָלאַיִם. נומ 6, ז. 146.

פון מוישע כאַשטשעוואַצקיס ליטעראַרישן אַרכיוו. נומ. 9, ז. 141.

כאַיִם לויצקער. אַן ערנסטער צושטײַער צו דער שאָלעם־אַליכעם־פאָרשונג. נומ. 3, ז. 149.

כאַצקל נאַדעל. באַמערקונגען פון א ביבליאָגראַף. נומ. 3, ז. 150.

ה. פייגין. „אַזוי לעבן מיר“. נומ. 2, ז. 144.

מ. צווילינג. לויט די טראַדיציעס פון דער מאַרקסיסטישער קריטיק. נומ. 2, ז. 149.

אַרן ראַסקין. צוויי אַנטאָלאָגיעס. נומ. 10, ז. 153.

## בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען

אוויליאַם גלאַוועס. אַרטור מילערס נײַע פּיעסע („ניו־יאָרק העראַלד טריביון“); ער ווייסט בעסער („פרײַ ייִסראָעל“); קאָלין קראָס. א ניט־פאַרענדיקטער בוך פון דזשעק לאָנדאָן („סאַנדי עקספּרעס“); נ. וואַסיליעוו. ער באַגאַנוועט סייפן און מענטשלעכע נעשאָמעס („קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“). נומ. 2, ז. 156.

י. ראַנטש. מיט מאַרק שאַגאַלן („זאַמלונגען“); וו. באַי. דער הענקער איז רעאַביליטירט („איזוועסטיאַ“); אף דער פײַערונג פון 50 נומערן „גאָלדענע קייט“ („פרײַ ייִסראָעל“). נומ. 4, ז. 154.

אי. קירילאָוואַ, ק. ראַספּעווין. העלדן שטאַרבן ניט („פּראַוודאַ“); פּ. לעוויטין. דער זיקאָרן פונעם האַרצן („לוגאַנסקאַיאַ פּראַוודאַ“). נומ. 5, ז. 156.

אַלעף קאַץ. וועגן אַוראָם רייזענס ליטעראַרישער יערושע („יידישער קעמפער“). נומ. 6, ז. 55.

דר. הערשל מײַער. מענטש און אַנטימענטש — די דראַמע פון אונדזער עפּאָכע („פּאַריזשער צײַטשריפט“). נומ. 7, ז. 146.

ייִצכאָק גרינפעלד. דער עלטסטער פערז אין יידיש („יידישע שריפטן“). נומ. 8, ז. 154.

ס. לורי. וואָס לייענט מען איצט אין אַמעריקע („פּראַוו־

דאַ״); י. גוטקאָוויטש. אין אַ נאָווינע שאָלעם אַש („ייִדישע שריפטן״). נומ. 10, ז. 157.

י. אַמוסין. די לעצטע פּאַרטיידיקער פון דער פעסטונג מאַסאַדע וואַרפן גורל („וואָפּראָסי איסטאָריִי״, נומ. 8 פון 1965). נומ. 12, ז. 153.

פון דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע. אַרויסזאָגונגען פון די שרײַבער מוישע אַלטמאַן (נומ. 10), הירש אָשעראָוויטש (נומ. 2), ראָכל בוימוואָל (נומ. 9), הירש בלאָשטיין (נומ. 10), שמועל גאָרדאָן (נומ. 1), שירע גאָרשמאַן (נומ. 7), טעוויע גען (נומ. 4), מאָטל גרוביאַן (נומ. 1), אויזער האָלדעס (נומ. 5), מייער כאַראַץ (נומ. 12), נאָטע לוריע (נומ. 1), מענדל ליפשיץ (נומ. 8), כאַיִם מעלאַמוד (נומ. 11), מוישע נאָטאָוויטש (נומ. 2), ייִסראָעל סערעבריאַני (נומ. 8), הערשל פּאָליאַנקער (נומ. 6), י. ראַבין (נומ. 4), יאַנקעוו שטערנבערג (נומ. 5).

לאָמיר זינגען נײַע לידער. אַ ליבע מיט אַ פּאַסטעכל. ווערטער פון א. לייבוש, מוזיק פון ר. באָיאַרסקאַיאַ. נומ. 2, ז. 160. זיי קעמפן. ווערטער פון אַרן ווערגעליס, מוזיק פון זינאָווי קאָמפּאַנייעץ. נומ. 4, ז. 159. בערעלע שלאָפט. ווערטער פון שיקע דריז, מוזיק פון אַוראָם קראַוועץ. נומ. 6, ז. 160. אַ שטראַל פון דער זון... ווערטער פון אָשער שוואַרצמאַן, מוזיק פון אַטיליע ליכטענשטיין. נומ. 7, ז. 160. אין די בערג. ווערטער פון אַוראָם גאָנטאַר, מוזיק פון שמועל סענדעריי. נומ. 9, ז. 159. דאָס וויגעלע. ווערטער פון שיקע דריז, מוזיק פון מאָטל פּאָליאַנסקי. נומ. 12, ז. 160.

נאָטיצן אַפן קאַלענדאַר. יובילייען פון שאָלעם אַש, מאַטיע דעכטיאַר (נומ. 1); שימען דימאַנשטיין, יעדידע מאַרגאָליס, דוויִד־בער סלוצקי (נומ. 2); מאַקסים רילסקי, דאָוויד ווינאָגראַדסקי, יאַנקעוו שייפּער (נומ. 3); הערש סמאָליאַר, אַלעקסאַנדער גראַנאַך, עליִעזער־צווי צווייפל (נומ. 4); אַלעקסאַנדער קאָרנייטשוק, מוישע נאַדיר, אַלטער קאַציזנע (נומ. 5); מ. שאַך־אַניך, כאַיִם סלאָוועס, פּעטרוס בראָווקאַ, הערש דאָבין (נומ. 6); אַוראָם גאָלדפאַדען, יוינע ראָזענפעלד, אַוראָם־אַרן ראָבאַק, הערש רעמעניק (נומ. 7); מוישע קאַץ, כאַצקל נאַדעל, מאָרדכע גיטליץ, מאָרדכע ווײַנגער, בער האָראָוויץ (נומ. 9); דמיטרי פּיסאַרעוו, דאָוויד איגנאַטאָוו, לייב נײַדוס, סערגיי יעסענין, ייִצכאָק־דוויִד בערקאָוויטש (נומ. 10); פּערעץ הירשביין, אַרן גורשטיין, עדואַרד באַגריצקי, קאָנסטאַנטין סימאָנאָוו, מאַרגאָט קלאַוזנער (נומ. 11).

בריוו און ענטפערס: נומ. 6, ז. 153; נומ. 11, ז. 156.

כראָניק — אין אַלע נומערן.

קינסטלערישע בײַלאַגעס — אין אַלע נומערן.

# אַוראָם קאַהאַן

אין דער לעצטער שאָ, באַם שליסן דעם נומער, האָבן מיר באַקומען די טרויעריקע יעדיִע וועגן דעם פּריצײַטיקן טויט פונעם אָנגעזעענעם ייִדישן סאָוועטישן שרײַבער אַוראָם קאַהאַן.

אַוראָם קאַהאַן געהערט צום עלטערן דאָר פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, צו אירע ערשטע שעפער. ער האָט אָנגעהויבן זײַן שרײַבערישן וועג נאָך אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן. אין פאַרלויף פון העכער פיר צענדליק יאָר האָט ער געשאַפן אַ גרויסע צאָל ווערק (לידער, דערציילונגען, דראַמען, שטייגערישע, פּסיכאָלאָגישע און היסטאָרישע ראָמאַנען), וועלכע האָבן צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקײַט פונעם לייענער און פון דער קריטיק מיט זייער אַקטועלקײַט, מיט זייער אָריגינעלן אידייִשן און קינסטלערישן צוגאַנג צו דער שילדערונג פון אונדזער סאָוועטיש לעבן.

אַוראָם קאַהאַנס באַדײַטנדיקער בײַטראָג אין אונדזער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור איז געווען זײַן אַרבעט איבער היסטאָרישע ראָמאַנען וועגן אַרן ליבערמאַן, וועגן די קלאַסיקער מענדעלע און שאָלעם־אַליכעם און דער לעצטער ראָמאַן „פאַרברעכן און געוויסן״ — וועגן דעם ביילים־פּראָצעס.

אין טיפן צער פאַרנייגן מיר זיך פאַרן אָנדענק פון אונדזער כאַווער און פרײַנט אַוראָם קאַהאַן.

# דאָס וויגעלע

ווערטער — שיקע דריז  מוזיק — מאָטל פּאָליאַנסקי


















וויגט זיך דאָס וויגעלע
הין און צוריק,
ניטאָ אינעם וויגל
דער מאַמעניוס גליק,

ניטאָ אינעם וויגל
דער מאַמעניוס פרייד,
וויגט זיך דאָס וויגעלע
ליידיקערהייט.

און ציגעניו־מיגעניו,
ציגעניו־גרוי,
האַלט אינעם מויל
אַ פאַרבלוטיקטע שטרוי.

# ווערק פונעם סקולפּטאָר איסאַק איטקינד



אן אָנזאָג וועגן שאָלעם



נידער מיט דער מילכאָמע!



דער מעקסיקאנער קינסטלער סיקײראָס



פושקין פאר דער גסיסע



ווילנע פאר דער מילכאָמע (אקווארעל)

דער קינסטלער נאָכעם אלפערט איז געבוירן געוואָרן אין 1913 אין סלאָנים (מײַרעװ־װײַסרוסלאנד). אין 1936 פארענדיקט ער א שול פאר גראפיק.

נאָך דער מילכאָמע פארפולקומט נ. אלפערט זײַן מאָלערײַ־פאך אין קרעװאנער קונסט־אינסטיטוט. פאר זײַן דיפלאָם־ארבעט האָט ער אויסגעקליבן דאָס געשטאלט פונעם ווילנער פארטיזאן ויטענבערג.

אין יענע יאָרן און אויך שפעטער ארבעט דער קינסטלער אלפערט איבער א ציקל אקווארעלן וועגן ווילנער געטאָ, וועגן אלט און נײַ ווילנע.

נ. אלפערטס שאפונגען האָבן באקומען א הויכע אָפּשאצונג אף א ריי רעפובליקאנישע אויסשטעלונגען. מיר ברענגען זײַנע דרײַ אקווארעלן, וועלכע זײַנען געווען אויסגעשטעלט אין מאָסקווע.

СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)

Ежемесячный литературно-художественный журнал

Орган Союза писателей СССР

*(на еврейском языке)*

Год издания пятый

Издательство «Советский писатель»

Главный редактор А. Вергелис.



Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.

Художеств.-техн. редакция: И. Шустер и А. Токер

Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

---

Подписано к печати 22/XI 1965 г. Формат 70×108$^{1}/_{16}$. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки. Уч.-изд. л. 16,21. Цена 50 коп. Заказ 830.

---

Московская типография № 7 Главполиграфпрома Государственного Комитета Совета Министров СССР по печати. Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.

70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 12

1 9 6 5

**В НОМЕРЕ:**



**ЛИТЕРАТУРА И ИСКУССТВО**